מאָרים ווינטשעווסקי

# געזאַמלטע ווערק

רעדאַקטירט פון קלמן מרמר

פאַרלאַג „פרייהייט“
ניו יאָרק, 1928

ערשטער באנד

# מאָרים ווינטשעווסקי

## זיין לעבן, ווירקן און שאפן

# פאָרוואָרט

די רעדאַקציע פונם זיידעס „געזאַמלטע ווערק" האָט מיר לכתחילה אויסגעזען גאָר לייכט. כ'האָב געמיינט, אַז זי וועט באַשטיין בלויז אין רעדאַקטירן אַ פאַרטיקן מאַטעריאַל.

דער אָנהייב איז געמאַכט געוואָרן מיטן זיידעס לידער. דער אויסוואַל איז געווען גרויס און די רעדאַקטיר-אַרבעט איז באַשטאַנען בלויז אין אויסוויילן, קלאַסיפיצירן, ענדערן און אָנמערקן. טיילוויִיז אַז עס אויך געווען דער פאַל מיט די פּעליעטאָנען. נאָר איינזעענדיק, אַז דאָס ווערק ליידט פון אַזאַ ניט גענוגנדיקער אויפמערקזאַמקייט, האָב איך אין די ווייטערע בענד אַליין געטאָן אַלע נויטיקע אַרבעט אַרום זיי. דאָס האָט, נאַטירלאַך, געפאָדערט מער צייט, וויפיל כ'האָב גערעכנט אַף דעם אָפּגעבן, ניט שטערנדיק פיל מיין אַרבעט אין דער „פרייהייט".

דאָך, ווען דער זיידע וואָלט געווען בכח צו צושטעלן דעם גאַנצן מאַטעריאַל און צו געבן דעם נויטיקן אויפקלער, אַזוי וואָלטן זיינע „געזאַמלטע ווערק" שוין לאַנג געווען פאַרטיק. נאָר אָן זיין מיטהילף איז אַוועק אַ סך צייט אַפן זאַמלען מאַטעריאַלן. באַזונדערס איז עס געווען דער פאַל מיט די עראינערונגען, וועלכע ער האָט איבערגעגעבן דעם פאַרלאַג „שול און בוך" אין מאָסקווע. דער זיידע האָט דאָס בוך ביזן היינטיקן טאָג נאָך ניט געקראָגן. ס'האָט מיר גענומען לאַנג צו באַקומען אין אַמעריקע אַן עקזעמפּליאַר דערפון און ווען אַ טייל עראינערונגען (באַנד 10) איז שוין געווען אין דרוק, זיינען אַנטשטאַנען נייע שוועריקייטן: די מאָסקווער אויסגאַבע האָט זיך גערעכנט בלויז מיט אירע אָרטיקע לייענער און אויסגעלאָזן אַלץ, וואָס האָט פאַר יענע קיין אינטערעס ניט. באַנד 10 האָט דערפאַר געמוזט פאַרהאַלטן ווערן אין דרוק ביז וואַנען ס'איז קאָרעגירט געוואָרן, דורך ביילאַגן און צוגאַבן. נאָך מער אַרבעט און צייט האָט געפאָדערט דער ערשטער טייל „עראינערונגען" (באַנד 9): דער זיידע האָט פאַרעפנטלאַכט בלויז זשורנאַליסטישע עראינערונגען, נאָר ניט קיין אַלגעמיינע. ער האָט דערפאַר אָנגעהויבן מיט זיין ליטעראַרישער טעטיקייט אינם עלטער פון ניינצן-צוואַנציק יאָר. ווען די ערשטע צוויי צענדליק יאָר פון זיין לעבן האָט דער זיידע געהאַט נאָטיצן און סקיצן אין העברייאישן מאַנוסקריפּט, געשריבן אין 1923. כ'האָב עס איבערגעאַרבעט אין אידיש און אין דעם אַריינגעפלאָכטן יענע עראינערונגען זיינע,

וואָס זיינען צעוואָרפן אין פאַרשידענע צייטונג־אַרטיקלען אין אידיש און אין אַנדערע שפּראַכן. פּאַראַיינס האָב איך אויך גע־זאַמלט בילדער און אילוסטראַציעס, כדי צו מאַכן דעם זיידעס ווערק וואָס מער פּאָלקאָם.

און ניט געקוקט אַף דעם, וואָס דעם זיידעס געזאַמלטע ווערק זיינען באַשטימט פאַרן אַלגעמיינעם לייענער, האָב איך געזוכט זיי צו מאַכן וואָס מער ניצלאַך אויך פאַרן היסטאָריקער. ביים צוזאַמענשטעלן דעם מאַטעריאַל פאַר אָט דער אויסגאַבע זיינען אויסגעקליבן געוואָרן דעם זיידנס יענע שריפטן, פון וועלכע אויך דער היינטיקער אידישער לייענער קאָן הנאה האָבן. נאָר גלייכ־צייטיק זיינען כמעט אומעטום אָנגעגעבן די ערשטע קוועלן, דאַטן און אַנדערע באַמערקונגען, וואָס זיינען פאַרן אַלגעמיינעם לייענער קיין שטער ניט און פאַרן סטודענט און פאָרשער קאָנען זיי זיין פון גרויס נוצן.*)

***

דאָס ערשטע באַנד האָט געזאָלט, אַזוי ווי אין מענדעלעס יובליי־אויסגאַבע (1910), אַנטהאַלטן דעם זיידנס ביאָגראַפיע ביקצור און אַ ריי אַרטיקלען וועגן זיין ליטעראַרישן שאַפן. נאָר קומענדיק צו אָט דער אַרבעט האָב איך איינגעזען, אַז דאָס וועט ניט טויגן. וואָרים די צוויי זיידעס זיינען גרונט פאַרשידן איינע פון די אַנדערע. ניט אומזיסט ווערט ווינטשעווסקי בייז, ווען מ'זוכט אים צו פאַרגלייכן מיט מענדעלען. דער אמת איז דאָך, אַז מענדעלע איז געווען אַ זיידע בלויז פון ליטעראַטור, בעת ווינטשעווסקי איז דער עיקר דער זיידע פון אַ באַוועגונג. מענדעלען קאָן מען דערפאַר אָפּשאַצן כמעט דורך זיין שרייבן אליין, בעת ווינטשעווסקיס אַלע שריפטן זיינען בלויז אָפּקלאַנגען פון זיין פופציק יאָר דינסט אין דער אַרמיי פונם אַרבעטער־קלאַס. פון דער אַנדער זייט קאָן מען אויך פון ווינטשעווסקין ניט געבן בלויז אַן אימפּרעסיאָניסטיש בילד. דער זיידע פון דער אידישער אַרבעטער־באַוועגונג איז ניט געוואָרן פּלוצלונג באַרימט דורך איין גרויסער טאַט. זיין היסטאָ־רישער באַדייט באַשטייט אין דעם, וואָס ער איז גע־ווען ניט בלויז אַ פּיאָנער מיט אַ האַלבן יאָרהונדערט צוריק, נאָר אפשר נאָך מער אין דעם, וואָס ער איז די גאַנצע פופציק

*) אויס מאַנגל אין פּלאַץ האָט פאַרלויפיק געמוזט אויסבלייבן: די עטלאַכע צענדליק זייטן ווינטשעווסקי־ביבליאָגראַפיע.

יאָר פעסט געבליבן אַף זיין פּאָסטן. כדי צו זיין גערעכט צום זיידן איז דערפאַר ניט גענוג צו געבן פון אים בלויז אַ כאַראַקטע־ריסטיק פון זיין פּערזאָן. ס'איז נויטיק אַן אויספירלאַכע, דע־טאַליזירטע באַשרייבונג פון זיידעס לעבן און ווירקן ווי פון אַ סאָלדאַט פון דער רעוואָלוציע, וועמעס יעדעס ליד איז אַ טאַט און יעדער טאַט אַ געזאַנג.

נאָר דער זיידע האָלט, אַז ס'איז נאָך צו פרי צו שרייבן זיין לעבנס־געשיכטע. ער האָט מיר דערפאַר שטאַרק אַנטמוטיקט און זיך אָפּגעזאָגט מיטצוהעלפן. אין די ערשטע 30 יאָר פון זיין לעבן (1856—1886) האָב איך, נאַטירלאַך, געהאַט אַ שטאַר־קע הילף אין זיינע צוויי בענד עראינערונגען. נאָר אַן אַ שיעור שווערער איז געווען די גרעסערע העלפט, די ווייטערע צוויי און פערציק יאָר (1887—1928), וואו כ'בין געווען אַנגעוויזן בלויז אַף זיך אליין. דאָך, ניט געקוקט אַף דעם, וואָס דער זיידע האָט אַמאָל געצווייפלט „אויב עס וועט זיך ערגעץ־וואו געפינען אַזא נאַר", וואָס זאָל זיך נעמען די מי צו ווערן זיין (ווינטשעווסקיס) ביאָגראַף*), האָב איך דאָך מיט פאַרגעניגן אָפּגעגעבן אַ סך צייט און געזונט (די גאַנצע הייסע זומער מאָנאַטן) אין זאַמלען מאַ־טעריאַלן און גריבלען זיך אין אַלטע שמות. כ'האָב געאַרבעט מיט אַ שטאַרקער עקשנות און זיך ניט גערעכנט, ניט מיט די ברענענדיקע היצן אין שטאָט און ניט מיט די אייז־קאַלטע אַנט־מוטקייטן פון חברים און פריינט, און צווישן זיי אין דער ערשטער ריי מאָרים ווינטשעווסקי אַליין.

נאָר דערפאַר האָב איך געהאַט דעם לוין, ווען דאָס ווערק איז געווען פאַרענדיקט (אָנהויב אָקטאָבער, 1928). דער זיידע האָט זיך אליין אָנגעבאָטן דורכצולייענען מיין גאַנצער אַרבעט און מיר אָנווייזן יעדן טעות. ווען ער האָט עס דורכגעשטודירט, האָט ער אויסגעפונען, אַז קיין זאַך איז דאָ ניט געבויט אַף סברות און פּלפּולים, נאָר אַלץ איז באַגרינדעט אַף דאָקומענטן. אַזוי, אַז סוף־כל־סוף איז אָט די לעבנס־געשיכטע אויטאָריזירט געוואָרן פון זיידן און האָט זיין פולן אָנערקענען.

קלמן מרמר

ניו יאָרק, 15 נאָוועמבער, 1928.

---

*) דער „אמת", 23טן אויגוסט, 1895.

## באַמערקטע דרוק-פעלערן

מאָרים ווינטשעווסקי האָט אַמאָל דערקלערט („צוקונפט", מערץ 1893), אַז „מער שרייבער קומען אום פון דרוק-פעלערן ווי פון ברוסט-פעלערן". נאָר ניט געקוקט אויף מיין גאַנצער מי צו פאַרהיטן זיינע „געזאַמלטע ווערק" פון דרוק-פעלערן, איז דאָך אַ געוויסע צאָל געבליבן. די לייענער זיינען געבעטן מיר מיטצוטיילן (אויף מיין אַדרעס: (K. Marmor, 3451 Giles Pl., N. Y. יעדן גרייז און יעדן טעות, וואָס זיי מערקן ביים לייענען, וועט דאָס אויסגעבעסערט ווערן אין דער צווייטער אויפלאַגע. ביז איצט זיינען באַמערקט געוואָרן אָט-די גרייזן:

### באַנד 1: מאָרים ווינטשעווסקי.—

זייט 19 שורה 16 דאַרף זיין „געגרינדעט אין 1876".

" 63 אונטן פעלט אָט-די באַמערקונג: „וועגן ווינטשעווסקי'ס געפילן אין טורמע זע „געזאַמלטע ווערק", באַנד 7, ז' 56, און זיין ליד „מיין שבועה", אין באַנד 2, ז' 99.

" 65 שורה 25 דאַרף זיין „החבצלת" (1880), „החוזה" (1881).

" 65 שורה 26-27 דאַרף זיין „המודיע לחדשים" (1900), „שבלים" (1909), „העולם" (1910), „הדבורה" (1912)—אַנשטאָט „המודיע לבקרים" א. אַ. וו.

" 179 שורה 28 דאַרף זיין „1893", אַנשטאָט „1983".

" 185 שורה 22 דאַרף זיין „אַזוי" אַנשטאָט „אַזוינע".

" 217 שורה 13 דאַרף זיין „אויסגאַבע, 1917, ז' 12 אין", אַנשטאָט „אויסגאַבע אין".

### באַנד 2: לידער.—

זייט 23 שורה 8 דאַרף זיין „זיך" אַנשטאָט „דאָך".

" 76 לעצטע שורה דאַרף זיין „אַרבעטער פריינד", 27טן יוני, 1890.

" 79 " " " " „1890" אַנשטאָט „1980".

" 87 " " " " „צוקונפט", אַפּריל, 1892.

" 112 " " " " „צוקונפט", מערץ, 1892.

" 114 " " " " „פרייע וועלט", מאַי, 1891.

" 122 שורה 11 דאַרף זיין „אויסלאָז" אַנשטאָט „אויסלאָזן".

" 125 שורה 25 דאַרף זיין „פּראַזע" אַנשטאָט „פראַגע".

" 128 געהערט אויף זייט 248.

### באַנד 3: דראַמען.—

זייט 59 שורה 11 דאַרף זיין „אַנדערהאַלבן" אַנשטאָט „אַדערהאַלבן".

### באַנד 4: פעליעטאָנען, ערשטער טייל.—

זייט 234 לעצטע שורה דאַרף זיין „פאָרווערטס-וואָכנבלאַט", 6 יוני, 1897

" 238 לעצטע שורה דאַרף זיין „פאָרווערטס־וואָכנבלאַט", 13 יוני, 1897
" 242 לעצטע שורה דאַרף זיין „פאָרווערטס־וואָכנבלאַט", 20 יוני, 1897
(אַנדערע דרוק־גרייזן אין באַנד 4 זיינען באַמערקט דאָרט ז' 7)

באַנד 5: פעליעטאָנען, צווייטער טייל.—

זייט 6 דאַרף זיין זייט 7.
" 10 לעצטע צוויי שורות פאַרביטן.
" 116 שורה 5, אַנשטאַט „אַ גערויינטלאַכער פראָסט" דאַרף זיין: „אַ פראַסטיקער קעלט, פון וועלכער מען ווערט פאַרפראָרן אויף אַ מאָל און אַ סוף".
" 130 לעצטע שורה דאַרף זיין: „הייווערהיל—ניט דאָס זומער־פלאַץ אויף די ווייסע בערג, נאָר די אינדוסטריעלע שטאָט אין שטאַט מאַסאַטשוזעטס, וואָס איז אַמאָל געווען היים־סאָציאַליס־טיש און זיך נאָכדעם אינגאַנצן אָפּגעקילט".

באַנד 6: פאַבלען, אַפאָריזמען און פּאַראָדיעס.—

זייט 12 שורה 16 דאַרף זיין „לאָפּקע" אַנשטאָט „לאָפּהע".
" 90 שורה 20 דאַרף זיין „דאָס" אַנשטאַט „דער".
" 236 לעצטע שורה דאַרף זיין „27טן סעפּט." אַנשטאַט „31טן מאַי".
" 242 לעצטע שורה דאַרף זיין „31טן מאַי" אַנשטאַט „27טן סעפּט.".

באַנד 7: פּובליציסטיק.—

זייט 80 שורה 8 דאַרף זיין „עזרא" אַנשטאַט „עזר".

באַנד 8: מענטשן און ווערק.—

זייט 200 שורה 17 דאַרף זיין „12" אַנשטאַט „11".

באַנד 9: עראינערונגען, ערשטער טייל.—

אין די „נאָכבאַמערקונגען" זיינען דורך אַ טעות אויסגעלאָזן געוואָרן די זייטן פון טעקסט.
דאָרט, נומער 33, שורה 2 דאַרף זיין „סמאָלענסקין" אַנשטאַט „סמאָ־לענסקים".

באַנד 10: עראינערונגען, צווייטער טייל.—

זייט 11 שורה 26 דאַרף זיין „מסור" אַנשטאַט „מוסר".
" 11 " 29 " " „אונטערן פּסעוודאָנים" אַנשטאַט „אַ געוויסער".
" 55 " 14 " " „כאַפּט דער רעשט" אַנשטאַט „כאַפּט עס".
" 229 " 19 " " „אַפּריל" אַנשטאַט „פעברואַר".
" 233 " 26 " " „אויגוסט" אַנשטאַט „אָקטאָבער".
" 277 דאַרף זיין אויף זייט 278.
" 278 דאַרף זיין אויף זייט 277.



מאָרים ווינטשעווסקי, אין האַרבסט 1928.

# מאַריס ווינטשעווסקי

## זיין לעבן, ווערק און שאַפן

### פון קלמן מרמר

### .1

### אַ ר י י נ פ י ר

מאָריס ווינטשעווסקים לעבנסגעשיכטע איז די געשיכטע פון די מאַרקסיסטישע אידייען ביים אידישן פאָלק. ס'איז די געשיכטע פון אַ האַלב יאָרהונדערט אידישער אַרבעטער־באַוועגונג.

ווינטשעווסקי׳ס לעבן פאַרקערפּערט אין זיך די האָפנונגען, קאַמפן און זיגן פון עטלאַכע דורות. ס'פליסט אַרויס פון דער לאַנג פאַרגאַנגענער עפּאָכע פון השכלה און פאָלקיזם און שטראָמט אַריין אינם מאָדערנעם קאָמוניזם. ס'רופן אים זיידע די, וואָס זיינען שוין גרוי געוואָרן אינם קלאַסנקאַמף. ער איז אַ חבר פון די, וואָס זיינען צו זיין זעכציק־יאָריקן יובילייַ נאָך ניט געוועזן געבוירן.

ער איז איינער פון די ווייניקע, אויב ניט דער איינאיינציקער, וואָס האָט דורכגעמאַכט אין זיין לעבן די אַנטוויקלונג פון איבער אַ האַלבן יאָרהונדערט אַרבעטער־באַוועגונג. ער האָט אָנגעהויבן אין אַ צייט, ווען ביי אידן איז נאָך ניט געווען קיין באַשטימטער אַרבעטער־קלאַס, ווען אידישע רעוואָלוציאָנערן זיינען געווען אָדער רוסישע פאָלקיסטן, אָדער העברעאישע משכילים; ווען די אַרבעטער־באַוועגונג האָט געמאַכט אירע ערשטע שוואַכע טריט אין רוסלאַנד און איז געווען נאָך ווייניק קלאַסנבאַוואוסט אפילו אין די לענדער, וואו לאַסאַל איז געווען איר אָרגאַניזאַטאָר און מאַרקס איר לערער. ער האָט מיט איר מיטגעליטן און מיטגעקעמפט אין דער אַלטער און אין דער נייער וועלט, און אויף דער עלטער זיך געשטעלט אין די רייען פון איר קאָמוניסטישן אַוואַנגאַרד.

גלייכצייטיק איז ווינטשעווסקים לעבן אויך אַ באַדייטנדיקער

קאפיטל פון דער אידישער קולטור און ליטעראטור־געשיכטע. ער האט אנגעהויבן שרייבן אין א צייט, ווען אידיש איז געווען אזוי פאראכטעט, ווי די ארעמע ארבעטנדיקע מאסן, וואס האבן אין אט־דעם לשון גערעדט. די אידישע ליטעראטור איז נאך געווען אין אירע ערשטע פרואוון, און ער איז געווארן איינער פון אירע ערשטע בויער — איר ערשטער ארבעטער־דיכטער, דער באשאפער פון איר פעליעטאן, דער רעדאקטאר פון איר ערשטער סאציאליסטישער צייטונג און איר באגרינדער אין די ענגליש־רעדנדיקע לענדער.

זיין ראל אין דער אידישער ארבעטער־באוועגונג איז געווען הויפטזאכלאך אלס א וועקער. ער האט געהאלטן, אז ער איז ניט צוגעגרייט גענוג צו זיין איר טעארעטיקער, איר לערער (כאטש ער איז געווען דער ערשטער איר צו דערקלערן דעם מארקסיזם). ער האט ניט געפילט אין זיך די קראפט פון אן ארגאניזאטאר, פירער און וועגווייזער, האבנדיק פאר זיינע אויגן אזוינע טיטאנען ווי לאסאל און מארקס. האט ער ביי זיך באשלאסן צו „זיין א וועקער פארן אידישן ארבעטער“ און אים „וועקן אויף אלערליי אופנים“.*)

ארום און ארום איז געווען שטאק־פינסטער. אויך אין „ארבעטערם הארץ“ איז נאך געווען „טונקל־שווארץ“. האט ווינטשעווסקי אנגעצונדן זיין לאמטערן („יהי אור!“ — ס'זאל ווערן ליכטיק!) און געוועקט די ארבעטער: שטייט אויף, לעבודת האדם! שטעלט זיך אינם דינסט פונם מענטשן, טאקע פון אייך אליין, פון אייער אייגענעם קלאס! ער האט גערופן: „פארווערטס, פאראויס!“ —

„אין אלע ריטמען וואלט איך זינגען
צו וועקן דיך צום שטרייט;
אין אלע גלאקן וואלט איך קלינגען
צו מעלדן דיר די צייט“.

---

*) „געזאמלטע ווערק“, באנד 10, ז' 206—207.

„איך וואָלט אין אַלע טירן קלאַפּן,
ביז דו וואָלסט מיך געהערט". ‡)

און זיין רוף איז ניט געבליבן קיין „שטים אין דער וויס־טעניש". נאָך פופציק יאָר ווען, זינגען און קלינגען, זעט ער פאַר זיך גאַנצע מחנות קעמפער, אין אַלע טיילן וועלט, גרייט צו שטרייטן פאַר אַלץ, צו וואָס ער האָט געשטרעבט און פאַר וואָס ער האָט געקעמפט. ער איז אויך אויפגענומען געוואָרן ווי א זינער אינם גרויסן סאָוועטן־לאַנד, וואו דער אַרבעטער־קלאַס האָט דערגרייכט צו הערשאַפט. ער האָט זיך געזען דערהויבן צום ערנמיטגליד פון די פּיאָנערן פון א נייער עפּאָכע און באַשטראַלט פונם רויטן מאָרגנליכט פון דער צוקונפט.

דער נאָמען מאָרים ווינטשעווסקי איז דערפאַר א סימבאָל פאַר זיידעס און אייניקלאַך צוגלייך. פאַר די זיידעס—א מאָנומענט, א מיילשטיין אויפן וועג צו באַפרייאונג; פאַר די אייניקלאַך—א ליבער חבר, א מיטמאַרשירער, אויף נייע, נאָך ניט אויסגעטראָטענע וועגן. פאַר די אַלטע—א רייכער, אינטערעסאַנטער קאַפּיטל געשיכטע; פאַר די יונגע—א וואונדערשיינע לעגענדע, א נאָך ניט אויסגע'חלומ'טער חלום.

***

די זעכציקער יאָרן פונם 19טן יאָרהונדערט זיינען געוועזן צייטן פון גרויסע געשעענישן. אין רוסלאַנד איז אָפּגעשאַפט געוואָרן פּאַנשציזנע און אין אַמעריקע—שקלאַפעריי. אונטערדריקטע נאַציעס האָבן געשטריטן פאַר אומאָפּהענגיקייט און די אַרבעטער־שאַפט האָט זיך מושטירט צום קלאַסנקאַמף. אין מערב-אייראָפּע איז אַנטשטאַנען דער סאָציאַליסטישער אַרבעטער־אינטערנאַציאָנאַל און אין רוסלאַנד — דער פאָלקיזם, די באַוועגונג צו גיין אינם פאָלק און צוגרייטן דעם פויער פאַר דער סאָציאַלער רעוואָלוציע.

‡) דאַרט, באַנד 2, ז' 94.

אויך אין דער אידישער וועלט זיינען פאָרגעקומען גרויסע ענדערונגען. די עקאָנאָמישע אויפלעבונג אין רוסלאַנד האָט מער געהאָלפן צו צעשטערן דעם אַלטן אידישן לעבנשטייגער, ווי אַלע משכילים'שע לויבגעזאַנגען צו דער „הימלישער טאָכטער השכלה“. אונטער די נייע אומשטענדן, דאָס אריינדרינגען פון אַ טייל אידישע סוחרים, בעלי-מלאכות און אינטעליגענטן אין די רוסישע צענטרען, וואָס זיינען פריער געווען פאַרשלאָסן פאַר אידן, קומט אויך אָן איבערבּרוך אין די רייען פון די אידישע אויפקלערער, די אַזוי-גערופענע משכילים. איין צד אָריענטירט זיך אויף דער אויפגעקומענער אידישער בורזשאַזיע און אַ צווייטער אויף דער אידישער אָרעמקייט. דער ערשטער זעט דערגרייכט דעם ציל פון השכלה דורכדעם, וואָס דער וואוילהאָבנדיקער טייל האָט אָנגעהויבן רעדן די לאַנד-שפּראַך, איז אריינגעדרונגען אין די ניט-אידישע קרייזן, איז בלויז „איד אין געצעלט“ (ביים רעפאָרמירטן גאָטעסדינסט), אָבער „אין גאַס אַ מענטש“, דאָס הייסט, אַ רוס, אַ פּאָליאַק, אַ דייטש א. ד. גל.—אַבי ניט קיין איד. דער צווייטער האָט איינגעזען, אַז כּדי צו פאַרבעסערן די לאַגע פון די ברייטע אידישע מאַסן, מוז מען איבערמאַכן די גאַנצע געזעלשאַפטלאַכע אָרדנונג, וואָס דאָס מיינט: „געבן דאָס פאָלק עסן“... *) נאָר יעדער פון אָט-די צוויי צדדים איז ניט געווען פון איין אויסגוס. איז אויך דער צד פון דעמאָקראַטישע אָדער פאָלקיסטישע משכּילים ניט געווען קיין איינהייטלאַכער. ער האָט זיך געטיילט אין דריי הויפּט-ריכטונגען: אַן אַסימיליאַטאָרישער, אַ העברעאישער און אַ אידישער.

די ערשטע ריכטונג איז אַנטשטאַנען צווישן די, וואָס האָבן זיך דערצויגן אויף דער רוסישער ליטעראַטור. אָט-די רוסיפיצירטע משכּילים, אָדער אינטעליגענטן, האָבן אונטערן ליבעראַלן רעזשים פון די זעכציקער יאָרן „געפּריידיקט אַסימיליאַציע, דאָס צונויפגיסן זיך מיט דער איינגעבוירענער באַפעלקערונג“.

---

*) דר. קאַמינער, סדר כּפּרות לבעל טקסי, וואַרשע, 1878.

די יעניקע פון זיי, וואָס זיינען באַאיינפלוסט געוואָרן פון די אידייען פון פאָלקיזם און סאָציאַליזם, זיינען אוועק אַרבעטן צווישן די ניט־אידישע מאַסן. זיי האָבן אינגאַנצן ניט געהאַלטן פאַר נויטיק צו פאַרשפרייטן דעם סאָציאַליזם צווישן אידן, און ווער רעדט, אויף דער אידישער שפּראַך".

„פאַר אונז—דערציילט ל. דויטש—האָבן, אין תוך, לחלוטין ניט עקזיסטירט קיין אַרבעטער־אידן. מיר האָבן געקוקט אויף זיי מיט אויגן פון רוסיפיקאַטאָרן: דער איד האָט געמוזט זיך אינגאַנצן אַסימי־לירן מיט דער איינגעבוירענער באַפעלקערונג, פונקט ווי דאָס איז שוין געשען אין פראַנקרייך, ענגלאַנד און דייטשלאַנד. — — — דעם „זשאַר־גאָן" האָבן מיר גאָרניט געהאַלטן פאַר קיין שפּראַך. — — — בעלי־מלאכות האָבן מיר געהאַלטן שיער ניט פאַר עקספּלואַטאַטאָרן... אַזוי ווי די מערהייט פון די אידישע אַרבעטנדע מאַסן זיינען געווען בעלי־מלאכות און אין דער זעלביקער צייט האָט זיי ניט אויסגעמאַכט אַמאָל אויך צו פאַרנעמען זיך מיט קליינהאַנדל, זיינען מיר גרייט געווען צו האַלטן זיי אַלע פאַר „געשעפטמאַכערס". דעריבער האָט זיך אונז אויסגע־וויזן די „פּראָפּאַגאַנדע" פון סאָציאַליזם צווישן זיי און דערצו נאָך אויף „זשאַרגאָן", אויב ניט שעדלאַך, איז לכל־הפחות אַלס אומניצלאַכע פאַרשווענדונג פון צייט און בחות".*)

דער צווייטער עלעמענט, אין זיין האס פאַר אַלץ, וואָס טיילט אָפּ דעם אידן פון דער אַרומיקער וועלט, האָט אין איין אָטעם באַקעמפט דעם אַבערגלויבן, די אַלטמאָדישע קליידונג א. א. וו. און אויך די באַזונדערע שפּראַך פונם אידישן פאָלק. אָט־דער מין משכילים האָט באַטראַכט אידיש פאַר אַ מיאוסן זשאַרגאָן און זיך מיט אים ניט געוואָלט באַנוצן אפילו פאַר אויפקלער־צוועקן. פאַר־קערט, העברעאיש, אַלס די שפּראַך פונם גלענצענדיקן אַמאָל, ווען אידן זיינען געווען גלייך מיט אַנדערע פעלקער, האָט פאַר אים געהאַט אַ באַזונדער חן. בפרט, אַז העברעאיש, אָדער לשון־קודש,

---

*) ל. דויטש, די אידן אין דער רעוואָלוציע, 1טער באַנד, איבער־זעצט פון ע. קאָרמאַן, בערלין, 1924, ז' 89—90.

איז גוט פאַרשטאַנען געוואָרן פון לומדים און ישיבה־בחורים — דער עלעמענט, פון וועלכן די משכילים האָבן רעקרוטירט זייערע רייען.

דער דריטער מין משכילים האָט זיך געווענדט צו די אידן אין זייער אייגענעם מאַמע־לשון. אָט־די עכט־אידישע פאָלקיסטן האָבן זיך ניט באַנוגנט בלויז מיטן צערייסן דעם רעליגיעזן שפּינוועב און אויסלאַכן אַלץ, וואָס איז אָפּגעלעבט און פאַרשימלט. זיי זיינען אויך אַרויסגעטראָטן שאַרף, ווי לינעצקי דריקט זיך אויס, קעגן די „פּריווילעגירטע פאָלקס-גנבים, בעל־טובה'ניקעס, רעדל־פירער, קאָבלעפּל און קהל־פּרעסער“, קעגן די בעלי־טאַקסע, ראשי־הקהל און גרענדע־פירער. נאָר כל־זמן די קלאַסנצעטיילונג ביי אידן איז ניט געווען אויף דער ליניע פון אַרבעטער און אַרבעטסגעבער, האָט זיך ווייניק געלאָזט פילן דער איינפלוס פון אָט־דער פּראָפּאַגאַנדע־ליטעראַטור.

דער ניט־איינהייטלאַכער אָרעמער עלעמענט איז ניט געווען בכח צו געבן אַן אָרגאַניזירטן ווידערשטאַנד צו זיינע „פּריווילעגירטע פאָלקס־גנבים“. דער גרויסער עולם לופט-מענטשן האָט געלעבט מיט בטחון און מקבל־באהבה געווען זיין אָרעמען גורל: „וואָס קען מען טאָן“, האָט ער גע'טענה'ט, „אַז אַזוי איז באַשערט“, און „אַז ס'גייט ניט, איז כאָטש צעריים זיך“. בלויז דער בעל־מלאכה, וואָס איז געווען דער איינציקער „חצוף און עזות־פּנים“ קעגן דער „גילדערנער פּאָן“, פלעגט מאַכן סקאַנדאַלן, ניט לאָזן לייענען, גיין צו הקפות א. א. וו., ווען די עולות פון די שטאָט־בעלי־טובות זיינען שוין געווען ניט מער אַריבערצוטראָגן. נאָר אויך דער בעל־מלאכה איז געווען צו פרום און גאָטספאָרכטיק, זיך צו שטעלן קעגן דעם באַשטייענדיקן סדר פון דער וועלט. אויך ער האָט געגלויבט, אַז „אַזוי האָבן מיר געפונען די וועלט און אַזוי וועלן מיר זי איבערלאָזן“.

דאָך האָט שוין אין די זעכציקער און די זיבעציקער יאָרן אָנגעהויבן צוזאַמענברעכן דאָס מיטלאַלטערלאַכע שטייגער־לעבן, הגם ס'איז נאָך ניט געווען קיין נייעס עס צו פאַרבייטן. איז פון

איין זייט „געוואָרן ווייניקער תלמידים אין די ישיבות, און אין אנדערע (שטעט) איז שוין גאָר די גאַנצע ישיבות בטל געוואָרן" און פון דער אנדער זייט איז די צאָל ליידיקגייער ניט קלענער געוואָרן. די אָרעמע אידישע בחורים האָבן בלויז אַנשטאָט לערנען תורה גע־שפּילט אין קאָרטן, נאָר דערפאַר חתונה געהאַט „אָן אַ תכלית ווי אמאָל". *)

גלייכצייטיק זיינען דאָרט אויך צערינען געוואָרן די אַלע געהאָפטע גליקן פונם צווייטן אַלעקסאַנדער'ס ליבעראַליזם. די ליבעראַלע עפּאָכע איז גיך אַריבער און ס'האָט זיך אָנגעהויבן די לאַנגע תקופה פון רעאַקציע. די אָרעמע אידישע מאַסן האָבן ווייניק גענאָסן פון די „זיבן פעטע יאָר" ליבעראַליזם, נאָר דער־פאַר געפּילט אויף זייערע פּלייצעס די פולע געוויכט פון דער רעאַקציע. נאָר באַזונדער שטאַרק האָבן געפילט די שווערע נויט יענע אָרעמע אידן, ביי וועמען די השכלה האָט אַוועקגענומען דעם נאַאיוון גלויבן אין הימל און זיי דערפאַר ניט געקענט געבן קיין האָפענונג אויף דער ערד.

אין אָט־דער עפּאָכע פון זוכענישן און ראַנגלענישן האָט זיך געהאָדעוועט ביי דער אידישער אָרעמקייט אין ליטע דער יעניקער, אויף וועמעס גורל ס'איז אויסגעפאַלן צו זיין איינער פון די ער־שטע צו שאַפן נייע הייליקייטן און אָנווייזן נייע וועגן.

אָט־דאָס אָרעם אידיש־ליטוויש אינגל איז געוואָרן מ אָ ר י ס ו ו י נ ט ש ע ו ו ס ק י, וועמעס לעבנסגעשיכטע ווערט דער־ציילט אין די ווייטערדיקע קאַפּיטלען.

---

*) יקמואל (אליקום צונזער), קול לעם, 28טן מערץ, 1879.

2.

# קינדער־יאָרן

**דער זיידע, די באָבע, די עלטערן. — יאַנאָווע, קאָוונע, ווילנע. — לימודים, בערנע, גראַנגל.**

מאָרים ווינטשעווסקי איז געבוירן געוואָרן אין אַ פאַמיליע, וואָס האָט זיך פיל אָפּגעגעבן מיט כלל אינטערעסן.

זיין זיידע ר׳ יצחק האָט טיילגענומען אינעם ערשטן פּויליש; מיאַטעזש (אויפשטאַנד), איז 1831, און איז דערפאַר דערהרג׳עט געוואָרן.

זיין באָבע צילה, די אלמנה פון זיין זיידען דעם „קדוש", „האָט פון יענעם טאָג אָן געלעבט אין גאַנצן, לחלוטין, פאַר די אָרימע לייט, זיי געבנדיק ממש דעם ביסן פון מויל, די העמד פונם לייב, איבער 30 יאָר". זי האָט געפירט אַ לעבן פון אַ „הייליקער". זי איז געווען די מאַמע פון „וויפיל יתומים, אונטערגעוואָרפענע און סתם אָרימע קינדער עם זיינען געווען אין שטעטל". זי האָט זיי געקאָרמעט, געוואַשן און געקעמט. „פון יעדן אומגליק האָט זי געוואוסט און דאָס איז גלייך געוואָרן איר עסק". פרום ביזן העכסטן גראַד, איז דאָך דער מענטש געווען ביי איר דער עיקר. טיף איינגעקריצט אין ווינטשעווסקי׳ס זכרון איז אירע אַ באַמערקונג: „ער, הענט־ניט־גע־וואשן, קאָן ווארטן, די קינפּעטאָרין קאָן ניט".

זיין טאַטע, ר׳ זיסל נאָוואָכאָוויטש, איז געגאַנגען אין די באָבע־צילה׳ס טריט, „מיט זיין באַשיידנקייט, זיין ליבע צו די אָרימע מאַסן און צו יעדן בעל־מלאכה". אַליין אַ למדן, וואָס „ווען ער וואָלט ניט פיינט געהאַט די רבנות האָט ער לייכט גע־קאָנט קריגן סמיכה", פלעג דאָך ר׳ זיסל זיך חברין מיט שוסטער און שניידער. אַליין אַ מתנגד, האָט ער דאָך געליבט די חסידים פאַר זייער ברידערלאַכן באַנעם איינער צום צווייטן. ער האָט קוים פאַרדינט אויף חיונה און דאָך געשטיצט די נויטבאַדערפּ־

טיקע מיט דער ברייטער האַנט. גוט און ערלאַך ביז גאָר, האָבן אים די קאָוונער אביונים געמאַכט פאַר זייער „באַנקיר“ און „שליש“. ביי אים האָט דאָס דינסטמיידל געקליבן אויף נדן און דער אָרימער מנין אויף אַ ספר־תורה; ביי אים פלעגן צדדים איינלייגן זייער געלט, ביי אַן אָפּמאַך, און אים האָט מען אָנ־געטרויט דעם לוין פונם אָרימען „אַכוואַטניק“, וואָס האָט זיך פאַרקויפט צו גיין דינען אין סאָלדאַטן, אַנשטאָט דעם גבירישן זונדל. ר' זיסל איז אויך געווען דער פּאַרטייאיִשער פון „מעות־חטים“ *) און דער דורכפירער פון אַלערליי אַנדערע געזעל־שאַפטלאַכע טעטיקייטן. אַזוי, אַז זיין הויז איז אַלעמאָל געווען פול מיט אָרימע און נויטבאַדערפטיקע און די זאָרג פונם כלל האָט ביי אים פאַרנומען מער אָרט ווי זיין אייגענע זאָרג. (ער איז אויך געלויבט געוואָרן, אין אַן ארטיקל וועגן קאָוונע, אינם העברעאישן יאָרבוך „כנסת ישראל“ (וואַרשע, 1888) פאַר זיין פּאַטערלאַכער זאָרג פאַר די אָרימע בחורים אין דער ישיבה „עץ חיים“, וואָס ער האָט געגרינדעט.)

אין אַט־דער אַטמאָספערע פון באַשיידענער מענטשלאַכער און געזעלשאַפטלאַכער טעטיקייט איז אויסגעוואַקסן ליפּע בן־ציון ⁑) נאָוואָכאָוויטש (מאָריס ווינטשעווסקי). קיין חידוש ניט, וואָס שוין אַלס צען־יאָריק קינד האָט ער נאָכגעטאָן זיין באָבע־צילה און, אַזוי ווי „זי, עליה השלום“, געגאַנגען צווישן די קראָ־מען קלייבן נדבות פאַר אָרימע קינדער, און אין עלטער פון זעכ־ציק יאָר האָט ער דערקלערט, אַז אים דאַכט זיך נאָך היינטיקן טאָג, ווען ער איז מיט זיך צופרידן, אַז דאָס פאָלגט ער זיין באָ־בע צילה'ן... ⁂)

---

*) „ווייץ־געלט“, דאָס געלט, וואָס פלעגט ווערן אויסגעטיילט צו אָרימע אידן פאַר פסח אויף צו קויפן מצה.

⁑) דערפון זיין נאָמען ל ע אָ פּ אָ ל ד ב ע נ ע ד י ק ט, ווי ווינטשעווסקי הייסט אינם פּריוואַט לעבן און אין אָפיציעלע פּאַפּירן.

⁂) געזאַמלטע ווערק, באַנד 7, ז' 120.

***

די ליטווישע שטעטל יאַנאָווע, וואו ווינטשעווסקי איז געבוירן געוואָרן, דעם 9טן אויגוסט 1856, און וואו ער האָט פאַרבראַכט די ערשטע פינף יאָר פון זיין לעבן, פאַרנעמט זייער ווייניק אָרט אין זיינע עראינערונגען.

אויף זיין וועג צום סאָוועטן־פאַרבאַנד, אין יוני 1924, איז ווינטשעווסקי פאַרבייגעפאָרן יאַנאָווע. די באַן האָט זיך אָפּגעשטעלט „לעבן אַ פיינער נייער סטאַנציע". דער וואָקזאַל האָט אויף ווינטשעווסקין געמאַכט „אַן אַנגענעמען איינדרוק", נאָר די שטעטל גופא האָט אים ניט פאַראינטערעסירט.

„דאָרטן אין יאַנאָווע" — שרייבט ווינטשעווסקי אַ טאָג שפּעטער אין ריגע — „בין איך דאָס געבוירן געוואָרן. פונדעסטוועגן רעגט מיך יאַנאָווע דוקא ניט אויף. דאָרט בין איך איצט לחלוטין אַ פרעמדער, האָבנדיק פון דאָרטן בלאַסע קליינקינדערשע עראינערונגען, וויי־טער גאָרנישט" („פרייהייט", 14טן יולי, 1924).

אין דער „לעבנסגעשיכטע פונם משוגע'נעם פילאָזאָף", וואו ס'זיינען איינגעוועבט אַ סך פעדים פון ווינטשעווסקי'ס אייגענער קינדהייט, ווערט דערציילט, ווי אַזוי מ'האָט אים אַלס קראַנק קינד געגעבן פון אַלע גוטסקייט: „אַ טעלער צום צעברעכן, אַ מחזור צום צערייסן, אַ פּערלמוטערנעם מעסערל, אַ האַלב טוץ נייע גענזענע פעדערן, אַ געוויכט פון זייגער צום קייקלען, צוקערוואַסער"... „איין זאַך נאָר איז געווען שלעכט", ער האָט „געמוזט זיין איינגעשפּאַרט אין צימער" און „זיך ניט געטאָרט יאָווענען אויף דער פרייער לופט". *)

ווינטשעווסקי'ס איינדרוקן פון יאַנאָווע באַשריינקען זיך דערפאַר בלויז אויף דאָס, וואָס ער האָט איינגעזאַפּט אינעם הויז פון זיינע עלטערן.

אין זיין טרויערן, ווען ער לאַכט, און אין זיין שמייכלען, ווען ער וויינט, וועלכע ער כאַראַקטעריזירט אין זיין פּעליעטאָן

---

*) „צוקונפט", אַפּריל, 1892.

„אינהאלט: איך",*) האָט דערפאר ווייניקער איינטייל די נאַ־טור פון זיין שטעטל, ווי די נאַטור פון זיין עלטערן־הויז. דאָרט, אין דאָס אָרים הויז, וואו מחמת דער קללה פון נויט האָבן זיך ניט געהאָדעוועט קיין קינדער, האָבן זיך כסדר געביטן די שטי־מונגען צווישן געלעכטער און געוויין: אָט הילכט א פריילאכער מזל־טוב! און אָט קומט מען מנחם־אבל זיין. אָט קלינגט א לוס־טיק וויגלידל, און אָט ברעכט אויס א האַרצרייסנדיקער הספד. לאָכט די מאַמע צום לעבעדיקן קינד, טרויערנדיק נאָכן טויטן. בליטשען טרערן אין איר שמייכל צום איינציק געבליבענעם זונעלע...

אין זיין עלטערנס־הויז, דערציילט ווינטשעווסקי, איז געווען א צייט „פאר לוסטיקייט, אזוי גוט ווי פאר קלאָג און יאָמער". נאָר „בדרך הכלל" איז דאָרט „ניט אָפט געווען פריילאך", „זייער זעלטן לוסטיק". די פינף רובל א וואָך הכנסה, וואָס ווינטשעווו־סקיס עלטערן האָבן געהאַט, איז געווען „ניט פון דעם סאָרט ריווחים, וואָס זאָל אריינברייננגען פיל נאַטירלאכע פריילאכקייט אין א הויז". דערצו האָט אין זייער שטוב ארומגעשוועבט די נשמה פון דער באָבע צילה, וואָס פלעגט עפּעס אזוי ווי זאָגן:

„ניט געלאַכט קינדער! ס'איז ניט שיין צו לאַכן בעת אָרום אייך וויינען הונגעריקע יתומים, פאַרצאַגטע אלמנות, מיידלאך אין טראַנטעס און אינגלאך און א דאַך איבערן קאָפּ. און עס איז אויך ניט שיין זיך צו שטאָפּן, זיך צו קליידן, זיך צו קאַמען, זיך צו פוצן, זיך צו פרייען, בעת זיי אָרום זיינען הונגעריק, אָפּגעריסן, אָפּגעשאָטן מיט אומפלייט, ניט געוואַשן און פאַר'צרה'ט..." ‡)

אָרים איז געווען דאָס הויז, וואו דער קליינער ליפּע בן־ציון האָט זיך געהאָדעוועט. זיין טאַטע, „דער קלוגער, סימפּאַטישער, דענקענדער, ערלאכער מאַן", ר' זיסל, ניט געקוקט אויף זיין גרויס לומדות, תנ"ך און שפּראַך־קענטשאַפט און אנדערע השלמות,

---

*) געזאַמלטע ווערק, באַנד 4, ז' 94.

‡) דאָרט, באַנד 7, ז' 119—120.

האָט ניט געהאַט קיין פעסטע פּרנסה. האָט די מאַמע, גאָלדע־הדסה לייבע עלקעס, געמוזט עפּענען אַ קרעמל, צו קאָנען שפּייזן אירע עופּה׳לאַך. נאָר כל־זמן די באָבע־צילה האָט געלעבט איז אָט־דאָס אָרים הויז געווען דער שטאָלץ פון יאַנאָווע. און אַז די באָבע־צילה איז געשטאָרבן (אין 1861), האָט דאָס הויז פאַר־לוירן זיין הייליקן גלאַנץ. איז געוואָרן ביטער די נויט, שווער דאָס ליידן. האָט די פאַמיליע נאָוואַכאָוויטש פאַרלאָזן דאָס קליין שטעטל (יאַנאָווע) און זיך אַריינגעקליבן אין דער גרויסער שטאָט (קאָוונע). נאָר איר לאַגע האָט זיך דאָרטן ווייניק פאַרבעסערט. אויך דאָרט האָט איר הויז געזען מער לייד ווי פרייד. אויך דאָרט האָט די פילגעפּרופטע מאַמע געהאַט מער קינדער אויפן בית־עולם ווי אין הויז.

***

קאָוונע איז אַ שיינע שטאָט. אירע בערג און טייכן האָבן אַרויסגערופן די באַוואונדערונג פונם גרויסן נאַפּאָלעאָן, וואָס האָט דאָך „אויסגעזען אַ וועלט“. דער ערשטער העברעאישער ראָ־מאַנען־שרייבער, אברהם מאַפּו, האָט גענומען זיין קאָוונער היים פאַרן מאָדעל צו מאָלן די אַלטע שיינע ירושלים פון זיין רייכער פאַנטאַזיע. נאָר אין דער „הונגער־פעסטונג אויפן גרינעם באַרג“, דער אָרימער קוואַרטאַל, וואו זיינע עלטערן האָבן געוואוינט, האָט ווינטשעווסקי ווייניק געזען פון קאָוונער נאַטור־שיינקייט און גאָר אַ סך פון איר געזעלשאַפטלאַכער מיאוסקייט. ער האָט געזען הונגעריקע, אָפּגעריסענע, פאַרלייזיקטע און פאַרקרעציקטע תּלמוד־תּורה־קינדער; היימלאָזע יתומים, אונטערגעוואָרפענע ממזרים, עלנטע זשוליקעס, קעשעניקעס, גנבים און אויסגעלאַסענע.

ווען ווינטשעווסקי איז פאַרבייגעפאָרן קאָוונע, נאָכדעם ווי ער האָט זי 47 יאָר ניט געזען, האָט אים דער דאָרטיקער וואָקזאַל „אַזוי פאַנאַנדערגערירט“, אַז ער האָט „נאָר וואָס — אָנגעהויבן צו וויינען“.

„קאָוונע“ — שרייבט ווינטשעווסקי, אין זיין פריער־דערמאָנטן בריוו פון יוני, 1924 — „וואו יעדע גאַס און יעדער געסל האָט פאַר

מיר פּערזענלאַכע און געזעלשאַפטלאַכע זכרונות; וואו מיין שריפטשטע־לערישע טעטיקייט האָט זיך אָנגעהויבן; וואו מיינע ערשטע „זעלישע ליידן און פריידן" זיינען איבערגעלעבט געוואָרן; וואו איך בין אויס־געוואַקסן פון אַ יאַנאָווער פינף־יאָריקן, קרענקלאַכן נפש'ל אונטער דער השגחה פון עלטערן, וואָס פּאַר זיי בין איך געווען אַ בן־יחיד'ל, ווייל ביי זיי זיינען מיר געבליבן דריי קינדער פון עלף,—צוויי מייד־לאַך און איך" — — — „און אַוועקפאָרנדיק פון קאָוונע האָב איך געטראַכט לאַנג און פיל".

***

אינם עלטער פון פינף יאָר האָט ווינטשעווסקי אָנגעהויבן גיין אין חדר. אַ ווייל האָט ער געלערנט אין יאַנאָווע און נאָכדעם עטלאַכע יאָר אין קאָוונע. ווען דער בעל־תנ"ך און בעל־דקדוק ר' זיסל האָט אויסגעפונען, אַז זיין אַכט־יאָריקער בן־יחיד קאָן ניט קיין העברעאיש, האָט ער אים אָפּגענומען פון חדר און אַליין געלערנט מיט אים תנ"ך און דקדוק. נאָר גמרא האָט ווינטשעוו־סקי געלערנט אַ סך וויניקער, ־ווי מ'קאָן עס מיינען, אורטיילנ־דיק פון זיינע תלמודישע פּאַראַדיעס. ער האָט בלויז געלערנט בבא־קמא, בבא־מציעה און ביצה, וואָס איז געווען, ווי ער זאָגט, „גערעדע גענוג" אים צו געבן „אַזוי פיל „גמרא־לשון" וויפיל ס'איז נויטיק צו שרייבן „עכט־אידישע" העברעאיש, און ניט צו־פיל, כדי צו קאָנען זיך נעמען צו אַנדערע זאַכן.

צו עלף יאָר איז ווינטשעווסקי אַריינגעטראָטן אין דער רוסי־שער פּאָלקסשול, וואו ער האָט געלערנט צוויי יאָר. דער פּאַר־צערטלטער בן־יחיד האָט געקאָנט דורכפירן אַלץ, וואָס ער האָט געוואָלט. זיינע עלטערן האָבן אויך באַלד איינגעזען, אַז זייער זון וועט „ניט זיין קיין רב און קיין דין, קיין חזן אָדער שוחט". באַלד האָט ער די גמרא אינגאַנצן פאַרוואָרפן, אָנגעהויבן לייע־נען השכלה-ביכער (אין העברעאיש) און נאַטורוויסנשאַפט (אין רוסיש), אחוץ מאַסן ראָמאַנען". זיין „טאַטע האָט קעגן דעם גאָרניט אָנגעווענדט".

נאָר אויך פון די פּאָר יאָר פּאָלקסשול האָט ווינטשעווסקי

ניט קיין בעסערע עראינערונגען ווי פון זיין חדר. ער, דער שטאר־קער בעל־זכרון, געדיינקט ניט אפילו איינעם פון זיינע דאָרטיקע לערער. ער געדיינקט אויך ניט מער, וואָס פאַר אַ „השכלה־ביכער" (אחוץ דאָס קריטיש ווערק „חקר דבר" פון אברהם אורי קאָוונער) און וואָס פאַר אַ ראָמאַנען ער האָט פאַר זיין פערצענטן יאָר גע־לייענט. אויף זיכער געדיינקט ער בלויז אַ קליין אידיש ביכל — אליקום צונזער'ס לידער—וואָס ער האָט געקויפט אין יאָר 1869. אין אידיש איז שוין דעמאָלט ארויס אין רוסלאַנד דאָס וואָכנ־בלאַט „קול מבשר", לינעצקי'ס „פוילישער אינגל" און מענדע־לע'ס „דאָס קליינע מענטשעלע" און „די טאַקסע אָדער די באַנ־דע שטאָט בעלי־טובות". נאָר אפילו מיט מענדעלע'ס כתבים, וועלכע מ'האָט געלייענט אויך אין לומדישע און משכילים'שע קרייזן, האָט ווינטשעווסקי זיך באַקאַנט ערשט אין עלטער פון דרייסיק יאָר, אין לאָנדאָן.

אין שפּעטערע יאָרן האָט מאָרים ווינטשעווסקי אנטדעקט אין זיך די השפּעה פון די נביאים. נאָר אינם עלטער פון דרייצן יאָר איז ער זיכער געווען מער באאיינפלוסט פונם רוסישן פאַבל־דיכטער קרילאָוו, וועמען ער האָט אויך דעמאָלט פּרובירט נאָכ־מאַכן, טאַקע אין רוסיש. קרילאָוו'ס פאַבלען האָבן שטאַרק אַפּע־לירט צו ווינטשעווסקי'ס חוש פאַר סאַטירע, וואָס האָט זיך שוין אין יענער צייט אָנגעהויבן אין אים צו אַנטוויקלען.

***

ארויסגייענדיק פון דער פאָלקסשול, האָט דער דרייצניאָרי־קער ווינטשעווסקי געפּלאַנט אריינצוטרעטן אין גימנאַזיע. נאָר פון זיינע פאַרדינסטן, געבן „שטונדן" אין רוסיש פאַר 15 גראָשן אַ „אוראָק", האָט ער קוים געהאַט צו צאָלן זיין לערער פון לאַטיין. דער פרומער מאַמע'ס קעגנערשאַפט צו דער גויאישער גימנאַזיע וואָלט דער בן־יחיד לייכט געקאָנט באַזיגן. נאָר פאַרן לערנען אין גימנאַזיע האָט מען געדאַרפט צאָלן אַ סך מער, וויפיל זיין קלוגער טאַלענטער טאַטע האָט געקאָנט צוזאַמענברייננגען. איז ווינטשעווסקי אַוועקגעפאָרן צו זיין פעטער מאַנציק אין וויל־

נע, וואו ער האָט זיך גענומען צוגרייטן אָריינצוטרעטן אין דער דאָרטיקער ראַבינער־שול.

די שילער פון דער ווילנער ראַבינער־שול אין יענער צייט (1870) האָבן זיך אינטערעסירט מיט די ווערק פון טשערנישעווסקי, דאָבראָליובאָוו, פּיסאַרעוו און אַנדערע רוסישן שרייבער פון די 60קער יאָרן, אַ סך מער ווי מיט דער השכלה־ליטעראַטור אין העברעאיש. ווען ווינטשעווסקי איז געקומען קיין ווילנע, האָט געלערנט און געווירקט אין דער דאָרטיקער ראַבינער־שול דער יונגער רעוואָלוציאָנערער זונדעלעוויטש. אַ יאָר פריער האָט דאָרט געענדיקט שטודירן דער שפּעטערער רעדאַקטאָר פון העברעאישן סאָציאַליסטישן „אמת" — אהרן ליבערמאַן — און זיין איינפלוס אויף די שילער פון דער ראַבינער־שול איז געווען זייער גרויס.

נאָך דער פערצן־יאָריקער ווינטשעווסקי האָט דערפון קיין שום השגה ניט געהאַט. ער האָט אפילו ניט געוואוסט, אַז די מערסטע סטודענטן פון דער ראַבינער־שול גרייטן זיך פאַר לערער און ניט פאַר קאַזיאָנע־רבנים, און אַז גאָר אַ סך שילער באַנוצן זיך מיט דער ראַבינער־שול, ווי מיט אַ גימנאַזיע, כדי צו קאָנען נאָכדעם ווייטער שטודירן אין אוניווערזיטעט. האָט ווינטשעווסקי געמיינט, אַז אַלע שילער פון דער ראַבינער־שול לערנען אויף „רבנות", און זעענדיק זייער פרייען אויפפיר, האָט ער עס באַטראַכט פאַר צביעות, פון וואָס אים האָט געעקלט.*) ער איז דערפאַר געווען „שטאַרק צופרידן", ווען זיין טאַטע האָט אים צוריקגערופן קיין קאָוונע, וואו עס איז פאַר אים גרייט „אַ לייכטע שטעלע אין אַ געשעפט". ער האָט „געהאָפט צו פאַרדינען אביסל געלט און דאַן אַריינטרעטן אין קאָוונער גימנאַזיע", וואו ער וועט

---

*) נאָך איבער 50 יאָר שפּעטער, אין 1922, דערמאָנט ווינטשעווסקי מיט סאַרקאַזם ווי ס'פלעגן עסן אין איילעניש „ווילנער ראַבינער שילער יום־כפור צווישן מוסף און מנחה אויפן בוידעם אין שול". („פרייהייט", 1טן יולי, 1922.)

„ניט דאַרפֿן זיין קיין צבוע'אָק און אויך ניט קיין קאַזיאָנער־רב, רחמנא לצלן".

נאָר גאָר אומזיסט האָט ווינטשעווסקי ניט גע'פּטר'ט אַ זומער אין ווילנע. ערשטנס, האָט ער דאָרט דורכגעשטודירט דעם תנ"ך „מיט דעם ביאור פון משה מענדעלסאָן און זיינע תלמידים, צו־זאַמען מיט דער דייטשער איבערזעצונג", פון וועלכער ער האָט דערלערנט די דייטשע שפּראַך. צווייטנס, און דאָס איז דער עיקר, האָט ער זיך דאָרט באַקאַנט מיט אַ ביכל פון לודוויג בערנע, *) וועלכער האָט אַף אים געהאַט „דעם גרעסטן איינפלוס" אין זיין לעבן. לודוויג בערנע איז געווען פאַר ווינטשעווסקין „ווי אַ פּיי־ערדיקער זייל" אַף אַלע זיינע „נסיעות פון תלמוד צו השכלה און פון איר צום סאָציאַליזם". ⁑) דאָרט, אין ווילנע, האָט ווינטשעוו־סקי אויך אָנגעהויבן לייענען דעם „המגיד", וואָס האָט אים מער באַאיינפלוסט ווי די אַלע השכלה־ביכער און ראָמאַנען, וואָס ער האָט פריער געלייענט אין קאָוונע. פון „המגיד" האָט דער פּופּצן־יאָריקער ווינטשעווסקי זיך אויך דערוואוסט פון דער פּאַריזער קאָ־מונע, מיט וועלכער ער האָט שטאַרק סימפּאַטיזירט.

⁂

די דריי יאָר נאָך ווינטשעווסקי'ס צוריקקער פון ווילנע זיי־נען געווען יאָרן פון געראַנגל.

אויסער דעם געוויינלאַכן זעלנקאַמף צווישן אמונה און כפירה, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר אַ געפּילפּולן אינגל אין זיינע יאָרן, איז נאָך אין ווינטשעווסקין פאָרגעקומען אַן אויסער־

---

*) „מיין טאַגעבוך אוים זאַדען" (אין זיין ביאָגראַפיע פון לודוויג בערנע, אין דער „צוקונפט" פון אָקטאָבער 1896, דערקלערט ווינטשעוו־סקי, אַז אַט־דאָס „טאַגעבוך" איז „איינע פון די וויציקסטע און פּאַ־טעטישסטע" פון בערנע'ס שריפטן. „דאָס ווערק טראָגט דעם כאַראַקטער פון אַ מילדער סאַטירע, — אַ סאַטירע, וועלכע בייסט זיך ניט זייער, און איז עפּעס געשריבן „גלאַט אַזוי", צו פאַרווײַלן די צייט".)

⁑) לוח אחיעבר, שנה ב', ניו יאָרק, 1921.

געוויינטלאכער גראנגל צווישן עקסטרעמער ערלאכקייט און קרי־מינעלע נייגונגען.

דער זעלבער חבר, שלומ'קע זאקס, וואס האט אין אים אויפ־געוועקט דעם גייסט פון צווייפל און כפירה, האט אין אים אויך געהאָלפן אנטוויקלען יענע נייגונגען, וועלכע ווינטשעווסקי באַ־טראכט פאר א ירושה פון „א פארברעכער מיט צען דורות פריער".

אין דער אמת'ן זיינען אָט־די קרימינעלע נייגונגען געווען פון יענעם מין, וואס ווערט אין א סך בירגערלאכע קרייזן באטראכט פאר „ביזנעס־פייאיקייט". די צוויי קאָונער אינגלאך האבן באשווינדעלט די מלוכה פון איר שטייער אויף זאלץ, און באגאנגען אויך אנדערע ענלאכע עבירות פון גנבה און גזילה, וואס זיינען דער יסוד פון די מערסטע רייכע הייזער.

נאָר דער יונגער ווינטשעווסקי האט געהערט צו א הויז, וואו ס'האט געהערשט די „צילה־טראדיציע" פון זארגן פאר אנדערע מער ווי פאר זיך; דערצו איז ער נאך געווען א „ליידנשאפטלא־כער בערניאנער", וואס האט געזען אין חלום און אויפן וואר דאס ווארט פ ר י י ה י י ט! האט ער זיך „געשעמט פאר בערנע" און פאר דער „אייגענער פרייהייטסליבע", ווי אויך פאר זיין „צוקונפטיקן נאמען אלס שרייבער". נאר „די לוסט צו געלט איז געווען גרויס" און אין זיין יוגנטלאכער ברוסט איז „פארגע־גאנגען א מורא'דיקער שטורמישער קאמף", וואס האט זיך גע־ענדיקט מיט א „זיג": דער זיבעצן־יאָריקער ווינטשעווסקי איז „געוואָרן א אידעאליסט פון ערלאכקייט" און די רעאקציע קעגן דער פריערדיקער אומערלאכקייט „האט אנגענומען די געשטאלט פון א פאנאטישן כמעט לעכערלאכן שטרעבן צו זיין ערלאך, אזוי ערלאך, ווי, למשל, די באבע צילה".

.3

# פאָלקיזם

אַריאַל, טשערניִשעווסקי, דאָס „גיין אין פאָלק". — ליבערמאַנס פּראָקלאַמאַציע. — פּאַרט, ליליענבלום.

א דאַנק זיין זעלבסטבילדונג און זיין פאָטער'ס באַקאַנטשאַפט מיטן באַנקיר שלמה פיינבערג, קריגט דער 17־יאָריקער ווינטשעווסקי א שטעלע אין פיינבערג'ס אַריאַלער קאַנטאָר (סעפּטעמבער 1873).

אַריאַל פאַרנעמט א גרויסן פּלאַץ אין ווינטשעווסקי'ס לעבן. דאָרט איז ער געוואָרן א סאָציאַליסט און א דיכטער.

אמת, ער האָט שוין אין קאָוונע געלייענט י. ל. קאַנטאָר'ס ליד „מאמינים אנחנו! — קול בני הנעורים" (מיר גלויבן! — רופט די יוגנט), וואָס איז געווען דער ערשטער מאָדערנער סאָציאַליסטישער געזאַנג ביי אידן (געדרוקט אין „השחר" פון סעפּטעמבער 1872). *) נאָר דאָס זעכצן־יאָריק קאָוונער אינגל האָט קענטיק כלל ניט פאַרשטאַנען, וואָס קאַנטאָר האָט געמיינט. זיין באַקאַנטשאַפט מיט די ווערק פון פּיסאַרעוו און טורגעניעוו האָט אים געמאַכט פאַר א ניהיליסט. נאָר „אין דעם דאָזיקן ניהיליזם איז נאָך גאָרנישט געווען פונם סאָציאַליזם".

אין ווינטשעווסקי'ס ליטעראַרישער טעטיקייט, וואָס ער האָט אָנגעהויבן עטלאַכע מאָנאַטן פאַר זיין אָפּפאָר פון קאָוונע, איז נאָך ניט קענטיק אפילו דער איינפלוס פונם ניהיליזם. ווינטשעווסקי'ס „ערשטע שרייבעריי" איז א קאָרעספּאָנדענץ, אין „המגיד" פון 30טן יולי 1873, וועגן די מאָדערנע איינפירונגען אין קאָוונער תלמוד־תורה. מער פילט זיך דאָרט די השפעה פון דער שטוביקער

---

*) זע דאָס ליד און זיין איבערזעצונג, באַנד 9, נאָכבאַמערקונגען, נומער 10.

„צילה־טראַדיציע“, וואָס דאָס דריקט זיך אויס אין זיין וואַרימען מיטגעפיל פאַר דעם פּלאַץ, וואו ס'לערנען אָרימע קינדער. *)

*
**

דורך פריילין קליוואַנסקי, די טאָכטער פון פיינבערג'ס קאָנ־טאַר־פּאַרוואַלטער, איז ווינטשעווסקי באַקאַנט געוואָרן מיט דעם רעוואָלוציאָנערן קרייזל פון אָריאָל. צווישן די הויפּטפירער פון אָט־דעם קרייזל זיינען געווען צוויי סעמינאַריסטן, סינאַיסקי און ווערענסקי. איינס פון די געהיימע פאַרזאַמלונג־פּלעצער איז געווען אין א פרויען־מאָנאַסטיר.

פון דער רעוואָלוציאָנערער ליטעראַטור, וועלכע ווינטשעוו־סקי האָט געלייענט אין אָריאָל, האָבן זיך איינגעקריצט אין זיין זכרון א רעוואָלוציאָנער לידל און טשערנישעווסקי'ס ראָמאַן: „טשטאָ דיעלאַט“ (וואָס זאָל מען טאָן)? דאָס לידל, ווי ווינטשעוו־סקי גיט עס איבער אין זיין דערציילונג „גרישקאָ'ס ראָמאַן“, אין דער ענגלישער באַאַרבעטונג, **) לייענט זיך אַזוי:

א לויב דעם שמיד, חברה.
וואָס האָט געמאַכט דריי מעסערס, חברה —
געלויבט!
און דעם ערשטן גוטן מעסער
צו טויטן גלחים האָט ער געמאַכט —
געלויבט!
דאָן די רויבער פון האַנדל
טויט דער צווייטער מעסער —
געלויבט!
בעת אונזערע תפלות געהערט
ליגט דערשטאָכן דער דריטער, אונזער קייסער —
געלויבט!

טשערנישעווסקי ווערט באַטראַכט ווי „דער ערשטער באַ־

---

*) זע דאָס בריוו, דאָרט, נאָכבאַמערקונגען, נומער 6.
**) Stories of the Struggle, Chicago, 1908, p. 22.

וואָסטזיניקער, טיף איבערצייגטער רוסישער סאָציאַליסט". קאַרל מאַרקס, אַ קאַרגער אויף שבחים, האָט אָנגערופן טשערנישעווסקין: „דער גרויסער רוסישער געלערנטער און קריטיקער". זיין ראָמאַן „וואָס זאָל מען טאָן?", וועלכן ווינטשעווסקי האָט צו־ערשט געהערט לייענען אין אַ פּרוויען־מאַנאַסטיר, איז ווייניקער אַ בעלעטריסטיש ווערק, ווי אַ פּראָפּאַגאַנדיסטיש בוך. אָלס אַזוינס האָט עס אויך געהאַט אַ געוואַלטיקן איינפלוס צו רעוואָלוציאָניזירן די יוגנט פון דער צווייטער העלפט פון 19טן יאָר־הונדערט.

נאָר אינם רוסלאַנד פון ווינטשעווסקים צייט איז סאַי־ווי „ניט געווען די טעאָריע דער עיקר, נאָר די פּראַקטיק". אַ סאָציאַליסט אין רוסלאַנד האָט דעמאָלט געהייסן דער, „ווער עס האָט אָפּגעגעבן זיין לעבן צו אַרבעטן פאַרן פאָלק, אויפצוקלערן דעם פּויער און אַרבעטער; ווער עס האָט געוואוינט און געאַרבעט צווישן זיי, — — — ווער עס האָט געליטן מיט זיי, ווער עס איז געווען אָנגעטאָן אין שמאַטעס ווי זיי". *)

אין די געהיימע פאַרזאַמלונגען, וואו מ'האָט גערעדט און דיסקוטירט וועגן „אויסבעסערן די וועלט", פלעגט מען אַריין אין התלהבות און מיט אַן ערנסטן האַרצן זיך פאַרשלאָגן צו אַרבעטן אין פאָלק, אָדער „גיין צווישן פאָלק", ווי מ'פלעגט דעמאָלט זאָגן. נאָר באַטש ווינטשעווסקי איז שוין אַלט געווען ניינצן יאָר, האָבן די מענטשן אַרום אין אים „געזען אַ זייער יונגינקען בחור'ל, וועלכען ס'איז שווער צו טרויען, וואָרום מ'איז ניט זיכער, אַז ער וועט קאָנען ביישטיין אַ נסיון, אַז ער וועט נים זיין צו שוואַך אין צייט פון געפאַר".

איז ווינטשעווסקי'ס סאָציאַליזם אין אָריאָל געווען „זייער פּרימיטיוו". דאָס, וואָס מ'רופט היינט וויסנשאַפטלאַכער סאָציאַליזם, דערציילט ווינטשעווסקי, איז אין אָריאָל געווען ביי אים „אויפן שפּיץ מעסער". איז ער פון איין זייט געווען דער „נאַ־

*) געזאַמלטע ווערק, באַנד 9, ז' 108—109.

ראָדניק״ (פּאָלקיסט) בראָניסלאוו (ווי פריילין קליוואַנסקי האָט איבערגעלייגט זיין נאָמען), וועמענס „נאַטירלאַכע ברידער זיינען די מוזשיקעס״, און פון דער אַנדערער זייט דער באָבע־צילה׳ס אייניקל בן־ציון, וואָס קלייבט נדבות פאַר די הונגעריקע אידן אין ארץ־ישראל... איז פאַראַן „בלויז אַ באַלעבאַטישער מאָטיוו״ אין זיין ערשטן העברעאישן שיר „תהפוכות העתים״ (די איבער־קערעניש פון די צייטן), געדרוקט אינם „המגיד״ פונם 8טן סעפּ־טעמבער 1874. ס׳איז אַ סאַטירע קעגן „הייזער־אונטערצינדער, פאַלשע פרעדיקער, אָפּגעשטאָפּטע פרויען, שווינדלערישע סוחרים, די אייזנבאַנען און די יאָגעניש פונם לעבן״. *)

***

דער סאָציאַליזם, מיט וועלכן ווינטשעווסקי איז באַקאַנט געוואָרן אין די יאָרן 1874—1875 אין אַריאַל, איז אָן צווייפל געווען מער באַקונינ׳ס און לאַווראָוו׳ס, ווי מאַרקס׳עס און לאַ־סאַל׳ס. דאָס איז געווען דער קליינבירגערלאַכער סאָציאַליזם פון די פּאָלקיסטן, צו וועלכע ס׳האָבן דעמאָלט אויך געהערט פּלעכאַ־נאָוו, מאַרק נאַטאַנסאָן, אהרן זונדעלעוויטש און אהרן ליבערמאַן.

דער פּאָלקיזם איז אויפגעטראָטן אינם אָנהויב פון די זעכ־ציקער יאָרן. דאָס איז געווען די צייט פון גרויסע געשעענישן. רוסלאַנד האָט זיך באַפרייט פון פּאַנשטשיזנע (לייב־אייגנטום) און אָנגעהויבן גיין אויפן וועג צו קאַפּיטאַליזם. דאָס האָט זיך באַלד אַרויסגעוויזן אין דעם פאַרגרעסערטן אייזנבאַן־טראַנספּאָרט (פון 1000 ווייאָרסט אייזנבאַן, פאַר 1861, איז אינם משך פון צען יאָר געוואָרן 10,000) און אינם וואוקס פון דער מעטאַלור־גישער אינדוסטריע, הויפּטזאַכלאַך, די רעלסן־פּראָדוקציע.

מיטן וואוקס פונם קאַפּיטאַליזם האָט אָנגעהויבן אַנטשטיין אַן אינדוסטריעלער פּראָלעטאַריאַט און אינם רוסישן ווערטער־אוצר איז צוגעקומען דאָס וואָרט „סטרייק״.

נאָר אָט־דער פּראָלעטאַריאַט איז נאָך געווען אומבאַדייטנ־

---

*) דאָרט, ז׳ 108, און נאָכבאַמערקונגען, נומער 14.

דיק קליין אינם פארגליך מיט דער ריזיקער פויערים־מאסע. האט זיך די פאלקיסטישע אינטעליגענץ אויך ווייטער אָריענטירט אויף דער פויערשאַפט.

די אינטעליגענטע פאָלקיסטן, מערסטנס, קינדער פונם מיטל־קלאַס (קליינע ערד־אייגנטימער, קליינע הענדלער, מעקלער, באַאַמטע, נייסטלאַכע א. אַ. וו.) זיינען געווען קעגנער פון אינדוסט־ריאַליזם. זיי האָבן באַטראַכט די פאַבריק פאַר אַ גיפטיקער פלאַנץ אויפן רוסישן באָדן. אין דער מאַשין האָבן זיי געזען דעם מלאך המות פון דער פרייהייט. זייער אידעאַל איז געווען אויסצומיידן אין רוסלאַנד דעם קאַפּיטאַליזם מיט זיין אינדוסטריעלן פּראָ־לעטאַריאַט און ביטערן קלאַסנקאַמף. זיי האָבן געהאָפּט, אַז די פרייהייט וועט קומען דורך דער פויערשאַפט, דורך דאָס רוסישע דאָרף, וועמעס אַלטע געמיינדע, די קאָלעקטיווע ווירטשאַפט, וועט ווערן דער יסוד פון דער צוקונפטיקער קאָמונע. „אונזער דאָרפסגעמיינדע", האָבן דערקלערט די רוסישע פאָלקיסטן, „איז אונזער גרונטקערענדל. די אַלע קערנדלאַך אינאיינעם — אָט־דאָס דאָרף זיין רוסלאַנד. דאָס ווילן מיר". מ'דאַרף דערפאַר „בלויז איינטיילן די ערד" על־פּי יושר, ווי אין די „אַמאָליקע צייטן" און ס'וועט זיך אָנהויבן די מלוכה פון פרייהייט...

כדי צו צווינגען די צאַרישע מלוכה דורכצופירן אָט־דעם יושר־דיקן „איינטיילן די ערד", האָבן די פאָלקיסטן געשאַפן (אין יאָר 1862) די געהיימע אָרגאַניזאַציע „זעמליאַ אי וואָליאַ" (ערד און פרייהייט). נאָך מחמת דער אומגעדולד פונם פאָלקיסט קאַ־ראַקאָזאָוו, וואָס האָט געשאָסן אויפן צאַר אַלעקסאַנדער דעם צווייטן, האָבן זיך אָנגעהויבן שטאַרקע רדיפות קעגן די פאָלקיסטן און זייער אָרגאַניזאַציע איז צעפאַלן געוואָרן (אין 1866). ס'ווערט דעמאָלט פּאָפּולער די אידייע „אַוועקצוגיין צום פאָלק", „גיין אין דאָרף" און אָנהויבן דעם פרייהייט־קאַמף דירעקט דורך דער פויערשאַפט.

דאָך, ניט אַלע, וואָס זיינען געגאַנגען אין דאָרף, זיינען גע־ווען אייניק אין זייערע אידייען. ס'זיינען געווען באַקוניסטן, בונ־

טאָרן, וועמעס אידייע איז געווען די פרייע דאָרפגעמיינדע, אומ־אָפּהייִנגיק פון אַ צענטראַלער מלוכה. באַקונינ׳ס אָנהייִנגער האָבן געגלויבט, אַז די פּויערישע מאַסע איז גענוג פיינטלאַך צום שטאַט און ס׳איז ניט שווער זיי אויפצוהויבן צום קאַמף פאַר דער פרייער אומאָפּהייִנגיקער דאָרפסגעמיינדע. פון דער אַנדערער זייט זיינען געווען לאַווריסטן, וואָס האָבן געהאַלטן, אַז די פּויערשאַפט איז נאָך גאַנץ ווייט פון סאָציאַלע אידעאַלן און ס׳איז נויטיק אָנצו־פירן אַ לאַנגדויערדיקע אויפקלער־אַרבעט. נאָר די צאַרישע רע־גירונג האָט פאַרפאָלגט די פרידלאַכע פּראָפּאַגאַנדיסטן פון לאַוו־ראָוו׳ס חדר ניט ווייניקער ווי בונטאַרישע באַקוניסטן. דערביי האָט דער אומוויסנדער פּויער גאָר אָפט צוגעלייגט אַ האַנט דער־צו. אַזוי, אַז אין דער צייט, וואָס ווינטשעווסקי האָט פאַרלאָזן אַריאָל, סוף זומער 1875, האָבן שוין די פאָלקיסטן געזוכט נייע וועגן. זייער צווייטע „ערד און פרייהייט“, אָרגאַניזירט אין 1876, האָט אָנשטאָט גיין אין פאָלק ביחידות קאָלאָניזירט אין די דער־פער גאַנצע גרופּן, וועמעס אויפגאַבע איז געווען צו פירן אַ פּוי־עריש לעבן און אַגיטירן אין דאָרף די אידייע: „ערד פאַר די, וואָס באַאַרבעטן זי, און פרייהייט פאַר אַלע מענטשן, וואָס דאַרפן אַליין איבער זיך שאַפן“.

⁂

אַ ווירקלאַכער פאָלקיסט איז ווינטשעווסקי געוואָרן ערשט קומענדיק אַהיים, אין קאָוונע.

אין אַריאָל, וואו זיין פאָלקיזם איז באַשטאַנען, אַזוי צו זאָגן, פון אַ פּלאַטאָנישער ליבע צום פּויער, איז געווען רעכט, אַז „חיים יאַנקעל דער שוסטער קאָן וואַרטן“. נאָר אין קאָוונע, וואו ווינטשעווסקי האָט זיך ווידער געפונען אין זיין אַלטער סביבה, „צווישן אָרימע און פאַרשטויסענע“, איז זיין פאָלקיזם געוואָרן נאַטירלאַך.

אין ווינטשעווסקי׳ס העברעאישע לידער, געשריבן אין קאָוו־נע פון יענער צייט, די געדרוקטע ווי די ניט־געדרוקטע, „זעט זיך די ליבע צום אָרימאַן און דער האַס צו זיינע אונטערדריקער. חוץ

דעם דריקט זיך אין אַלץ אוים דער שטאַנדפּונקט, אַז דער גנב, די פּראָסטיטוטקע, דער שיכור זיינען גיכער קרבנות ווי שול־דיקע". *)

פון דער אַנדערער זייט האָט ווינטשעווסקי, גראָד אין קאָוונע, „אויף אַ קורצער צייט געהאַט „פּאַרצווייפלט" אין די סאָציאַלע האָפענונגען, וועלכע ער האָט מיטגעבראַכט פון טיף ראַסייע". קיין גרויסע אמונה האָט ווינטשעווסקי אין אָט־די „סאָציאַלע האָפנונגען" ניט געהאַט אויך אין אָריאָל. ער איז געווען צו פּראַקטיש צו גלויבן, ווי זיין אָריאָלער פריינדין, וואָס האָט געהאַט „מער חן ווי שכל", און וועלכע איז געווען זיכער אין דעם חודש מאי 1874, אַז „דעם ערשטן סעפּטעמבער פון יענעם יאָר וועט „אויסברעכן" די „סאָציאַלע רעוואָלוציע"... זי איז דאָס נאָך געווען זיכער אין אויגוסט, „מחמת די אינפאָרמאַציע איז געקומען פון דער סעמינאַריע גופא"... נאָך נעבלהאַפטער און ווייניקער פּראַקטיש האָט ווינטשעווסקין אויסגעזען די פאָלקיסטישע גאולה קומענדיק אין קאָוונע, וואו זיין באַקאַנטשאַפט מיטן דלות און מיט דער ביטערער נויט איז געווען „זייער אַ נאָענטע, זייער אַ אינטימע"...

דער יונגער ווינטשעווסקי האָט דערפאַר געזוכט שוין באַלד מיט עפּעס וואָס צו העלפן פאַרלייכטערן די אָרומיקע נויט. ער האָט געזען פאַר זיינע אויגן, ווי עופה'לאַך אין קאָוונע זיינען געוואָרן „פון אָרימע קינדער יונגע בעטלער, פון יונגע בעטלער — זשוליקעס, פון זשוליקעס—גנבים". ער האָט דערפאַר באַשלאָסן „איידער וואָס־ווען — אַהער אַ רעמעסלענאַיע אוטשילישטשע, אַ האַנטווערקשול!" נאָר „די קאָוונער געזעלשאַפט אויסצובילדן האַנטווערקער" האָט געקענט אַרבעטן בלויז לעגאַל און די צאַרישע מלוכה האָט אַזוינע געזעלשאַפטן ניט דערלויבט. זיינען צערינען געוואָרן ווינטשעווסקי'ס פּלענער פון סאָציאַלער הילף און זיין יאוש איז געוואַקסן.

*) דאָרט, ז' 128.

ווינטשעווסקי איז „ערשט אינגאַנצן אויסגעהיילט געוואָרן פונם פעסימיזם", ווען ער האָט איבערגעלייענט, סוף 1876, אין העברעאיש און רוסיש ליבערמאַנ'ס פּראָקלאַמאַציע „אל שלומי בחורי ישראל" (צו דער אינטעליגענטער אידישער יוגנט). אמת, איר פאָלקיסטישער אויספיר: „גיין אין פאָלק" אז פאַר ווינ־טשעווסקי'ן ניט געווען קיין ניי וואָרט. נאָר ליבערמאַנ'ס ווערטער בכלל האָבן ווינטשעווסקי'ן באַוויזן, אַז דער סאָציאַליזם איז ניט בלויז די זאַך פונם רוסישן פויער, און אַז מ'דאַרף זיך אויך ווענדן צו חיים יאַנקל דעם שוסטער; אַז „גיין אין פאָלק" מיינט ניט, ווי מ'האָט געלערנט אין אָריאָל, דווקא גיין אינם רוסישן דאָרף, נאָר מ'קאָן אויך דינען דעם סאָציאַליסטישן אידעאַל צווישן די אידישע מאַסן.

דאָך גאָר פשוט איז עס ניט געווען. אפילו דעם רוסישן פאַבריק ארבעטער האָבן די פאָלקיסטן באַטראַכט פאַר בלויז אַן אַגיטאַטאָר צווישן דער פויערשאַפט — דער ווירקלאַכער טרעגער פונם סאָציאַליזם, לויט זייער גלויבן. בפרט, אַז די אידישע ארבע־טער מאַסן האָבן זיך נאָך ניט געהאַט אַרויסגעשטעלט ווי אַ באַ־זונדער קלאַס. מ'האָט געקענט זען דעם אָפּגרונט צווישן דעם גביר „איזראַעל איסאַקאָוויץ" און דעם קבצן „ישראליק" נאָר ניט דעם אונטערשייד צווישן ארבעטגעבער און ארבעטער.

ניט לייכט איז אויך געווען דאָס ווענדן זיך צו דער אינטע־ליגענטער אידישער יוגנט מיט ליבערמאַנ'ס אַרגומענטן. ליבער־מאַנ'ס פּראָקלאַמאַציע האָט אויפגעפאָדערט די אינטעליגענטע אידישע יוגנט צו באַצאָלן דאָס פאָלק דעם חוב (ווייל אויף זיין חשבון האָט זי זיך דערוואָרבן איר בילדונג) און דורכדעם פאַר־געבן איר זינד (אין וואָס די רייכע אידן זיינען שולדיק, לעבנדיק פון פּרעמדער פּראַצע, דורך וואָס זיי רופן אַרויס שנאה און פאַרפאָלגונגען קעגן זייערע אָרימע ברידער).

אַזוינע ווערטער פון מירטאָוו (פּעטער לאַווראָוו), אין זיינע „היסטאָרישע בריוו), האָבן געשאַפן אין רוסלאַנד דעם טיפּ פונם בעל־תשובה'דיקן פּריץ, וואָס זוכט צו באַצאָלן זיין חוב צום פּוי־

ערים־פּאָלק און דורכדעם פאַרגעבן די זינד פון די דורות. נאָר ווינטשעווסקי האָט מיט אָט־די ווערטער געקענט שווערלאַך זיך אַדרעסירן צו דער אינטעליגענטער אידישער יוגנט פון זיין קאָוונער סביבה, וואָס האָט, אַזוי ווי ער, געשטאַמט פון דער „הונגער־פעסטונג אויפן גרינעם באַרג".

דאָס איינציקע וואָס איז ווינטשעווסקי׳ן געבליבן צו טאָן, איז געווען צו פּראָפּאַגאַנדירן אָט־די נייע אידייען אין דער שטיל און אין זיין ענגן קרייזל. נאָר דאָס האָט אים ווייניק באַפרידיקט. ער האָט נאָך דעמאָלט ניט געוואוסט, אַז לויט לאַווראָוו׳ס מיינונג (וואָס איז צוואַנציק יאָר שפּעטער אויך געווען די מיינונג פון דער ווילנער „ארבעטער אָפּאָזיציע") קאָן יעדער באַוואוסטזיניקער סאָציאַליסט מאַכן עטלאַכע סאָציאַליסטן דורך זיין פּראָפּאַגאַנדע; יענע קענען מאַכן נייע און אין עטלאַכע יאָר אַרום קען אַזוי רוסלאַנד ווערן פול מיט סאָציאַליסטן...

ווינטשעווסקי׳ס סאָציאַליזם אין קאָוונע האָט זיך דערפּאַר אויסגעדריקט בלויז „אין אַ מעכטיקער ליבע צו די אָרימע און באַ׳גזל׳טע, אין אַ הייסן וואונטש עפּעס צו טאָן פאַר זיי". נאָר „ווי אַזוי דעם וואונטש צו פאַרווירקלאַכן, און ווי די דאָזיקע ליבע אויסצודריקן" האָט ער „אויף קלאָר ניט געוואוסט". דאָס האָט ער ערשט דערלערנט אין קעניגסבערג, פּרייסן, וואו ער איז געקומען (זומער 1877) אַלס אָנגעשטעלטער אין פיינבערג׳ס דאָרטיקן קאַנטאָר.

***

מאָריס ווינטשעווסקי איז אייגנטלאַך קיינמאָל קיין משכיל ניט געווען. די השכלה פון דער העברעאישער ליטעראַטור האָט אויף אים קיין שום איינפלוס ניט געהאַט. צו דרייצן יאָר איז ער געווען באַגייסטערט פאַר קרילאָוו, נאָכדעם איז ער געוואָרן אַ ליידנשאַפטלאַכער בערניאַנער און אַ טרייער נאָכפאָלגער פון פּיסאַרעוו. נאָר קיין איינציקער העברעאישער שרייבער האָט ניט פאַרכאַפּט ווינטשעווסקי׳ס פאַנטאַזיע. פון ווילנע איז ער צוריקגעקומען מיט אַ שנאה צו זיי. אַ וויילע האָט ער געמאַכט אַן אויס־

נאָם פאַר אברהם אורי קאָוונער, וואַרשיינלאַך צוליב זיין ענ־לאַכקייט צו פּיסאַרעוון, נאָר ווען יענער איז אַרעסטירט געוואָרן פאַר פעלשן און באַשווינדלען האָט ווינטשעווסקי באַשלאָסן, אַז ס'איז ניטאָ צווישן זיי איינער קיין רעכטער. און אפילו, ווען ער האָט אַליין אָנגעהויבן שרייבן אין העברעאיש, האָט נאָך אַלץ ווינטשעווסקי געקוקט אויף אַלע העברעאישע שרייבער, די משכילים, „ווי אויף צבוע'קעס און שמייכלער". *)

זיינע העברעאישע לידער, וואָס ער האָט אָנגעהויבן צו פאַר־עפנטלאַכן אינם עלטער פון ניינצן יאָר אין „המגיד", האָבן ווינ־טשעווסקי'ן אַריינגעפירט אינם קרייז פון די משכילים. נאָר די משכילים, מיט וועלכע דער ניינצן־צוואַנציק יאָריקער ווינטשעוו־סקי האָט זיך גע'חבר'ט, זיינען געווען מער אָדער ווייניקער פּאָל־קיסטן. אינם הויז פון דעם אַלטן משכיל דער קאָוונער שטאָט־אפּיקורס, סענדער פּאָרט (דער „אסף הכהן" פון ליליענבלום'ס אויטאָביאָגראַפיע „חטאת נעורים"—יוגנט־זינד), האָט ווינטשעוו־סקי געקראָגן לייענען ליבערמאַנ'ס סאָציאַליסטישע פּראָקלאַמאַ־ציע, וואָס האָט אַרונטערגעריסן די בורזשואַזע משכילים און זיי דערקלערט פאַר שונאים פונם פאָלק. אַלס מתנה פאַר אָט־דעם סענדער פּאָרט האָט ווינטשעווסקי אָנגעשריבן זיין פאַרלאָרן־געגאַנגען ⁑) רעוואָלוציאָנער ליד „על ה' ועל משיחו" (קעגן גאָט און זיין געזאַלבטן). דאָרט אינם הויז האָט ער זיך אויך באַקאַנט מיט ליליענבלום'ען, וואָס האָט אויף אים געמאַכט אַן אויסערגעוויינ־לאַכן איינדרוק מיט זיין תמימות, איינפאַכקייט און אויפריכ־טיקייט. פאַרקערט, אַזוינע משכילים, ווי פּרץ סמאָלענסקין, וואָס

*) לוח אחיעבר, שנת ב', ז' 293.

⁑) ווינטשעווסקי דיינקט, אַז זיין פאָטער האָט געפונען דאָס העפטל לידער און וועלנדיק פאַרהיטן זיין זון פון אַ סכנה, האָט ער עס פאַר־ברענט. שפּעטער, ווען ווינטשעווסקי איז שוין אַרויס מיט זיין סאָציאַ־ליסטישער פּראָפּאַגאַנדע אין דער עפנטלאַכקייט, האָט זיין פאָטער באַ־מערקט: „ער שרייבט גוט, נאָר הלואי וואָלט עס אַן אַנדערער געשריבן"...

האָבן דער עיקר געקעמפּט קעגן פרומקייט און חסידיזם און פאַר־שווינגן די סאָציאַלע עולות האָט ווינטשעווסקי, אַזוי ווי ליבער־מאַן, באַטראַכט פאַר קעגנער.

נאָר כאָטש ווינטשעווסקי איז געווען מער פאָלקיסט ווי משכיל, איז אים דאָך ניט איינגעפאַלן, ווי, למשל, מענדעלע'ן, צו שרייבן אין אידיש. דאָס איז געווען טאַקע דערפאַר, ווייל ער איז אַוועק אין זיינע סאָציאַלע אידייען אַ סך ווייטער אפילו פון די דעמאָקראַטישע משכילים. מענדעלע, למשל האָט געזען ווי דער אידישער גביר קלייבט אָן רייכטימער דורך באַשטייערן די אָרימע מאַסן, דורך פאַרשידענע טאַקסעס, און אַז דערפאַר איז אויך אין דעם גביר'ס אינטערעסן צו האַלטן די מאַסן אין אומ־וויסנהייט; ער האָט באַגריפן דעם באַנקראָט פון דער קאַפּיטאַליס־טישער ציוויליזאַציע, די השכלה פון די זעכציקער יאָרן; ער האָט אַנערקענט, אַז „קיין טאַנץ גייט ניט פאַרן עסן", אַז פריער ווי אַלץ מוז דאָס פאָלק קריגן בעסערע לעבנסבאַדינגונגען. האָט מענ־דעלע געפירט דעם קאַמף פון דער „קליאַטשע" קעגן אירע רייטער, פון דער קאַבצאַנסקער עדה קעגן אירע באַשטייערער און פאַרדור־מער. האָט דערפאַר מענדעלע געקענט רעדן אידיש צו אידן.

ווינטשעווסקי אָבער, כאָטש ער האָט נאָך ניט געזען ביי אידן דאָס אָנזאַמלען פון עשירות דורך פּראָפיטן פון אַרבעטער'ס מערוווערט נאָר פון סוחרישן באַרויבן דעם ניט־אידישן פּויער, האָט געוואוסט פון דעם קלאַסנקאַמף, וואָס גייט אָן אין דער גרוי־סער וועלט. ער האָט געגלויבט, ווי אהרן ליבערמאַן, אַז אויך דער אידישער אַרבעטער וועט סוף־כל־סוף צושטיין צו „אָט־דער גרויסער זאַך". איז פאַר ווינטשעווסקין געשטאַנען דער זעלבער פּראָבלעם, וואָס פאַר אַלע אידישע רעוואָלוציאָנערן: ווי אַזוי קען מען רעדן פון סאָציאַליזם צו אַ מאַסע, וואָס באַשטייט מערסטנס פון פאַנאַטישע אומוויסנדיקע קליינע הענדלער און בעלי־מלאכות. „אַ אידישער אַ ר ב ע ט ע ר, אַ אידישער פאַבריטשנער, אַ אידישע „האַנט", אַ אידישער פּראָלעטאַריער איז נאָך דאַן ניט געווען. — — — סיידן אפשר אין פּאַפּיראָסן-פאַבריקן, און דאָס

מערסטנס מיידלאַך...״ *) נאָר בעת די מערסטע אידישע רעוואָ־לוציאָנערן פון יענער צייט זיינען דערפאַר אוועק אַרבעטן צווישן אַנדערע פעלקער, איז ווינטשעווסקי געגאַנגען אין דעם וועג פון ליבערמאַן, צו ברייננען די בשורה פונם סאָציאַליזם צום אידישן פאָלק.

אויך אָט־דער וועג איז ניט געווען קיין דירעקטער צו די ברייטע אידישע מאַסן. ליבערמאַן האָט געהאַלטן, ווי אַלע אַנדע־רע אידישע רעוואָלוציאָנערן פון די זיבעציקער יאָרן אַז קודם־כל מוז מען פאַר אָט־דעם צוועק צוגרייטן ספּעציעלע פּראָפּאַגאַנדיסטן און אַגיטאַטאָרן. די פראַגע איז נאָר געווען, פון וואָס פאַר אַן עלעמענט דאַרפן באַשטיין אָט־די פאַרמיטלער צווישן דעם סאָ־ציאַליסטישן אידעאַל און די פרומע פאַנאַטישע אומוויסנדיקע אי־דישע מאַסן. דאָס האָט נאַטירלאַך ניט געקענט זיין די רוסיפי־צירטע אינטעליגענטע אידישע יוגנט. יענע האָט, לויטן פאָל־קיסטישן באַגריף, געקענט טאָן נוצלאָכערע אַרבעט צווישן דעם עכטן „פאָלק״, דער רוסישער פויערשאַפט. האָט ליבערמאַן גע־זוכט אָט־די פאַרמיטלער צווישן דער יוגנט, וואָס האָט זיך דער־צויגן אויף גמרא און השכלה, ישיבה בחורים און משכילים. עס פאַרשטייט זיך, אַז כדי צו דערגרייכן אָט־דעם עלעמענט, האָבן די סאָציאַליסטן געדאַרפט רעדן די שפּראַך פון די לומדים און משכילים — העברעאיש.

פון אַלע אידישע סאָציאַליסטן אין דער תקופה פונם סאָ־ציאַליזם אין העברעאיש איז פאַרבליבן אין דער אידישער אַרבע־טער־באַוועגונג בלויז מאָריס ווינטשעווסקי. ליבערמאַן און צוקער־מאַן האָבן זיך יונג געגומען דאָס לעבן. אַלע אַנדערע העברע־אישע שרייבער וואָס האָבן אין יענער צייט מער אָדער ווייני־קער זיך אויסגעדריקט סאָציאַליסטיש, ווי יהל״ל, ליליענבלום, קאַמינער, קאַנטאָר, ראַבינאָוויטש, שערעשעווסקי א. ד .גל., האָבן שפּעטער זיך מער אָדער ווייניקער אָפּגעזאָגט פון זייערע „יוגנט־

---

*) געזאַמלטע ווערק, באַנד 5, ז' 11—12.

חלומות". ווינטשעווסקי איז דער איינציקער סאָציאַליסטישער פּיאָ־נער, וואָס איז ווי דער פּארצייטיקער רבי עקיבא, אַרויס בשלום פון דעם העברעאישן „פּרדס", וואו זיינע חברים זיינען גע'ניזק'ט געוואָרן.

## 4.

## סאָציאַליזם אין העברעאיש

קעניגסבערג, „האמת", „אספת־חכמים". — יגלי'ס פאַנטאַזיעס, בן־נצ'ס שירים. — „נייע געשטאַלטן", יוגנטלאַבע ליבעס.

אין קעניגסבערג הויבט זיך אָן ווינטשעווסקיס לאַנגע ניט־אונטערגעבראָכענע סאָציאַליסטישע טעטיקייט. א ווייל האָט ער נאָך אָנגעהאַלטן זיינע אַרטיקעל „קאָוונער קריוודעס און דאגות". דער שונא, קעגן וועלכן ער האָט געקעמפּט, איז געווען „ניט נאָר דער פינסטערער אַבערגלויבן מיט זיין שול־הויף געררוך, ניט נאָר דער קייסער, אָדער דער עקספּלואַטאַטאָר, נאָר (אויך) דער קאָוונער סאָכלעפל" — „דער גרענדע פּירער". נאָר גאָר גיך ווערט ווינטשעווסקי אַריינגעצויגן אין דער דייטשער סאָציאַליסטישער באַוועגונג און די קאָוונער „סאָכלעפּל" און „גרענדע פּירער" פאַר־שווינדן אינגאַנצן פון זיין האָריזאָנט. *)

*) ווינטשעווסקי האָט פאַרלאָזן רוסלאַנד אַ „געזעצלאַכער" בירגער. צו זיין 21טן יאָר, אין 1877, האָט ווינטשעווסקי זיך געשטעלט צום פּריזיוו (אין דער שטעטל קיידאַן), ניט געקוקט אויף דער געפאַר צו ווערן געשיקט אין רוסיש־טערקישן קריג. נאָר אים האָט „געפעלט אַ האַלבער ווערשאָק אין דער ברייט, אַרום ברוסט, לויט זיין לייגנג". האָט אים די צאַרישע רעגירונג „פאַרבראַקירט אַלס אַ קעמפער פאַר די סלאַ־ווישע קריסטן קעגן דעם מאַכמעדאַנישן טערק". זיין „יאַנאָוער קינד־פריינט", וואָס איז מיט ווינטשעווסקין גלייך געשטאַנען צום פּריזיוו און איז „צוגענומען" געוואָרן, איז „אַ חדשים זעקס שפּעטער" „גע־פאַלן אַ גע'הרג'עטער פון טערקישע ביקסן ביי פּלעוונע".

אָנהויב סעפּטעמבער 1877 באַקענט זיך ווינטשעווסקי מיט אליהו וואָלף ראַבינאָוויטש, אַ שילער פון בערלינער אידישן סע־מינאַר, אונטער אברהם גייגער, און נאָכדעם אַ סטודענט פון קע־ניגסבערגער אוניווערזיטעט. אָט־דער סעמינאַריסט וואָס איז גע־ווען אַרום פיר יאָר עלטער פאַר ווינטשעווסקין, איז דעמאָלט געווען אַן „איבערגעגעבענער סאָציאַליסט“. ער האָט באַלד דער־קענט אין ווינטשעווסקין אַן אויסגעצייכנטן רעקרוט פאַרן סאָ־ציאַליזם און אים אַריינגעפירט אין די דייטשע סאָציאַליסטישע קרייזן פון קעניגסבערג. ווינטשעווסקי הויבט אָן לייענען די דייטשע סאָציאַליסטישע פּרעסע, ער שטודירט איר סאָציאַליס־טישע ליטעראַטור (לאַסאַל׳ס רעדעס, קליינע שריפטן פון מאַרקס, בראָשורן פון בראַקע, מאָסט, יאַקאָבי א. אַ.). גלייכצייטיק קריגט ער אַריין ליבערמאַנס העברעאישן סאָציאַליסטישן אָרגאַן „האמת“. דער „זשורנאַלעכל“ האָט ווינטשעווסקין „פאַרכאַפּט דעם אָטעם“. האָט ער זיך גענומען גלייך „צו דער אַרבעט אין צוויי ריכטונ־גען: שרייבן און געלט־זאַמלען, מיט דער פעדער אין איין האַנט, מיט דער רויטער פּאַטשיילקע אין דער צווייטער“. ער האָט גע־קליבן אַבאָנענטן פאַרן „האמת“, אים געשיקט זיין שיר „למי אני עמל?“ (פאַר וועמען אַרבעט איך?) און איז בכלל אַריינגע־טראָטן אין אַ שטענדיקער קאָרעספּאָנדענץ מיט אהרן ליבערמאַן. אין זיין התלהבות פאַרן סאָציאַליסטישן „האמת“ איז דער 21־יאָריקער ווינטשעווסקי, ווי ער האָט געשריבן אין אַ בריוו צו לי־בערמאַנען, גרייט געווען אפילו צו ווירקן דורך דער רוסישער פּרעסע, אַז דער פאַרבאָט (וואָס איז דעמאָלט דורכגעפירט גע־וואָרן) קעגן „המגיד“, אים ניט אַריינצולאָזן אין רוסלאַנד, זאָל ניט אָפּגענומען ווערן. „דורכדעם“, שרייבט ווינטשעווסקי, „וועט אונזער מיסטקאַסטן זיך אַ סך פאַרקלענערן“.*) ער האָט אויך „געזונגען דעם טויט“ פון אָט־דער צייטונג, וואו ער האָט צו־

*) „הצפירה“, תר״ם, נומער 28 (ציטירט פון ציטראָן, „העולם“, 21טן סעפּטעמבער, 1928).

עו״שט אָנגעהויבן שרייבן, און „געטאַנצט אויף איר קבר“ אין דער קעניגסבערגער סאָציאַליסטישער „פרייע פרעסע“. ‡)

שוין אין זיין ערשטן סאָציאַליסטישן ליד „שומר מה מלילה?“ (וועכטער וואָס איז מיט דער נאַכט?), וואָס ווינטשעווסקי האָט אָנגעהויבן נאָך זייענדיק אין קאָוונע, ווערט אָנגעוויזן, אַז „נאָר די אַרבעטנדיקע האַנט מאַכט דאָס רייכטום“. נאָר אין זיין צווייט ליד, דעם וואָס ער האָט געשיקט ליבערמאַנ׳ען, איז „דער סאָציאַ־ליסטישער געדאַנק מער בולט“. דאָרט פּראָטעסטירט שוין דער אַר־בעטער: „אַלץ האָבן געשאַפן מיינע הענט, אַלץ האָבן אויסגע־אַרבעט מיינע פינגער און וואו איז דער לוין פאַר מיין מי אונטערן הימל? איך קריג פון אַלץ, וואָס קומט אַרויס פון דער ערד, נאָר אייזערנע קייטן“. דער גנב און דער מערדער ווערן באַשטראָפט נאָר דער, וואָס „נעמט אַרונטער אַ טייל פון דעם לוין־אַרבעטער׳ס פאַרדינסטן און פילט אָן זיין אוצר פון אים — דער הייסט אַ בריה“.

נאָר איידער ליבערמאַן האָט באַוויזן אָפּצודרוקן ווינטשעווו־סקי׳ס ליד איז שוין דער „אמת“ געווען פאַרבאָטן און באַלד איז אויך זיין רעדאַקטאָר פאַרשפּאַרט געוואָרן אין אַן עסטרייכישער טורמע.

⁂

נאָך איידער ליבערמאַנ׳ס „אמת“ איז אונטערגעגאַנגען האָט מיכאַל לוי ראַדקינסזאָן, דער אַרויסגעבער פונם העברעאישן וואָכנבלאַט „הקול“, אין קעניגבערג, געפּלאַנט אַרויסגעבן אַ זשורנאַל די זעלבע גרויס ווי ליבערמאַנ׳ס. זיין איינציקער אָפּ־האַלט איז געווען, וואו נעמט מען אַזוינע שרייבער, וואָס זאָלן קענען צופרידנשטעלן דעם נייעם טיפּ לייענער צו וועלכן ליבער־מאַן האָט זיך געווענדט? ראַדקינסזאָן האָט געוואוסט פון זיינע פריערדיקע ערפאַרונגען אינם „הקול“, אַז אין קעניגסבערג געפי־נען זיך אַזוינע יונגע לייט. איינער פון זיינע מיטאַרבעטער איז

‡) געזאַמלטע ווערק, באַנד 9, ז׳ 120.

טאקע געווען דער סאָציאַליסט א. וו. ראבינאָוויטש, וועלכער האָט געשריבן אינם „הקול“ אונטערן נאָמען „אור“. ניט זייענדיק קיין מענטש פון פּרינציפּן, האָט שוין ראָדקינסזאָן פריער אַמאָל מסכים געווען, אַז אויב או״ר און זיינע חברים ווילן ניט שרייבן אינם „הקול“ קעגן „ניהיליזם“, טאָ זאָלן זיי שרייבן „פאַרן ניהיליזם“, אַבי ער זאָל האָבן אומזיסטע רעדאַקטאָרן און מיטאַרבעטער. ראַבינאָוויטש און ווינטשעווסקי, צו וועמען ראָדקינסזאָן האָט זיך געווענדט נאָך הילף, האָבן דערפאַר אין דעם געזען אַ געלעגנהייט פאַרטצוזעצן ליבערמאַנ׳ס ארבעט (אינם פאַל זיין „אמת“ וועט ניט קענען מער דערשיינען) דורך אריינשמוגלען סאָציאַליסטישע אידייען אינם זשורנאַל פון דעם פּאָליטיש אומשולדיקן ראָדקינסזאָן. האָבן זיי מיט אים געשלאָסן תנאים צו ווערן זיינע רעדאַקטאָרן. נאָר אַזוי ווי ראבינאָוויטש איז באַלד אָפּגעפאָרן פון קעניגסבערג, איז דער 21־יאָריקער ווינטשעווסקי פאַרבליבן דער איינציקער רעדאַקטאָר פון ראָדקינסזאָנ׳ס „אספת־חכמים“.

אַזוי ווי ער האָט פון אָנהויב ניט געהאַט קיין סאָציאַליסטישע מיטאַרבעטער, אַחוץ ראַבינאָוויטשן (ליליענבלום און קאָמינער האָבן ערשט אָנגעהויבן שרייבן אינם 6טן העפט), האָט דער יונגער ווינטשעווסקי אויסגעפילט כמעט אַליין דעם גרעסטן טייל פון זיין זשורנאַל. ער האָט בלויז צוגעגעבן די שרייבערייען פון ראָדקינסזאָנ׳ס פריינט, אַלץ אַזוינע זאַכן, וואָס זיינען געווען אַ „סאָרט האָלענדער קעז פאַר די קאָנטראַבאַנדע דימענטן“, די סאָציאַליסטישע אידייען, וועלכע ווינטשעווסקי האָט געזוכט אריינצושמוגלען אין רוסלאַנד.

דער יונגער ווינטשעווסקי ווייזט דעמאָלט אַרויס אַן אויסערגעוויינלאַכע ענערגיע. אַחוץ זיינע טעגלאַכע צען שעה ארבעט אין פיינבערג׳ס קאַנטאָר, וואו ער האָט געשריבן רוסישע און העברעאישע געשעפטס־בריוו, האָט ער געלייענט פיר סאָציאַליסטישע צייטונגען „חוץ דעם איין בראָשור נאָך דער אַנדערער, איין מיטינג נאָך דעם אַנדערן“. ער הערט, לייענט און שרייבט און פּלאַנעוועט, מאַכט באַקאַנטשאַפטן און קאָרעספּאָנדירט מיט

שרייבער. קורץ, ער איז פיבערהאפט טעטיק. ער גייט „נאכט פאר נאכט שלאָפן אום איינס, און צוויי אזייגער און זייער אָפט אפילו נאָך שפּעטער", און האלב נאָך זיבן איז ער שוין „ביי דער אר־בעט".

דערביי דרייט זיך ארום אין זיין מח אָן אָן אויפהער די צענזאָר־פראַגע: „ווי אזוי צו נארן דעם צענזאָר; ווי שרייבט מען עפּעס אזוי, אז ערנסטע געדאנקען זאָלן ווערן מער אָדער ווייני־קער קלאָר אויסגעדריקט און דאָך זאָל דער צענזאָר זיי ניט האלטן פאר ערנסט?" פּלאַנט ער א ראָמאַן, „ווי טשערנישעווו־סקי האָט געטאָן..." נאָר דאָס אליין איז ניט גענוג. שרייבן ווי־דער עפּעס אויפן שטייגער פון גאָגאָל'ס „כתבים פון א משוגע'־נעם" דיינקט ער, אז דערצו מוז מען האָבן אזא טאלאנט ווי גאָ־גאָל. צולעצט פאלט אים איין די אידייע: „גאָגאָלן טאקע ניט נאָכ־מאכן אָבער לאָמיר פּרובירן שאפן א מין בטלן, א אידישן בעל־חקירה, איינעם, וואָס האָט א נאָמען פאר א משוגע'נעם פילאָזאָף!"

פון דעם צונאָמען „משוגע איש הרוח", וואָס דער וועכטער רופט אָן דעם דיכטער אין ווינטשעווסקי'ס ליד „שומר מה מלילה?", איז געוואָרן דער נאָמען „יגלי איש הרוח" (יאָגלי דער פאנטאזיאָר). פארוואָס „יגלי"? — גאָר פּשוט, ווייל ווינטשעוו־סקין איז „אזוי איינגעפאלן און ניט צוליב וועלכן ס'איז באהאל־טענעם מאָטיוו".

„יגלי", דערקלערט ווינטשעווסקי אין זיינע „עראינערונגען", „איז ניט קיין משוגע'נער. ער איז א פאנטאזיאָר, א בטלן כמעט (און צייטנווייז) אויך א דיכטער. נאָר כאָטש ער איז א שגעון (פונם שטאנדפּונקט פונם פּראָסטן מענטשן פון א גאנץ יאָר), איז ער ניט קיין מטורף".

אונטערן פּסעוודאָנים פון דעם „פאנטאזיאָר" יגלי האָט ווינטשעווסקי געשריבן זיינע פעליעטאָנען „חזיונות" (פאנטאזיעס, זעאונגען) און „לקוטי" (זאַמלונגען). זיינע פּובליציסטישע ארטיקלען, קריטיקן, לידער און ראָמאַן אין פאָרטזעצונגען האָט ער געשריבן אונטערן נאָמען „בן־נץ" (די אָנהויב און סוף בוכ־

שטאַבן פון זיין היימישן נאָמען, בן־ציון נאָוואָכאָוויטש, ווי ער פלעגט זיך אונטערשרייבן אין „המגיד“, נאָך צוגעבנדיק אמאָל זיין טאַטעס נאָמען. אונטער דעם שיר, וואָס ער האָט געשיקט ליבערמאַנ׳ען, האָט זיך ווינטשעווסקי אונטערגעשריבן ב—ן נ—ץ).

***

אַלץ וואָס ווינטשעווסקי האָט געשריבן אין „אספפת־חכמים“, סאַי אין פּראָזע און סאַי אין פערזן, איז געווען פּראָפּאַגאַנדע פאַר זיינע סאָציאַליסטישע אידייען. נאָר באַזונדער פריי און אָפן האָט ווינטשעווסקי זיך אויסגעדריקט אין זיינע „פאַנטאַזיעס“, אונ־טערן נאָמען „יגלי“.

באַלד אין זיין ערשטער „פאַנטאַזיע“ אינם ערשטן העפט „אספפת־חכמים“ (סעפּטעמבער־אָקטאָבער, 1877) שרייבט יגלי: „ווען דער מאַן (דער פראַנצויזישער פּרעמיער טיער) וואָלט גע־שטאָרבן צוריק מיט זיבן יאָר (פאַר דער קאָמונע אין פּאַריז) וואָל־טען היינט נאָך געלעבט זיבעציק טויזנט בעסערע און ערלאַכערע מענטשן ווי ער...“ די „פאַנטאַזיע“ ענדיקט זיך מיט אַ שטיקל „משניות“, וואו ס׳ווערט געזאָגט: „וואָס מער פאַבריקן אַלץ מער הונגעריקע און רייכע, דאָס הייסט, הונגעריקע דורך די רייכע און רייכע פון דעם חורבן פון די הונגעריקע“.

אינם צווייטן העפט דערקלערט שוין יגלי, אין אַ גמרא־לשון, די טעאָריע פונם מערוועערט און וויזט אָן ווי אַזוי „דער ניט דערצאָלטער ארבעטס־לוין“ בלייבט „אין די קעשענעס פון די פאַבריקאַנטן“. ער מאָלט דאָרט אויס אַ בילד פון דער צו־קונפטיקער געזעלשאַפט. אינם דריטן העפט דערציילט יגלי, אַז אים איז געקומען צו חלום זיין באַליבטער שרייבער בערנע און אים געהייסן זיינע ווערטער „אַריינשרייען אין די אויערן פון די פאַרשלאָגענע אָרימע לייט, פאַרשלאָגן און געדריקט דורך דעם רויבן פון די רייכע“. בערנע זאָגט אים: „שריי, רוף אָן אויפהער צוויי־דריי מאָל אַ טאָג, שריי אומעטום, ווייל מיט אמאָל וועסטו צו זייערע הערצער ניט צוקומען. זאָג זיי:

„עס איז אַ ליגן, אַז גאָט האָט באַשאַפן טוער און לוידיק־גייער;

עס איז אַ ליגן, אַז די וועלט איז געבויט אויף רייכקייט און אָרימ־קייט; עס זאָגן ליגן די, וואָס קומען און טרייסטן די פאַרטרויערטע מיט פאַלשער האָפענונג; זיי זיינען ליגנערס די, וואָס זאָגן צום פאָלק: „זיץ און האָף און וואַרט, טאָמער וועט זיך געפינען אַ הילף אָן דיין זוכן"; ליגנער זיינען די, וואָס זינגען די שבחים פון ליידן און דולדן; פאַלש זיינע די, וואָס בויען פאַר מענטשן פּאַלאַצן פו צעדערבוימער אין הימל און פערד־שטאַלען אויף דער ערד".

„גיי, זאָג זיי, אַז די מענטשן זיינען אַלע ברידער, אַלע; עס איז ניטאָ קיין קליין און גרויס, קיין הער און קנעכט, קיין רייך און אָרים אין דער נאַטור;; עס איז ניטאָ אַזאַ מענטש אויף דער וועלט, וועלכער זאָל האָבן דאָס רעכט צו זאָגן: איך מעג עסן די פרוכט פון דיין אַרבעט, די פּראַצע פון פיל אַנדערע".

אינם פערטן העפט פאַרדאַמט שוין יגלי מיט שאַרפע ווער־טער די אידישע תבואה־הענדלער. יגלי גיט איבער זיין אינטער־וויו מיט „דיקאַרנוסא, דעם מלאך פון פּרנסה", אין וועלכן דער לעצטער זאָגט, אַז די געשעפטסלייט, „די עקספּלואַטאַטאָרס פון דעם סאָרט, דאַרפן אייגנטלאך נאָר זיין פאַרמיטלער צווישן דעם אַרבעטער, וואָס ברייגגט די תבואה אַרויס פון דער ערד אָדער וואָס מאַכט אַ נוצלאַכע זאַך, און דעם, וואָס באַדאַרף די תבואה אָדער די געמאַכטע זאַך". נאָר „אַנשטאָט צו נעמען בלויז שליחות־געלט" פאַר זייער פאַרמיטלעריי, נעמען זיי צו „די פלייש מיט די שמאַלץ, צוואָוואַרפנדיק דעם אַרבעטער־פאָלק די הויט מיט די ביינער", און די ליידיק־גייער ווערן אויף דעם אופן די רייכע לייט.

אין זיינע „עראינערונגען" דערקלערט ווינטשעווסקי, פאַר־וואָס „די הויפּט עקספּלואַטאַטאָרס, די פאַבריקאַנטן", ווערן פון אים „דערמאָנט אַזוי ווי פאַרבייגייענדיק, בעת די סוחרים מיט זייער רויב פונם אַרבעטער־קלאַס קומען אַרויס עקסטראַ־בולט". דאָס איז, זאָגט ער, דערפאַר, ווייל „דער איד אַלס פאַבריקאַנט, אַלס „גרויס־אינדוסטריעלער" האָט זיך אין די 70קער יאָרן כמעט ווי ניט געליינט אויפן שכל. שרייבנדיק לשון־קודש און וועלנדיק

ווירקן הויפּטזאַכלאַך אויף די יונגע לייט, די משכילים, האָט מען דערפאַר געהאַט פאַר די אויגן אַלס עקספּלואַטאַטאָר ניט דעם פאַבריקאַנט, נאָר דעם קויפמאַן, דעם הענדלער, דעם באַנקיר".

משמעות, אַז אַזוי האָט עס אויך פאַרשטאַנען דער ווילנער צענזאָר. ראַדקינסאָן, דער אַרויסגעבער פונם „אספּת־חכמים" האָט פאַר אָט־דער „פאַנטאַזיע" געקראָגן פון ווילנע אַן „אָנצור־הערעניש". דער איינגעשראָקענער ראָדקינסאָן האָט אָפּגעדרוקט אַ דערקלערונג, אַז פון היינט אָן און ווייטער איז פאַר דער רע־דאַקציע פאַראַנטוואָרטלאַך בלויז בן־נץ (ווינטשעווסקי)... נאָר דאָס האָט ווייניק געהאָלפן. דער „אספּת־חכמים" איז אין רוס־לאַנד געוואָרן פאַרבאָטן.

די „אָנצוהערעניש", ווי דער פאַרבאָט, האָבן ניט אָפּגע־קילט ווינטשעווסקי'ס אַנטוזיאַזם. אין זיין „פאַנטאַזיע" אינם פינפטן נומער האָט ער אַן אינטערוויו מיט דעם נאַר־וואָס פאַר־שטאָרבענעם פּויפּסט, פּיוס דעם נייַנטן. דער פּויפּסט דערציילט פאַר יגלי'ן, ווי אַזוי ער האָט זיך געטראָפן אויפן הימל מיט זיין פריינט נאַפּאָלעאָן דער דריטער און זיך פון אים דערוואוסט, אַז די אַרבעטער לאַגע אין פראַנקרייך איז ניט בעסער אין דער רעפּובליק ווי אונטער דער מאָנאַרכיע. נאַפּאָלעאָן שילדערט די שווידערהאַפטע שחיטה, וואָס די רעפּובליק האָט געמאַכט אויף די אַרבעטער פאַר זייער פאַרלאַנג (דורך דער פּאַריזער קאָמונע) צו באַקומען די פולע פּרוכט פון זייער אַרבעט. דערביי גיט נאַ־פּאָלעאָן איבער באריכות די שווערע אָנקלאַגע פון די קאָמונאַרן קעגן דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדנונג...

סאָציאַליסטישע פּראָפּאַגאַנדע איז אויך פאַראַן אין יגלי'ס „פאַנטאַזיעס" פון די איבעריקע דריי העפטן (6—8) „אספּת־חכמים". אינם זעקסטן העפט פאַרדאַמט ווידער יגלי די סוחרים און די פאַרמיטלער. אינם זיבעטן העפט האָט ער אַן אינטערוויו מיט פּרעה מלך מצרים. פאַרגלייכנדיק די שקלאַפנטרייבער פונם אַלטן מצרים מיט די היינטיקע עקספּלואַטאַטאָרס, שילדערט פּרעה אַ שווידערלאַך בילד פון דער אַרבעטער לאַגע אונטערן יאָך

פונם קאפיטאליזם. אינם לעצטן, אכטן העפט ווייזט אָן יגלי צווישן אנדערעס, אז די אידישע פראַגע קען ניט פאַרענטפערט ווערן אונטער דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדנונג. ער שרייבט דאָרט אַזוי:

„אַ סך באַרימטע מענטשן צווישן אונז מאַטערן זיך צו פאַרענטפערן די אידישע פראַגע; זיי זיינען אויסער זיך, וואָס אונזער אויפגעקלערטער יאָרהונדערט ברייגגט נאָך אַרויס אַנטיסעמיטן און פּאָגראָמשטשיקעס, ווי אין רומעניע א. ד. ג. זיי שיקן זייערע דעלעגאַטן אין אַלע עקן וועלט, זיי זוכן אויפצוקלערן, כדי צו ברייגגען נוצן זייער פאָלק; זייער הארץ איז געווים גוט, נאָר זייער אויפטו איז כמעט ניט קענטיק און איז זייער קליין. פאַרוואָס? ווייל די מלחמת פאַרן לעבן ווערט אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער, און די קריסטן, וועלכע האָבן פריער פאַרפאָלגט די אידן צוליב רעליגיעזן פאַנאַטיזם, בלוטבלבולים א. אַ. וו., רודפ'ן און האַסן אים איצטער מיט גיפטיקער שנאה פאַר זיין רייכקייט. ווי אַזוי קאָנט איר פאַרענטפערן די דאָזיקע פראַגע אין דער צייט, וואָס אונטער דער איצטיקער אָרדנונג מוזן גרויסע מאַסן מענטשן זיך מאַטערן מיטן לעבן פאַר אַ שטיקל ברויט און זייערע אויגן זעען, ווי גרינג דער איד לעבט, ניט ער אַקערט, ניט ער זייט, נאָר באַרויבט דעם אַרבעטנדיקן דורך דעם וואָס ער האָט געלט? אמת, די דאָזיקע לייט האָבן אַליין מיטגעהאָלפן, אַז דער איד זאָל ווערן אַ געלטניק, אַן עקספּלואַטאַטאָר; זיי האָבן אים געבראַכט דערצו, איבערלאָזנדיק אים אָן פעלד און בהמות און אָן שום רעכט אויף דאָס לעבן. נאָר ווי דאָס זאָל ניט זיין, איז דער איד פאַראַכט און שטאַרק פאַרהאַסט פון אַלע זייטן, און כל־זמן איר וועט ניט שאַפן קיין נייע גוטע באַדינגונגען פאַר אידן אין דער פּראָדוקציע, איז אומזיסט אייער מי צו פאַרבעסערן זיין לאַגע. די אידישע פראַגע וועט ניט פאַרענטפערט ווערן דורך אייך, אויך ניט דורך גאָט“.

אויך אין זיינע שירים האָט ווינטשעווסקי וואָס ווייטער אַלץ קלאָרער אויסגעדריקט זיינע סאָציאַליסטישע אידעייען. אחוץ זיינע פריער־דערמאָנטע לידער „שומר מה מלילה?“ און „למי אני עמל?“ האָט ווינטשעווסקי אויך פאַרעפנטלאַכט אין „אספּת־

חכמים" נאָך צוויי סאָציאַלע לידער: „דער גנב" און „גיב־גיב!".
זיין שיר „הגנב" ענדיקט זיך מיט אָט־די ווערטער: „הערט אויף
צו רויבן, צו עקספּלואַטירן דעם אַרבעטער. עסט די פּרוכט פון אייַ־
ערע הענט, די פּרוכט פון אייער אַרבעט. דאַן וועט אויסגיין אַלעם
בייז, דער אונטערדריקער מיט דעם פּאַרקריפּעלטן, און פאַר־
שווינדן וועלן ווערן אַלע גנבים". זיין שיר „הב־הב!" שילדערט
דעם קאַפּיטאַליסטישן גיהנום־געשריי: „געלט, נאָר געלט, גיב־גיב,
גיב־גיב!" עס שרייט דאָרט דער הויט־שינדערישער הויז־באַזיצער
(לענדלאָרד), דער באַנקיר (פּראָצענטניק), דער קרעמער, דער
תבואה־הענדלער און דער בערזע־ספּעקוליאַנט. און בן־נץ (ווינ־
טשעווסקי) שליסט זיין לעצט געדרוקט העברעאיש ליד מיט די
ווערטער:

„גיב־גיב! — איז דער שלום. אָבער וואו איז די קוועלע? געלט
קומט פון אַרבעט. אָבער וואו איז דער אַרבעטער? דער אַרבעטער איז
אויפן פעלד, גראָבט אין די בערג, אין די גריבער, אַקערט און זייט
און בוקט זיך צו דעם גילדערנעם קאַלב. זיין פּנים ברענט, אָדער איז
פינסטער, פאַרשוואַרצט, און פון זיין פלייש זיינען זאַט אַלע, וועלכע
שרייען „הב־הב!" *)

בן־נצ'ס (ווינטשעווסקיס) סאָציאַליסטישע לידער אין העב־
רעאיש האָבן געמאַכט גרויס אויפזען אין די אידישע סאָציאַליס־
טישע קרייזן פון יענער צייט. זיי האָבן געמאַכט מער איינדרוק
אפילו פון די רעוואָלוציאָנערע לידער פון יהל"ל: „עבד לעבדים"
(קנעכט ביי קנעכט) און „כשרון המעשה" (אַרבעט און לוין), און
פון קאַמינער: „שיר היחוד למטבע" (דאָס ליד פון געלט), „גביר
ליבעראַל" א. ד. ג.. כאָטש יענע זיינען געווען קינסטלערישער
געשריבן.

---

*) דורך אַ צופאַל, ווי דאָס ווערט דערציילט אויספירלאַך אין ווינ־
טשעווסקי'ס עראינערונגען, איז שפּעטער ביי זיין אַרעסט די דייטשע
פּאָליציי אויפמערקזאַם געוואָרן אויף אָט־דעם ליד און באַשטעלט דערפון
אַ דייטשע איבערזעצונג ביים קעניגסבערגער ראַבינער, דר. באַמבערגער.

ווינטשעווסקים העברעאישע „ארבעטער־לידער, לויט זייער אינהאַלט און וועזן, זיינען ווערט גערעכנט צו ווערן צווישן די בעסטע אין דער „פּראָלעטאַרישער" פּאָעזיע אין דער העברעאי־שער ליטעראַטור" — דערקלערט אַ העברעאישער שריפטשטע־לער.*) — „די לידער, וואָס ווינטשעווסקי האָט פאַרעפנטלאַכט אין „אספּת־חכמים", זיינען פול יוגנטלאַכער פייער. אויך יהל"ל האָט געשריבן אַזוינע לידער — און מיט מער פּאַטאָס — — — נאָר די ליידן פונם ארבעטער, וואָס גייט אונטער אין זיין נויט, דער צאָרן און די אויפרעגונג, וואָס רייסט זיך אַרויס פונם האַרצן, און דער שאַרפער פּראָטעסט קעגן די מעכטיקע פון דער וועלט, האָבן ביז דעמאָלט ניט געקראָגן אַזאַ תיקון ווי אין ווינטשעוו־סקים לידער. ניט די פּאָעזיע פון זיינע לידער „הגנב", „למי אני עמל?" און „הב־הב" פאַרכאַפּט דאָס האַרץ, נאָר דער ביטערער אמת אין זיי".

זיין ליד „למי אני עמל?" האָט אויך געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק אויף אהרן ליבערמאַן, וואָס האָט עס געפּלאַנט צו דרוקן אין פערטן נומער „האמת". ער האָט ווינטשעווסקין גע־ענטפערט „אין אַ לאַנגען אַנטוזיאַסטישן אויסגוס פון ליבע און הערצלאַכקייט". דאָס איז טאַקע אויך געווען „אַ פּראָלעטאַריער־ליד מיט אַלע קליפּערלאַך". דער אויפגעוואַכטער ארבעטער ווייס שוין קלאָר, אַז רייכקייט הייסט אָנגעזאַמלטער, גערויבטער „מער־ווערט". און כאָטש דער ארבעטער ווייזט דאָרט ניט אָן קיין הייל־מיטל קעגן עקספּלואַטאַציע, איז דאָך פאַרשטענדלאַך, אַז ער וועט זיך ניט באַנוגן בלויז מיט באַקלאָגן זיין לאַגע, נאָר ער וועט זיך באַלד שטעלן אין קאַמף קעגן דער קאַפּיטאַליסטישער סיסטעם.

*
**

ווי שוין פריער דערמאָנט, האָט ווינטשעווסקי אויך געשריבן אינם „אספּת־חכמים" אַ ראָמאַן אין פאָרטזעצונגען. ער האָט עס ניט געשריבן מיטן געדאַנק צו שאַפן אַ ליטעראַריש ווערק, נאָר

---

*) א. ר. מלאכי, „הדואר", נומ. כ"ן, תרפ"ד.

בלויז צו מאַכן סאָציאַליסטישע פּראָפּאַגאַנדע". ער האָט גערדיינקט, אַז „די סאָציאַליסטישע לערע אין דער פאָרמע פון אַ מעשה וועט ניט געפינען קיין שטער פון דער זייט פונם צענזאָר". ער האָט דערמיט געוואָלט נאָכטאָן טשערנישעווסקי'ן. נאָר דער איינפלוס פון טשערנישעווסקי'ס סטיל, אינם ראָמאַן „וואָס זאָל מען טאָן?", פילט זיך מער אין ווינטשעווסקי'ס אידישע פעליעטאָנען (אין די „צעשלאָגענע געדאַנקען" פונם משוגע'נעם פילאָזאָף) ווי אין זיין העברעאישן ראָמאַן „פּנים חדשות (נייע געשטאַלטן).

ווינטשעווסקי דיינקט איצט, אַז די שפּראַך פון אַט־דעם יוגנטלאַכן ראָמאַן זיינעם „איז שטעלנוויז געווען גוט. אייניקע פון די כאַראַקטערן זיינען ניש־קשה'דיק געצייכנט". ער האָט דאָרט אויך פערזאָנען פון דער אַלטער וועלט, נאָר „זיין פּלאַן איז געווען „צו שילדערן די מענטשן פון דער נייער צייט". ער באַ־שרייבט דאָרט צוויי מיידלאַך און דריי בחורים. די לעצטע דריי רעפּרעזענטירן דריי פאַרשידענע טיפּן יונגע לייט: דער בורזשואַ־זער משכיל, דער קליינבירגערלאַכער משכיל און דער סאָציאַליסט.

דער בורזשואַזער משכיל, לעאָן, איז אַ גביריש קינד. ער לעבט פון פּראָצענט און האַלט זיך פאַר ביז גאָר אַן ערלאַכן מאַן. ער רעדט מיט פאַראַכטונג פון די, וואָס באַנקראָטירן א. ד. גל. נאָר אַ באַזונדער שטאַרקע שנאה פילט ער צו די בעטלער, וואָס נייען איבער די הייזער, ווייל „זיי האָבן פיינט ארבעט און לעבן ניט פון אייגענער פראצע"... לעאָן רעדט בלויז פון רוסישע און דייטשע ביכער, ווארפט מיט לאַטיינישע ציטאַטן, דערציילט אי־בער סאַפיר'ס וויצן און פאַנטאַזירט פון אַ פרוי, וואָס זאָל קענען רעדן פראַנצויזיש. פון דער העברעאישער ליטעראַטור האַלט ער ניט, „ווייל זי איז כלל קיין ליטעראַטור ניט, ווייל זי האָט קיין ווערט ניט פאַר אַן אייראָפּעער און ס'איז ניט גוט און ניט נוצלאַך זי צו לייענען". ער, דער בורזשואַזער משכיל, איז אַליין ניט געווען פרום, נאָר „ער איז געווען איבערצייגט, אַז דער „המון" מוז האָבן אַן אמונה, ווייל אָן דעם — האָט ער אַלעמאָל

געזאָגט — וואָס וועט אים (דעם המון) אָפּהאַלטן ער זאָל ניט גנב'ענען, רויבן און מאָרדן"...

דער קליינבירגערלאַכער משכיל, דניאל, איז דער זון פון אַ תבואה־הענדלער, „פון די אָנגעזעענע אין שטאָט, כאָטש ער איז ניט מער אַזוי רייך ווי ער איז געווען אַמאָל". דניאל „האָט פון זיך אַרונטערגעוואָרפן דעם יאָך פון דער אמונה און געמיינט דערמיט צו ווערן אַ פרייער מענטש (ווייל אַן אַנדער פרייהייט איז אים פרעמד). נאָר ער האָט ליב געהאַט זיין פאָלק און זיין גאַנצער געדאַנק איז געווען צו זוכן דעם אידנ'ס גליק, אויסצו־ראָמען אומרעכט און רויבעריי פון דער געמיינדע; די העברע־אישע שפּראַך האָט ער געליבט אַ ריינע ליבע און האָט געזוכט פּלענער, ווי אַזוי איר צו באַרייכערן, און שטענדיק פלעגט ער זאָגן: אין אונזער שפּראַך איז באַהאַלטן אַ סך גוטס פאַר אונזער פאָלק; אונזער שפּראַך האַלט אין אונז אויף דעם נאַציאָנאַלן גע־פיל, וואָס איז דער לעבנסגייסט אינם קערפּער פונם פאָלק, און מיר זיינען מחויב צו שאַפן אין איר אַ סך ביכער, צייטונגען, וויסנ־שאַפטלאַכע ווערק און פילאָסאָפיע; מיר זיינען מחויב צו שאַפן אַ ברייטע פאָלקומענע ליטעראַטור, ווי דאָס האָבן די פעלקער אין די לעבעדיקע שפּראַכן; מיר זיינען מחויב צו גיין האַנט־אין־האַנט, כדי אַרונטערצונעמען פון אונז יעדע פאַרלוימדונג, אָפּצו־ענטפערן עפנטלאַך אונזערע באַליידיקער. מיר זיינען מחויב אָפּצו־היטן דעם כבוד פון אונזער נאַציע, אויסצוראָמען נאָר די פּאַס־קודסטווע פון אונזער געמיינדע".

צו אָט־די ווערטער פון דעם משכיל דניאל באַמערקט דער פאַרפאַסער, אַז כאָטש ער האָט זיי אַרויסגערעדט מיט גרויס התלהבות, איז ער דאָך ביים דורכפירן זיי צוריקגעטראָטן פאַר יעדער שטערונג.

נאָר אַן אַנדער מין מענטש איז געווען בניהו, דער סאָציאַ־ליסט.

דער סאָציאַליסט איז געווען אַן אָרימער אינגל, וואָס האָט זיך מיט זיינע אייגענע כחות דערוואָרבן בילדונג. זיינע ליידן

האָבן אים „געלערנט צו וויסן די עקזיסטענץ פון עלנט און נויט און זייער אינהאַלט (אַ זאַך, וואָס איז די רייכע קינדער פרעמד); ס'האָט אים געלערנט צו וויסן, אַז ס'זיינען דאָ מענטשן, וואָס לעבן אַ הינטיש לעבן; אַז ס'זיינען דאָ מענטשן, וואָס גייען אוים פאַר הונגער און קעלט". — — — בניהו האָט זיך אַלע־מאָל פאָרגעשטעלט אַט־די מענטשן פאַר זיינע אויגן און שטענדיק געזוכט צו געפינען אַן אורזאַך פאַר אָרימקייט און רייכקייט. „פאַר וואָס און פאַר ווען?" האָט בניהו געפרעגט, וואָס לערנט מיר דאָס און וואָס לערנט מיר יענעס? — „אַזוי איז ד ע ר ס ד ר פ ו ן ד ע ר ו ו ע ל ט!" האָט געענטפערט אַ בת־קול פון איי־נערע פון די ח ו ר ב ו ת, נאָר בניהו האָט עס ניט גענומען אין אַכט און דער קול האָט ניט געפונען קיין אָפּקלאַנג אין זיין האַרצן".

בניהו, דער סאָציאַליסט, דורך וועמעס מויל דער יוגנטלאַ־כער ווינטשעווסקי זאָגט אַרויס זיינע מיינונגען, איז ניט קיין פּרינציפּיעלער קעגנער פון העברעאיש. אדרבה, ער האַלט, אַז די העברעאישע שפּראַך האָט זייער פיל מיטגעהאָלפן אויפצוקלערן די אידן אין רוסלאַנד און פּוילן, זי איז געווים „אַ ווינקלשטיין אין דער אַנטוויקלונג פון אונזער פאָלק". בניהו אַנערקענט אויך, אַז העברעאיש „ברייננגט נאָך אויך אַ י צ ט אַרוים פּרוכט און וועט נאָך אַרויסברייננגען אויך אין דער צוקונפט, נאָר דערפון— זאָגט ער — קען מען ניט שליסן, אַז זי וועט נאָך וואַקסן און בליען". זי מוז אונטערגיין, ניט דערפאַר „ווייל זי איז אַ ווערט־לאָזע כלי, נאָר ווייל דער נאַציאָנאַלער גייסט פונם פאָלק, וואָס רעדט אין איר (אָדער, גענויער, וואָס ש ר י י ב ט אין איר), גייט אויך אונטער. די איצטיקע צייט פירט צו אַסימילאַציע. — ס'וועט קומען אַ צייט און מ'וועט בלויז הערן פון דעם נאָמען איד, נאָר זיינע וועגן און מעשים וועלן אים מיט קיין זאַך ניט אונטערשיידן, דעמאָלט וועט פאַרגעסן ווערן די העברעאישע שפּראַך, פאַרגעסן ווערן ווי אַ מת פונם האַרצן און איר גאַנצע

איצטיקע ליטעראַטור וועט אוועקגעשטעלט ווערן פאַר אַן אָנ־
פּיינק אין די ביבליאָטעקן". *)

די „אויפהאַלטונג"פון „אַ טויטער שפּראַך", דערקלערט ווײ־
טער דער סאָציאַליסט, הייננט אָפּ פון דער רעליגיע — כל־זמן
די זײַלן פון דער אמונה וועלן ניט שוואַך ווערן, וועט ניט אונ־
טערגיין די העברעאישע שפּראַך, און אויב די אידישע אמונה
וועט פאַלן — וועט אויך קומען דער סוף פון דער שפּראַך"...

דערביי אונטערשטרייכט דער סאָציאַליסט, אַז דאָס זאָגט
ער ניט דערפאַר, ווייל ער וויל אַזוי, אָדער ווייל ער ליבט ניט
די העברעאישע שפּראַך, נאָר ווייל דערצו פירן די אָביעקטיווע
עקאָנאָמישע באַדינגונגען, אין וועלכע די אידן לעבן.

וואָס אָט־די דריי אינטעליגענטע אידישע יונגע לייט דיינקען
פון אידיש, ווערט אין ווינטשעווסקי׳ס יוגנטלאַכן ראָמאַן ניט
אָנגעדייט. נאָר דער פאַרפאַסער אַליין — בן־נץ (ווינטשעווסקי)—
דערמאָנט דאָרט אידיש און רופט זי ניט אַן זשאַרגאָן, נאָר
„פאָלקס־שפּראַך" (לשון־העם). דאָך קען מען זיך פאָרשטעלן, אַז
אידיש האָט דער סאָציאַליסט, אַזוי ווי די משכילים, באַטראַכט
בלויז פאַר אַ צייטווייליקער זאַך, וואָס וועט פאַרשווינדן צוזאַ־
מען מיטן „צאינה וראינה", דאָס איינציק בוך אין אידיש, וואָס
ווערט דאָרט דערמאָנט.

נאָר כאָטש דער עיקר פון זיין ראָמאַן איז ביי ווינטשעוו־

---

*) אינם זעלבן זין שרייבט בן־נץ אין נומער 7 „אספּת־חכמים"—
„די העברעאישע ליטעראַטור. וועט זיך ניט מער פאַראינגערן, ווייל פון
טאָג צו טאָג דערנענטערט זי זיך צו איר סוף. אמת, ס׳זיינען פאַראַן
צווישן אונז אַ סך אָפּטימיסטן, וואָס ווילן זיך איינרעדן דעם היפוך
דערפון, וואָס זייערע אויגן זעען, און דערפאַר זוכן זיי אויסצובויען
פּאַלאַצן און שלעסער פאַר דער העברעאישער „ליטערעאַטור". נאָר ווער
איז אַזוי בלינד ניט צו זען, אַז זיי אַרבעטן אַלע אומזיסט, און די
צייט, וואָס גייט מיט קרעפטיקע טריט אַלץ פאָראויס, פאָראויס, לאַכט
זיך אויס פון זיי".

סקין געווען די סאָציאַליסטישע פּראָפּאַגאַנדע, איז דאָך דאָרט פּאַראַנען גאָר אַ סך אָפּקלאַנגען פון זיין פּערזענלאַכן לעבן. אין ווינטשעווסקי׳ס „עראינערונגען" ווערן זיינע יוגנטלאַכע ליבעס דערמאָנט בלויז פאַרבייגייענדיק, און אַמאָל בלויז אויפן וואונק. דאָך ווייסן מיר, אַז ער איז געווען פאַרליבט נאָך גאָר אַלס יונג קינד אין אַ יאַנאָווער מיידל, דאָס טעכטערל פון אַ טרעגער, וואָס האָט געוואוינט אין אַ קאַמער ביי זיין זיידן (פון דער מאַמע׳ס צד), לייבע עלקעס דער בעקער. ערנסטער איז געווען זיין ליבע, אינם עלטער פון 16—17 יאָר, צו דער שוועסטער פון זיין חבר שלומ׳קע זאַקס. נאָר זיי האָבן קיינמאָל ניט גערעדט דערפון; שפּעטער אַ ווייל, אַרבעטנדיק אין פיינבערג׳ס קאַנטאָר, אין אָריאָל, פאַרליבט זיך ווינטשעווסקי אין דער טאָכטער פון זיין דירעקטאָר, קליוואַנסקי, ביי וועמענס טיש ער האָט דעמאָלט גע־געסן. נאָר כאָטש זי האָט ביי אים אַרויסגערופן אַ היבש ביסל ליבע־לידער, אין דייטש, האָט דאָך זיין ליבע צו קליוואַנסקיס טאָכטער „ניט געהאַט קיין לאַנגע יאָר". ווינטשעווסקי אַליין איז „געווען אַ שטיקל שדכן" צווישן איר און אַן אַנדער יונגערמאַן.

ווען ווינטשעווסקי האָט זיך צוריקגעקערט אַהיים, האָבן זיך געפונען אין זיין קרייזל, „יונגע לייט און יונגע „דאַמען", גימנאַזיסטן און גימנאַזיסטקעס", צוויי שוועסטער מינא און דיאַ־נאַ ביעלסקי, פון דער קאָוונער פאָרשטאָט אַלעקסאָט.*) איינע פון זיי, דיאַנאַ, האָט זיך אין אים פאַרליבט און זי איז עס די, וואָס האָט אים צוגערשט געגעבן דעם נאָמען „זיידע" (דיעדושקאַ). זי האָט עס געטאָן, מיינט ווינטשעווסקי, ניט וועלנדיק זיין צו פאַמיליאַר אים אָנצורופן בלויז ביים נאָמען און אויך ניט צו פרעמד, אים צו אַדרעסירן: „גאָספּאָדין" (הער). וואָר־שיינלאַך האָט זי דערמיט אויסגעדריקט ניט בלויז איר צערט־

---

*) פאַרבייפאָרנדיק קאָוונע, אין 1924, האָט ווינטשעווסקי באַ־געגנט אויף דער באַן מינאַ׳ס אַ זון, דיאַנאַ׳ס אַ פּלימעניק. ביידע שוועסטער זיינען שוין געווען טויט. („פרייהייט", 14טן יולי, 1924.)

לאכקייט, נאָר אויך איר פּאַראיבל, וואָס אַ בחור, וועלכער הייסט בראָניסלאַוו, טראָגט אַ שעפּסן־פּעלצל, רעדט מיט אַ טיף־רוסישן אַקצענט און שרייבט רוסישע קופּלעטן, פאַרנעמט זיך מער מיט ערנסטע געשפּרעכן ווי מיט ליבע־שפּיל. ווינטשעווסקי דערציילט, אַז ער איז נאָך דעמאָלט געווען אַ ניהיליסט פון דעם טיפּ באַזאַ־ראָוו (דער העלד פון טורגעניעווס ראָמאַן „פאָטער און קינדער); ער האָט געטראָגן לאַנגע האָר, ניט געקעמט, און געגאַנגען איינ־געבעויגן, ווי ער וואָלט געפילט אויף זיך דעם יאָך עולות פון דער גאַנצער וועלט. פונדעסטוועגן איז ער, דער 19-יאָריקער ווינטשעווסקי, געווען דעמאָלט ווייט פון צו זיין אַ „זיידע", נאָר זיין האַרץ האָט געהערט אַן אַנדער קאָזינערין, ראָזע קאַבאַק, די טאָכטער פון אַ וואוילהאָבנדיקן הורטאָוונעם קרעמער. וועגן זיין ליבע צו איר האָט ווינטשעווסקי אויסגעגאָסן זיין האַרץ פאַר זיין עלטערן פריינט, משה לייב ליליענבלום. יענער האָט אים געראָטן, אין אַ בריוו פון אָדעס (22טן יולי, 1877), צו רעדן מיט דער געליבטער קלאָרע דבורים: האָט ער אויף וואָס צו האָפן אויף איר אָדער ניט? אויב ניט, זאָל ער זיך ניט דערנידעריקן פאַר איר אָן שום נוץ און ניט אַריינשרייבן קיין זאַך אין איר אַלבום, וואָס זאָל אַרויסווייזן זיינע ליבע־ליידן. ווינטשעווסקין האָבן ליליענבלומס טרייסטווערטער אויסגעזען „כמעט ווי אַ איראָניע..." ליליענבלום איז אַליין געווען הילפלאָז פאַרליבט, און האָט געמאַכט דעם איינדרוק אויף זיין אינגערן פריינט „ווי דער שכור, וואָס ווייזט דעם וועג אין דער פינסטער צו אַן אַנדער שכור ווי ער". *)

די רחל פון ווינטשעווסקיס ניט פאַרענדיקטן ראָמאַן „נייע געשטאַלטן" איז אַן צווייפל די קאָוונער ראָזע, פונקט אַזוי ווי איר געליבטער בניהו, דער סאָציאַליסט, איז זיכער ווינטשעווס־סקי בן־ציון.

*) דאָרט, באַנד 9, נאָכבאַמערקונגען, נומער 32.

## .5

# טורמע און גלות

אינטערנאַציאָנאַליזם, פאָלקסליבע, אידנפראַגע. — ערשטע שרייַ־בערייַ אין אידיש. — אויסנאַם־געזעץ קעגן סאָציאַליסטן. — אַרעסט, אויסווייז. — קאָפּענהאַגען, לאָנדאָן, פּאַריז. — פּעטער לאַווראָוו. — אָפּאָזיציע צו בעבעל און ליבקנעכט. — מאָסט, פרוי העס, טשערקעסאָוו, וויקטאָר דאַווע.—קאַרל מאַרקס.

ווינטשעווסקיס סאָציאַליזם איז געווען איינג פאַרבונדן מיט אינטערנאַציאָנאַליזם. די העברעאישע שפּראַך איז געווען פאַר אים אויך אַזוי פיל וויכטיק, וויפיל מ'קען זי באַנוצן פאַר די ווירקלאַכע אינטערעסן פונם פאָלק. טרעט דערפֿאַר אַרויס ווינ־טשעווסקי זייער שאַרף קעגן די פאַרשפּרייטער פון נאַציאָנאַליזם אין העברעאיש. מיט באַזונדער ביטערקייט אַטאַקירט ער דעם וואָרטפירער פון די נאַציאָנאַליסטן („חובבי הלאום"), פּרץ סמאָ־לענסקין, דעם רעדאַקטאָר פונם „השחר". (אויפן לעצטן טראָגט ער נאָך אַ באַזונדער האַס, ווייל אין די סאָציאַליסטישע קרייזן האָט זיך דעמאָלט „אַליץ פעסטער און פעסטער איינגעוואָרצלט די איבערצייגונג, אַז סמאָלענסקין האָט אומדירעקט גע'מסר'ט ליבערמאַנ'ס „האמת" דורך זיין בלומרשטדיקער קריטיק אינם „השחר" (העפט 10, תרל"ז)". *)

אין זיין אַרטיקל קעגן סמאָלענסקין (אינם 7טן נומער „אספת־חכמים") ווייזט אָן ווינטשעווסקי, אַז דער אינטערנאַציאָנאַליסט אהרן ליבערמאַן איז מער פריינט פון אידישן פאָלק ווי דער נאַציאָנאַליסט און פּאַטריאָט פּרץ סמאָלענסקין. דאָס איז דער־פאַר, ווייל דער ערשטער „האָט פאַר זיך אַ באַשטימטן ציל", צו

*) דאָרט, באַנד 10, ז' 305—306. (לויט ש. ל. ציטראָן אין „העולם" (28טן סעפּטעמבער, 1928), „האָט ליבערמאַן אַליין אויך חושד געווען סמאָלענסקינען אין מסירה־געדאַנקען").

וועלכן ער „וויל אויך פירן זיינע פאָלקסמאַסן“, און ער לערנט, אַז די ברידערשאַפט פון אַלע מענטשן גיט ניט קיין פאָרצוג איין נאַציע איבער דער צווייטער“. *) ווינטשעווסקי האָט אויך פאַר־עפנטלאַכט אַ פעליעטאָן (אינם „הקול“, 7טן יולי, 1878), וואו ער שטעלט פאָר סמאָלענסקינען פאַרוואַנדלט אין אַ קרעבס, פאַר זיין זינד צו גיין כסדר ריקווערטס.

זיין שטאַרקע קעגנערשאַפט צו דער נאַציאָנאַליסטישער ליטעראַטור אין העברעאיש ווייזט אַרויס ווינטשעווסקי אויך אין זיין בערנע־ביאָגראַפיע, וועלכע ער פאַרענדיקט מיט אַ רוף צום אידישן פאָלק, זיך אָפּצוקערן פון זיינע נאַציאָנאַ־ליסטישע העברעער, וואָס פירן „אין פאַלשע וועגן“. ער וואָרנט דאָס פאָלק זיך ניט צו לאָזן „איינשליסן אין די פיר איילן פון דער העברעאישער שפּראַך“ און זיך ניט צו באַנוגען מיט דער שרייבעריי קעגן חסידיזם און מיט די אַפּיקורסישע לידער. „אויב דיינע „גדולים“, שרייבט ווינטשעווסקי, „ווילן דיר געבן פרישע וואַסער צו זעטיקן דיין זעל, וואָס דאַרשט נאָך וויסן, — איז גוט; ווען ניט — לייען די דייטשע און רוסישע ליטעראַטור, וואָס זיינען דיר נאָענט. שעפּ פרישע וואַסער פון בערנע׳ס קוואַלן; זעטיק דיין לעבנדיקע זעל אין די שריפטן פון היינע; לערן די מענטשלאַכע פּסיכאָלאָגיע פון שעקספּיר (וואָס איז איבערזעצט אין אַלע שפּראַכן), געטע און שילער; שאַרף דיינע געדאַנקען און לערן קענען די וועלט אין די ווערק פון לעסינג; ווענד זיך צו בעלינסקי׳ן און לערן ווי צו לייענען אַ בוך, לערן ביי פּיסאַ־רעוו און דאָבראָליובאָוו“. ⁑)

נאָר דער קאָסמאָפּאָליטיזם פון מאָרים ווינטשעווסקי, אַזוי ווי פון אהרן ליבערמאַן, האָט קיינמאָל ניט דערגרייכט צו גלייכ־גילטיקייט, אָדער גאָר פיינטלאַכקייט צום אייגענעם אידישן

*) אויספירלאַכער וועגן דעם אין די נאָכבאַמערקונגען צו באַנד 9, נומער 33.

⁑) „אספת־חכמים“, נומער 6, מערץ 1877.

פאָלק, ווי דאָס איז געווען דער פאַל ביי געוויסע בורזשואַזע משכּילים און אַסימילירטע ראַדיקאַלן. ווינטשעווסקי דערציילט, אַז אַרום יענער צייט (יוני, 1877) האָט ער אַמאָל „געשמועסט איבער פראַגן פון רעליגיע און נאַציע“ מיט זיין פריינט משה לייב ליליענבלום, אין קאָוונע, און דערביי באַמערקט: „ביי מיין גאַנצער ליבע צום מענטשלאַכן געשלעכט אין אַלגעמיין קען איך דאָך ניט זאָגן, אַז מיר איז אַלץ־איינס, למשל, אויב מ׳פּירט צו דער תּליה אַ אידן, אָדער אַ ניט־אידן“. *)

שוין דעמאָלט, אַזוי ווי היינט, איז ווינטשעווסקי געווען איבערצייגט, אַז די אידישע פראַגע קען ניט פאַרענטפערט ווערן אין אַ קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט. ער באַנוצט דעמאָלט ווענן דעם כּמעט די זעלביקע ווערטער, וואָס ער האָט געזאָגט אַרום 50 יאָר שפּעטער, ביי זיין צוריקקער פונם סאָוועטן־פאַרבאַנד קיין אַמעריקע. ווינטשעווסקי האָט געהאַלטן, אַז פאַרפאָלגונגען און אויסנאַמסגעזעצן האָבן מיטגעהאָלפן, אַז „דער איד זאָל ווערן אַ געלטניק, אַן עקספּלואַטאַטאָר; זיי האָבן אים געבראַכט דערצו, איבערלאָזנדיק אים אָן פעלד און בהמות און אָן שום רעכט אויף דאָס לעבן“. ער איז אויך געווען איבערצייגט, אַז כּל־זמן מ׳וועט פאַרן אידן ניט „שאַפן קיין נייע גוטע באַדינגונגען אין דער פּראָדוקציע“, איז אומזיסט די מי צו פאַרבעסערן זיין לאַגע. נאַטירלאַך האָט ווינטשעווסקי אין דעם ניט געזען קיין באַרעכ־טיקייט פאַרן אידישן האַנדלסקלאַס צו עקספּלואַטירן די אָרימע פויערים־מאַסן און ער האָט אים ביטער באַקעמפט.

---

*) לוח אחיעבר, 1921, זייט 295. (ליליענבלום, דער געווע־זענער ראש־ישיבה און שפּעטערדיקער חובב־ציון, האָט דעמאָלט דער־קלערט, אַז אים איז דאָס יאָ „אַלץ־איינס“. נאָר דאָס איז, קענטיק, גע־ווען ניט מער ווי אַ זעלבסטנאַרעריי, פאַראורזאַכט פון זיין פאַרביטערט־קייט קעגן די פאַנאַטישע פרומע אידן, וואָס האָבן אים דעמאָלט פאַר־פאָלגט).



ניט געקוקט אויף זיין פילזייטיקער טעטיקייט אינם „אספת־חכמים", האָט ווינטשעווסקי נאָך געפונען צייט מיטצואַרבעטן אין אַ ריי אַנדערע בלעטער. ער איז געווען „אַ גאַנצער בן־בית" אין דער „קעניגסבערגער פרייע פּרעסע", אַ דייטשיש סאָציאַליס־טיש וואָכנבלאַט, און האָט אויך פאַרעפנטלאַכט אַ פעליעטאָן („אַ רוסישער אַנטי־לאַסאַליאַנער") אינם צענטראַל־אָרגאַן פון דער דייטשישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי, „פאָרווערטס" (פונם 12טן אַפּריל, 1878), וואָס איז דעמאָלט אַרויס אין לייפּ־ציג, אונטער דער רעדאַקציע פון ווילהעלם ליבקנעכט. אַ האַלב יאָר פריער (דעם 26טן אָקטאָבער 1877) האָט ווינטשעווסקי פאַר־עפנטלאַכט זיין ערשטן אַרטיקל אין אידיש — „דער גרעגנדע פּי־רער" — אינם „קול לעם" (פאָלקסשטימע), די אידישע ביי־לאַגע פון ראָדקינסזאָנ'ס העברעאיש וואָכנבלאַט „הקול".

אָט־די „ערשטע שרייבעריי" אין אידיש פון מאָריס ווינ־טשעווסקי (אונטערגעשריבן בן־קאָוונע) האָט אַ סך ענלאַכקייטן צו זיינע שפּעטערע „משוגעתן", וואָס האָבן אים באַרימט גע־מאַכט. ער דערקלערט דאָרט: „איך האָב, לא עליכם, אַ ווייבער־שע נשמה אין רעדן, און צייטנווייז פאַרפלוידער איך זיך אינ־מיטן מעשה מיט אַנדערע זאַכן". און באַלד רופט ער אויס: „אוי, רבונו של עולם, וואָס טוט מען מיט מיין פלוידער-נשמה! אָקאָרשט אָנגעהויבן צו רעדן, שוין זיך פאַררעדט! מחשבותן, וואו בין איך געבליבן?"... פאַראַן דאָרט שוין אויך דער סאָציאַלער מאָ־מענט. ער שרייבט: „פאַר נויט עסט אויף איין גביר, וואָס 1000 אָרימע האָרעווען דערויף". ער גיט אונז אויך אַ בילד פון דער פּאָליטישער רויקייט פון די אידישע אַרבעטסלייט אין יענער צייט. ער דערציילט, אַז דער „שניידער, שוסטער און אַלע אַר־בעטסלייט" פונקט אַזוי ווי די קרעמער קריגן ביי די וואַלן געגוג צו טרינקען, „כדי אויסצונאַרן ביי זיי זייערע וויסע גאַלקעס". און ער רופט אויס: „אָט אַזוי ווערט אַ אידישער גלאַסנע (ראַטמאַן) אַ דעפּוטאַט און אַ רב אויך"...

אינם „הקול“ האָט ווינטשעווסקי אויך געשריבן זיין וויכ־טיקסטע ארבעט פון יענער צייט, וואָס האָט אים „געמאַכט פאַר אַ שרייבער מיט אַ הסכמה דערויף פון עטלאַבע עלטערע ליטע־ראַטן“. דאָס איז געווען אַ סעריע אַרטיקלען מיטן נאָמען „בית נבחרי העם באשכנז“ (דער דייטשער פּאַרלאַמענט) — אַ סאָציאַל־וויסנשאַפטלאַבע ארבעט געשריבן פון אַ סאָציאַליסטישן שטאַנד־פונקט, אין אַ קלאָרער און לייכטער שפּראַך.

אונטער זיין פּען־נאָמען „בן־נץ“ שילדערט דאָרט ווינטשעוו־סקי דעם געבוי פון דער דייטשער אימפּעריע און דעם מקור פון פּרייסנ׳ס מאַכט. ער אַנאַליזירט די דייטשע קאָנסטיטוציע, דעם צוזאַמענשטעל פון דייטשן פּאַרלאַמענט, די פאַרשידענע דייטשע פּאַרטייען, זייער אַנטשטיין און אַנטוויקלען זיך. דערביי דער־קלערט דער צוויי־און־צוואַנציק־יאָריקער ווינטשעווסקי דעם אונ־טערשיד פון פּאַרטייען און קלאַסן, וואָס הייסט פּראָלעטאַריער, וואָס איז גרויס־פּראָדוקציע און קליינע, וואָס איז זעלבסטהילף און קאָאָפּעראַציע. ער דערקלערט אויך דעם אונטערשיד צווישן שולצע־דעליטש און פערדינאַנד לאַסאַל, צווישן קאַפּיטאַליסטי־שער עקספּלואַטאַציע און לאַסאַל׳ס פּלאַן פון פּראָדוקטיווער קאָ־אָפּעראַציע (מיט דער הילף פונם שטאַט). ער דערציילט די גע־שיכטע פון דער דייטשער אַרבעטער־באַוועגונג, ער גיט איבער דעם גאַנצן פּראָגראַם פון דער דייטשער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע און דערקלערט אויך די מערווערט־טעאָריע און ווי אַזוי די מאַ־שינען און קאַפּיטאַל קאָנצענטרירן זיך אין אייניקע הענט.

נאָר נאָך איידער ווינטשעווסקי האָט באַוויזן צו ענדיקן זיין סעריע אַרטיקלען, איז אָנגעקומען ראָדקינסזאָנ׳ען, דעם אַרויס־געבער פון „הקול“, אַזאַ מין טעלעגראַמע פון ווילנע: „אויב עס וועט דערשיינען נאָך איין אַרטיקל פון בן־נץ, ווערט דער „הקול“ צוגעמאַכט“. דער צעשראָקענער אַרויסגעבער האָט תיכף צעשאָטן דעם זאַץ פון ווינטשעווסקי׳ס 17טן אַרטיקל. דאָס איז געווען דעם 10טן אָקטאָבער, און 11 טעג שפּעטער איז אַריין אין קראַפט דער

אויסנאַם־געזעץ קעגן די סאָציאַליסטן, און דער סאָציאַליזם איז אין דייטשלאַנד געוואָרן פאַרבאָטן.

***

ווינטשעווסקי'ס סעריע אַרטיקלען איבער דעם פּאָליטישן און סאָציאַלן צושטאַנד אין דייטשלאַנד איז געווען דאָס ריכטיקע וואָרט אין דער פּאַסנדיקער צייט. זיינע אַרטיקלען זיינען דער־שינען אין די שפּאַנענדיקע טעג, ווען אַ ניי־דערוויילטער דייטשישער רייכסטאַג (פּאַרלאַמענט) האָט געדאַרפט אָנטשיידן איבער דעם אויסנאַם־געזעץ קעגן די סאָציאַליסטן, וואָס ביסמאַרק'ס רעגירונג האָט פאָרגעשלאָגן.

די דייטשע סאָציאַליסטן האָבן דעמאָלט, אין די זיבעציקער יאָרן פונם 19טן יאָרהונדערט, געפירט אַ ביטערן קאַמף קעגן דער רעאַקציאָנערער פּאָליטיק פון ביסמאַרק, דער „אייזערנער קאַנצלער" פון דער דייטשער אימפּעריע. דער לעצטער האָט געענטפערט מיט שטאַרקע רדיפות קעגן דער נאַליטישער און עקאָנאָמישער באַוועגונג פונם אַרבעטער־קלאַס. נאָר דאָס האָט בלויז געהאָלפן, אַז ביידע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, די „לאַסאַליאַנער" און די „אייזענאַכער" (מער אָדער ווייניקער מאַרקסיסטן) זאָלן זיך פאַראייניקן אין איין אָרגאַניזאַציע (אין 1875) און ווערן כסדר שטאַרקער און איינפלוסרייכער. האָט ביסמאַרק אויסגענוצט די געלעגנהייט, וואָס אַ בלעכער־אַרבעטער העדל האָט פּרובירט דערשיסן דעם קייזער, אין מאַי 1878, אַריינצוברייננגען אין פּאַרלאַמענט אַן אויסנאַם־געזעץ קעגן סאָציאַליסטן. נאָר דער דייטשער פּאַרלאַמענט האָט עס צוריקגעוויזן. ווען אָבער אַ וואָך שפּעטער איז פאָרגעקומען אַ צווייטער פּאַרזוך אויפן קייזער'ס לעבן, דורך אַ געוויסן דר. נאָבלינג, האָט ביסמאַרק פאַנאַנדערגעטריבן דעם פּאַרלאַמענט און האָט „אויסגעשריבן נייע וואַלן, האָפנדיק אַזוי אויסצונוצן די רעאַקציאָנערע שטימונג אין דער מדינה, אַז די מאַיאָריטעט אין דעם נייעם רייכסטאַג זאָל זיין אַ ביסמאַרקאַנישע".

דער עולם איז דערפאַר געווען געשפּאַנט צוגעשטעלט אויף דעם

אויסגאַנג פון די וואַלן און נאָכדעם אויף די דעבאַטן אינם נייעם דייטשן פּאַרלאַמענט. מ'איז אויך געווען שטאַרק פאַראינטערע־סירט אין די מיינונגען פון די פאַרשידענע פּאַרטייען און באַזונדער אינם פּראָגראַם פון די סאָציאַליסטן, קעגן וועלכע ביסמאַרק איז אַזוי שאַרף ארויסגעטראָטן. ווינטשעווסקי'ס אַרטיקלען האָבן דאָס אַלץ אויפגעקלערט און זיינען געווען באַשיינפּערלאַך אַן אַנט־פּלעקונג אפילו פאַרן אינטעליגענטן לייענער, ספּעציעל נאָך אין רוסלאַנד.

ווינטשעווסקי'ס לעצטער אַרטיקל פון זיין סעריע אינם „הקול" איז געווען געדרוקט דעם 16טן אָקטאָבער און אין אַ חודש אַרום (דעם 8טן נאָוועמבער, 1878) איז ער שוין געווען פאַר־שפּאַרט אין אַ דייטשער טורמע.

***

ווינטשעווסקי איז ניט אַרעסטירט געוואָרן צוליב זיינע סאָציאַליסטישע אַרטיקלען אינם „הקול", אָדער אינם „אספת־חכמים", נאָר צוליב זיין קאָרעספּאָנדענץ מיט אהרן ליבערמאַן, דעם רעדאַקטאָר פון „האמת", אין ווין.

אויפן סמך פון זיינע בריוו צו אהרן ליבערמאַן ווערן ווינ־טשעווסקי און דריי פון זיינע חברים (אייגענסאָן, הורוויטש און מאַרגאָלים) אָנגעקלאָגט אין „פּאַרבאַרייטונג צום מלוכה־פאַר־ראַט". ווינטשעווסקי גופא ווערט עטלאַכע מאָל ארויסגענומען אויף ערבות (בייל) פון דעם באַנקיר פיינבערג, אין וועמעס קאַנ־טאָר ער האָט געאַרבעט. ס'האָט ניט פיל געפעלט מ'זאָל זיי ארויסשיקן קיין רוסלאַנד, וואו ס'האָט זיי דערוואַרט מינדסטענס פאַרשיקט ווערן קיין סיביר. איז דער אַלטער פיינבערג געווען גרייט צו פאַרלירן אַ גרויסע סומע געלט (זיין ערבות), אַבי זיין פּראָטעזשע, ווינטשעווסקי, זאָל קענען אַנטלויפן אין זיכערקייט. נאָר ווינטשעווסקי האָט, נאַטירלאַך, „דערפון ניט געוואָלט הערן". צולעצט איז פיינבערג'ס אַדוואָקאַט „געלונגען דורך אַ דריידל" אויסצואווירקן, אַז מ'זאָל די פיר יונגע אידישע רעוואָלוציאָנערן ניט אַרויסשיקן קיין רוסלאַנד, נאָר קיין דענמאַרק.

אָנקומענדיק צוויי טעג שפּעטער, דעם 18טן מערץ, מיט דער שיף אין דער דענישער הויפּשטאָט. קאָפּענהאַגען, ווערן ווינ־טשעווסקי און זיינע חברים דאָרט אַרעסטירט. נאָר מ'לאָזט זיי אַרויס פריי דעם זעלבן טאָג און זיי פאָרן אָפּ, אויף מאָרגן, נאָך לאָנדאָן, אויף זייער וועג קיין פּאַריז.

מיט זיין אַרעסט און (שפּעטער) אָפּפאָר פון קעניגסבערג האָט ווינטשעווסקי נאָך ניט אויפגעגעבן אינגאַנצן זיין פּאַרזוך צו פּראָפּאַגאַנדירן סאָציאַליזם אין העברעאיש. דער „אספת־חכמים" איז געווען פאַרבאָטן, נאָר דער „הקול" און זיין אידישע „ביילאַגע" „קול לעם" זיינען נאָך געווען דערלויבט. זיי האָבן „זיך געהאַלטן גוט און פרום", דאָס הייסט, געווען „ריין פון סאָציאַ־ליזם און אַנטי־ביסמאַרקיזם". איז געווען נויטיק צו שרייבן דאָרטן זייער פאַרשטעלט און איבער, כלומר'שט, אומשולדיקע טעמעס. איז אין יגלי'ס פעליעטאָנען („לקוטי" — אַ מין שטיקלאַך און ברעקלאַך) שווער צו דערקענען, אַז דאָס שרייבט אַ סאָציאַליסט. נאָר דערפאַר קען מען עס לייכט מערקן אין בן־נצ'ס אַרטיקלען און קאָרעספּאָנדענצן (פון קאָפּענהאַגען, לאָנדאָן און פּאַריז). שוין דער נאָמען „על האבנים" (אויפן בראַכשטול) פון זיין נייער סעריע אַרטיקלען אינם „הקול", 1879, האָט „געזאָלט אָנדייטן די קומענדיקע געבורט פון אַ נייער צייט". ער פאַרהאַנדלט דאָרט די פראַגע, צי דער מענטש האָט אַ פרייען ווילן, די פרויען־פראַגע א. אַ. וו. נאָר קענטיק, אַז אויך דער צענזאָר אין ווילנע האָט „דערשמעקט אין זיי טרפה'ס, מחמת הער ראָדקינסזאָן האָט גע־נומען משנה־שם זיין גלייך ביים דריטן אַרטיקל. פון „בן־נץ" איז געוואָרן „בן־ציון" און „על האבנים" איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין „שאלת הנשים". אין זיינע אַנדערע אַרטיקלען און פעליע־טאָנען פירט אָן ווינטשעווסקי, דירעקט און אומדירעקט, אַ קאַמף קעגן זיינע אָנפאַלער: צעדערבוים („המליץ"), סמאָלענסקינס מיטאַרבעטער אין „המביט"; ער נעמט זיך אויך אָן די קריוודע פון זיין גע'רודפ'טן רעדאַקטאָר, ראָדקינסזאָן. ערשט מיטן אונ־טערגאַנג פונם „הקול", אינם האַרבסט 1879, הערט אויף ווינ־

טשעווסקיים העברעאיש־סאָציאַליסטישע עפּאָכע. פון דעמאָלט אָן האָט ער איבערהויפּט זעלטן געשריבן אין העברעאיש.*)

אין יאָר 1879 האָט אויך ווינטשעווסקי אָנגעהויבן שרייבן אָפטער אין אידיש. נאָך זייענדיק אין קעניגסבערג, האָט ער פאַר־עפנטלאַכט אינם „קול לעם" (דעם 4טן און 31טן יאנואר) אַ פּאָר פעליעטאָנען: „ווען איך וואָלט ראָטשילד געווען" (וואונטשן פון אַ מלמד צום נייעם יאָר) און „אַ הספד אויף ר' פייטעלע די אָפּענע האַנט". אחוץ אָט־די פעליעטאָנען, אונטערגעשריבן „יגלי", האָט דאָרט ווינטשעווסקי אויך געהאַט אַ לאַנגען אַרטיקל, אין פיר פאָרטזעצונגען, אַלס קאָרעספּאָנדענט פון קעניגסבערג (מערץ, 1879), אונטערגעשריבן „בן־נץ". פון בן־נץ איז אויך געווען גע־דרוקט אַ קאָרעספּאָנדענץ פון פּאַריז (יוני 1879). אין אָט־דער קאָרעספּאָנדענץ באַטראַכט נאָך ווינטשעווסקי די אידן פאַר אַ „קרעמער־פאָלק". ער רעדט דאָרט פון די משכילים, ווי פון „פּוס־טע באַלעבאַטישע אינגלאַך", אָדער „פּוסטע באַלעבעסלאַך". ער דערקלערט דאָרט אַזוי: „מיר האָבן שוין היינט מער משכילים ווי וואַסערטרעגער און מער אַרטיקל־שרייבער, שירים־פאַבריקאַנ־טען, העברעאישע פּלוידער־זעק און נאָך כיוצא בהם — ווי זאַמד ביים מער־שטראַנד (ברעג־ים) און ווער רעדט אַרום דעם, אַז מער ווי לעזער. — — — אונזערע משכילים האַלטן זיך פאַר פריי־גייסטער גלייך ווי זיי הערן אויף צו דאַווענען! דאָס וואָלט נאָך קיין בייז ניט געווען, זיינען זיי אָבער צייטנווייז אַזוי פּוסט, אַז דער אויבערשטער זאָל זיך מרחם זיין".

---

*) נאָכן אונטערגאַנג פונם „הקול" האָט ווינטשעווסקי געשריבן אין העברעאיש אינם „החוזה" (1880), „החבצלת" (1880), „היום" (1886), האַרקאַווי'ס פאָלקס־קאַלענדאַר (1896), „הדבורה", „המודיע לבקרים", „שבלים" (1909), „העולם" (1910), „האחדות" (1912), „התורן" (1920), „לוח אחיעבר" (1921), „ספר היובל של הדואר" (1927).

***

ווינטשעווסקי און זיינע חברים זיינען געקומען קיין לאָנדאָן מיט איין־איינציקן אדרעס. דאָס איז געווען דער אדרעס פון נפתלי הלוי, וועלכן ראָדקינסזאָן האָט ווינטשעווסקי'ן געהאַט מיטגעגעבן.

נפתלי הלוי — אַ מיטאַרבעטער אין ראָדקינסזאָנ'ס העברע־איש־אידישע צייטונגען, אַ געוועזענער רעדאַקטאָר פון אַ אידיש וואָכנבלאַט און אַ מחבר פון ספרים — האָט זיך פאָרגעשטעלט דעם „באַרימטן בן־נץ" פאַר אַ „ברייטלאַכן אידן פון אַ יאָר 40 מיט אַ באָרד". *) ער האָט דערפאַר ניט געגלויבט, אַז אָט־דאָס דין, מאָגער יונגערמאַנטשיקל, אָן אַ באָרד און אפילו אָן וואָנצעס, איז דאָס דער העברעאישער שרייבער בן־נץ! נאָר ווען ווינטשעווסקי האָט אים באַוויזן קלאָר, אַז ער איז עס טאַקע דער געוועזענער רעדאַקטאָר פון „אספת־חכמים", האָט נפתלי הלוי אויפגענומען זיינע געסט פריינטלאַך. זייענדיק „אַ מענטש, וואָס וויל אַלעמען געפעלן, אַלעמען — אַלע רעליגיעס, אַלע פאַרטייען, דעם יונגען דור און דעם אַלטן דור, דעם פריידענקער און דעם פרומאַק, גאָט און דעם טייוול", האָט זיך ביי נפתלי הלוי געגראַמט זיין פירוש אויף „עין יעקב" מיט ווינטשעווסקי'ס סאָציאַליסטישע אידייען. קורץ, נפתלי הלוי איז געווען גרייט, כדי אַלעמען צו געפעלן, „שפּרינגען קדוש מיט אַ צלם אין האַנט, אָדער צו מאַכן פון דער רויטער פאָן אַ העמדעלע פון אַ „ריינקייט". דערביי האָט ער געהאַנדלט מיט שוכוואַרג און „פאַרדינט אַ גרויסן טייל פון זיין חיונה, קוילנדיק בהמות און עופות פאַר אידישע קינדער".‡)

אין אַ פּאָר טעג אַרום האָט זיך ווינטשעווסקי באַקענט אין לאָנדאָן מיט יאָהאַן מאָסט, וואָס איז געווען געגנוי דער קעגנזאַץ פון נפתלי הלוי. יאָהאַן מאָסט, דערקלערט ווינטשעווסקי, איז גע־

*) „פרייהייט", 29טן יולי, 1922.

‡) דאָרט, 10טער באַנד, ז' 32. (ביי אַ געלעגנהייט האָט ווינטשעווסקי באַמערקט, אַז נפתלי הלוי ציט זיין חיונה פון בהמות: ער קוילעט בהמות, האַנדלט מיט זייערע פעלן און שרייבט פאַר זיי ספרים..)

ווען „פּונקט אזא ווידערשפּעניקער, אזא מורד, ווי יענער איז גע־
ווען א רודף־שלום און א פּשרה־מאַכער; פּונקט אזא קעגנער פון
יעדער „הארמאָניע" אין פּאָליטישע און רעליגיעזע פראגן, ווי
יענער איז דערויף געווען א בעלן". און ווינטשעווסקי באַמערקט
דערצו, אין זיינע „עראינערונגען", אז נאָר א מענטש ווי ליבער־
מאַן, אָדער ער, דאָס הייסט „א מענטש, וואָס האָט געהאַט דעם
סאָציאליזם געמיינשאַפטלאך מיט א מאַסט און די העברעאישע
שפּראַך — מיט א הלוי, האָט איבערהויפּט געקענט באַקענט ווערן
פערזענלאך מיט אזעלכע צוויי מענטשן אין איין וואָך".

***

לאָנדאָן איז פאר ווינטשעווסקי'ן געווען בלויז א סטאַנציע
אויפן וועג קיין פּאריז. איז ער דאָרט געבליבן בלויז ארום צען
טעג". ער האָט באַזוכט דעם קלוב פונם „קאָמוניסטישן ארבעטער
בילדונגס פאראיין", וואָס מארקס און ענגעלס האָבן געגרינדעט
אין יאָר 1847. ער האָט זיך באַקענט מיט אַלטמאָדישע משכילים
און מיט יוגנטלאַכע רעוואָלוציאָנערן. ער האָט אויך אָנ־
געשריבן אַן ארטיקל פאר מאַסט'ס „פרייהייט" פון 28טן מערץ,
1879. אין זיין ארטיקל „אוים דער שטאָדט דער ריינען פאר־
נונפט" האָט ווינטשעווסקי באַשריבן הומאָריסטיש, ווי אזוי מען
האָט אים און זיינע חברים ארעסטירט און ארויסגעשיקט פון
קעניגסבערג. אָנהויב אפּריל 1879 איז ער אָפּגעפאָרן קיין פּאריז.

קומענדיק קיין פּאריז „מיט ניט מער פראַנצויזיש וויפיל
א מענטש קען דערגיין כמעט אָן א לערער אין קאָוונע", האָט ווינ־
טשעווסקי „געהאַט ווייניק־וואָס אויסזיבט" צו פארדינען דאָרט
אויף חיונה, כאָטש מער ווי אין לאָנדאָן, וועמעס שפּראַך איז
אים איינגאַנצן געווען פרעמד. ראָדקינסזאָן האָט אים געשיקט פאר
דאָס גאַנצע יאָר 25 פראַנק (דעמאָלט 5 דאָלאר).*)

---

*) דער אַלטער פיינבערג האָט אים מיטגעגעבן 400 מאַרק (דעמאָלט
100 דאָלאָר) און שפּעטער און צוגעשיקט נאָך 40 דאָלאַר מיט אַן עצה
טובה, ניט צו זאָרגן מער פאר דער וועלט...

דאָך איז פאַרן יונגן ווינטשעווסקי „געווען אַ וואונדערבאַ־רע צייט אין פאַריז, בעת מען פלעגט עסן צוויי מאָל אַ וואָך און די איבעריקע צייט אַזוי ווייניק ווי מעגלאך הונגערן!" ער האָט גע־וואוינט אין אַ „כמעט הקדש" צוזאַמען מיט זיבן נאַציאָנאַלי־טעטן (אין דאָס הויז נומער 6 אין דער גאַס ליאָנע, אינם לאַ־טיינישן קווארטאַל, וואו סטודענטן וואוינען). פעטער לאַוראָוו האָט זיי דערפאַר געגעבן דעם טיטול: „איינוואוינער פון דעם אינטערנאַציאָנאַלן הויז ליאָנעי". ער האָט אויך פאַר זיי אויס־געאַרבעט סטאַטוטן, ווען זיי האָבן זיך אָרגאַניזירט אין אַ „סאָ־ציאַליסטישער גרופּע".

„אונזער קאָמוניסטיש לעבן איז געווען שיין, פול מיט פּאָעזיע",— דערציילט ווינטשעווסקי אין זיינע „עראינערונגען". — „וואָס איינער האָט געהאַט, איז געווען דאָס אייגנטום פון אַלעמען, און נאָר זונטאָג אַמאָל מיטוואָך, אין פּוילישן רעסטאָראַן, ביי אַ שטיקל בורזשואַזן קאַלבס־בראָטן מיט אַ טעלער אינדיווידואַליסטישן זופּ, אין וועלכן ניט אייגענסאָן, ניט דער „קניאַז" טשערקעסאָוו, ניט דער שפּעטערדיקער פּראָפעסאָר לעאָן, ניט ערגעץ אַן אַנדער מויל האָט קיין חלק ניט גע־האַט, נאָר דאָן האָט אַ מענטש געפילט, אַז ער לעבט מעשה־בהמה, אָט עפּעס גלאַט אַזוי, פאַר זיך, כאָטש דער רעשט דער קאַדיק".*)

אין יענער צייט האָט לאַוראָוו אָנגעשריבן אַ גרויסן אַר־טיקל (איבער רוסלאַנד און די רוסישע רעוואָלוציאָנערע סאָציאַ־ליסטישע באַוועגונג) פאַרן דייטשן „יאַרבוך פאַר סאָציאַלוויסנ־שאַפט און סאָציאַל פּאָליטיק", אַרויסגעגעבן אין דער שווייץ פון דר. ריכטער (קאַרל העכבערג) און מיטרעדאַקטירט פון עדואַרד בערנשטיין. ‡) לאַוראָוו האָט געשריבן אין רוסיש און דער איינ־ציקער אין דער „קאָלאָניע", וואָס האָט עס געקענט איבערזעצן

---

*) געזאַמלטע ווערק, באַנד 10, ז' 55.

‡) אינם „ריכטערס יאַרבוך" איז אויך געווען באַשריבן פון ערץ (א. וו. ראַבינאָוויטש) דער אָנהויב פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג צווישן אידן.

אין דייטש, איז געווען ווינטשעווסקי. דער אַרטיקל האָט פאַרנו־מען 40 גרויסע לעקסיקאָן זייטן, איז געווען געשריבן אין אַ זייער שווערן סטיל און מיט אַ זייער שלעכטער האַנטשריפט. ווינטשעווסקי האָט זיך אויף דעם אָפּגעמאַטערט פולע דריי וואָכן. נאָר דער־פאַר האָט ער געהאַט דאָס גליק צו פאַרברייננגען יעדן טאָג מיט דעם אַלגעמיין באַליבטן געלערנטן רוסישן רעוואָלוציאָנער.

ווען מאָסט איז געקומען קיין פּאַריז, אַלס גאַסט פונם דייטשן סאָציאַל־דעמאָקראַטישן פאַראיין, איז ווינטשעווסקי גע־ווען מאָסט'ס פירער און אויך דער דאָלמאַטשער צווישן אים און לאַווראָוו'ן.

ביידע רעוואָלוציאָנערע פירער האָבן געמאַכט אַ טיפן איינ־דרוק אויף דעם יונגטלאַכן ווינטשעווסקי. לאַווראָוו, מיט זיין געלערזאַמקייט, באַשיידנקייט און עכטער מענטשנליבע; מאָסט, מיט זיין וואולקאַנישן טעמפּעראַמענט, פורכטלאָזן קאַמף און מאַר־טירעריי.

ווי שטאַרק אָט־דער איינדרוק איז געווען, קען מען זען דער־פון, וואָס ווינטשעווסקי האָט אַ פּערציק יאָר שפּעטער עפּנטלאַך דערקלערט לאַווראָוון פאַר זיין גייסטיקן פאָטער.

רעדנדיק פון זיין פאָטער, ר' זיסל, וואָס איז געשטאָרבן אין יאָר 1888, דערקלערט ווינטשעווסקי, אַז באַטש זיין פאָטער ווען אים פעלן ביזן אייגענעם ענד לעבן, האָט דאָך צווישן זייביידן געהערשט אַ טיפער אָפּגרונט. ווינטשעווסקי דערקלערט, אַז זינט דער צייט, וואָס ער האָט זיך אָפּגעזאָגט פון אַלץ, אין וואָס זיין טאַטע האָט געגלויבט, איז ער אַלץ „ווייניקער און ווייניקער“ געוואָרן זיין טאַטעס זון; איז אַלץ „העכער און דיקער“ אויסגע־וואַקסן די מחיצה צווישן זיי. ער האָט דערפילט, זאָגט ווינטשעוו־סקי, אַז —

„דער אַלטער, וועלכן איך האָב נאָך אַלץ האָלט געהאַט אָן אַ שיעור, איז נים מער ווי אַ מענטש, וואָס האָט געהאַט אַ צופעליקע שייכות מיט

מיין געבורט, אָבער אַז מיין אמת'ער פאָטער איז גיכער פעטער לאַווראָוו ווי דער מאַן, וואָס האָט געפּראַוועט מיין שלום־זכר".*)

פעטער לאַווראָוו איז געווען שטאַרק באַליבט אין געערט פון די יונגע רוסישע עמיגראַנטן. אפילו די ליבעראַלע שרייבער און פּראָפעסאָרן האָבן געהאַט גרויס דרך־ארץ פאַר דעם הויך־גע־לערנטן און טיף אויפריכטיקן אַלטן רוסישן רעוואָלוציאָנער. זיין הויז איז געווען דער מיטלפּונקט פון דער רוסישער קאָלאָניע אין פּאַריז. יעדער מאָנטאָג און דאָנערשטאָג פלעגט זיך ביי אים אין הויז צוזאַמענקלייבן אַ גרויסער טייל, מערסטנס די יוגנט, פון דער קאָלאָניע. מאָנטאָג אָוונט פלעגט ער פאָרלעזן און דאָנערש־טאָג אָוונט פלעגט מען זיך דאָרט געמיטלאַך אונטערהאַלטן.

אונטערן איינפלוס פון דער פּאַריזער קאָמונע, אין וועלכער ער האָט זיך באַטייליקט, און פון איר איידעלן מאַרטירער, דער אַרבעטער־סאָציאַליסט וואַרלען, איז לאַווראָוו געוואָרן אַ מיטגליד פון ערשטן אינטערנאַציאָנאַל. ער איז אויך געווען באַקאַנט פּער־זענלאַך מיט מאַרקס'ן און ענגעלס'ן און זיך אַלעמאָל געהאַלטן פאַר זייער תלמיד, כאָטש ער איז אַרויסגעטראָטן אין די אַכציקער יאָרן קעגן די רוסישע מאַרקסיסטן און ניט געגלויבט, אַז אין רוסלאַנד פון יענער צייט איז מעגלאַך צו אָרגאַניזירן אַן אַרבעטער פּאַרטיי. אין זיין רעוואָלוציאָנער־פּראָפּאַגאַנדיסטישן זשורנאַל „וופּעריאָד" (פאָראויס)‡) האָט לאַווראָוו גערופן די יוגנט ניט צו באַלדיקע בונטן און רעוואָלוציעס (ווי באַקונין האָט געפּרעדיקט), נאָר צו אַ דויערנדיקער און גרינטלאַכער פּראָפּאַגאַנדע פונם סאָ־ציאַליזם. דאָך האָט ער פאַרטיידיקט די טעראָריסטישע אַקטן פון די „נאַראָדאָוואָלצעס" און אפילו עטלאַכע יאָר רעדאַקטירט זייער אָרגאַן: „וועסטניק נאַראָדנאָי וואָלי".

---

*) דאָרט, באַנד 7, ז' 27—30.

‡) אינם „וופּעריאָד" האָט אויך מיטגעאַרבעט אהרן ליבערמאַן און האָט אויך דאָרט פאַרעפנטלאַכט זיין באַרימטע פּראָקלאַמאַציע „צו דער אינטעליגענטער אידישער יוגנט" (באַנד 9, ז' 138—139).

דער אַלטער לאַווראָוו האָט געמאַכט אַ טיפן איינדרוק אויף דעם יונגן ווינטשעווסקי. נאָר ווינטשעווסקי האָט דעמאָלט בלויז „אין פּאַריז געוואוינט", אָבער „געלעבט אַ טייל אין רוסלאַנד, אַ טייל אין דייטשלאַנד". ער איז געווען שטאַרק פאַראינטערעסירט אין דער דייטשער אַרבעטער באַוועגונג. ער איז אויך געווען אַ צד אין דעם פּראַקציאָנעלן קאַמף אין דער דייטשער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי.

אַזוי ווי די רעוואָלוציאָנערע יוגנט אין דייטשלאַנד, איז ווינ־טשעווסקי געווען אומצופרידן מיט דער מעסיקער און פרידלאַכער פּאָליטיק פון די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פירער אין דייטשלאַנד, אונטער דעם אַנטי־סאָציאַליסטן געזעץ. ווינטשעווסקי איז, אַזוי ווי די יונגע דייטשע סאָציאַליסטן, געווען באַגייסטערט פאַר דעם מוטיקן רעוואָלוציאָנערן יאָהאַן מאָסט, דער רעדאַקטאָר פונם סאָציאַל־דעמאָקראַטישן אָרגאַן „בערלינער פרייע פּרעסע" און מיטגליד פונם דייטשן פּאַרלאַמענט.

יאָהאַן מאָסט איז געווען דער רעוואָלוציאָנערער געוויסן פון דער סאָציאַליסטישער יוגנט אין דייטשלאַנד, אין דער צייט פונם אַנטי־סאָציאַליסטן געזעץ. באַזונדער באַליבט איז ער געווען ביי דער דאָרטיקער רעוואָלוציאָנערער רוסישער יוגנט. ווינטשעווסקי דערציילט, אַז ווען מאָסט איז (סוף יאָר 1878) אַרויסגעקומען פון טורמע, וואו ער איז פאַרשפּאַרט געוואָרן מחמת דעם אַנטי־סאָציאַליסטן געזעץ, האָבן די רוסישע סטודענטן אין בערלין פאַר אים געמאַכט אַ „באַנקעט" און האָבן אים ביי דער געלעגנהייט געשענקט טשערנישעווסקי'ס „וואָס זאָל מען טאָן?".

די יונגע דייטשע סאָציאַליסטן, און אויך די עטלאַכע „היצ־קעפּ", האָבן געוואָלט רעוואָלוציאָנערע מעשים, ווען ניט, איז כאָטש שטאַרקע מוטיקע ווערטער, אָט ווי מאָסט באַנוצט. נאָר די אָפיציעלע פירערשאַפט פון דער דייטשער סאָציאַל־דעמאָקראַ־טיע האָט ניט אַנערקענט מאָסט'ס לאַנדאָנער וואָכנבלאַט „פריי־הייט", וואָס האָט זיי שאַרף אַטאַקירט (זיי האָבן אים שפּעטער

דערפאר אויסגעשלאָסן פון דער פּאַרטיי) און האָבן אויך ניט אַרויסגעגעבן קיין אייגענעם ניט־לעגאַלן אָרגאַן.

ווי ווינטשעווסקי פאַרזיכערט, און באַשטעטיקט עס דורך זייערע בריוו, האָבן דעמאָלט אויך מאַרקס און ענגעלס „סימפּאַטיזירט מיט מאָסט׳ן און די היצקעפּ פיל מער, ווי מיט בעבעל און ליבקנעכט". מ׳קאָן זיך שווין פאָרשטעלן, וואָס ס׳האָט דעמאָלט געפילט דער יונגער אַנטוזיאַסטישער ווינטשעווסקי, וואָס האָט אויך אין קעניגסבערג „ג ע ל ע ב ט א טייל אין רוסלאַנד".

האַנדלענדיק פאַר זיך דעם ביישפּיל פון מוטיקן אומדערשראָקענעם קאַמף אין רוסלאַנד, האָט ווינטשעווסקי ניט געקענט אַנדערש ווי פאַרדאַמען די מעסיקייט און געזעצלאַכקייט פון דער דייטשער סאָציאַל דעמאָקראַטיע. זעענדיק געשטאַלטן פון גרעניצלאָזן העלדנמוט און רעוואָלוציאָנערער ענערגיע אין רוסלאַנד, האָט ער געהאַט ווייניק רעספּעקט פאַר די סאָציאַליסטישע פירער אין דייטשלאַנד. ווילהעלם ליבקנעכטן, וועמען ער האָט פריער „כמעט פאַרגעטערט", האָט ער „שטאַרק פיינט געקראָגן" פאַר זיין רעדע אינם דייטשן פּאַרלאַמענט, ביי דער דעבאַטע איבערן אַנטי־סאָציאַליסטן געזעץ. נאָך היינט, 50 יאָר שפּעטער, קען ווינטשעווסקי ניט מוחל זיין דעם „אַלטן סאָלדאַט פון דער רעוואָלוציע" (פון 1848) זיין יענע רעדע, אין וועלכער ער האָט פאַרדאַמט דעם רויטן טעראָר פון די רוסישע רעוואָלוציאָנערן אַלס ענטפער אויף דעם ווייסן טעראָר פון דער ברוטאַלער צאַרישער רעגירונג. ווינטשעווסקי האַלט, אַז קיינער האָט דעם אַלטן ליבקנעכט ניט געצווינגען פאַרן צונג ער זאָל האַלטן אַזאַ נאַרישע רעדע. ער באַשולדיקט אים אויך, אַז זיין פּאָליטיק פון פרידלאַכן סאָציאַל דעמאָקראַטיזם האָט דערצויגן אַזוינע תלמידים, ווי שיידעמאַן און נאָסקע, וואָס האָבן דערמאָרדעט זיין זון — קאַרל ליבקנעכט.*)

קיין וואונדער, וואָס ווינטשעווסקי איז דעמאָלט אַזוי שטאַרק

*) דאָרט, באַנד 9, ז׳ 355—358.

מיטגעריסן געוואָרן פון דער „לאַנגער אַנקלאַגע“, וואָס די גרייז־גרויע אלמנה פון משה העם האָט געמאַכט קעגן בעבעל און ליב־קנעכט, אויף אַ דייטשער סאָציאַליסטישער פאַרזאַמלונג אין פּאַ־ריז. קיין וואונדער אויך, וואָס ער איז געווען צווישן די, וואָס האָבן זיך, ווי 40 יאָר שפּעטער די קאָמוניסטן, אָפּגעטיילט פון דער סאָציאַל דעמאָקראַטיע און זיך רעאָרגאַניזירט אונטער אַ נייעם נאָמען „סאָציאַליסטישע רעוואָלוציאָנערן“ אָדער סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערן.

דאָך קיין אַנאַרכיסט אָדער באַקוניניסט איז דער יונגער רע־וואָלוציאָנער ווינטשעווסקי ניט געוואָרן. זיין פריינט טשערקע־סאָוו איז געווען מער אַנטי־סאָציאַל דעמאָקראַט ווי אַנאַר־כיסט, און זיין צווייטער אַנאַרכיסטישער פריינט וויק־טאָר דאַווע, באַקונינ׳ס בעלגישער תלמיד, וואָס האָט באַאיינפלוסט מאָסט׳ן, האָט אפילו יאָ „געקענט האָבן אַ גרויסן איינפלוס אויף ווינטשעווסקי׳ס לעבן“. נאָר דאַווע׳ס אַנאַרכיזם איז ווינטשעווסקי׳ן פאָרגעקומען „כמעט מאוּם׳דיק“, ווייל דאָס איז געווען „אַן איבערגעטריבענער באַקוניניזם, וואָס זיין גרונט־לאַגע איז געווען אַ שרעקלאַכער האַס פאַר קאַרל מאַרקס“.

ווינטשעווסקי איז דעמאָלט ניט געווען קיין מאַרקסיסט, ווי מיר פאַרשטייען עס היינט. קאַרל מאַרקס האָט נאָך געלעבט אַרום פיר יאָר זינט ווינטשעווסקי איז געקומען קיין לאָנדאָן, דאָך האָט ווינטשעווסקי ניט אויסגענוצט די געלעגנהייט אים צו זען. טיילווייז איז עס געווים געווען צוליב דעם, וואָס ווינטשעווסקי, ווי ער דערציילט, איז „בכלל ניט געווען קיין גרויסער בעלן זיך צו יאָגן נאָך די גרויסע לייט“. נאָר דערביי האָט געווים אויך מיטגעשפּילט דער אומשטאַנד, וואָס דער נאָמען מאַרקס האָט נאָך „דעמאָלט ניט געהאַט פאַר אַ סאָציאַליסט דעם היינטיקן קלאַנג“, וואָס מאַרקס׳עם לערע איז „דעמאָלט נאָך ניט געווען אַלגעמיין אָנ־גענומען אפילו ביי די אָרטאָדאָקסישע סאָציאַל דעמאָקראַטן“.

„קאַרל מאַרקסן“ — דערציילט ווינטשעווסקי — „האָט מען (דע־מאָלט) געהאַלטן פאַר אַ געלערנטן מאַן, וואָס וואוינט ערגעצוואו אין לאָנ־

דאָן, וואָס האָט געשריבן אַ בוך „דאָס קאַפּיטאַל“, פאַר די אַרבעטער שווער פאַרשטענדלאַך. פון זיינע אַנדערע שריפטן איז באַקאַנט געווען (און האָט זיך ביי מיר איינגעפונען) זיין „18טער ברומער“. „דאָס קאַפּיטאַל“ האָב איך נאָך געהאַט אין העפטן. אַ פּאָפּולאַריזאַציע פונם „קאַפּיטאַל“ האָט מאָסט פאַרפאַסט. מער וועגן מאַרקסן האָב איך ערפאַרן ערשט שפּעטער אין פּאַריז. אין דער באַוועגונג האָט זיך דעמאָלט מאַרקס'עס איינפלוס כמעט גאָרניט געפילט“.*)

דערצו האָט נאָך ווינטשעווסקי געהאַט אַ שטאַרקן פאַראיבל אויף מאַרקס'ן פאַר זיין באַליידיקן לאַסאַל'ן. דאָס איז געווען אין 1877, אין קעניגסבערג, פּרייסן. דער 21־יאָריקער ווינטשעווסקי האָט נאָך דעמאָלט אחוץ דעם „18טן ברומער“ און אַ פּאָר קלייניקייטן פון מאַרקס'ן גאָרנישט געהאַט געלייענט. זיין האַרץ און זיין מח זיינען געווען פול מיט לאַסאַל'ן — זיין לעבן, זיין ליבע, זיין ווערק און זיין טויט — און אַלץ, וואָס ער, ווינטשעווסקי, האָט געקראָגן צו לייענען פון לאַסאַל'ן און וועגן לאַסאַל'ן, האָט ער „ממש פאַרשלונגען“. ער איז געווען זיין העלד, זיין גרויסער העלד, און דערביי איז אינם דייטשן פאָלק נאָך געווען פריש לאַסאַל'ס אָנדיינק: ער איז ערשט געווען 13 יאָר טויט. ווינטשעווסקי איז „שטענדיק געווען אין קרייזן פון לאַסאַליאַנער, דאָס הייסט, ברענענדיקע חסידים פון דעם גרויסן פירער“, און ער האָט אים „ליידנשאַפטלאַך געליבט“ — „געליבט אין דעם פולן זין פונם וואָרט, מיטן גאַנצן האַרצן“.

און מיט אַמאָל, „ביי דער ערשטער באַקאַנטשאַפט מיט מאַרקס'עס גרויס ווערק“ — דאָס „קאַפּיטאַל“ — דערזעט ווינטשעווסקי „גלייך אויף דעם ערשטן בלאַט אַ באַשולדיקונג“, אַז „פ. לאַסאַל“ האָט אים, מאַרקס'ן באַ'גנב'עט, נעמענדיק זיינע עקאָנאָמישע לערן מיט די ווערטער, מיט אַלעמען, און ניט זאָגנדיק פון וואַנען ער האָט עס גענומען. מאַרקס האָט דאָס דאָרט אויסגעדריקט זייער איידל און אַנטשולדיקט לאַסאַל'ן דערמיט,

*) דאָרט, באַנד 10, ז' 273.

וואָס דאָס האָט מסתמא געמאַכט נויטיק די אַגיטאַציע א. אַ. וו.
נאָר ווינטשעווסקי'ן האָט גענומען יאָרן אַריבערצוקומען זיין ער־
שטע אויפרעגונג און צו באַזיגן אין זיך זיין „פּאַראורטייל“ קעגן
מאַרקס'ן אַלס מענטש.

„דערמיט“, שרייבט ווינטשעווסקי, „דערקלערט זיך, פאַרוואָס מיר
האָט זיך ניט געוואָלט גיין זען מאַרקס'ן אין די פיר יאָר, וואָס איך
האָב געהאַט צוגעבראַכט אין ענגלאַנד איידער ער איז געשטאָרבן. מאַרקס
האָט יענע פיר יאָר ניט בלויז געלעבט אין לאָנדאָן אַ גרויסן טייל
יעדן יאָר, נאָר ער האָט כסדר געהאַט באַזוכער פון אונזער קאָלאָניע
אין זיין הויז“. *)

נאָר ווינטשעווסקי, הגם אַן אינטערנאַציאָנאַליסט, האָט דאָך
אינם „גרונטהאַרצן“ „שטאָלצירט מיט דער אידישקייט פון מאָזעס
העס, קאַרל מאַרקס, פערדינאַנד לאַסאַל און פילע אַנדערע“.
מיט זיין „שפּייען פייער און פלאַם“, דערמאָנענדיק דעם נאָמען
מאַרקס, האָט דאַווע אויפגעשטעלט אַ מחיצה צווישן זיך און ווינ־
טשעווסקי'ן. דאָס האָט געווירקט, אַז ווינטשעווסקי זאָל בלייבן
קאַלט און גלייכגילטיק צו דאַווע'ס אַנאַרכיסטישער פּראָפּאַגאַנדע.

## .6
## צווישן אידישע אַרבעטער

לאָנדאָנער משכילים. — אינם דייטשן קאָמוניסטישן אַרבעטער
בילדונגס־פאַראיין. — שפּראַך־פּראָגע. — פּרואוון צו אָרגאַני־
זירן אידישע שניידער. — ליבערמאַנ'ס לעצטע טעטיקייט.—
פּאַגראָמען, שתדלנות, „פּריוואַט“־יאָרן.

אַדאַנק לאַווראָוו'ס פריינטשאַפט האָט ווינטשעווסקי גע־

*) דאָרט, באַנד 8, ז' 36—37. (ווינטשעווסקי דערציילט, אַז אויך
טשערקעסאָוו האָט אים באַאיינפלוסט קעגן מאַרקס'ן, דורכדעם וואָס אויף
יענעמס בראָשור קעגן דער אָריגינאַלקייט פון מאַרקס'עס טעאָריעס האָט
קיין מאַרקסיסט ניט געגעבן קיין שום ענטפער...)

קראַגן גוטע אויסזיכטן זיך איינצואָרדענען אין פּאַריז. לאַוורּאָוו האָט אים געגעבן אַ בריוו צו דעם אין פּאַריז אָנגעזעענעם רוסישן ראָמאַנענשרייבער טורגעניעוו, אַז יענער זאָל ווינטשעווסקי׳ן רעקאָמענדירן פאַר אַ שטעלע צום באַראָן גינצבערג. ווינטשעווסקי האָט דערצו געדאַרפט בלויז אַביסל מער צולערנען די פראַנצויזישע שפּראַך. נאָר אַ צופאַל האָט אים פאַרטראָגן קיין לאָנדאָן (אָנהויב סעפּטעמבער, 1879).

נאָר מעגלאַך, אַז ווינטשעווסקי וואָלט סאַי־ווי ניט געקענט זיך לאַנג אויפהאַלטן אין פּאַריז. אין פראַנקרייך איז נאָך דעמאָלט געווען פריש דער זכרון פון דער פּאַריזער קאָמונע און די דיקטאַטור פון דער בורזשואַזיע האָט דאָרט געהערשט אין איר פולער מאַכט. פון אַ פּאָליטישער באַוועגונג אין פראַנקרייך איז דעמאָלט געווען ווייניק וואָס צו זען. פּאַריז איז „נאָך געווען באָנאַפּאַרטיסטיש“. אויסלענדישע רעוואָלוציאָנערן זיינען געווען „ארומגערינגעלט פון שפּיאָנען“ און זיך דאָרט לאַנג ניט געקענט אויפהאַלטן. אפילו דער אַלטער לאַוורּאָוו אַליין האָט באַלד געמוזט אַנטקומען צו טורגעניעוו׳ס פּראָטעקציע, נאַפּאָלעאָנ׳ס רעגירונג זאָל אים לאָזן וואוינען אין פּאַריז.

אַלענפאַלס איז ווינטשעווסקי לכתחילה געפאָרן קיין לאָנדאָן בלויז אויף טעג (אויף דער חתונה פון זיינעם אַ פאַרערער מיט דער טאָכטער פון אַ מענטשן,*) פון וועלכן ער האָט זייער פיל געהאַלטן). נאָר צוליב אַ טעות אין חשבון האָט זיין צוריק־בילעט קיין פראַנקרייך פאַרלוירן זיין

---

*) הירש דיינאָוו, דער פאַרפאָלגטער פאָלקס־מגיד און קולטור־טרעגער, פון וועמעס אַ רעדע אין קאָוונע ווינטשעווסקי האָט אַלס קינד „געהאַט גרוים התפעלות“ (געזאַמלטע ווערק, באַנד 10, ז׳ 314—315). ווינטשעווסקי האָט וועגן אים אויך געשריבן אַ סימפּאַטישן אַרטיקל אין דעם דעמאָלט פאַרפאָלגטן ירושלים׳ער וואָכנבלאַט „החבצלת“. דערביי האָט ער באַמערקט: „זאָל געלויבט ווערן דער גייסט פון אַ פאַרפאָלגטן, דורך אַ פאַרפאָלגטן, פון אַ פאַרפאָלגטן“...

גילטיקייט. „אָן אַ בילעט, אָן געלט און צו שטאָלץ צו נעמען אָדער צו באָרגן נאָכאַמאָל אויף רייזע־קאָסטן“ איז ווינ־טשעווסקי פאַרבליבן אין לאָנדאָן, „אין אָנהויב אויף עטלאַכע טעג, דאַן אויף עטלאַכע חדשים און דאַן מיט אַלעמען אויף 15 לאַנגע יאָר“.

⁂

אין לאָנדאָן האָט ווינטשעווסקי די ערשטע צייט פיל גע־לימן. זיין מאָגן „פלעגט כמעט שטענדיק בלייבן ניכטער אַ האַלבן, אַמאָל אַ גאַנצן טאָג“. ער האָט צוערשט געגעבן שטונדן אויף העברעאיש צו קינדער פון רייכע עלטערן און שפּעטער געלערנט ענגליש מיט גרינע. ער האָט זיך גיך דערלערנט די ענגלישע שפּראַך און מיט איר הילף אויך אָנגעהויבן לייכטער לייענען פראַנצויזיש. ער האָט דעמאָלט געפּלאַנט צו איבערזעצן אין העב־רעאיש דאָס בוך „די ווערטער פון אַ מאמין“ פון דעם פראַנצוי־זישן פּריסטער־רעוואָלוציאָנער לאַמענעי, און איין קאַפּיטל שוין אויך איבערזעצט. נאָר זיינע פריינט האָבן אים געוואָרנט, אַז אין לאָנדאָן פון יענער צייט, וואו די מיסיאָנערן האָבן געלויערט אויף יעדן וואוילקענעוודיקן אידישן יונגערמאַן, וואָלט עס באַטראַכט געוואָרן פאַר אַ סימן אַז ער „גייט זיך שמד'ן“. ערשט קנאַפּע צען יאָר שפּעטער האָט ווינטשעווסקי'ן געלונגען צו באַקענען דעם אי־דישן לייענער מיט לאַמענעי, אָבער ניט אין העברעאיש, נאָר אין אידיש, אין וועלכער שפּראַך זיין שוועסטער האָט עס איבער־זעצט פאַרן לאָנדאָנער „אַרבעטער פריינד“.

אַלס דער העברעאישער שרייבער „בן־נץ“ האָט דער 23־יאָריקער ווינטשעווסקי געהאַט אַ גרויסן נאָמען ביי די לאָנדאָנער העברייער. קומענדיק פון פּאַריז קיין לאָנדאָן, איז ער אַריינגע־צויגן געוואָרן אינם קרייז פון די אָרטיקע משכילים, מערסטנס כלי־קודש. מיט איינעם פון זיי, דעם עטלאַכע און זעכציק יאָריקן פּרעדיקער, רעווערענד יוסף כהן־צדק, איז ווינטשעווסקי געקומען אין אַ שאַרפן צוזאַמענשטויס. ווינטשעווסקי האָט נאָך זייענדיק אין פּאַריז אָנגעשריבן „אַן אומבאַרמהאַרציקע, בייסנדיקע קריטיק“

אויף יענעמס א ספר „מוסר השכל“. קומענדיק אין לאָנדאָן און זיך טרעפנדיק מיט יענעם אין געזעלשאַפט, האָט דער אַלטער לאָנדאָנער רעווערענד געגעבן אַן אָנצוהערעניש, וואָס מ'הערט אויך היינט פון „יונגע“, אַז „מענטשן, וואָס האָבן ניט קיין מח און קיין טאַלאַנט אַליין עפּעס צו שרייבן, כאַפּן זיך קריטיקירן אַנדערע, גרעסערע, עלטערע, מיט אַ נאָמען, וואָס הערט זיך ווייט און ברייט“. ווינטשעווסקי האָט אויף דעם געענטפערט האַלב איראָניש, האַלב ערנסט, מיט אַ מעשה'לע, וועמעס מוסר השכל איז געווען, אַז אויב ער קען ניט אויפטאָן עפּעס ממשות'דיקס אינם גרויסן אַלטן בנין פון דער ליטעראַטור, ווייסט ער אָבער די קונסט ווי צו האַלטן אַ בעזים און געבן אַ קער...

ווער ווייסט, אפשר איז אָט־די מעשה'לע געווען דער ערשטער אָנשטויס צו זיין ליד צען יאָר שפּעטער, אין אָקטאָבער 1889, ווען ער האָט געזונגען:

„איך דאַרף ניט מער קיין פּריידיקער,
אַ בעזים און אַ קער!
קיין פּריידיקער, קיין גנעדיק־הער, קיין לוידיק־גייער
מער!“

אַלענפאַלס האָט דער אַלטער פּריידיקער שטאַרק דערפּילט ווינטשעווסקי'ס בעזים און קער און אָנגעשריבן קעגן אים אַ גאַנצן ביכל „שפת־אמת“ (וואַרהייטס־שפּראַך), אין וועלכן ער האָט געגעבן אָנצוהערעניש, אַז בן־נץ (ווינטשעווסקי) איז ניט בלויז אַן אפּיקורס, נאָר אויך אַ מורד במלכות, רחמנא לצלן...

ווינטשעווסקי האָט אויף דעם געענטפערט אינם „הקול“ מיט צוויי אַרטיקלען: „ר' יאָסעלע מגיד און זיינע ספרים“, געשריבן מיט אַ דערשטוינענדיקער חוצפה פאַר אַ בחור פון 23 יאָר קעגן אַן אַלטן שרייבער פון איבער זעכציק. נאָר באַלד האָט ווינטשעווסקי פאַרלאָזן דעם קרייז פון די לאָנדאָנער העברעאישע ליטעראַטן און זיך אַריינגעוואָרפן אינגאַנצן אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. מעגלאַך, אַז צו זיין דערווייטערן זיך פון דער לאָנדאָנער העברעאישער סביבה האָט אויך מיטגעהאָלפן דער אונטערגאַנג

פונם „הקול“, וואָס האָט געמאַכט ווינטשעווסקין פאַר כמעט אוים העברעאישן שרייבער.

⁂

די סאָציאַליסטישע באַוועגונג אין לאָנדאָן, אין וועלכער ווינ־טשעווסקי האָט זיך אַריינגעוואָרפן סוף יאָר 1879, איז ניט גע־ווען קיין ענגלישע, נאָר אַ דייטשישע. „די טשאַרטיסטן פון די פערציקער יאָרן זיינען דאָן אַלע שוין געווען אויסגעשטאָרבן און די סאָציאַליסטן פון די אַכציקער יאָרן זיינען נאָך ניט געווען גע־בוירן“. איז ווינטשעווסקי געוואָרן אַ מיטגליד פונם דייטשן „קאָ־מוניסטישן אַרבעטער בילדונגס פאַראיין“, וואָס האָט אויך גע־האַט אַן אָפּטייל אינם אידיש־דייטשישן קוואַרטאַל פון איסט־ענד (מזרח־טייל שטאָט). ער האָט אויך אָנגעהויבן האַלטן רעדעס אין דייטש, פון אָנהויב געשריבענע, וואָס האָט אים ניט געלונגען, ווי זיין פעסטרעדע אויף אַ ליטעראַריש-מוזיקאַלישן אָוונט, ווייַ־נאַכטן (קריסטמעס) 1879, איבער אָט־דעם יום־טוב פון אַ סאָ־ציאַליסטישן שטאַנדפּונקט. נאָר ביסלאַכווייז איז ער געוואָרן „אַ גאַנצער בעל־דברן“, געהאַלטן אַ רעדע (אויף אויסווייניק) כמעט יעדע וואָך און געגאָלטן פאַר אַ פּראָמינענטער פיגור אין דער דיי־טשער אַרבעטער־באַוועגונג אין לאָנדאָן.

איינע פון ווינטשעווסקיס ערשטע לאָנדאָנער רעדעס (אין דייטש) איז געווען איבער „די רוסישע סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג“. ער האָט זי פאַרענדיקט מיט די ווערטער, אַז „פריער אָדער שפּעטער וועט די דייטשע באַוועגונג ווערן ווי די רוסישע; דאָס פאָלק וועט זיך אַ הויב טאָן און וועט דערלאַנגען די האַנט דער רוסישער רעוואָלוציע“. ביי אָט־די ווערטער, וועלכע ווינ־טשעווסקי האָט עס „כמעט“ „אין נאָוועמבער 1918 דערלעבט“, איז דער פּאָרזיצער, מאָסט, „אויפגעשפּרונגען פון זיין אָרט“ און דערלאַנגט ווינטשעווסקי'ן די „ברודער־האַנט“.

ווינטשעווסקיס פּאָפּולאַריטעט ביי די דייטשע סאָציאַליסטן איז געווען אַזוי גרויס, אַז ניט געקוקט אויף זיין יוגנט, האָבן זיי אים אויסגעוויילט אין אַ רעדאַקטיר־קאָמיטע, אַכטונג צו געבן

אויף יאָהאַן מאָסט, ער זאָל ניט אַריינשטעלן אין זיין סאָציאַליס־טישער „פרייהייט" אַזוינס, וואָס קען שאַדן דער באַוועגונג. דאָס איז געווען צוליב דעם, וואָס יאָהאַן מאָסט פלעגט באַנוצן זייער אַ געפעפערטע שפּראַך אויך קעגן די באַדייטנדיקע פירער פון דער סאָציאַל דעמאָקראַטישער באַוועגונג אין דייטשלאַנד. נאָר ווינ־טשעווסקי איז געווען צופיל פאַרערער פון יאָהאַן מאָסט זיך אַריינצומישן אין יענעמס שרייבן. האָט ער אָנשטאָט דעם גע־שריבן אַדרעסן פאַר דער „פרייהייט"... אַזוי איז ער געוואָרן אַ בן־בית און אַן אינטימער פריינט פון יאָהאַן מאָסט און זיין פרוי קלאַראַ, וועלכע פלעגט קומען צו זיינע (ווינטשעווסקי'ס) לעקציעס. ווינטשעווסקי איז אויך געווען אַ שטומער עדות פון זייער פאַמי־ליע־טראַגעדיע, וואָס האָט געהאַט אַזאַ שטאַרקן איינפלוס אויף מאָסט'ס לעבן.

***

שוין אויף זיין רייזע פון פּאַריז קיין לאָנדאָן האָט זיך ווינ־טשעווסקי ערנסט פאַרטראַכט איבער דער שפּראַך־פראַגע. ער איז געקומען צום געדאַנק, אַז „אַלס אַ שרייבער" איז ער „אַ מענטש אָן אַ באָדן אונטער די פיס". זיינע חברים „קאַמינער, יהל"ל, ליליענבלום און די אַנדערע זיינען געווען אין רוסלאַנד, האָבן גע־וואוינט צווישן די מענטשן, וועגן וועלכע און פאַר וועלכע זיי האָבן געשריבן". נאָר ער איז נע־ונד:

„פאַרוואָרפן צווישן מענטשן, וועלכע איך וויל ליבן, מחמת זיי זיינען מענטשן און דערפאַר מיינע ברידער, אָבער איך קען צו זיי ניט צוקומען, מחמת די ברידער מיינע רעדן אַ לשון, וועלכער קען פּי־ליוכט ווערן, אויב איך וועל אים דערלעבן, אָבער קיינמאָל ניט מיינער, ווייל ער איז מיט מיר געבוירן אָט ווי מיין צונג". *)

אין קעניגסבערג איז ווינטשעווסקי געווען „כמעט אין דער ליטע" נאָענט פון די, „וועגן וועלכע און פאַר וועלכע" ער האָט געשריבן. אין ענגלאַנד האָט ער פון אָנהויב געזען, אַזוי ווי אין

*) געזאַמלטע ווערק, באַנד 10, ז' 70.

פראַנקרייך, אַזאַ אידישן עולם, פאַר וועלכן ער האָט „ניט קיין בשורה, ניט קיין לשון, כדי זי אויסצודריקן“. איז זיין גאַנצע טעטיקייט געווען באַשריינקט אינם דייטשן קאָמוניסטישן אַרבעטער בילדונגס פאַראיין. נאָר ווינטשעווסקי׳ס פערזענלאַכקייט קריגט ערשט איר פולן אויסדרוק, ווען ער דערזעט דעם אידישן אַרבעטער און הויבט אָן רעדן אידיש צו אידן.

***

דער אידישער אַרבעטער, וועלכן ווינטשעווסקי האָט פאַר זיך דערזען אין לאָנדאָן, איז געווען —

„ניט אַ היימישער געזעל, ניט אַן אַמאָליקער אונטערשניידער ביי אַן אויבערשניידער, וועלכער טראָגט ביי אים פּאַמאַיניצעס, וועלגערט אַ בלאַט לאָקשן, פּאַסט אויף אַף די קינדער, העלפט דער באַלעבאָסטע קערן שפּינוועבס, ברענגט וואַסער פון ברונעם, האַקט האָלץ, מאַכט אַ פייער און — ווען ער האָט שוין גאָר קיין אַנדער זאַך ניט צו טאָן — זעצט זיך אַוועק און שטשאבעט אַביסל, שטשאבעט פילייכט עטלאַכע, שיינע עטלאַכע שעה, שטשאבעט ביז עס קומט די צייט צו גיין אָפּנעמען משה׳לען פון חדר, שטשאבעט אַזוי טעג און וואָכן, און חדשים און יאָרן, ביז דער מזוג זווגים שיקט אים צו זיין באַשערטע, און ער ווערט אַליין אַ שניידער, צי ער קען זיין מלאכה צי ניט, ווערט אַ בעל־מלאכה פאַר זיך, פּשוט דערפאַר, וואָס ער איז אַ באַווייבטער, און דערצו נאָך אַזעלכער, וואָס עסט ניט קיין קעסט, און מוז, הייסט עס, אָנפאַנגען צו זאָרגן פאַר זיין אייגענער געגנוואַרט און צוקונפט.

„ניט אַזאַ אַרבעטער סיי אין דעם שניידער־פאַך, סיי ביי ערגעץ אין אַן אַנדער מלאכה, אין וועלכער דער אידישער לוין־אַרבעטער, אָפּט אָן לוין, האָט אַמאָל געלעבט אין אונזערע מקומות אין דערהיים, איז געווען דער אַרבעטער, וועלכן איך האָב פאַר זיך דערזען אין לאָנדאָן. דאָס איז שוין געווען אַ מאָדערנער פּראָלעטאַריער, אַ פאַבריק־אַרבעטער אָדער אַזוי גלאַט „אַ האַנט“. דאָס, וואָס אונזער קליינער קרייז פון פּראָפּאַגאַנדיסטן האָט פריער געזען כמעט נאָר אין דער ליטעראַטור, איז איצט געשטאַנען פאַר די אויגן. דער אַרבעטער, וועלכן מיר האָבן אין העברעאישע פערזן באַקלאָגט און באַזונגען אין די פריערדיקע דריי־

פיר יאָר, איז איצט אין לאָנדאָן פאַר אונז דערשינען פאַרוואַנדלט אין פלייש און בלוט — אַ פולקומער לוין־שקלאַף, וואָס אַרבעט צווישן צענדליקער, צווישן הונדערטער פון אַנדערע ביי שניידעריי, ביי טיש־לעריי, אין דעם רעגנמאַנטל־פאַך, אַלס שריפטזעצער, אַלס שטאַקמאַכער, אַלס זייגערמאַכער (הגם אין דעם פאַך נאָך מייסטנס אויף דעם היימישן שטייגער) און ביי מאַנכע אַנדערע מלאכות, איבערהויפּט אַלס שוסטער און טאַבאַק־אַרבעטער". *)

אין לאָנדאָן איז שוין אינם אָנהויב פון די זיבעציקער יאָרן געווען אַ אידישע ארבעטערשאַפט. אַן אַלטער שניידער־ארבעטער דערציילט, ‡) אַז דאָרט זיינען דעמאָלט „נתרבה געוואָרן בעלי־מלאכות גאָר אָן אַ שיעור. — — — וואוכערער, גאַסן־זיצער, בטלנים און ישיבה־בחורים האָבן קיין שטעלן אין לאָנדאָן געפונען, און דיזע אַלע פוילישע און רוסישע פּראָפעסיאָניסטן האָבן געמוזט ווערן פרעסער, מאַשינער, פינישער, פאָריער א. אַ. וו."
באַלד האָבן זיך אויך געפונען „וואוילע יונגען", וואָס זיינען גע־וואָרן שניידער־מייסטערס און איינגעפירט די שוידערלאַכע „סוועט־טינג־סיסטעם" מיט אירע „שוויץ־שעפּער", קראַנקהייט און נויט.
„פאַראייניקן פוילישע, רוסישע מיט ליטוואַקעס" איז דעמאָלט געווען זייער שווער. „עס האָבן זיך אָבער פאָרט געפונען אייניקע ליטוואַקעס", ⁂) וואָס האָבן אין 1872 געגרינדעט אַ „אידישן שניידער ארבעטער פאַראיין". נאָר די אידישע ארבעטער זיינען נאָך דעמאָלט געווען אַזוי נאַריש און אומוויסנדיק, אַז זיי האָבן איבערגעגעבן די פירערשאַפט פון זייער ארבעטער פאַראיין צו

---

*) דאָרט, ז' 79—80.

‡) אייזיק סטאָון (אַ מיטגליד פון ערשטן אידישן סאָציאַליסטישן פאַראיין) אינם „פוילישן אידל", לאָנדאָן, 1884, נומערן 2—6.

⁂) לויט ה. בורגין, אין זיין „געשיכטע פון דער אידישער אַרבע־טער באַוועגונג", ניו יאָרק, 1915, ז' 36, האָט ביים גרינדן אויך מיט־געווירקט אַ פוילישער איד, לואיס סמיט, וואָס האָט זיך באַטייליקט אינם קאַמף פון דער פּאַריזער קאָמונע.

„אַ פּאָר מייסטערלאַך“, וועלכע האָבן עס, נאַטירלאַך, באַלד באַ־גראָבן. פיר יאָר שפּעטער, אין 1876, „איז עפּעס ווידער געוואָרן אַ זאַווערוכע“ צווישן די לאָנדאָנער שניידער. „עס זיינען עפּעס ווידער אייניקע ליטוואַקעס נאָך לאָנדאָן געקומען, און האָבן ווי־דער פּרובירט די שניידער צו פאַראייניקן“.*) די לאָנדאָנער אי־דישע פּני האָבן ניט געוואָלט, אַז אפּיקורסים און רעוואָלוציאָנערן זאָלן קריגן אַן איינפלוס אויף די אידישע אַרבעטער־מאַסן, האָבן זיי אַליין איבערגענומען די אָרגאַניזיר־אַרבעט. זיי האָבן גערופן אַ גרויסע פאָלקס־פאַרזאַמלונג אין אַ שול. „דאָרטן האָבן זיך פאַר־זאַמלט מענטשן פון דער גאַנצער אידישער פאָן: חזנים, מגידים, דינים“ א. אַ. וו. מ'האָט געשאָטן מיט דרשות און באַוויזן מיט פּסוקים, אַז די לאָנדאָנער שניידער־אַרבעטער מוזן זיין פאַר־אייניקט. די „בני־ראָטשילד, משה מאָנטיפיאָרע, סעמועל מאָנטאַ־גו א. ד. גל. האָבן געשטיצט דעם פאַראיין מיט געלט. „אַ שוחט איז געוואָרן פּרעזידענט, אַ דיין צום קאַסיר, אַ מגיד—סעקרעטאַר — — קאָמיטע-לייט האָט מען געמאַכט פון חזנים און שמשים“. נאָר דער סוף איז געווען, „אַז דעם קאַסנבוך האָט מען גע'גנב'עט, די געלט איז נאָך ארץ־ישראל אַוועקגעפלויגן“

ווען ווינטשעווסקי איז געקומען פון פּאַריז קיין לאָנדאָן,

---

*) איזיק סטאָון מיינט דאָ דעם פאַרזוך פון אהרן ליבערמאַן, לאַזאַר גאָלדענבערג, הירש־דוד סאַפּער און אַנדערע גרינדער פונם ערשטן אידישן סאָציאַליסטישן פאַראיין (לאָנדאָן, 20טן מאַי 1876), צו אָרגאַ־ניזירן די אידישע אַרבעטער אין לאָנדאָן. אויף דער ערשטער פאַר־זאַמלונג איז אויך אַנוועזנד געווען פּעטער לאַווראָוו. גאָלדענבערג איז געווען פאָרזיצער און ליבערמאַן דער הויפּטרעדנער. אויך סאַפּער האָט גערעדט. דעם פאַראיין האָט ליבערמאַן אַ נאָמען געגעבן „חברים כל בעלי המלאכה“, אונטערצושטרייכן, אַז ניט „כל ישראל חברים“, ניט אידישע מייסטערס מיט אידישע אַרבעטער, נאָר די, וואָס אַרבעטן, זיינען חברים. ליבערמאַן און גאָלדענבערג האָבן אויך געגרינדעט די לאָנדאָנער מאַנטל־מאַכער יוניאָן.

אין סעפטעמבער 1879, איז די לאָנדאָנער אידישע אַרבעטער־שאַפט געשטאַנען אויף דער זעלבער מדרגה ווי פריער, איידער ליבערמאַן האָט זיך צו איר געווענדט.

***

ליבערמאַנ׳ס פרואוון אין לאָנדאָן, אינם יאָר 1876—1877, זיינען ווינטשעווסקי׳ן געווים ניט געווען פרעמד. מעגלאַך, אַז ער האָט וועגן זיי געהערט פון לאַווראָוו׳ן, אָדער פון לאַווראָוו׳ס חסיד, דער בובבינדער הירש־דוד סאַפער, ווינטשעווסקי׳ס שכן אינם אינטערנאַציאָנאַלן הויז ליאָנעי. סאַפער, וואָס איז געווען ליבערמאַנ׳ס אַ מיטקעמפער אין לאָנדאָן, האָט וואַרשיינלאַך אויך באַקענט ווינטשעווסקי׳ן מיט אייניקע פראָלעטאַרישע סאָציאַליסטן פון זייער לאָנדאָנער קרייז. נאָר סיי־ווי האָט ווינטשעווסקי ניט געקענט בלייבן לאַנג אומבאַקאַנט דעם ביסל אידישע סאָציאַליסטן אין לאָנדאָן. ער איז דאָך געווען „אַ שטיקעלע „יאַ־טעבע־דאַם" צווישן די דייטשן אפילו אין ווייטשעפל" (וואו ס׳האָבן דעמאָלט געוואוינט אַ סך אידישע אַרבעטער). ער איז געווען „אַ גאַנצער מאַכער" און „אפילו אַ רעדנער" אינם ווייטשעפלער אָפּטייל פונם „קאָמוניסטישן אַרבעטער בילדונגס פאַראיין", וואָס צוליב אים, ווינטשעווסקי׳ן, האָט דאָרט אָנגעהויבן צו וואַקסן דער אידישער עלעמענט.

אַלנפאַלס איז ווינטשעווסקי באַקאַנט געוואָרן אין לאָנדאָן מיט אידישע סאָציאַליסטישע אַרבעטער, וועלכע ליבערמאַן האָט „פאַנאַנדערפּראָפּאַגאַנדירט". צווישן אָט־די „ערשטע אידישע פּראָלעטאַרישע סאָציאַליסטן, גאַנצע, האַלבע און נאָר־וואָס פאַר־כאַפּטע" זיינען געווען די זעצער־אַרבעטער גרינבערג, פישער און קולאַ, די סטאָליאַרעס לואיס ווינער און שאול לעווין, די „שניי־דער־העגט" ראָזענטאַל און אייזיק סטאָן, און דער רעגנמאַנטל־מאַכער נתן בערלין. די מערסטע פון זיי „מענטשן מיט פרעטענ־זיעס אויף בילדונג". קולאַ און ווינער און דער האַלב־טויט אַנדערע, דערציילט ווינטשעווסקי, האָבן אים „אָן ווערטער געגעבן קלאָר צו פאַרשטיין, אַז מען דאַרף צום אידישן אַרבעטער רעדן אויף זיין

איינגענעם לשון, ווי ליב אונז זאָל ניט זיין די אַלטע העברעאישע שפּראַך". האָט ווינטשעווסקי באַשלאָסן צו שרייבן אַ בראָשור וועגן סאָציאַליזם און האָט זיין באַשלוס גיך אויסגעפירט.

איין פרימאָרגן, צום סוף יאָר 1879, האָט דער 23-יאָריקער ווינטשעווסקי שוין פאַרגעלייענט פאַר אייניקע פון אַט-די אַרבעטער זיין בראָשור „יהי אור" אָדער די „פאַרקערטע וועלט", *) נאָר דאָס דרוקן האָט געדאַרפט קאָסטן פיר פונט (20 דאָלאַר), אַ גרויסע סומע פאַר די אָרימע לאָנדאָנער אידישע אַרבעטער פון יענער צייט, און די ערשטע סאָציאַליסטישע בראָשור אין אידיש איז געבליבן ניט געדרוקט ביזן יאָר 1884.

***

אַ נייע עפּאָכע אין ווינטשעווסקי'ס סאָציאַליסטישער טעטיקייט הויבט זיך אָן מיט ליבערמאַנ'ס ווידערקום קיין לאָנדאָן, אָנהויב 1880. צוויי יאָר טורמע אין עסטרייך און דייטשלאַנד האָבן ניט געבראָכן דעם מוט פון אהרן ליבערמאַן, דעם רעדאַקטאָר פון „האמת" — די ערשטע צייטונג צו פאַרשפּרייטן סאָציאַליזם צווישן אידן — און ער האָט, צוזאַמען מיט ווינטשעווסקי'ן, „זיך גענומען צו דער גרינדונג פון אַ אידישן אַרבעטער פאַראיין". די ערשטע צען מיטגלידער זיינען געווען די פריערדערמאָנטע אַכט אַרבעטער און ליבערמאַן מיט ווינטשעווסקי'ן. דער נאָמען פונם פאַראיין איז געווען „אידישער אַרבעטער בענעפיט און בילדונגס-פאַראיין". ליבערמאַן האָט אויסגעאַרבעט די „תקנות" (סטאַטוטן), וואָס זיינען באַשטאַנען פון 28 פּאַראַגראַפן. ⁂) דער פאַראיין האָט זיך געזאָלט אָפּגעבן הויפּטזאַכלאַך מיט קעגנזייטיקער אונטערשטיצונג און בילדונג. ער האָט געזאָלט לערנען זיינע מיטגלידער „אידיש שרייבן, ענגליש און רעכענען", אַראַנזשירן יעדע וואָך אַ לעקציע „איבער וויסנשאַפטן אָדער אַרבעטער אינטערעסן" און עפענען אַ ביבליאָטעק, וואָס זאָל האָבן

---

*) זע וויטער, ז' 111—116.

⁂) געזאַמלטע ווערק, באַנד 10, ז' 106—107.

„אידישע, העברעאישע, דייטשע און ענגלישע ביכער און ציי־טונגען“. נאָר די לעקטאָרן, ליבערמאַן און ווינטשעוסקי, זיינען דעמאָלט געווען צופיל „פאַרדייטשט“ און האָבן גערעדט א „שלעכטן אידיש“. האָבן די ארבעטער פון זיי פיל ניט געלערנט.

„אין א פריוואטן געשפרעך“ — דערציילט ווינטשעוסקי — „און אפילו אין דער עפנטלאַכקייט, דערציילנדיק א מעשה'לע, למשל, פלעגט ער „רעדן זייער גלאַט“, אַט טאַקע ווי די מאַמע האָט אים געלערנט. נאָר קוים האָט ער „גענומען רעדן מעשה רעדנער, ערנסט, זוכנדיק עטוואס צו באווייזן“, פלעגט ער אריינ־פאַלן אין הויך־דייטש, „אליין עס ניט מערקנדיק“. נאָך ערגער איז געווען, ווען ער פלעגט זיך כאַפּן, אז זיין אידישער עולם פארשטייט אים ניט. אין אזא פאַל פלעגט ער „נעמען מישן דייטש מיט אידיש, אָדער אזוי ארויסברענגען פון מויל די דייטשישע ווערטער, אז זיי פלעגן ארויסקומען אויף קוליעס צעבראָכן רוק און לענד“. און „ליבערמאַנ'ען איז אין דעם פּרט אויך ניט פיל בעסער געגאַנגען“.

נאָר לאַנג האָט אָט־דער פאַראיין סיי־ווי ניט עקזיסטירט. ווינטשעוסקי האָט געהאַט קנאַפּ־וואָס סימפּאַטיע פאַר אַזא „אומ־שולדיקער (ניט רעוואָלוציאָנערער) אונטערנעמונג“ און דערצו איז נאָך דעמאָלט פאָרגעקומען אַן ענדערונג אין זיין לעבן.

ווינטשעוסקי'ס חבר, אדאָלף מארגאַליס, האָט דורך א צו־פאַל געקראָגן א וועכנטלאַכע שטיצע, כדי צו קאָנען ווייטער שטו־דירן מעדיצין. די שטיצע פלעגט ער קריגן אַלע זונטיק פון דר. לעווי, דער סעקרעטאר פון דעם יהודימ'שן ענגליש-אידישן פאַר־באַנד („אנגלאָ דזשואיש אסאָסיאיישאָן“). דר. לעווי האָט זיך פאַראינטערעסירט אין מארגאַליס'עס סאָציאַליזם, און דער לעצ־טער האָט געפרעגט, „וואָס גיט מען דעם אַלטן לייענען?“ האָט ווינטשעוסקי אויסגעקליבן שעפעל'ס „קווינטעסענץ דעם סאָציאַ־ליזמוס“. זיינען דר. לעווי'ן געפעלן געוואָרן ווינטשעוסקי'ס „ראַנד־נאָטיצן אויף פילע שטעלן אינם ביכל“, וואו ער האָט, „לייענענדיק, געפונען שעפעל'ס סאָציאַליזם ניט קלאָר, אָדער ניט

שאַרף געגנוג", און האָט געמאַכט באַמערקונגען. איז ווינטשעווסקי געוואָרן זייער גוט באַקאַנט מיט דר. לעווי און יענער האָט אים צוגעשאַרט „אַ גוטע שטעלע" ביי די באַנקירן זעליגמאַן, אויף וועלכער ער איז פאַרבליבן 14 יאָר ביז ער איז (אין 1894) אַוועק־געפאָרן קיין אַמעריקע.

אין דער זעלביקער צייט איז אויך ליבערמאַנ׳ס מח געוואָרן „פאַרנומען מיט אַנדערע זאַכן". דער 36־יאָריקער ליבערמאַן האָט זיך פאַרליבט אין אַ פרוי אין זיינע יאָרן, אין ווינטשעווסקי׳ס קוזינע, רחל סאַראַזאָן. זי איז דעמאָלט געווען אַן „עגונה", וואָס האָט ניט געוואוסט, וואו איר מאַן איז פאַרשוואונדן. זי האָט געהאַלטן אַ פּריוואַט רעסטאָראַן, וואו עטלאַכע פּראָלעטאַרישע סאָציאַליסטן פלעגן עסן מיטאָג און וואו ווינטשעווסקי און זיינע חברים מאַרגאָלים און הורוויטש האָבן געוואוינט. צוליב ווינ־טשעווסקי׳ן איז ליבערמאַן געוואָרן ביי איר אין הויז אַן אָפטער אַריינגייער, און זיין סימפּאַטיע פאַר דער אָרימער פרוי האָט זיך אַנטוויקלט אין אַ ליידנשאַפטלאַכער ליבע. ווען אין האַרבסט 1880 האָט זיך אָפּגעזוכט איר אַנטלאָפענער מאַן און געשיקט אַ שיפסקאַרטע פאַר איר מיטן מיידעלע צו קומען צו אים קיין אַמעריקע, איז איר ליבערמאַן נאָכגעפאָרן. אַ פּאָר חדשים שפּע־טער האָט זיך ליבערמאַן גענומען דאָס לעבן (דעם 18טן נאָוועמ־בער 1880) אין רחל׳ס הויז אין סיראַקיוז. *)

***

נאָך ליבערמאַנ׳ס טויט איז ווינטשעווסקי עטלאַכע יאָר ניט געווען טעטיק. איידער ער האָט זיך נאָך גוט אָריענטירט אויף זיין נייער שטעלע, זיינען פאָרגעקומען גרויסע געשעענישן, וואָס

---

*) דאָרט, זייטן 108—116, 329—331. פאַר זיין אָפּפאָר פון לאָנדאָן האָט ליבערמאַן צווישן אַנדערע זאַכן געשיינקט ווינטשעווסקי׳ן ביידע יאַר־גאַנגען פון לאַווראָוו׳ס צוויי־וועכנטלאַכן „וופּערעיאָד", אין וועלכן ליבערמאַן האָט מיטגעאַרבעט. דאָס בוך געפינט זיך נאָך ביז איצט אין ווינטשעווסקי׳ס רייכער ביבליאָטעק.

האָבן ארויפגעוואָרפן אַ מרה-שחורה אויף זיין לאַנדאָנער סאָציאַ־ליסטישן קרייז.

אָנגעהויבן האָט זיך פאַר זיי דאָס יאָר 1881 מיט גוטע בשורות פון רוסלאַנד, וואו די „נאַראָדאָוואָלצעס" האָבן וואונדער באוויזן מיט זייערע טעראָריסטישע אַקטן קעגן די צארישע משחיתים. נאָר נאָכדעם ווי די רעוואָלוציאָנערע טעראָריסטן האָבן דערגרייכט זייער הויפּט־ציל, דער־הרג'ענענדיק דעם צאַר אלעקסאַנדער דעם צווייטן, האָט דאָרט אַלץ גענומען גיין באַרג־אַראָפּ. אחוץ גריניעוועצקי'ן, וואָס איז אומגעקומען דורך דער באָמ־בע, וואָס ער האָט געוואָרפן אויפן צאַר, זיינען אויך אַלע אַנדערע העלדישע טיילנעמער ארויסגעגעבן געוואָרן „דורך אַ שוואַכלאַכן חבר" און זיינען „אומגעבראַכט געוואָרן אַלע אויף דער תליה, צווישן זיי אַזעלכע הייסע און האַרטע רעוואָלוציאָנערן, ווי זשע־ליאַבאָוו, פּעראָווסקאַיאַ, קיבאַלטשיטש; די מעוברת'ע העסיע העלפמאַן האָט מען אין פעסטונג געלאָזן, וואו זי איז אין אַ יאָר ארום געשטאָרבן".

נאָר אָט־די אַלע קרבנות האָבן די צארישע הערשאַפט ניט ארונטערגעוואָרפן. הינטער די מוטיקע העלדישע „נאַראָדאָוואָל־צעס" זיינען ניט געשטאַנען קיין אָרגאַניזירטע מאַסן, און ווען די העלדן זיינען געפאַלן אינם ניט גלייכן קאַמף, איז די צארישע מאַכט געוואָרן נאָך גרויזאַמער און ברוטאַלער. ס'האָט זיך אָנגע־הויבן די פינסטערע הערשאַפט פון אַלעקסאַנדער דעם דריטן, וואָס האָט געזוכט צו דערטרינקען די אומצופרידנקייט פונם רוסישן פאָלק אין אידיש בלוט.

ווייניק נחת האָט דעם רעוואָלוציאָנערן עלעמענט פאַרשאַפט אויך די לאַגע אין מערב־אייראָפּע. —

„די אַלגעמיינע וואַלן פון דעם יאָר 1881 אין דייטשלאַנד האָבן זיך געענדיקט מיט אַ גרויסער ניִדערלאַגע; אין פראַנקרייך האָט געהערשט אַ שרעקלאַכע רעאַקציע; אפילו דער אַלטער לאַווראָוו איז ארויס־געטריבן געוואָרן און דאָס נאָר דערפאַר, וואָס ער האָט צוזאַמען מיט וועראַ זאַסוליטש געזאַמלט געלט פאַרן (פּאָליטישן) „רויטן קרייץ"; פון

דער שווייץ האָט מען געהאַלטן אין איין יאָגן און טרייבן אויסלענ־דער, בעת די אָרטיקע באַוועגונג איז געווען זייער שוואַך; אין ענג־לאַנד האָט אַ ליבעראַלע רעגירונג געהאַלטן אירלאַנד אונטער דעם שטרענג־סטען אויסנאַם־געזעץ און אין געוויסע גאַסן אין דובלין איז געווען אַ פאַרברעך זיך צו ווייזן אין גאַס נאָך צוויי אַזייגער פון אָוונט". *)

נאָר דאָס, וואָס האָט „ספּעציעל פאַרברייטערט די מרה־שחורה" אין ווינטשעווסקי'ס קרייז, איז געווען די לאַגע אין רוס-לאַנד און דער עיקר די פּאָגראָמען פון די אַכציקער יאָרן, וואָס האָט זיי, די אידישע סאָציאַליסטן, הגם ווייט, ווייט פונם שלאַכטפעלד, באַרירט דירעקט, פּערזענלאַך".

אין יאָר 1881, דערציילט ווינטשעווסקי, ווען ס'האָבן זיך אָנגעהויבן די פּאָגראָמען אין דרום־רוסלאַנד, איז ער געווען נאָענט פון דר. לעווי, דעם סעקרעטאַר פון דער „אַנגלאָ דזשואיש אַסאָ־סיאיישאָן". לויטן אויפטראַג פון אָט־דער געזעלשאַפט האָט דר. לעווי צוגעגרייט „אַ מעמאָראַנדום צום ענגלישן פאָלק און זיין רעגירונג". איז ווינטשעווסקי, צוליב זיין קענטשאַפט פון דער רו־סישער שפּראַך, געווען לעווי'ס אַ פלייסיקער מיטהעלפער. יעדע פרייע שטונדע, וואָס ער האָט געהאַט, איז ווינטשעווסקי „געזעסן און געשריבן פאַר אידן זכיות". ער האָט אויך וועגן דעם קאָרעס־פּאָנדירט מיט זיין אַלטן פריינט משה לייב ליליענבלום, וועמען ער האָט געבעטן אויסקונפטן איבער דער אידישער לאַגע אין רוסלאַנד. *‏*)

צוליב זיין שרייבן „פאַר אידן זכיות" איז ווינטשעווסקי גע־וואָרן פּאָפּולער צווישן די אידישע עמיגראַנטן. ס'האָבן זיך צו אים געווענדט נאָך הילף ניט בלויז די עמיגראַנטן אין לאָנדאָן, נאָר אויך די, וואָס זיינען געפאָרן פון ליטע קיין אַמעריקע איבער

---

*) דאָרט, ז' 118.

*‏*) לוח אחיעבר, שנה ב', ניו יאָרק, 1921, ז' 296. (ליליענבלומ'ס ענטפער צו ווינטשעווסקי'ן איז געדרוקט אין זיין בוך „דרך תשובה", זייט 39).

ענגלאַנד. צו זיין פּאָפּולאַריטעט אין דער אַלטער היים האָט אויך מיטגעהאָלפן אַ יונגערמאַן, וואָס איז געקומען קיין קאָוונע אינם יאָר 1882 אָדער 1883, און דאָרט דערציילט, אַז „בן־נץ" (דער קאָוונער בן־ציון נאָוואָכאָוויטש) איז אין לאָנדאָן די „רעכטע האַנט" פון לאָרד ראָטשילד, אַן „איינגייער" ביי משה מאָנטע־פיאָרע א. אַ. וו. ‡) דאָס האָט געווירקט, אַז ווינטשעווסקי'ס פאָ־טער „האָט גענומען קריגן טעגלאַכע געסט פון שטאָט און פון אַרומיקע שטעטלאַך. דאָס האָט מען געדאַרפט האָבן דעם אַדרעס פון „לאָרד ראָטשילד'ס רעכטער האַנט" אין לאָנדאָן. אומזיסט האָט ווינטשעווסקי'ס „גוטער, קלוגער, אַלטער טאַטע", ניט וועלנ־דיק באַלעסטיקן זיין בן־יחיד, „געמאַכט שווערקייטן". דאָס האָט נאָך פאַרשטאַרקט דעם גלויבן אין אים, און „וועלנדיק ניט וועלנ־דיק" איז ווינטשעווסקי „ווירקלאַך געוואָרן אַ גאַנצער שתדלן פאַר אידישע עמיגראַנטן פון דער ליטע און פון פוילן, ווערנדיק דורך דעם אין אמת'ן אַן איינגייער — — — ביי די אידישע פּריסטער און הויך־פּריסטער פון דער גילדערנער קאַלב".

אחוץ זיין טעטיקייט פאַר די אידישע עמיגראַנטן האָט ווינ־טשעווסקי'ן דעמאָלט געשטערט אין דער סאָציאַליסטישער אַר־בעט אויך דאָס, וואָס אין זיין „רשות היחיד" איז דעמאָלט געווען „מער בורעבינע", וויפיל זיין געזונט האָט „געקענט פאַרטראָגן".

---

‡) דער יונגערמאַן האָט דערמיט באַצוועקט פאַר זיך אַ פּרנסה: שנאָ־רען און באָרגן געלט איבערן לאַנד אונטערן נאָמען „בן־נץ", ווי ער האָט עס געטאָן אין קאָוונער, מינסקער און קיעווער גובערניע. ער האָט אויך באַזוכט דעם העברעאישן סאָציאַליסטישן שריפטשטעלער יהל"ל, „ביי וועלכן ער האָט זיך געלאָזט גוט גיין עטלאַכע טעג, האָט געבאָרגט געלט" און בן־נצ'ן (ווינטשעווסקי'ן) „געמאַכט אַ שם פאַר אַ מענטשן, וואָס קען ניט רעדן גראַמאַטיקאַליש קיין שום אייראָפּעאישן לשון". נאָך אין אָדעס איז דער פאַלשער בן־נץ אַריינגעפאַלן, ניט וויסנדיק, אַז לי־ליענבלום קען ווינטשעווסקי'ן פּערזענלאַך (געזאַמלטע ווערק, באַנד 10, זייט 324).

דאָס איז געווען מחמת דעם, וואָס זיין קאָוונער געליבטע, פון וועלכער ס'איז שוין דערציילט געוואָרן אין א פריערדיקן קאַ־פּיטל, איז געקומען נאָך לאָנדאָן. האָבן זיך ווידער איבערגע'חזר'ט די אַלטע ליבע־ליידן פון אמאָל.*) ערשט נאָך דריי־פיר „פּריוואַט־יאָרן" אין זיין לעבן טרעט ווינטשעווסקי ווידער ארויס אין דער אידישער סאָציאַליסטישער עפנטלאכקייט און הויבט אָן ארבעטן מיט נייע בחות (אין 1884).

***

דער שטראָם פון דער אידישער עמיגראַציע, וואָס האָט זיך נאָך די פּאָגראָמען פון די אכציקער יאָרן געטראָגן מיט אימפּעט קיין אמעריקע, האָט אויך שטאַרק פאַרגרעסערט די אידישע עמי־גראַנטן־באַפעלקערונג אין לאָנדאָן און אויך איר „רויטע קאָלאָניע".
די אידישע רעוואָלוציאָנערע עלעמענטן, וואָס זיינען גע־

---

*) זע אויבן, זייט 56. (ווינטשעווסקי דערציילט, אַז אין דער זעל־בער צייט, וואָס זיי האָבן צוליב אַלערליי מיספאַרשטענדענישן ניט גע־קענט ווערן פיל נענטער צווישן זיך ווי אין קאָוונע, האָבן זיי געפּראַ־ווועט אַ „פּיקטיווע חתונה" אויפן שטייגער ווי ער האָט עס שפּעטער געשילדערט אין זיין פיר־אַקטיקער קאָמעדיע „כלומר'שט אַ חתונה". זיי האָבן עס געטאָן מחמת דעם, ווייל זי האָט געוואָלט פאָרן שטודירן אין דער שווייץ, און דערצו זיינען נויטיק געווען צוויי זאַכן: אַ פּאַס־פּאָרט און געלט. נאָר אַזוי ווי איר פאָטער איז געווען קעגן דעם, זי זאָל שטודירן, האָט זי ביידע זאַכן ניט געקענט קריגן. נאָר ווען זי האָט מיטגעטיילט אירע עלטערן, אַז זי האָט חתונה געהאַט מיט ווינטשעווו־סקי'ן, ווען זיי האָבן געקענט פון קאָוונע און זיינען מיט אים און מיט זיין משפחה געווען צופרידן, האָט איר פאָטער געשיקט 150 פונט (אַרום 750 דאָל.) גדן. איז זי אָפּגעפאָרן נאָך דער שווייץ מיט איבער־גענוג געלט צו שטודירן און מיט אַ פּאַס אויף ווינטשעווסקי'ס נאָמען... זי האָט דאָרט חתונה געהאַט מיט אַ דאָקטאָר, וואָס האָט שפּעטער פּראַק־טיצירט מעדיצין אין ניו יאָרק, וואו זי איז געשטאָרבן מיט אַ 25 יאָר צוריק).

קומען פון רוסלאַנד קיין לאָנדאָן אין די אַכציקער יאָרן, זיינען שוין געווען אָריענטירט אויפן אינדוסטריעלן ארבעטער.

דער רעוואָלוציאָנערער פּאָלקיזם אין רוסלאַנד, וואָס האָט זיך געשטיצט אויף די בונטאַרישע שטימונגען פון דער פּויער־שאַפט און אויפן פּאָליטישן טעראָר, איז אָפּגעטראָטן פאַרן רע־וואָלוציאָנערן מאַרקסיזם, וואָס האָט זיך געשטיצט אויפן יונגען רוסישן פּראָלעטאַריאַט, אַלס נייעם היסטאָרישן קלאַס. פּלעכאַ־נאָוו און אַנדערע געוועזענע פּאָלקיסטן, זעמליעוואָלצעס און טשאָרני־פּערעדעלצעס, וואָס האָבן פריער געלעגט אַלע זייערע האָפנונגען אויף דער פּויערשאַפט, האָבן עפנטלאַך דערקלערט, אַז „אין רוסלאַנד וועט די רעוואָלוציע זיגן נאָר אַלס אַן ארבעטער־רעוואָלוציע". אַ גרופּע רוסישע רעוואָלוציאָנערן אין אויסלאַנד (פּלעכאַנאָוו, פּאַוועל אַקסעלראָד, ווערא זאַסוליטש, לעאָ דייטש און איגנאַטיעוו) האָבן געגרינדעט אין דער שווייץ (אין 1883) די מאַרקסיסטישע גרופּע פאַר „באַפרייען די ארבעט", אַן אָרגאַ־ניזאַציע, פון וועלכער ס'איז ארויסגעוואַקסן די רוסלאַנדער סאָ־ציאַל דעמאָקראַטישע פּאַרטיי.

אדאַנק דער נייער עמיגראַציע איז שוין געוואָרן מעגלאַך דורכצופירן מיט דערפאָלג די אָרגאַניזירונג פון די אידישע שניי־דער, דאָס וואָס ליבערמאַן און זיינע חברים האָבן מיט אַ שמיטה פריער ניט געקענט. דעם 16טן יולי, 1883, איז פאָרגעקומען אַ „זייער גרויסע" אידישע שניידער־ארבעטער פאַרזאַמלונג, וואָס האָט געגרינדעט אַ שניידער־יוניאָן און זי תיכף אָנגעשלאָסן אין די ענגלישע „טרייד־יוניאָנס". אין 1884 האָט געשריבן דער פריער־דערמאָנטער שניידער־ארבעטער אייזיק סטאָון:

„דער פאַראיין עקזיסטירט שוין מער ווי אַ יאָר, אַ צייכן דאָס דיזער וועט שוין עקזיסטירן, און די מייסטערס שרעקן זיך, דען זיי האָבן זיך וואָס צו שרעקן". *)

---

*) „פּוילישער אידל", נומער 6. (די לאָנדאָנער שניידער יוניאָן האָט אויך אָנגעפירט אַ סטרייק אין 1883.)

נאָר כאָטש די מייסטערס האָבן געהאַט „זיך וואָס צו שרעקן", האָבן די אידישע ארבעטער אין לאָנדאָן, אזוי ווי אין מאַנטשעסטער, „ניט געוואוסט פון קיין צייט". זיי פלעגן אָנהויבן ארבעטן זעקס אזייגער באַגינען „און ארבעטן ביז זייער מייסטער זאָגט גענוג." *) בעסער איז געווען די לאַגע אין לידז, וואו „אַן אַ גוזמא" האָבן זיך דעמאָלט געפונען „ביז אַ טויזנט אידישע אר־בעטער" און „כמעט האָבן אַלע געהערט צו דער שניידער־פראָפעסיע: מאַשינער, פרעסער, אונטער־פרעסער, צושניידער און שניידער, וועלכע ארבעטן מיטן נאָדל און פאָדים". די לידזער שניידער ארבעטער האָבן געאַרבעט „פון 8 מאָרגן ביז 8 אָבענדס", געהאַט 1 שטונדע מיטאָג, אַ האַלבע שטונדע טיי, פון 4.30 ביז 5 אור נאָכמיטאָג; פרייטאָג ביז 6 אור נאָכמיטאָג — אום זומער, און ווינטער ביז 2 נאָכמיטאָג". נאָר דער אידישער ארבעטער אין לידז האָט „פאַרשפּילט זיין וואָך ארבעט" אין זיך „וועטן אויף פערדלאַך", וואָס איז געווען „געריכטלאַך פאַרבאָטן". אזוי אַז די אידישע ארבעטער אין לידז האָבן גערעדט „נאָר פון פערדלאַך, אָבער פערדלאַך און ווידער פערדלאַך. מען שטייט אויף מיט די פערדלאַך, עסט מיט די פערדלאַך, ארבעט מיט די פערדלאַך, און שלאָפט מיט די פערדלאַך. — — — אַ טאַטע איז מחנך זיין זון צו וועטן פערדלאַך, אויפן פערדל־פּלאַץ נעבן דער געוויסער... פּובליק־הויז" (שיינק). ⁂)

אין לאָנדאָן האָבן די אידישע ארבעטער זיך ווייניקער געוועט „אויף פערדלאַך", האָבן זיי דערפאַר מער געשפּילט אין קאָרטן. אויך אין לאָנדאָן, אזוי ווי אין לידז, זיינען געווען זייער ווייניק אידישע ארבעטער, וועלכע האָבן געקענט „שרייבן אַ שטיקל בריוו אָדער לעזן".

צו אָט־דעם עולם איז ווינטשעווסקי ארויסגעטראָטן אינם

---

*) דאָרט, נומער 1, בריוו פון בנלי"ר (נתן בערלין, דער רעגנ־מאַנטלמאַכער).

⁂) דאָרט, נומער 2, אינם בריוו פונם זעלבן.

זומער 1884 מיט זיין סאָציאַליסטיש וואָרט — דאָס וואָכנבלאַט „פּוילישער אידל".

## .7
## „פּוילישער אידל"

מאַרקסיזם אַנשטאָט פאָלקיזם. — קולטורלאָזיקייט. — סטאון, קראַנץ. — פּאַר אידיש. — אַלאַרמיזם, „שטיפקינדער", פּאָגראָמען־שרעק. — סאָציאַליסטישע שטעלונג צו דער אידנפראַגע. — יחוס פון אַרבעט.

דער פּלאַן אַרויסצוגעבן אַ אידיש וואָכנבלאַט איז געקומען פון ווינטשעווסקי'ס עלטערן חבר א. וו. ראַבינאָוויץ. יענער האָט, צוזאַמען מיט אַ זעצער, י. ווערבער, געזאָלט עפענען אַ דרוקעריי, און כדי צו קענען האָבן שטענדיקע אַרבעט, איז אים איינגעפאַלן דער געדאַנק אַרויסצוגעבן אַ וועכנטלאַכע צייטונג.

פּרוואוון אַרויסצוגעבן אידישע צייטונגען אין לאָנדאָן זיינען שוין געמאַכט געוואָרן עטלאַכע מאָל פריער. אין יאָר 1867 איז דאָרט אַרויס די „לאָנדאָנער יודיש־דייטשע צייטונג", די ערשטע אידישע צייטונג אין די ענגליש־שפּרעכנדיקע לענדער. אין 1874 — אַ צייטשריפט „השופר", אין 1878 — „לאָנדאָנער איזראַעליט", אַ „פּאָליטיש־געזעלשאַפטלאַך [‡]) וואָכנבלאַט פאַר כלל ישראל", רעדאַקטירט פון דעם משכיל נפתלי הלוי, צו וועמען אין הויז ווינטשעווסקי און זיינע חברים זיינען פאַרפאָרן, קומענדיק קיין לאָנדאָן. נאָר איצט, אין די אַכציקער יאָרן, ווען די אידישע עמיגראַנטן־באַפעלקערונג אין ענגלאַנד איז שטאַרק אויסגעוואַקסן,

---

‡) דער „לאָנדאָנער איזראַעליט" ווערט באַצייכנט אינם רייזען'ס „לעקסיקאָן" פון 1914, ווי אויך אין אַנדערע פּלעצער, אַלס אַ „סאָציאַליסטישע" צייטונג. קענטיק, אַז דאָס וואָרט „סאָשעל" (געזעלשאַפטלאַך, אונטערהאַלטנדיק), מיט וועלכן די ענגליש־אידישע ענציקלאָפּעדיע האָט באַצייכנט אייניקע כל־ישראל צייטונגען, איז געוואָרן אין אידיש — „סאָציאַליסטישע".

האָט מען געקענט דערוואַרטן דערפאָלג פון אַ פּראָגרעסיווער אי־דישער צייטונג, ניט געקוקט אויף דער עקזיסטענץ פון אַ קאָנ־סערוואַטיווער („השולמית" פון יחיאל בריל).

ראַבינאָוויטש, וואָס האָט קיין אידיש ניט געקענט, האָט זיך געווענדעט מיט זיין פּלאַן צו ווינטשעווסקי'ן, זיין קעניגסבערגער חבר „בן־נץ". און איין זומער נאָכמיטאָג איז „אין אַ שפּאַצירגאַנג, אין ספּיטאַלפּיעלדס, צווישן או"ר (ראַבינאָוויטש) און בן־נץ (ווינ־טשעווסקי), די אַמאָליקע העברייער, באַשלאָסן געוואָרן צו זאָגן זיי־געזונט צו דער ליבער אַלטער העברעאישער שפּראַך און זיך צו נעמען צו אידיש". ס'ווערט אויך באַשלאָסן, אַז אַלע דריי, ראַבינאָוויטש, ווערבער און ווינטשעווסקי, גאַראַנטירן יעדער אַ דריטל פון דעם צוקונפטיקן דעפיציט, וואָס האָט ווינטשעווסקי'ן מאַקע „שפּעטער געקאָסט שיינע עטלאַכע פונט שטערלינג".

אַזוי איז ווינטשעווסקי געוואָרן דער רעדאַקטאָר פון דער ער־שטער סאָציאַליסטישער צייטונג אין אידיש. צוליב אָט־דער צייַ־טונג איז ער אויך געוואָרן אַ אידישער שרייבער. מיט זיבן יאָר פריער, ווען ער האָט אָנגעשריבן זיין ערשטן אידישן פעליעטאָן אינם „הקול" (1877), איז דאָס ביי אים געווען כמעט צום שפּאָס: „אָט האָט מען אַשטייגער אַ שטיף געטאָן אין הויף מיט די בעלי־עגלות, ווען מיט די משכילים איז געוואָרן לאַנגווייליק". נאָר ערשט מיטן „פּוילישן אידל" איז ווינטשעווסקי „געוואָרן אַ שרייבער פאַרן אידישן אַרבעטער אין זיין אייגענעם לשון". ער האָט שוין אין יענער צייט געשריבן לירישע לידער אין ענגליש („מים־ברוויכנדיק מילטאָן און בייראָנס לשון פאַר געגראַמטע פּריוואַט־יסורים") און געקענט זיך אויסדריקן ליטעראַריש אין דריי אייראָפּעאישע שפּראַכן לייכטער ווי אין אידיש. דאָך האָט ווינ־טשעווסקי באַשלאָסן זיך אינגאַנצן אָפּצוגעבן דער שפּראַך פון די ברייטע אידישע מאַסן און העלפן אין איר שאַפן אַ ליטעראַטור.

כדי ניט צו שאַדן ווינטשעווסקי'ן ביי די זעליגמאַנס, אין וועמעס באַנק ער האָט געאַרבעט, אונטער זיין נאָמען לעאָפּאָלד

בענעדיקט, איז באשלאָסן געוואָרן, אז דער רעדאַקטאָר זאָל זיך אָנרופן מיט זיין העברעאישן פּען־נאָמען „בן־נץ".

***

דער נאָמען פון דער ציימונג, „פּוילישער אידל", איז אָנגענומען געוואָרן „די רייכע ענגלישע אידן אויף להכעיס", אלס פּראָטעסט קעגן זייער מיאוס'ן באַנעם צו די אידישע עמיגראַנטן פון מזרח־אייראָפּע.

„אונזער צייטונג" — ווערט דערקלערט אינם בריוו־קאַסטן פונם צווייטן נומער — „רופט זיך דער פּוילישער אידעל, אום צו ווייזן, אז מיר שעמען זיך ניט מיט אַ נאָמען, וואָס אונזערע ברידער, וואָס האַלטן זיך פאַר פראַנצויזן, ענגלענדער, האָלענדער אָדער דייטשן רופן אונז, ווען זיי ווילן אונז זידלען".

ווינטשעווסקי, וואָס צוליב זיין שתדלנות פאַר די אידישע איינוואַנדערער פון רוסלאַנד האָט זיך פיל געמישט „צווישן די ענגלישע און אַנגליזירטע אידן", „צווישן די רייכע „ספרדים" און די איינגעבירגערטע, ניט ווייניקער רייכע „אשכנזים", האָט ער „וואָס אַ יאָר מער אַלץ שמערצלאַכער געפילט די טיפע פאַראַכטונג, וועלכע זיי האָבן געהאַט פאַר אונז „פּוילישע" אידן, אונטער „פּוילישע" ריכטיק פאַרשטייענדיק אַלע אידן, וואָס קומען פון רוסלאַנד".*) און אין זיין לייט־אַרטיקל: „ווער איז דער מיוחס?" („פּוילישער אידל", נומ. 6) באַווייזט ווינטשעווסקי, אַז די מערב־אייראָפּעאישע אידן שטייען ניט העכער פאַר די מזרח־אייראָפּעאישע, אָדער „פּוילישע" — „די אידן אין פּוילן, טיפּרוסלאַנד, ליטע, זאַמוט, גאַליציען און רומעניען".

„ס'איז אמת" — זאָגט ווינטשעווסקי — אַז די ערשטע „זיינען רייכלאַכער" און „אין זייערע הייזער איז דאָ מער אָרדנונג". נאָר אַ ווייסע מאַנישקע באַווייזט נאָך ניט, אַז דאָס האַרץ איז גוט, שיין פאַרקעמטע האָר באַווייזן נאָך ניט, אַז דער קאָפּ דיינקט. און ווען עס קומט

*) געזאַמלטע ווערק, באַנד 10, ז' 132.

צום ציגן, ווער איז דער איד, וואָס דיינקט מער — — — ווער איז דער איד, וואָס פילט מער די צרות פון זיין פאָלק — ווען עס קומט דערצו, זאָגן מיר — „דער פוילישער אידל“ קעגן אַ וועלט! — — — מיר זאָגן דאָס ניט בכדי צו ווייזן, אַז מיר זיינען גרעסער, מיר ווילן נאָר, אַז אונזערע אייראָפּעאישע ברידער זאָלן ניט האַלטן צו הויך דעם קאָפּ, ווען זיי רעדן אַרום דעם פוילישן אידל. אין אַן אַנדער פּרט אָבער זיינען מיר טאַקע בעסער אויך פאַר זיי. ווער זיינען די אידן, וואָס אַ ר ב ע ט ן? ווער זיינען אפילו אין לאָנדאָן גופא די אידן, וואָס פון אַ גאַנצער פאַמיליע איז דער טאַטע אַ שוסטער, אַ שניידער, אָדער אַ טישלער (סטאָליער), דער עלטסטער זון אַ פּאָריער (פּוטערמאַכער), די טאָכטער אַ נייטאָרין? — די פוילישע אָדער אייראָפּעאישע אידן?“

נאָר אזוי ווי דער נאָמען „פּוילישער אידל“ איז געווען בלויז א פּראָטעסט, אָדער א „להכעים“, איז דער „פּאָראורטייל געגן דעם נאָמען“ געוואקסן אויך אין ווינטשעווסקי'ס אייגענע רייען און דער 16טער נומער האָט שוין געהאַט דעם מער פּאַסנדיקן נאָמען: „די צוקונפט“.*)

***

ווינטשעווסקי'ס פּראָגראַם־ארטיקל, אינם ערשטן נומער „פּוי־לישער אידל“ (ג"ב מנחם־אב תרמ"ד, פרייטיק, 25טן יולי, 1884) באַווייזט, אַז אים זיינען געווען באַקאַנט די פריערדיקע אידישע צייטונגען אין לאָנדאָן. ער שרייבט דאָרט: „אידישע צייטונגען אין ענגלאַנד ווערן על־פּי רוב ענטפער גלייך געבוירן טויט—ווי א נפל—אָדער זיי לעבן נאָר א פּאָר וואָכן“.

---

*) אין דער צייטונג גופא ווערט פאַר דעם אָנגעגעבן גאָר אַן אַנדער מאָטיוו. ס'ווערט דאָרט אַזוי דערקלערט: „אַזוי ווי אונזער אַגענט שרייבט אונז, אַז אונזער צייטונג וועט אונטער דעם נאָמען „דער פּוי־לישער אידל“ אין רוסלאַנד ניט גיין (דעם גרונט דערפון וועלן די לע־זער לייכט פאַרשטיין), וועט די צייטונג פון נומער 16 אָן הייסן „די צוקונפט“. מיר האָפן אויסצואווירקן, אַז דאָס בלאַט זאָל אין רוסלאַנד אַריינגיין“.

און דערציילנדיק וואָס זיין צייטונג וועט נ י ט זיין, באַקענט אונז ווינטשעווסקי מיט דעם דורכשניטלאַבן אינהאַלט פון די פרי־ערדיקע צייטונגען אין לאָנדאָן. ער שרייבט:

„זי וועט ניט זיין גאָט'ס סטראָפּטשע — — — זי וועט ניט לויבן פערזאָנען, וועט ניט חנפ'ענען רייכע, ניט רעדן פון מגידים, פון דרשות, פון רבנים און אַלע כלי־קודש. פּריוואַט מענטשן וועט די צייטונג ניט טשעפּענען און זיי ניט לויבן, וועט זיי ניט קושן דעם עלנבויגן און זיי ניט בייסן אין פּיאַטע; די צייטונג וועט ניט שרייבן ניט פון מחלוקות אין קלויזן און ניט פון רייכע חתונות".

נאָר פיל וויכטיקער איז דאָס, וואָס ווינטשעווסקי האָט גע־וואָלט, אַז זיין צייטונג זאָל יאָ זיין. ער שרייבט דאָרט:

„מיר וועלן זיין שטאָלץ, ווען די אידישע אַרבעטער וועלן אונ־זער צייטונג דערקענען פאַר זייער אייגענער צייטונג, דען מיר האַלטן דעם נאָל, די נאָדל, דעם הובל און דעם האַמער פאַר גרעסערע מיוחסים ווי די שער, וואָס שניידט קופּאָנעס".

אויף יעדן נומער איז טאַקע געווען געדרוקט דער פּסוק: „יגיע כפיך כי תאכל, אשריך וטוב לך" (אַז דו וועסט עסן פון דיין אייגענער פּראַצע, וועט זיין וואויל און גוט צו דיר).

***

אָנגעהויבן האָט דער „פּוילישער אידל" קליין. די ערשטע דריי נומערן צו פיר זייטן, קוואַרטאָ פאָרמאַט, געטיילט אין צוויי קאָ־לומס. פון נומער פיר אָן איז די צייטונג פאַרגרעסערט געוואָרן פון 4 אויף 8 זייטן. שוין אין ערשטן נומער האָט די צייטונג געהאַט אָט־די אָפּטיילן: אַ לייט־אַרטיקל, אַ פּאָליטישן איבער־זיכט, קאָרעספּאָנדענצן, נייעס פון דער אידישער וועלט, אַ פע־ליעטאָן און אַ רעצענזיע איבער אידישן טעאַטער. אין די ווייטערע נומערן זיינען אויסער אָט־די אָפּטיילן געווען אויך ראָמאַנען און דערציילונגען און „אַלערליי אַרטיקלען פון אַ קריטישן אָדער פּאָ־זיטיוו־באַלערנדן כאַראַקטער".

דעם ערשטן נומער, אחוץ די קאָרעספּאָנדענץ, האָט ווינ־טשעווסקי אַליין אויסגעפילט. דעם פעליעטאָן האָט ער אונטער־געשריבן „יגלי" — יגלי'ס איינציקער אויפטריט אין לאָנדאָן.

אויף אַלע זיינע אַנדערע זאַכן: לייט-אַרטיקלען, די געשיכטע פון די אידן אין ענגלאַנד, הומאָרעסקעס, דערציילונגען און ראָמאַנען (איבערזעצטע און באַאַרבעטע) האָט ווינטשעווסקי געדרוקט אָן אונטערשריפטן. בלויז אויף אייניקע פון זיינע לידער: „צוויי געסעלאַך" (אין נומער 4), „לאָנדאָן ביינאַכט" (אין נומ. 8), „אַ חודש אָן אַרבעט" (אין נומער 15) און אויף זיין פרייער איבערזעצונג פון טאָמאַס הוד'ס „ליד פון העמד" האָט ווינטשעווסקי זיך אונטערגעשריבן בן־נץ.

צוערשט האָט ווינטשעווסקי ניט געהאַט קיין שום מיטאַרבעטער, אחוץ נתן בערלין אין לידז און אייזיק סטאָון אין לאָנדאָן. ער האָט אויך געהאַט צרות מיט דעם אידישן אויסלייג. ערשטענס, איז דאָס „פּוילישע אידל" געזעצט געוואָרן מיט אותיות, וואָס זיינען געווען באַשטימט פאַר העברעאיש, זיינען דאָרט געווען צו ווייניק „עינ'ס". האָט מען דאָרט באַנוצט אָנשטאָט דעם שטומען „ע" אַ „י", למשל: „לעבין, געבין, אייזין, עפּים, גישעפט, גיקומען" — אָנשטאָט: „לעבען, געבען, אייזען, עפּעס, געשעפט, געקומען". צווייטנס, איז דער שרייבער (ווינטשעווסקי) געווען אַ ליטוואַק, דער זעצער (ווערבער) — אַ גאַליציאַנער און דער קאָרעקטאָר (ראַבינאָוויטש) — אַ „טייטש", וואָס האָט אידיש „פּשוט פאַראַכטעט". איז די שפּראַך, אַזוי ווי די אָרטאָגראַפיע, „תמיד געווען אַ קאָמפּראָמיס".

נאָר די ערגסטע צרות, וואָס דער רעדאַקטאָר פון דער ערשטער סאָציאַליסטישער צייטונג אין אידיש האָט געהאַט, זיינען געווען פון די לייענער און שרייבער.

די אידישע אַרבעטער אין לאָנדאָן האָבן נאָך דעמאָלט ניט פאַרשטאַנען רעכט, וואָס אַזוינס איז אַ צייטונג. דער שוסטעראַרבעטער, וואָלף וועס, וואָס האָט צוזאַמען מיט זיין חבר, ש. הילעלסאָן, פאַרטיילט די מודעה וועגן דאָס דערשיינען פונם „פּוילישן אידל", דערציילט, אַז דער עולם האָט זיי אָפט געפרעגט: „וואָס גייט מען שפּילן?..." ווינטשעווסקי — דערציילט ווייטער וואָלף וועס — האָט טאַקע „געצווייפלט אין דעם דעמאָלט־

דיקן לעזער־קרייז, דאָס ער האָט פאַרשפּראָכן אינם ערשטן נו־מער („פּוילישער אידל“), אַז אויב עס וועט ניט גיין, וועט מען פון די בלייענע בוכשטאַבן לאָזן אויסגיסן דריידלאַך אויף חנוכה“ (ארבעטער פריינד“, 16טן מערץ, 1906).

די אידישע לייענער אין לאָנדאָן האָט מען געדאַרפט ערשט דערציען. אָנהויבן מיט זיי פונם סאַמע אלף־בית. נאָר דערצו זיי־נען נויטיק געווען גוטע אידישע שרייבער, וואָס זיינען דעמאָלט „פשוט ניט געווען במציאות“. אומזיסט האָט זיך ווינטשעווסקי געווענדט צו זיינע „אַלטע פריינט“ פון דער קעניגסבערגער עפּאָ־כע. אייניקע האָבן ניט געוואָלט וויסן פון אידיש און אַנדערע זיינען מחמת די פּאָגראָמען געוואָרן חובבי־ציון און, אַזוי ווי לי־ליענבלום, זיך ניט מער אינטערעסירט מיט דער סאָציאַלער פראַ־גע.

נאָר דערפאַר האָבן ווינטשעווסקי'ן פאַרוואָרפן מיט מאַנו־סקריפּטן, אין פּראָזע און פּערזן, „מענטשן, וועלכע האָבן קוים־קוים געקענט אונטערשרייבן זייערע נעמען“. דערביי האָט מען נאָך צו אים געהאַט טענות, „ווי אַזוי אַ מענטש, וואָס רופט זיך סאָ־ציאַליסט“, קען זיך אָפּזאָגן פון צו דרוקן אַ „ווערק“ פון אַן „אונ־טערדריקטן ארבעטער“.

פון אַלע זיינע פּראָלעטאַרישע מיטאַרבעטער האָט זיך ארויס־געהויבן בלויז דער אויבן־דערמאָנטער שניידער־אַרבעטער, אייזיק סטאָון, דער סעקרעטאַר פון דעם אידישן שניידער פאַראיין („אַמאַלגאַמייטעד דזשוּאיש טיילאָר סאָסייעטי“). *) נתן בערלין איז ווייטער פון קורצע קאָרעספּאָנדענצן ניט אַוועק. י. פין האָט

---

*) אייזיק סטאָון האָט אין יענער צייט, ווען „דער פּוילישער אידל“ האָט אָנגעהויבן דערשיינען, אויך פאַרעפנטלאַכט אַ קליין ביכל: „דער אידישער שניידער“ — אַן אינטערעסאַנטע לעבנס־באַשרייבונג פון אַ שניידער“. שפּעטער איז סטאָון געוואָרן אַ פּראָפעסיאָנעלער צייטונג־שרייבער און האָט פאַרענדיקט זיין לעבן אין לאָנדאָן אַלס מיטאַרבע־טער אין דער כל־ישראל־שער באַלעבאַטישער פּרעסע.

זיך אַנטוויקלט צו אַ סאָציאַליסטישן שרייבער פון אַרטיקלען און בראָשורן, ערשט אין דער שפּעטערער סאָציאַליסטישער פּרעסע. אויסער קאָרעספּאָנדענצן און אַרבעטער נייעס האָט ווינטשעווסקי פון זיינע מיטאַרבעטער גאָרניט געדרוקט. די איינציקע אויסנאַמען זיינען געווען אַ ליד פון איינעם, וואָס האָט זיך אונטערגעשריבן מלבי"ש, און אַ פעליעטאָנדל פון חב"ל הורוויץ.

פיליפ קראַנץ (יעקב ראַמבראַ), וואָס איז אַ יאָר שפּעטער געוואָרן רעדאַקטאָר פונם „אַרבעטער פריינד" און זינט דעמאָלט געשריבן „כמעט אויסשליסלאַך אידיש", איז אינם זומער 1884 נאָך געווען אַ רוסישער שרייבער. אויף ווינטשעווסקי'ס פאַרלאַנג האָט קראַנץ אָנגעשריבן אַן אַרטיקל איבער די פּאָגראָמען, כלומר'שט אַלס קאָרעספּאָנדענט פון פּעטערבורג, אונטערגעשריבן „בר-מרא" (ראַמבראַ). נאָך קראַנצ'עס ערשטע אידישע שרייבעריי האָט דערמאָנט „אָן אַ גוי, וואָס רעדט אידיש". דערביי האָבן ביידע, דער שרייבער און זיין רעדאַקטאָר, אַזוי שווער אויף דעם געאַרבעט, אַז זיי האָבן נאָכדעם געדאַרפט האָבן „אַ יאָר רו".

כמעט אָן מיטאַרבעטער, און מיט אַזוי פיל שווערע אויפגאַבן, האָט ווינטשעווסקי, אַזוי ווי אין זיינע ערשטע העפטן „אספת־חכמים", געדאַרפט אויספילן כמעט אַליין דעם גאַנצן „פּוילישן אידל". ווידער, ווי אין קעניגסבערג, האָט ווינטשעווסקי נאָך זיין אַרבעטסטאָג אינם באַנק, געדאַרפט אַרבעטן שווער אַלס רעדאַקטאָר. ער האָט געשריבן לייט־אַרטיקלען, פּאָליטישע איבערזיכטן, לידער, פעליעטאָנען און דערציילונגען, און צולעצט אויך וויצן. ער האָט אויך פריי איבערזעצט אָדער באַאַרבעט ראָמאַנען, צוזאַמענגעשטעלט אידישע נייעס און געפירט אַ בריווקאַסטן אין עטלאַכע לשונות. ווינטשעווסקי האָט זיך נוהג געווען צו ענטפערן אין בריווקאַסטן יעדן איינעם אין דער שפּראַך, אין וועלכער יענער האָט זיך געווענדט צו אים. געפינען מיר דאָרט ענטפערס אין העברעאיש, ענגליש און הויכדייטש (מיט לאַטיינישע בוכשטאַבן). אחוץ דעם האָט נאָך ווינטשעווסקי שווער געאַרבעט אויסצובעסערן

ניט בלויז די שפראך פון זיינע מיטארבעטער, נאר גאר אפט אויך דעם אינהאלט.

נאר כאטש די ליטעראַרישע ירושה פונם „פוילישן אידל" איז ניט קיין באדייטנדיקע, האָט דאך די ערשטע סאָציאַליסטישע צייטונג אין אידיש גרויסע פארדינסטן פאר דער אידישער ליטעראַטור און שפּראך.

ניט געקוקט אויף דעם וואָס ווינטשעווסקי האָט דעמאָלט געגלויבט, אַז די אידישע שפּראך וועט אין ענגלאַנד לאַנג ניט אָנהאַלטן און „אין 20 יאָר צייט וועט „דער פוילישער אידל" מוזן געשריבן ווערן אויף ענגליש", האָט ער דאך גלייכצייטיק דאָרט אונטערגעשטראָכן, אַז אידיש איז „אַקוראַט אזא לשון ווי יעדער אנדערער".*) ער האָט אויך געראַטן זיינע פּראָלעטאַרישע מיטארבעטער, ניט צו שרייבן אויף „טייטש", נאָר אינם פּשוט'ן מאַמע־לשון. ער אליין האָט געגעבן אַ מוסטער מיטן אויסגעצייכנטן אידישן סטיל פון זיינע לייט־אַרטיקלען און באזונדערס פון זיינע לידער, אין וועלכע עס „האָט זיך ביסלאַכוויז אויסגעארבעט דאָס, וואָס מיר רופן היינט ליטעראַרישער אידיש".

מיט איר גוטן אידיש פאר יענער צייט און מיט איר ערנסטן אויפקלערנדיקן אינהאַלט, איז די ערשטע סאָציאַליסטישע צייטונג אין אידיש געוואָרן אַ מוסטער פאַר דער בעסערער אידישער פּרעסע אין ענגלאַנד און אַמעריקע און שטאַרק באאיינפלוסט אויך די אַנטוויקלונג פון אַ אידישער ליטעראַטור אין די ענגליש־רעדנדיקע לענדער.

***

דאָס „פוילישע אידל" איז ניט געווען קיין סאָציאַליסטישער אָרגאַן אינם פולן זין פונם וואָרט. פאַר אַ וו. ראַבינאָוויטשן איז די צייטונג געווען אַ געשעפט, אַ טייל פון זיין דרוקעריי, און „ער האָט די גאַנצע צייט געצויגן צום ריוח" בעת ווינטשעווסקי האָט „געשטרעבט צו אַן אידעאַל". האָבן זיי זיך געמוזט אייניקן אויף

---

*) „פּוילישער אידל", נומער 3.

א פשרה. די צייטונג זאָל זיך אָנהויבן „ניט אויסגעשפּראָכן סאָציאַליסטיש".

„איר מאָטאָ זאָל זיין דער פסוק „יגיע כפּיך כי תאכל", וועלכער שטעלט צופרידן דעם געוויסן און איז אין דער זעלבי־קער צייט ניט קיין שטער צו ביזנעס. זי זאָל באַלויכטן טאָגפראַגן ווי א סאָציאַליסט דאַרף עס טאָן, אָבער זאָל דערוייל נאָך ניט אויפהויבן די רויטע פאָן, ווייל דאָס קען פאַרטרייבן שוואַרצ־לאַכע און גרינלאַכע מענטשן, וועלכע מ'דאַרף ביי זיך האַלטן, „און אויב זיי זיינען ביי אונז ניטאָ, אפילו צוציען, כדי זיי מיט דער צייט צו מאַכן רויט". בפרט, אַז אפילו די „רויטע" האָט מען גענדאַרפט „ערשט לערנען לייענען אין אידיש". *)

איז די ערשטע סאָציאַליסטישע צייטונג אין אידיש געוועזן דאָס, וואָס מיר רופן היינט נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטיש. זי איז גע־וועזן א סך מער אידיש-נאַציאָנאַל, ווי די ערשטע צוויי סאָציאַ־ליסטישע צייטונגען אין העברעאיש — „האמת" און „אספת־חכמים". ווינטשעווסקי'ס לייט־אַרטיקל אינם צווייטן נומער „פּוי־לישער אידל", אונטערן נאָמען „שטיפקינדער אין דער וועלט" איז אַרום 20 יאָר שפּעטער געווען איבערגעדרוקט אין א ציוניס־טישן אָרגאַן אין אַמעריקע. **) זיינע לייט־אַרטיקלען איבער דער אַנטיסעמיטישער געפאַר זיינען געווען געשריבן מער אַלאַרמיסטיש, ווי אפילו אין די שפּעטערע ציוניסטישע צייטונגען. נאָר קוקט מען זיך צו זיי צו נעענטער, אַזוי מערקט מען באַלד, אַז דאָס שרייבט א קלאַסנקעמפער און ניט קיין כל־ישראליסט, א וועלט־בירגער און ניט קיין „פּאַלעסטינעץ" (חובב־ציון), כאָטש ער רעדט א שפּראַך, וואָס איז ענלאַך צו זייערער, דערמאָנענדיק די „אַמאָ־ליקע יאָרן" אין דער „מאַמעס הויז, אין דערהיים".

די זעלבע מאָטיוון, וואָס האָבן געבראַכט צו זיין אַלאַרמיזם אין פּראָזע, האָבן אויך געפונען זייער אויסדרוק אין ווינטשעווסקיס

---

*) געזאַמלטע ווערק, באַנד 10, ז' 179.

**) „דאָס אידישע פאָלק", נומער 1, 23טן מערץ, 1906.

ליד „ריקבליק אויף דאָס אַלטע יאָר" (26טן סעפּטעמבער, 1884). ער דערציילט דאָרט, אַז דאָס אַלטע יאָר איז געווען „פול פון שרעק־געשטאַלטן", צרות, זלזולים און שענדלאַכע בלוט־בלבולים פאַרן אידישן פאָלק און מלחמות, מענטשן־מאָרד און שלאַכט פאַר דער גאַנצער וועלט.

דער יונגער ווינטשעווסקי, טיף אויפגערודערט פונם אַנטי־סעמיטיזם, בלוט־בלבולים און פּאָגראָמען, האָט שאַרף אונטערגע־שטראָכן, אַז די אידן זיינען „שטיפקינדער" ניט בלויז אין די לענדער, וואו זיי ווערן פאַרפאָלגט, נאָר אויך אין ענגלאַנד און פראַנקרייך, וואו „מען דערמאָנט זעלטן, אַז ער (דער איד) איז ניט אַן אייגן קינד און צייטנווייז פאַרגעסט ער דאָס אַליין". ווינ־טשעווסקי האָט באַנוצט יעדע געלעגנהייט צו ווייזן „די מעגלאַכ־קייט פון אַן אַנטיסעמיטישן אויסברוך אפילו אין ענגלאַנד". אין זיין לייט־אַרטיקל „קליינע וואָלקן אויפן הימל" (3טן אָקטאָבער, 1884) דערקלערט ער, אַז „אַ פּאָגראָם אין ברוקליין, אין די קווערשטראַסן פון קאָמערשיל־רויד (די אידישע געגנט אין לאָנ־דאָן) קען שרעקלאַכער, בלוטיקער ווערן" ווי אַ פּאָגראָם אין באַלטאַ... נאָר דערביי האָט ער תמיד אָנגעוויזן אויף די עקאָנאָמישע סיבות פונם אַנטיסעמיטיזם. פון איין זייט האָט ווינטשעווסקי, אַזוי ווי ליבערמאַן (אין זיין פּראָקלאַמאַ־ציע צו דער אינטעליגענטער אידישער יוגנט), געטייט מיט די פינגער אויף די אידישע געלטניקעס און עקספּלואַטאַטאָרס: אַט צוליב אייערע זינד ווערן געהאַסט און פאַרפאָלגט אויך די ער־לאַכע אידישע האָרעפּאַשניקעס. פון דער אַנדערער זייט האָט ווינטשעווסקי אָנגעוויזן, אין זיין לייט־אַרטיקל „דער אידנהאַס אין ענגלאַנד" (9טן דעצ., 1884), אויף דער ביטערער לאַגע, אין וועלכער ס'געפינט זיך דאָס ענגלישע פאָלק, ווי אַזוי ס'ליידט פון אַרבעטסלאָזיקייט און ווערט צעדריקט פון דער שווערער לאַסט, וואָס די אימפּעריאַליסטן האָבן אויף אים אַרויפגעלייגט. ער האָט אויך אָנגעוויזן, ווי לייכט עס איז איינצורעדן די ליידנדיקע ענג־לישע מאַסן, אַז אין זייער שווערער נויט איז שולדיק ניט דער

ענגלישער קאַפּיטאַליסטישער קלאַס, ניט דער ענגלישער אימפּע־ריאַליזם, נאָר דער אידישער עמיגראַנט.

נאָר ווינטשעווסקין איז אָנגעקומען לייכטער אָנצואווייזן אויף די סיבות פון דער אַנטיסעמיטישער מגפה, ווי אויף די מיטלען זיך צו שיצן קעגן איר. ער שטעלט די פראַגע: „וואָס קאָנען מיר טאָן?" און ענטפערט, אין זיין לייט-אַרטיקל „אונטער פיר אויגן" (10טן אָקטאָבער, 1884), אַז מען וועט שטענדיק „מקנא זיין" דעם רייכן אידן און „האסן" דעם אָרי־מען — כל־זמן עס וועט איין מענטש לעבן פון דעם אַנדערענס אַרבעט און כל־זמן יעדער וועט האָבן צו זאָרגן נאָר פאַר זיך, ניט דאגה'נענדיק פאַרן כלל". אַלס אַ דערווייליקן מיטל, האַלט ווינ־טשעווסקי, ערשטנס, אַז אידן זאָלן פאַרלאָזן די געגנטן, וואו עס וואוינען די סאַמע אָרעמסטע ענגלענדער, וועמען די אידישע פרויען „שטעבן אַלע שבת די אויגן מיט זייערע פּערל, מיט זייע־רע פינגערלאַך".*) צווייטנס, אויפדעקן אין צייטונג „אַלע עולות, אַלע שווינדלס, וואָס ווערן באַמערקט אינם כלל, אַלץ וואָס קאָן דעם אידן נאָך מער שאַדן".

מיט אָט־דעם לעצטן מיטל האָט ווינטשעווסקי זיך באַנוצט מיט אַ ברייטער האַנט. ער האָט געמאַכט אַ גרויסן פּירוש פון יעדן פאַרברעכן, וואָס די אידישע בורזשואַזיע באַגייט קעגן אָרימע ניט־אידן. ער האָט אַרונטערגעריסן די אידישע לענדלאָרדס, פּראָפיטירער, פּראָצענטניקעס, פייער־מאַכער און כל'ערליי אַנדערע שווינדלער. די באַלעבאַטישע אידישע וועלט איז געווען אויסער זיך פון אַזאַ פרייער פּרעסע און זעלבסט־קריטיק און זי האָט אים

*) דאָס וואָרט „שיני" דערקלערט דאָרט ווינטשעווסקי שפּעטער (20טן פעברואַר, 1885), מיינט אין אַלט־ענגליש: גלאַנץ, בלישטשן, פּוצן, „וואָס דערפון איז לייכט צו פאַרשטיין, אַז מען האָט די אידן אַזוי צום שפּאַס גערופן, ווייל זיי פּוצן זיך געוויינלאַך און איבערהויפּט אום שבת, ווען דער ענגלענדער קומט פון דער אַרבעט און טרעפט זיי ביי די טירן פון די הייזער — — — שטייענדיק אויסגעפּוצט ווי ליאַלקעס".

דערקלערט פאַר אַן אַנטיסעמיט... נאָר פון דער אַנדערער זייט האָט מיט אים אויך ניט געקענט זיין צופרידן דער ניט־אידישער ליבעראַל. וואָרים ווינטשעווסקי האָט ניט פאַרשוויגן די מינדסטע עולה, וואָס דער ניט־אידישער עולם באַגייט קעגן אידישן כלל, אָדער אפילו קעגן אַן איינצעלנער אידישער פּערזאָן. ווינטשעווסקי האָט געמאַכט גרויס ווענן פון יעדן וואָרט, מינדלאַך אָדער שריפטלאַך, וואָס איז געצילט געוועזן קעגן אידישן פאָלק. זיין ציל איז געווען קלאָר: אַלץ באַלייכטן, אויפדעקן, קלאָר מאַכן. ער איז געווען זיכער, אַז דאָס ליכט פון אמת קען ביידע צדדים נאָר גוטעס טאָן.

אָן צווייפל האָט ווינטשעווסקי שוין דעמאָלט געהאַלטן, אַז דער ווירקזאַמסטער מיטל קעגן אַנטיסעמיטיזם אין ענגלאַנד איז: פון איין זייט, אָרגאַניזירן די אידישע אַרבעטער אין יוניאָנס, „כדי זיי זאָלן ניט אַראָפּזעצן דעם אַרבעטסלוין דורך קליינע שכירות און לאַנגע שטונדן". פון דער אַנדערער זייט, געבן צו פאַרשטיין דעם ענגלישן אַרבעטער־קלאַס, „אַז פאַר אים, ניט האָבנדיק קיין שוץ־צאָל (טאַריף), איז כדאי'ער, אַז דער וואַרשעווער קאַמאַשענמאַכער זאָל קומען קיין נאָרטהעמפּטאָן, ווייל דאָ וועט ער דאַרפן מער צו לעבן און וועט ניט קענען אַרבעטן אַזוי ביליק— אפילו ווען ער זאָל וועלן — ווי בלייבנדיק אין וואַרשע, שוין גאָר ניט רעדנדיק דערפון, וואָס אין נאָרטהעמפּטאָן וועט ער לייכטער זיך אָרגאַניזירן". *)

אין כאָטש „דער פּוילישער אידל", אָדער „די צוקונפט", איז געווען „ניט אויסגעשפּראָכן סאָציאַליסטיש", האָט דאָך ווינטשעווסקי דירעקט און אינדירעקט אַגיטירט כסדר, אַז די אידישע אַרבעטער זאָלן זיך אָרגאַניזירן און ניט זיין מער „אין גלות ביי... אידן". אַ באַזונדער איינדרוק האָט געמאַכט זיין לייט־אַרטיקל „אונזערע פּאַרטייען" (אין נומער 17, 14טן נאָוועמבער, 1884), אין וועלכן ווינטשעווסקי האָט בלומר'שט אומפּאַרטייאיש דער־

*) געזאַמלטע ווערק, באַנד 10, ז' 150—151.

סלערט די שטעלונג צו דער אידנפראַגע פון פיר אידישע פאַר־טייען: גלייכגילטיקע, אַסימיליאַטאָרן, נאַציאָנאַליסטן און סאָציאַ־ליסטן. די לעצטע, שרייבט ער, זיינען די, וואָס זאָגן, אַז

„די אידנפראַגע איז פאַר זיך אַליין גאָר קיין פראַגע ניט, זי איז נאָר אַ טייל פון דער אַלגעמיינער מענטשנפראַגע. נאָך זייער מיינונג נאָך, וועט מען דעם אידן אַזוי לאַנג האַסן ווי לאַנג עס וועלן זיין אָרימע און רייכע; ווי לאַנג איין מענטש וועט לעבן פון דעם אַנדערן מענטשנס אַרבעט; ווי לאַנג יעדער וועט מער ניט זאָרגן ווי פאַר זיך אַליין. זיי ווילן אַלזאָ, אַז די אידנפראַגע זאָל אַנטשיידן ווערן צוגלייך מיט דער אַלגעמיינער געזעלשאַפטס־פראַגע, דאָס הייסט, מען זאָל מאַכן, אַז אַ ל ע מענטשן זאָלן גלייך זיין אין אַלע פרטים, אַז אַ ל ע פעלקער זאָלן לעבן צוזאַמען ווי ברידער, און דאַן — זאָגן זיי — וועט ממילא דער איד אויפהערן צו ליידן, וואָרים עס וועט ניט זיין קיין ק נ א אָ־ש נ א ה צווישן איין נאַציאָן און די אַנדערע, און יעדער מענטש וועט באַטראַכט ווערן אַלס מענטש, צי ער איז איד אָדער קריסט, מאַכ־מעדאַנער אָדער הייד. די, וואָס דיינקען אַזוי, זיינען די אידישע סאָ־ציאַליסטן".

אַ שטאַרקן איינדרוק אויף די אידישע אַרבעטער אין לאָנדאָן האָט אויך געמאַכט ווינטשעווסקי'ס ליד „אַ חודש אָן אַרבעט", וואָס ער האָט פאַרעפנטלאַכט אַ וואָך פריער (דעם 7טן נאָ־וועמבער).

דאָס ליד איז געווען אַן אויסגעשריי קעגן דער מכה פון „סלעק", וואָס הייסט אויף אידיש, ווי ווינטשעווסקי דערקלערט, „ניט ווי דאָס ווערטערבוך וויל האָבן, אַרבעטסלאָזיקייט, נאָר פשוט הונגער". ווינטשעווסקי האָט דאָס ליד געשריבן איינס אַזייגער ביינאַכט, ווען ער איז געקומען „אַן אויפגערעגטער" פון אַ מיטינג, וואו מ'האָט גערעדט פון דלות, מחמת אין און אַרום ווייטשעפל האָט געהערשט סלעק אין דעם שניידער־פאַך. אינם הויז, וואו ער איז געקומען נאָכן מיטינג, האָבן זיך אַרומגעדרייט „שנאָרער, רייכע־לייטס טעלער־לעקער", וועמעס מיטל קעגן „סלעק" איז געווען בעטן צדקה. דאָס רעגט אים באַזונדער אויף,

ווייל ער ווייסט, אַז די אין לאָנדאָן געוואָרענע אַרבעטער זיינען „נעכטיקע ישיבה בחורים און אפשר מאַרגנדיקע בעטלער". אין דער היים זיינען זיי קיין בעלי-מלאכות ניט געווען און אַרבעטן איז פאַר זיי אַן אָפּקומעניש ווי קאַטאָרגע. פאַלט אים איין דער געדאַנק, זיי אַריינצוגעבן „דעם געפיל פון אַכטונג פאַר אַרבעט" און זיי צו באַווייזן, ווי נידעריק ס'איז צו „גיין בעטלען ביי די קצינים". און „נאָך אַ טאָג פון שווערער אַרבעט, מיט אַ הוסט, וואָס לאָזט זיך אַלע ווייַלע הערן", האָט ווינטשעווסקי אָנגעשריבן זיין ליד, אין וועלכן דער אַרבעטסלאָזער אַרבעטער זינגט שטאָלץ:

„איך בעט ניט ביי קיינעם
אַ טיטל אַ שיינעם,
איך וויל קיין „מורנו" ניט זיין;
איך וויל אַ באַוואוסטער —
אַלס ערלאַכער שוסטער,
אַלס ערלאַכער שניידער נאָר זיין". *)

אַלס רעזולטאַט פון ווינטשעווסקי'ס אַגיטאַציע אינם „פּויליש אידל" און „צוקונפט", און באַזונדערס אונטערן איינדרוק פון זיין לעצטן ליד און לייט־אַרטיקל האָט זיך דעם זעלבן חודש געגרינדעט אין לאָנדאָן דער קלוב פונם „אַרבעטער אונטערשטיצונג און בילדונג פאַראיין", וועלכער האָט זיך שפּעטער אַנטוויקלט צו דעם באַקאַנטן „בערנער סטריט קלוב".

***

דער נייער אידישער אַרבעטער פאַראיין האָט געטראָגן דעם זעלבן נאָמען און געהאַט דעם זעלבן פּראָגראַם, ווי דער, וועלכן ליבערמאַן און ווינטשעווסקי האָבן אָרגאַניזירט מיט פיר און אַ האַלב יאָר פריער, אינם זומער 1880. ביי דער ערשטער עפנטלאַכער פאַרזאַמלונג פונם פאַראיין (זונטאָג, דעם 22טן נאָוועמבער 1884) האָט ווינטשעווסקי געהאַלטן זיין „ערשטן אידישן פאָרטראַג", הגם נאָך אַלץ אין „געבראָכענע דייטש", פאַר „אַן אמת'ער

*) דאָרט, באַנד 2, ז' 21.

מאַסנפאַרזאַמלונג". מ'האָט דאָרט אויך געזונגען זיין נײַ ליד „אַ חודש אָן אַרבעט" און אויך אַ פריערדיק ליד זיינס „לאָנדאָן בײַ־נאַכט". *)

ווינטשעווסקי דערקלערט, אַז „יענעם זונטאָג—פיר יאָר נאָך ליבערמאַנ'ס טויט—האָט זיך אין ענגלאַנד אָנגעפאַנגען די אמת'ע אידישע אַרבעטער־באַוועגונג, די אמת'ע מאַסן־באַוועגונג". אין אַ לייט־אַרטיקל, אין דער „צוקונפט" פונם 5טן דעצעמבער, 1884, רעדט ווינטשעווסקי מיט גרוים באַגייסטערונג פון דעם נײַ־געגרינדעטן פאַראיין. ער ציטירט די ווערטער פון זיין ליבלינג, יאָהאַן יאַקאָבי, אַז די גרינדונג פונם קלענסטן אַרבעטער פאַראיין וועט פאַרן צוקונפטיקן קולטור־היסטאָריקער זיין פון גרעסערן ווערט ווי אַ בארימטע מלחמה, און פירט אויס:

„דער וואונטש, וואָס איז געווען נעענטער ווי יעדער אַנדערער צו אונזער האַרצן, ווען מיר האָבן אָנגעפאַנגען אַרויסגעבן דאָס בלאַט, איז דערפילט געוואָרן. די אידישע אַרבעטער האָבן זיך ענדלאַך פאַראייניקט און זייער חברה האָט אַ געזונטן פונדאַמענט. מיר ווילן זיך ניט שטאַרק איבערנעמען, אָבער אונז דוכט זיך, אַז ע פּ ע ס האָט אונזער צײַ־טונג דערצו בײַגעטראָגן. און מיר קאָנען זאָגן, אַז מיר האָבן אונזער בלאַט ניט אומזיסט אַרויסגעגעבן".

אינם באַריכט פון אָט־דער היסטאָרישער פאַרזאַמלונג, פּונקט אַזוי ווי אין דער מעלדונג, אַז ער וועט דאָרט רעדן, ווערט ווינ־טשעווסקי ניט אָנגערופן מיט אַ נאָמען, נאָר סתם „אַ גאַסט". ס'ווערט דערציילט, אַז דער „גאַסט" האָט דערקלערט, „אַז אַ ווירקלאַכער אַרבעטער איז נאָר דער, וואָס אַרבעט מיט אינסטרו־מענטן, געברויכט זיינע קערפּערלאַכע קראַפט און מאַכט נוצלאַכע

---

*) דאָרט, ז' 27—28 (צו ווינטשעווסקי'ס לאָנדאָנער אַרבעטער לידער זיינען דאָרט באַלד צוגעפּאַסט געוואָרן מעלאָדיען. זיין ערשט ליד, אינם „פּוילישן אידל" (15טן אויגוסט, 1884): „צוויי געסעלאַך", קעגן שפּילן אין קאָרטן, איז צוויי וואָכן שפּעטער דעקלאַמירט געוואָרן פון יעקב אַדלער, אין זיין לאָנדאָנער טעאַטער.

זאַכן". ער האָט אויך דערקלערט, אַז די פריערדיקע פאַראייניגן האָבן זיך ניט געהאַלטן, ווייל די גרינדער זיינען ניט געווען קיין אַרבעטער און ווייל מ'האָט גענומען פאַר מיטגלידער אויך מייסטערס.

נאָר באַלד האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אויך ניט אַלע אַרבע־טער קאָנען געהערן צוזאַמען אין איין קלוב, ווי ווינטשעווסקי האָט געמיינט. אַרויסגעוויזן האָט זיך עס טאַקע צוליב אים. די מעשה איז אַזוי געווען: אינם אָנהויב האָט אין קלוב געהערשט הארמאָניע. די 300 מיטגלידער האָבן באַטראַכט דעם אַרבעטער־קלוב פאַר זייער היים. ווינטשעווסקי, ליטווינאָוו (פינקעלשטיין) און אַנדערע האָבן געהאַלטן לעקציעס. ס'האָט זיך אויך געגרינדעט אַ כאָר. מ'האָט געשפּילט טעאַטער, דעבאַטירט סאָציאַליזם און אַטעאיזם. נאָר אָט־דער שלום־בית איז גאַנץ צעבראָכן געוואָרן מיטן דערשיינען פון ווינטשעווסקי'ס „יהי אור!" — די ערשטע סאָציאַליסטישע בראָשור אין אידיש. ווי איינער פון יענע צייט־חברים דערציילט, האָט ווינטשעווסקי'ס בראָשור „אָנגעמאַכט אַ גערודער אין שטעטל. ס'זיינען געמאַכט געוואָרן איינווענדונגען, דאָס מען שענדט דעם אידישן גאָט און מען רויכערט אום שבת" *) ס'איז געקומען צו אַ געשלעג און דער קלוב האָט זיך צוגעמאַכט. ווען ער האָט זיך ווידער געעפנט, איז ער שוין באַשטאַנען פון אַן איינהייטלאַכן עלעמענט, רעוואָלוציאָנערע סאָציאַליסטן, און איז געוואָרן אַ מעכטיקער פאַקטאָר אינם אידישן אַרבעטער לעבן אין ענגלאַנד.

*) ס. פרימאַן, „אַרבעטער פריינד", 16טן מערץ, 1906.

## 8.

# מאַסנבאַוועגונג

ערשטע סאָציאַליסטישע בראָשור אין אידיש. — יהי אור! — דרייצן עיקרים פונם סאָציאַליזם. — „מאָרים" דער „שרויפער". — ערשטע אַרבעטער לידער אין אידיש.

זיין בראָשור „יהי אור" האָט ווינטשעווסקי, ווי ס'איז שוין געוועז דערמאָנט אין אַ פריערדיקן קאַפּיטל, אָנגעשריבן אינם יאָר 1879, נאָך זיין קומען פון פּאַריז קיין לאָנדאָן. נאָר דעמאָלט איז ניט געוועז קיין מעגלאַכקייט צו שאַפן די מיטלען זי צו דרוקן. נאָר אין 1884 איז שוין די לאַגע געווען גאָר אַן אַנדערע.

און אָט וואָס עס דערציילט וועגן דעם וואָלף וועס, איינער פון די צוויי אַרבעטער (דער אַנדערער איז געוועז ש. הילעלסאָן), וועלכע האָבן געשאַפן דעם פאָנד זי אַרויסצוגעבן און זיינען געוועז אירע הויפּט־פאַרקויפער:

„איך דערמאָנער זיך אַ געוויסן שבת נאָכמיטאָג, אין זומער פון 84טן. עס וואָר אין אַן איינפאַכן צימער אין אַ זייט־סטריט פון קאָמערשעל ראָוד, וואו צוויי אידישע אַרבעטער האָבן לאָזשירט, און ע ר איז אַריינגעקומען פיר אַ ווײַלע זיך אונטערהאַלטן מיט דעם סטאָלער און מיט דעם שוסטער. אַך, וואָס פאַר אַ פרייד ז י י ן באַזוך פלעגט זיי מאַכן! ווי געוויינלאַך, פאַררויכערט ער אַ סיגאַרעט און דער געשפּרעך פאַנגט אָן. צוערשט וועגן פּעטער לאַווראָוו, וועגן אַנדערע באַרופענע פּערזאָנען אין דער רוסישער באַוועגונג, און דאַן אַ לאַנגע רעדע, וואָס האָט אַוועקגעדויערט געוויס איבער אַ שטונדע. ניט אימער פלעגט ע ר רעדן לאַנג. אָבער דאָס מאָל, גאַנץ אונערוואַרטעט פון ביידע זייטן, האָט ע ר אויסגעגאָסן זיין האַרץ פאַר די הערצער פון דיזע צוויי צוהערער. אוי, ווי זיי האָבן געשלונגען זיינע ווערטער! ווי זיי האָבן געציילט די זילבען! מיט בלישטשענדע אויגן, וועלכע האָבן אַריינגעקוקט טיף אין די הערצער פון זיינע צוהערער, קוקנדיק דאָ אויף דעם און דאָ אויף יענעם, האָט ער זיי געשילדערט דעם היינטיקן טרויעריקן צושטאַנד און האָט זיי אַריינגעגעבן האָפענונג פאַר אַ נייעם לעבן, פאַר אַ

גייער צוקונפט. ע ר האָט געענדיקט, ווען עס איז שוין געווען פינ־
סטער, מיט דער פאַרזיכערונג, דאָס דיזע נייע צייט וועט געוויס קומען
און זאָגאַר ווען ער וועט עס ניט דערלעבן, זיינע קינדער וועלן עס זי־
כערלאַך געניסן.

ווען ע ר האָט געענדיקט רעדן, אָנשטאָט פון אַפּלאָדיסמענט, האָט
זיך אַרויסגעצויגן אַ לאַנגער זיפץ פון איינעם פון די צוויי צוהערער—
אַשטייגער ווי דאָס וואָלט אים לייכטער געמאַכט צו רעדן.

„אַך, ליבער „זיידע", האָט ער אויסגערופן, „ווי מאַכט מען, אַז
דאָס, וואָס מיר האָבן דאָ היינט געהערט, זאָל אויך קענען געהערט ווערן
פון אונזערע אַנדערע ברידער? מיר דוכט, זיי וואָלטן עס צוצוקערן".

אַ קוק געבנדיק אויפן זייגער, אַז עס איז שוין שפּעט, האָט ער,
דער „זיידע", אין קורצן געענטפערט:

„אָה, וועגן דעם האָב איך אויך געוואָלט רעדן מיט אייך. איברי־
גענס, איז וועל דאָ זיין מאָרגן און איך וועל עטוואָס"...

***

אויף מאָרגן (זונטאָג) האָט ער געבראַכט אַ מאַנוסקריפּט. „לייענט
עס איבער צווישן זיך און זאָגט מיר אייער מיינונג, צי עס איז ווערט
צו דרוקן. נאַטירלאַך, וועל איך עס אויסבעסערן איידער עס ווערט גע־
דרוקט". אַ דריטער אַרבעטער (אַ זעצער) איזא ויך אָנוועזנד געווען דעם
זונטאָג, און מיט גרויס התלהבות האָבן די דריי דורכגעלעזן דעם מאַ־
נוסקריפּט. נאָכן דורכלעזן האָבן זיי אויפן שטעל געעפנט אַ פאָנד, צו
וועלכן זיי האָבןביידע בייגעטראָגן וועכנטלאַך, יע נאָך די מעגלאַכקייט.
אין פאַרלויף פון אַ פּאָר מאָנאַט איז דאָס מאַנוסקריפּט ערשינען אונטער
דעם טיטל „יהי אור!" און פון דאַן אָן איז אונזער באַליבטער פריינד
בן־נץ באַקאַנט אונטער דעם נאָמען „מאָרים ווינטשעווסקי".*)

די בראָשור „יהי אור!" (וואַרשיינלאַך גאַנץ אָדער טיילווייז

---

*) „אַרבעטער פריינד", 16טן מערץ, 1906 (ווי ס'שיינט, איז אויך
דער נאָמען בן־נץ געבליבן פּאָפּולער: יאָרן שפּעטער האָט ב. פייגענבוים
באַנוצט פאַר זיין בראָשור „דער גן־עדן התחתון" ווינטשעווסקי'ס פּאָ־
פולערן פען־נאָמען בן־נץ, צוגעבנדיק דערצו דעם פאַרנאָמען שמחה־בונם).

איבערגעארבעט, ווי ס'איז געווען געשריבן מיט 5 יאָר פריער) איז ארויס) אָנהויב 1885, אלס „ערשטעם העפט" פון א „אידישע פאָלקסביבליאָטעק" און איז אנאָנסירט געוואָרן אלס בראשור „אין זשארגאָנישער שפּראכע, אין וועלכער עס איז אויספירלאך די הויפּט פּרינציפּן דער ארבעטער, ווי אויך די אלגעמיינע מענטשלאכע פראגע, אין איין אינטערע־סאנטן אונטערהאלטונג איבער די פארקערטע וועלט, פון מאָרים ווינטשעווסקי פארפאסט". ס'איז געשריבן אין דער פאָרמע פון א דיאלאָג צווישן צוויי אידישע ארבעטער, מאָרים און היימאַן. דער פולער נאָמען פון דער בראָשור איז: „יהי אור, איינע אונטערהאלטונג איבער די פארקערטע וועלט מיט זיין פריינט היימאַן, פון מאָרים ווינטשעווס־קי". נאָר דער פארפאסער, מאָרים, איז גראָד דער פּראָסטע־רער פון אָט־די צוויי ארבעטער, און ער גיט בלויז איבער דאָס, וואָס זיין פריינט היימאַן האָט אים דערקלערט.

מאָרים ליבט שטארק זיין פריינט היימאַן, וועלכן ער האלט פאר „א מענטש מיט א גראדן שכל און מיט א גוט הארץ", וואָס קען א פּאָר שפּראכן, איז גוט באלעזן, האָט פיל געררייזט, „געזען א סך די וועלט" און „זיך זייער גוט פארשטאנען אויף א מענטשן". זיי טרעפן זיךביידע אין א הייסן זומערדיקן טאָג, ווען מאָרים איז ארבעטסלאָז און גייט ארום א הונגעריקער. היימאַן נעמט אים אריין אין א קאפע, באשטעלט א מאָלצייט, טוט א זיפץ און שרייט אויס: „א פארקערטע וועלט! אָ, מיר נארישע, נארישע ארבעטער!" ביים ארויסגיין פונם קאפע פרעגט מאָרים היימאַנען, וואָס ער האָט געמיינט מיט זיין אויסרוף. דערקלערט אים היימאַן, אלס ענטפער, אין א לייכטן שמועס דעם אלף־בית פון דעם מארקסיזם.

דער „יהי אור!" איז געשריבן מערסטנס אין א ריינעם אי־דיש און אין אזא לייכטער און קלאָרער שפּראך, ווי דאָס איז א זעלטנהייט צו געפינען אפילו אין יענע סאָציאליסטישע בראָשורן, וואָס זיינען געשריבן א פּאָר צענדליק יאָר שפּעטער. איין ביי־

שפּיל דערפון וועט זיין גענוג. דער ארבעטער מאָריס וויל וויסן, ווי אזוי די ארבעטער קענען געהאָלפן ווערן פון זייער נויט. נאָר היימאַן לייגט אים אָפּ דעם ענטפער אויף מאָרגן. גייט מאָריס אהיים מיט א קלאָפּנדיק הארץ, איז פארטיפט אין געדאנקען און רעדט צו זיך אליין:

„אָבער ווי קענען מיר זיך העלפן? זאָלן מיר דען ביי די רייכע אוועקנעמען זייער געלט — און זיך צעטיילן? — — — ניין! דאָס לייגט זיך מיר עפּעס ניט אויפן שכל, הגם איך קען ניט זאָגן, אַז דאָס איז ניט קיין יושר: „הגונב מן הגנב פטור!" אָבער וואָס וועט זיין די פּעולה דערפון. מיר וועלן לעבן ווי פריער, צווישן אונז גופא וועלן ווערן נייע קצינים און מיר וועלן אודאי ניט בעסער זיין פאַר די היינטיקע רייכע לייט. ווי־זשע קענען מיר זיך העלפן? וואָס קענען מיר טאָן? פאַרוואָס האָט ער מיר ניט גלייך געזאָגט? ער האָט אודאי דערביי אַ מיין. אָ! ווי דערלעבט מען שוין דעם קומענדיקן מאָרגן?..."

דעם נאָמען פון דער בראָשור, „יהי אור", האָט ווינטשעוו־סקי גענומען פון דעם פּאָעטיש ווערק אונטער אָט־דעם נאָמען פון לעאָפּאָלד יאַקאָבי. *) דער פאַמיליע־נאָמען פונם ארבעטער, „מאָ־ריס" (דעמאָלט אַ זייער פּאָפּולערער נאָמען צווישן די ארבעטער אין לאָנדאָן), האָט געמיינט „דער שרויפער", פונם רוסישן וואָרט „ווינטש" (שרויף — אַ געצייג מיט וועלכן די ארבעטער פּלעגן זיך פיל באַנוצן) און מיטן נויטיקן „סקי" צום סוף.

⁂

די ערשטע סאָציאַליסטישע בראָשור אין אידיש האָט גע־מאַכט גרויס אויפזען. נאָר די אויפגערעגטקייט פון די פרומע קענען איר איז ווארשיינלאך געווען ווייניקער קעגן איר אינהאַלט אין אידיש, ווי קעגן איר הקדמה אין העברעאיש. די בראָשור איז גע־שריבן פון אַן אינטערנאַציאָנאַלן שטאַנדפּונקט און האָט גאָרנישט צו טאָן מיט אידישקייט. מילד איז אויך איר באַמערקונג, אַז אין

*) „ דער אמת", באָסטאָן, 1895, נומער 36, ז' 1.

דער צוקונפטיקער געזעלשאַפט וועלן צבוע׳קעס, וואָס האַנדלען מיט רעליגיע, קיין קיום ניט האָבן. נאָר פאַר די פרומע אידן פון יענער צייט איז געווען אַ געוואַלטיקע אפיקורסות און אַ הימל־שרייענדיקע חוצפּה די הקדמה צום „יהי אור" — דרייצן עיקרים פונם סאָציאַליזם געשריבן אין לשון קודש, אינם נוסח פון די 13 „אני מאמינ׳ס" אינם סידור. למשל:

„ב) אני מאמין באמונה שלמה, כי כל הנהגה מיגיע כפו של עמיתו מבלי שידיו תעשינה מאומה למענו — הרי הוא בוצע בצע.

יא) אני מאמין באמונה שלמה, כי עוד מעט ואיש את רעהו חיים יבלעו באם שלא יאיר לבני האדם אור חדש ואם לא יקומו כל הפועלים כאיש אחד לפרק את עול הכסף מעל שכמם ולהכניע את הרודים בם תחתם".

(כ׳גלויב באמונה שלמה, אַז ווער ס׳גניסט פון צווייטנס פּראַצע, ניט טוענדיק גאָרנישט פאַר יענעם — איז אַ פשוט׳ער רויבער.

כ׳גלויב באמונה שלמה, אַז נאָך אַ ווײַלע און מענטשן וועלן זיך איינע די אַנדערע איינשלינגען לעבעדיקערהייט, אויב ס׳וועט ניט אויפ־לייכטן פאַר זיי אַ ניי ליכט און אויב די אַרבעטער וועלן זיך ניט אויפ־הייבן אַלע ווי איינער אַרונטערצוּוואַרפן פון זיך דעם יאָך פון געלט און אונטערטעניקן די, וואָס געוועלטיקן היינט איבער זיי.) *)

אַלנפאַלס האָט דער „יהי אור!" אַרויסגערופן ניט בלויז דעם פריער־דערמאָנטן געשלעג אינם אַרבעטער־קלוב, נאָר אויך דרשות אין די שולן. אויף אַ בריוו פון אַ ראַדיקאַל, וואָס איז „זייער אויפגערעגט איבער דער דרשה" פון אַ מגיד קעגן „יהי אור", ענטפערט ווינטשעווסקי אַזוי: „דעם

*) געזאַמלטע ווערק, באַנד 6, ז' 248—250. (לייענענדיק דעם „יהי אור!", אַלס יונגטלאַכער אַרבעטער, בין אויך מיטגעריסן געוואָרן הויפּט־זאַכלאַך פון די „אני מאמינ׳ס". כ׳האָב זיי באַלד אויסגעלערנט אויף אויסווייניק און זיך געהאַלטן ביי זיי אַזוי פעסט, ווי מיין פרומער טאַטע ביי זיינע).

מגיד קומט העכסטן א דאַנק פון דעם שרייבער, וואָס ער האָט אומזיסט אַנאָנסירט די בראָשורע. איבריקנס לאָמיר ניט פאַרגעסן, אַז פרייהייט מוז זיין פאַר אַלעמען גלייך, ומגידים בכלל". *)

מיט דער פּאָפּולאַריטעט פום „יהי אור!" ⁑) איז אויך געוואַקסן די באַרימטקייט פון זיין פאַרפאַסער — „מאָרים ווינטשעווסקי". האָט אַט־דער נייער נאָמען פאַרביטן אינגאַנצן דעם אַלטן היימישן נאָמען ליפּע בן־ציון נאָוואָכאָוויטש. באַלד האָט מאָרים ווינטשעווסקי, אונטער אַט־דעם נייעם און פּאָפּולערן נאָמען זיינעם, אָנגעהויבן אויפטרעטן סאַי שריפטלאַך און סיי מינדלאַך אַלס דיכטער און פּובליציסט און אַלס רעדנער און פּאָליטישער טוער.

דאָך אינם „פּוילישן אידל", אָדער „צוקונפט", האָט ווינטשעווסקי קיינמאָל זיך ניט באַנוצט מיט אַט־דעם נייעם נאָמען

---

*) „די צוקונפט", לאָנדאָן, 24טן אַפּריל, 1885. ז' 1.

⁑) אין יאָר 1888 איז דער „יהי אור!" שוין ניט געווען מער צו קריגן אויפן ביכער־מאַרק. אַ צווייטע אויפלאַגע איז אַרויס אין ניו יאָרק (אַרויסגעגעבן פון דער גרופּע „ריטער דער פרייהייט"), אין אויגוסט, 1890. זי איז דעמאָלט אַנאָנסירט געוואָרן אַלס „די איבעראַל באַליבטע און העכסט אינטערעסאַנטע בראָשורע „יהי אור", אָדער „די פאַרקערטע וועלט". אין „אַרבעטער־פריינד" פון די יאָרן 1889—1890 זיינען אַנאָנסירט פאַרלעזונגען פון „יהי אור!", אין קלובן און פאַראיינען. דער „יהי אור!" איז אויך איבערזעצט געוואָרן אין רומעניש. (M. Vincevsky, *Sa Fie Lumina,* in Romaniste de Oct. Leonard Si H. Morgenthal, Bucaresci, 1900)
לויט יעקב באָטישאַנסקי („פרעסע", 5טן סעפּטעמבער, 1926), איז דער „יהי אור!" איבערזעצט אויך אין אַנדערע שפּראַכן, נאָר ער גיט ניט אָן — אין וועלכע.

זיינעם. דאָרט האָט ער די גאַנצע צייט געגאָלטן אַלס בן־נץ, ווי ער פּלעגט זיך אונטערשרייבן אויף יעדן נומער. *)

⁂

אין דעם זעלבן יאָר וואָס איז דערשינען די ערשטע סאָציאַליסטישע בראָשור אין אידיש איז אויך אַרויס דאָס ערשטע ביכל אידישע אַרבעטער־לידער. נאָר אַזוי ווי אַ טייל פון אָט־די לידער זיינען געווען פאַרעפנטלאַכט אין דער „צוקונפט" אונטערן נאָמען „בן־נץ", און ניט וועלנדיק אויסזאָגן דעם סוד, ווער מאָריס ווינטשעווסקי איז, איז דאָס ביכל אַרויס אונטערן נאָמען בן־נץ.

ווינטשעווסקי'ס ערשטע לידער־זאַמלונג — „בן־נץ'ס פאָלקס־געדיכטע" — אָפּגעדרוקט פון דעם ערשטן יאָר־גאַנג „צוקונפט", דורכגעזען און פאַרבעסערט, לאָנדאָן, תרמ"ה ⁑) — איז אַ קליין ביכל פון 32 זייטן. עס אַנטהאַלט אָט־די עלף לידער: „צוויי

---

*) דער נאָמען פונם רעדאַקטאָר—בן־נץ—איז אומעטום געווען אָנגעגעבן אין אידיש, אין דער לעצטער שורה, אויף דער לעצטער זייט פון דער ציימונג. נאָר אַזוי ווי אין די מערסטע נומערן האָט זיך אָנגעהויבן באַלד נאָך די לעזע־שטאָף דער אַנאָנס פון אַן אַפּטייקער, באַרים וויינסטאָון, וועמעס נאָמען—אין ענגליש—פלעגט גיין אין דער ערשטער שורה, האָט אַן ענגליש־אידישער שרייבער אָנגענומען אָט־דעם אַפּטייקער פאַר אַ רעדאַקטאָר פון דער לאָנדאָנער „צוקונפט". ער האָט בלויז צו אים צוגעגעבן די אַנדערע צוויי נעמען אין ענגליש, ראַבינאָוויטש און ווערבער, און געמאַכט פון זיי דרייען אַ רעדאַקטיר־קאָלעגיע. און אַזוי איז עס אויך פאַרשריבן אין דער ענגליש־אידישער ענציקלאָפּעדיע.

⁑) די „יודישע פאָלקס־געדיכטע" זיינען צום ערשטן מאָל אַנאָנסירט געוואָרן אין „אַרבעטער־פריינד", מערץ, 1887. אַ יאָר שפּעטער (אַפּריל, 1888) איז דאָרט געווען אַן ענטפער אינם בריווקאַסטן, אַז דאָס ביכל לידער איז שוין אינגאַנצן אויספאַרקויפט געוואָרן און מ'קען עס מער ניט קריגן.

געסעלאָך", „לאָנדאָן בײנאַכט", „אָרים מײדעלע", „דאָס ליד פונם העמד", „אַ חודש אָן אַרבעט", „דער יתומ'ל", „די פּאַרליבּטע נײטערין", „צו די רײכע", „אַ מײדעלע אין דער סיטי", „פּאַרט ניט געכאַפּט", „דער קריכער". אין דער אינהאַלט-פּאַרצײכעניש איז אױך אָנגעגעבן „דער צבוע'אַק", נאָר איז אױסגעגעבליבן, קענטיק, צוליבן מאַנגל אינם פּלאַץ. די מערסטע פון אָט-די עלף לידער זײנען פון אַרבעטער-לעבן. אַ פּאָר שילדערן די אָרימקײט אין כּלל, אײנס איז אַן עפּיזאָד פון דער נאָענטער פאַרגאַנגענהײט אין רוסלאַנד און אײנס אַ סאַטירע אױף לאָנדאָנער כּלי-קודש. פינף פון אָט-די לידער: „לאָנדאָן בײנאַכט" (אָדער „בײנאַכט אין שטאָט"), „דאָס ליד פון העמד", „אַ חודש אָן אַרבעט", „דער יתומ'ל" און „אַ מײדעלע אין דער סיטי" זײנען אַרײן אינם צװײטן באַנד פון די „געזאַמלטע װערק".

דאָס ערשטע ליד אין ביכל איז װינטשעװסקי'ס ערשטע אידיש ליד זינט זײנע עטלאַכע פערזן אין זײן פעליעטאָן „דער גרענדע פירער", אינם „קול לעם" פון 1877. דאָס ליד הײסט „צװײ געסעלאָך" — „אײן כאַראַקטער-בילד פונם אידישן לעבן אין לאָנדאָן". ס'שילדערט די לײדן, װאָס די „מגפה-קאָרטן" פאַרורזאַכט אין דער אידישער אַרבעטער-פאַמיליע. פון אײן זײט זעען מיר דאָרט, װי די יונגע עלנטע אַרבעטער-פרױ זיצט בײם װיגל פון איר קראַנק קינד און װאַרט ביז דרײ אַזײגער בײנאַכט אױף איר מאַן, װאָס איז אַרױס אױף אַן „אױנגבליק", בלױז „װײדזשעס" (שכירות) אָפּנעמען. פון דער אַנדער זײט זעען מיר איר מאַן זיצן בײם קאָרטן-טישל, װאו ער פאַרשפּילט זײן גאַנצע שכירות מיט זײן זילבערנעם זײגער אַלס צוגאָב.

דאָס ליד האָט געטראָפן מיטן „נאָגל איבערן קאָפּ" און געמאַכט גרױס אױפזען — אַזױ, אַז יעקב אַדלער האָט עס באַלד דעקלאַמירט אין זײן לאָנדאָנער טעאַטער. נאָר װינטשעװסקיס גרױסע שמחה מיט אָט-דעם דערפאָלג זײנעם האָט, װי ער דערצײלט, ניט לאַנג געדױערט. דער „ניכטערער פּראָזאַאיקער", פּי-ליפּ קראַנץ, װעמען דאָס ליד איז בכלל ניט געװען געפעלן, האָט

אַנגעוויזן, אַז ער באַנוצט צופּיל די פאַרקלענערונגס־ענדונג, און ס'איז אַן „אַבסורד" צו שרייבן: „קלאַפּט דער פערפּענדיקעלע"...
פינף־און־צוואַנציק יאָר שפּעטער האָט ווינטשעווסקי אויסגעבעסערט דעם אידיש פון אָט־דאָס ליד, נאָר די פאַרקלענערונג־ענדונג האָט ער ניט געענדערט און ס'איז געבליבן פול מיט אַזוינע ווערטער, ווי: געסעלע, שטיבעלע, טישעלע, ווייבעלע, טייבעלע, וויגעלע, ניגעלע, מיידעלע, קליידעלע, מיילעלע, שמייכעלע, מאַמעלע, ווייל׳עלע, פּערפּענדיקעלע, שטיקעלע, נפתלי'נקע, שמאָלינקע, ווייליגקע, קלייניטשקע, קעמערל, טעכטערל, אידעלאַך, קערטעלאַך.

אַ בעסערן קלאַנג האָט דאָס צווייטע ליד דאָרט, „לאָנדאָן ביינאַכט", וועמעס פאָרם ווינטשעווסקי האָט גענומען פון אַ רוסיש ליד. ער פרעגט די לעמפּעלאַך און לאַמטערנעלאַך, צי זיי האָבן באַטראַכט די ליידן, וואָס מ'זעט אין דער גרויס־שטאָט ביינאַכט: דעם פאַרשמאַכטן היימלאָזן בחור'ל, דאָס אָרים „מיידעלע", וועמעס פּראָלעטאַרישער טאַטע גוסס'ט און פינף קינדער שרייען: „ברויט!", דעם הונגעריקן „אַלטינקען", וואָס האָט אַמאָל געמאַכט „אַ פולע מענטשן לאַכנדיק אַלס לוסטיקער אַקטיאָר", דעם אַליין אַרומבלאָנדזשענדיקן „גרינעם" איד, אָן אַ קרוב און אָן אַ גואל און עלנט ווי אַ שטיין. דער ענטפער אויף יעדער פראַגע איז, אַז די לעמפּעלאַך ברענען און באַלייכטן, נאָר צי זיי זעען און הערן, דאָס זאָגן זיי ניט אויס. צום סוף ווערט באַמערקט איראָניש, אַז זיי זיינען ווי „קאָמיטע־לייט צום שיינען נאָר געזעצט, און זעען ניט, און ווייסן ניט — דער שוך ביי וועמען קוועטשט".

דאָס ליד איז באַלד געוואָרן זייער פּאָפּולער. מ'האָט צו דעם גלייך צוגעפּאַסט אַ מעלאָדיע און עס „כמעט אומעטום געזונגען", פאַר צענדליקער יאָרן.

גרויס פּאָפּולאַריטעט האָט אויך געהאַט זיין ליד „אַ מיידעלע אין דער סיטי", וועמעס פאָרם איז גענומען פון אַ דייטשיש ליד. דאָרט ווערט געשילדערט אַן אָרים קינד, וואָס פאַרקויפט „מעטשעס" (שוועבעלאַך), אַ דערלויבטע בעטלעריי אין לאָנדאָן,

„לעבן דער בערזע, דעם טעמפּל פון שווינדל“. דאָס מיידעלע שטייט אין רעגן און פּאָגעס ביז ס'קריגט שווינדזוכט, און „אַן אַנדער קליינער שטאָט־וואַנדערער“ טראָגט די זעלבע סחורה, בעטנדיק מיטן זעלבן נוסח, וואָס איז דער רעפריין פונם ליד:

„קויפט ביי מיר מעטשעס, מיין הער!
טו באַקסעס עי פּעני, וואָן פּעני דהי פּעיר!“
(צוויי קעסטעלאַך אַ פּעני, אַ פּעני אַ פּאָר!)

אונטערן איינפלוס פון „שרעקלאַכן דלות“ ארום זיך אין לאָנדאָן איז אויך געשריבן דאָס ליד „דער יתומ'ל“. ווינטשעווסקי שילדערט דאָרט זיין באַגעגעניש מיט אַ שמוציק, האלב־נאַקעט קינד, וואָס „האָט געהאַט ביי זיך קעסטלאַך אַ פּאָר“... ער דער־קלערט דעם יתומ'ל:

„וואַשן זיך מוז מען אפילו אין נויט!
אָבער דאָס קינד
ענטפערט געשווינד:
וואַשן זיך?... איך מוז פאַרדינען מיין ברויט!“

דעם זעלבן ענטפער גיט דאָס קינד אויפן דיכטער'ס ראַט צו גיין לערנען און צו זיין ערלאַך.

אין דער דיאַלאָג־פאָרם איז אויך געשריבן ווינטשעווסקי'ס ליד „אָרים מיידעלע“ — „געווידמעט אַן אַ יונגעם מעדכען, וואָס האָט געקראָגן די אויסצערונג דורך וואַטער־פּרוף*) ארבעט און וואָס איר ליבהאָבער האָט איר הערץ געבראָכן“. דאָס ליד האָט צוויי טיילן: „איך“ און „זי“. אינם ערשטן טייל רעדט דער דיכ־טער, אינם צווייטן — דאָס „מיידעלע“. ער פרעגט, פאַרוואָס איר פּנים איז בלאַס, די אויגן „רויט און נאַס“, די באַקן איינגע־פאַלן און פון „מונד איז די ראָזנפאַרב פארשוואונדן“, בעת אַמאָל פלעגט זי „שטיפן גאַנצע שטונדן“? ער בעט, זי זאָל אים לאָזן זען אין איר „קראַנקען הערצן“, ווער האָט איר „געבראַכט פאַרן

*) וואַסער־צייג, וואָס לאָזט דורך זיך ניט קיין וואַסער, ווי דאָס צייג, פון וועלכן מ'מאַכט רעגן־מאַנטלען.

גוף און נפש שמערצן"? איר ענטפער איז, אז ער קען זי פאַר־שטיין, אויב ער האָט „געליבט אַליין", אויב ער „האָט געליבט— געליטן" און אויב מען האָט אים „אויסגעביטן". זי פירט אוים, אז „פאַר אַן אומגליקלאַכעם הערץ, וואָס איז אָנגעפילט מיט שמערץ, פּאַסט ניט לאַכן, שפּאַס און שערץ: ווי דאָס הערץ— דאַרף זיין די צורה!" נאָר דאָס וואָס אויף איר גוף „ברייננט די אויסצערונג אַרויף — דאָס איז, פּריינט, די וואָטער־פּרוף", אָט־די אַרבעט איז איר „קבורה".

נאָר דער יונגער ווינטשעווסקי, וואָס האָט אַליין דורכגעלעבט די ליידן פון ליבע, האָט געוואוסט, אַז זיי קענען פּאַראורזאַכן גענוג יסורים אויך אָן דער הילף פון „וואָטער־פּרוף" אַרבעט און אין זיין ליד „די פאַרליבטע נייטערין" שילדערט ער אַן אַר־בעטער־מיידל, וואָס האָט גענוג פּרנסה: „איר פעלט קיין ברויט, קיין שיך, קיין קלייד, אויף וואָס זי דאַרף קלעקט איר הכנסה". זי איז אויך יונג און שיין, איז אַלט אַכצן יאָר און „האָט די שענ־סטע בלאָנדע האָר". נאָר „זי איז באַטריבט, ווייל זי איז פאַר־ליבט". דערפאַר „זיינען אָפט אירע אייגעלאַך רויט" און זי זעט אוים „ווי אַ שעה פאַרן טויט"... דער וואָס „האָט איר הערץ גע־פאַנגען" איז אוועקגעגאַנגען! —

„ער הערט ניט איר זיפץ, און ער פילט ניט איר שמערץ,
ער רעכנט אַ נייטערין האָט גאָר קיין הערץ;
דאָך ווען אויך ער האָט זי באַטריבט —
זי בלייבט אין אים שטערבלאַך פאַרליבט".

אַן אָנזאָג אויף ווינטשעווסקי'ס שפּעטערע פּראָטעסט און קאַמפּס־לידער איז דאָס ליד „אַ חודש אָן אַרבעט", וואָס האָט דעמאָלט אויפגערודערט די לאָנדאָנער אידישע אַרבעטערשאַפט, ווי ס'איז שוין דערציילט געוואָרן אין אַ פריערדיקן קאַפּיטל. נאָר זיין בעסטע פערז־מייסטערשאַפט אין זיין ערשטער לידער־זאַמלונג ווייזט אַרוים ווינטשעווסקי אין זיין פרייער איבערזעצונג פון דאָס ענגליש ליד: „דאָס ליד פונם העמד", פון טאָמאַס הוד. ער זינגט דאָרט אזוי:

„מיט מאָגערע פינגער, דאַר און אויסגעדרייט,
מיט אויגן, וואָס זיינען פון אַרבעט שוין בלינד —
אַ ווייבעלע זיצט זיך, אין לומפּן געקליידט,
און וואַרפט מיטן נאָדל און פאָדים געשווינד,
שטעך—שטעך—שטעך!
אין הונגער, אין דלות, פאַר אַלעמען פרעמד,
און דאָך מיט אַ רירנדער שטים אין דער הויך,
זינגט זי זיך דאָס ליד פונם העמד:
„ניי! פּראָצעווע—האָרעווע—ניי!
ביז איך קען מיין קאָפּ ניט דערלאַנגען אַ דריי!
און ניי! אָבער ניי—ווידער ניי!
ביז מיינע געשוואָלענע הענט טוען וויי“.
שטעך—שטעך—שטעך!
אין הונגער, אין שמוץ, פאַר דער גאַנצער וועלט פרעמד,
ניי איך מיט אַ דאָפּלטן פאָדים: פאַר זיך
תכריכים — פאַר אַנדערע מענטשן אַ העמד“.

: : : : : :

ווינטשעווסקיס ערשטע לידער־זאַמלונג האָט שוין אויך אַ ליד וועגן זיינע לידער—„צו די רייכע“. ער שילדערט דאָרט, ווי די רייכע וואונדערן זיך, פאַרוואָס ער זינגט „מיט טרערן אין די אויגן“—„פון לייד און נויט און פון אַלצדינג, וואָס קען צו שערץ ניט טויגן“. זיין ענטפער צו זיי איז, אַז זיי וואונדערן זיך דערפאַר, ווייל זיי קענען „ניט הערן קיין זיפץ פון דעם, וואָס אים איז שלעכט און זעט ניט זיינע טרערן!“ ווייל זיי ווייסן ניט פון נויט, זיי קימערט ניט דער „שמערץ־געשריי פון אָרימע אלמנות“ און האָבן אויף זיי „אפילו ניט רחמנות“ זיי קימערט אויך ניט דער גורל פון דער מענטשהייט בכלל, די פאַרגאָסענע „טייכן בלוט אין סודאַן און כינע“, וואָס טוט אויף „נייע קנאה־שנאה“. ער פירט אויס:

„איר פרעגט מיט רעכט: וואָרום איך זינג
מיט טרערן אין די אויגן,

פאַרוואָס איך רעד אַרום אַלצדינג,
וואָס קען פאַר א י ך ניט טויגן".

בלויז צוויי לידער אין דעם ביכל „אידישע פאָלקס־געדיכטע" זיינען פון אַן אַנדער מין: „דער קריכער" און „פאַרט ניט גע־כאַפּט". דאָס ערשטע ליד איז אַ סאַטירע אין פינף קופּלעטן אויף אַ יונגען לאָנדאָנער היפּאָקריטישן ראַבינער, אַ מין „אידישער גלח", וואָס „איז געווען אַן אָרימער אינגל און האָט געגעסן ביי אידעלאַך טעג; ער האָט גע'חנפ'ט, געשליפן דאָס צינגל, און איז געקראָכן פאַר זיי אָן אַ ברעג". און אָט אַזוי קריכנדיק, ווערט „קריכערל" עלטער און „געלטעלע־ליובעלע קריגט ער אַלץ העל־טער", ביז ער קומט נאָך ענגלאַנד, וואו ער דערקריכט צו זיין הויכער ראַבינער־שטעלע. יעדער קופּלעט ענדיקט זיך מיט די ווערטער: „איך קריך און קריך — ביז איך דערקריך".

(צום זעלבן מין האָט אויך געהערט דאָס אויסגעבליבן ליד: „דער צבוע'אַק". נאָר דאָרט ווערט אָנשטאָט דעם געגאָלטן ראַבי־נער געשילדערט אַ היפּאָקריט „מיט לאַנגן באָרד און פאות", וואָס פירט „פיל בהמות פאַרן נאָז", וועלכע צאָלן אים פאַר זיין גראָז, און ער לעבט בהרחבה, „האַנדלענדיק מיט אביי און ראבא", וואָרים „די בעסטע סחורה איז נאָך איצט, גראָד ווי אַמאָל, פרומ־קייט, תורה און דאַווענען אויפן קול...")

„פאַרט ניט געכאַפּט" — „איינע וואָרע געשיכטע אין פערזן, דראַמאַטיש באַארבעט אין צוויי סצענען", איז געבויט אויף אַ געשעעניש, פון וועלכער ווינטשעווסקי האָט אַלס קינד געהערט אין זיין עלטערנס הויז: משה, אַ יונגער ישובניק, אַ יאָר נאָך דער חתונה, ווערט באַפאַלן פון אַ קהל'ס־מאַן און כאַפּערס. משה'ס ווייב, חיה'טשקע, הייסט אים זיך לייגן אויף דער ערד און זיך פאַרשטעלן פאַר אַ מת. זי דעקט אים צו מיט אַ שוואַרצן טוך און באַוויינט אים ווי אַ טויטן. די כאַפּערס גייען אַוועק מיט ליידיקן, נאָר ווען חיה'טשקע דעקט אויף די שוואַרצע טוך, געפינט זי אויס, אַז איר יונגער מאַן איז געשטאָרבן פאַר שרעק. דאָס איז געווען דער קערנדל, פון וועלכן עס איז יאָרן שפּעטער אויסגעו־

וואקסן ווינטשעווסקים דריי־אקטיקע דראמע „דער לעצטער נאַ־באָר" (געזאמלטע ווערק, 3טער באנד).

***

מאָרים ווינטשעווסקי האלט נישט פון דעם פּאָעטישן ווערט פון זיין ערשטער לידער־זאמלונג, אין 1885, הגם ער האָט שוין דעמאָלט געהאט הינטער זיך א „פּאָעטישע פארגאנגענהייט אין דריי שפּראכן" (רוסיש, העברעאיש, דייטש), און א יאָר פריער „אפילו א קלעטער געטאָן אויף דעם ענגלישן פארנאס". דעם ווערט פון אָט־די ערשטע לאָנדאָנער לידער זיינע זעט ווינטשעווס־סקי אין דעם, וואָס דורך אזא ליד ווי די „צוויי געסעלאך" איז „געוועזן געמאכט אַן אָנהויב, ווען ניט פאר אידישער פּאָעזיע, יעדנפאלס פאר ריטמישע פערזן פון עכט אידישע ווערטער אויף אַן עכט־אידישן סוזשעט". בכלל דיינקט ער, אז זיינע לידער, וואָס האָבן א שייכות צו אידישקייט אָדער שילדערן דעם ספּעציפיש־אידישן לעבן, האָבן מער מיטגעהאָלפן אויסצוארבעטן דעם ליטערארישן אידיש, ווי זיינע ארבעטער־לידער. וואָרים ביי די לעצטע איז דאָך דער עיקר וויכטיק געווען דער אינהאלט. „זיי האָבן, זאָגט ער, געזאָלט ווערקן און דערצו איז דעם שמש'ס היל־צערנער האמער אזוי עפעקטיוו ווי דעם גלאָק'ס זילבער־קלאנג".

***

ניט געקוקט אויף דעם גוטן איינפלוס, וואָס „דער פּוילישער אידל", אָדער „די צוקונפט", האָט געהאט אויף די ארבעטער־מאסן אין ענגלאנד, איז דאָך ווינטשעווסקי ניט געווען גאנץ צו־פרידן מיט אָט־דער צייטונג, צוליב דעם וואָס זי איז געווען „ניט אויסגעשפּראָכן סאָציאליסטיש". אמת, זי האָט „פיל געטאָן ניט נאָר דורכדעם, וואָס זי האָט דירעקט געפּרעדיקט, נאָר אויך דורכדעם, וואָס זי האָט דעם ארבעטער ביסלאכווייז איינגע־וואוינט צו באטראכטן יעדע פּאָליטישע, סאָציאלע און רעליגיע־זע דערשיינונג פון א סאָציאליסטישן שטאנדפּונקט, אים אויף דעם אופן געבנדיק א סאָציאליסטישע וועלט-אַנשויאונג". די ערשטע צייטן האָט זיך אויך זעלטן געפונען אפילו א זייטיקער ארטיקל,

וואָס זאָל זיין אינם ווידערשפּרוך צום סאָציאַליסטישן קוק אויף דער וועלט. נאָר דאָס איז וואַרשיינלאַך אָנגעקומען ווינטשעווסקין נאָך א שווערן קאַמף, און ווען ער איז געוואָרן ווייניקער וואַכזאַם, האָט זיך אָנגעהויבן אריינ׳גנב׳ענען באַלעבאַטישע קאָנטראַבאַנדע.

דער פרײדיינקער ווינטשעווסקי האָט אויך ניט געקענט צו־זען גלייכגילטיק, ווי שוין באַלד אינם צווייטן נומער „פּוילישער אידל" האָבן זיך אָנגעהויבן דרוקן אַנאָנסן פון כּלי־קודש: מוהלים, שוחטים, אתרוגים־הענדלער א. ד. גל. וואַרשיינלאַך איז ראַבינאָ־וויטש איינגעגאַנגען אויף אַ פּשרה צוצוגעבן אַ באַמערקונג איבער די אַנאָנסן, אַז פאַר אָט־דעם אָפּטייל איז די רעדאַקציע ניט פאַראַנטוואָרטלאַך. נאָר דריי חדשים שפּעטער, באַלד נאָכדעם ווי י. ווערבער איז געוואָרן אוים שותף און ראַבינאָוויטש האָט באַקומען מער דעה, ווערט די באַמערקונג אַרונטערגענומען. א חודש שפּעטער ווערט זי ווידער אַריינגעשטעלט אין בלויז עט־לאַכע נומערן און ניט מער. זינט דעם 29טן נומער ווערט אויך ניט מער אָנגעגעבן, ווי פריער, קיין באַזונדער אַדרעס פאַר דער רעדאַקציע. ס׳ווערט קענטיק, אַז דער פּראַקטיקער (ראַבינאָ־וויטש) האָט גובר געווען דעם אידעאַליסט, אַז „די וואָכנדיקע נשמה, זייענדיק אין דרוק, דאָרטן וואו די צייטונג ווערט אַלע וואָך געמאַכט ביסלאַכווייז" האָט „אָנגעהויבן צו נעמען די אויב־ערהאַנט אין דעם קאָנפליקט מיט דער שבת׳דיקער, איבערהויפּט אַזוי ווי די לעצטע איז געווען אין דרויסן". צולעצט, אינם אָנ־הויב פונם צווייטן יאָרגאַנג, אויגוסט 1885, האָט ראַבינאָוויטש געמאַכט זיין לעצטן טריט אָפּן וועג פונם סאָציאַליזם צו כּלל־ישראַליזם, און אין דער צייט פון די וואַלן צום ענגלישן פּאַר־לאַמענט האָט ער אַריינגעשטעלט אַ נאָטיץ צוגונסטן דער קאַנ־דידאַטור פון אַ אידישן גביר. דאָס איז פאַר ווינטשעווסקין „געווען אַ פּאַסיר־צעטל" אוון ער האָט פאַרלאָזן די צייטונג, וואָס ער האָט אויסגעבויט. זי ווערט שפּעטער (אין 1889) אַטאַ־קירט פון די סאָציאַליסטן, אַלס צייטונג, וואָס פּרעדיקט חבֿת־ציון און לעקט זיך אונטער צו דער בורזשואַזיע.

## 9.
## „אַרבעטער פריינד“

גרוס פון „וויטן“. — באַראַבאַנטשיקעס. — אידנפראַגע, פּאַלעסטינע, האָום־רול, סאָציאַלע פראַגן. — דאָס יאָר פון אומרואיקע מאַסן“. — „עס רירט זיך“. — קאָאָפּעראַטיווע פאַראיינען. — ליטעראַרישע טעטיקייט. — פּסעוודאָנימען.

נאָך איידער ווינטשעווסקי האָט פאַרלאָזן די „צוקונפט“ (פריערדיקן „פוילישן אידל“) האָט ער אַליין געהאָלפן גרינדן די ערשטע אידישע ארבעטער צייטונג — ארויסגעגעבן פון ארבעטער פאר ארבעטער און די ערשטע ריין־סאָציאַליסטישע צייטונג אין אידיש — דעם מאָנאַטלאַכן „ארבעטער פריינד“. צוערשט האָט ווינטשעווסקי אָפּגערעדט דערפון. ער האָט געדיינקט, אז ס'זיינען נאָך ניטאָ די נויטיקע מאַטעריעלע כוחות אויסצוהאַלטן אזאַ אָרגאַן. נאָר ווען זיינע חברים און תלמידים, צווישן די פּשוט'ע ארבעטער, האָבן זיך איינגעשפּאַרט, אז די רעוואָלוציאָנערע ארבעטערשאַפט מוז האָבן אַן אייגענעם אָרגאַן, האָט ווינטשעווסקי צוגעלייגט אַ האַנט און עס געהאָלפן דורכפירן.

די גרינדונג פון דעם ערשטן אָפיציעלן אידישן ארבעטער אָרגאַן איז פאָרגעקומען אין אַ קליינעם דאַך־שטיבל פון אַ פּראָלעטאַרישן פּריוואַט רעסטאָראַן אינם אידישן ארבעטער־קוואַרטאַל פון ווייטשעפּל, לאָנדאָן. (דאָס איז געווען דאָס „פּרייוועט באָארדינג הויז“ פון הערים סאַליגאַלער, וואו ווינטשעווסקי האָט אריינגעפירט פיליפּ קראַנצן, ווען יענער איז געקומען מיט אַ פוסטער קעשענע פון פּאַריז נאָך לאָנדאָן. ווארים העריםעס פרוי, דאָבע, איז געווען „אַ פרוי, וואָס האָט געגעבן עסן—וועמען פאַר, וועמען אָן געלט“,*) בפרט ווען יענער איז געקומען מיט ווינטשעווסקי'ן, וואָס האָט שפּעטער (אין 1885) חתונה געהאַט מיט איר טאָכטער, רבקה הערים“). דאָרט „אין אַ שלאָפצימער, דלד

*) „פרייהייט“, יאַנואַר 2, 1923, ז' 5.

אמות אויף דלד אמות", האָבן זיך פאַרזאַמלט אין אַ זומער־נאָכמיטאָג (יוני, 1885) אַרום אַ מנין מענטשן. פון זיי גע־דיינקט ווינטשעווסקי באַזונדער זיינע „ערשטע ליבסטע צוויי תלמידים": דער סטאָליער, ש. הילעלסאָן, וועמען ער באַשרייבט באַריכות אין זיינע עראינערונגען און וועמעס אַ מוטיקע מאָראַ־לישע טאַט האָט ביי אים אַרויסגערופן אַ לירישן אויסגוס, *) און דער שוסטער, וואָלף וועס. **)

אָט־די פאַרזאַמלונג האָט באַשלאָסן אַרויסצוגעבן דעם מאָ־נאַטלאַכן „אַרבעטער פריינד". און ווינטשעווסקי נעמט זיך גלייך צו דער אַרבעט צו שאַפן עפּעס וואָס פאַרן ערשטן נומער. ער זעצט זיך אַוועק „ביי אַ ברעג טיש און פאַרטראַכט זיך מיט אַ פעדער אין דער האַנט, מיט אַ שטיק פּאַפּיר פאַר די אויגן". ער רויכערט, שוויצט און הוסט, אָבער „עס גייט, עס ווערט, עס וואַקסט... דער צורוף צום אַרבעטער פריינט", וואָס אַ סך פון אונזער דור האָבן אין זייער יוגנט געזונגען, אָדער געהערט זינגען אין די וואַרשטאַטן פון דער אַלטער היים. ער בעט דעם אַרבע־טער פריינט, ער זאָל אויפקלערן זיינע אָרימע ברידער, וואָס „זעגן און הובלען און שניצן", וואָס „ציען די דראַטווע און שלעפּן די ליים", וואָס „טרייבן די רעדער פון אַלע מאַשינען", וואָס „אַקערן, זייען און באַקן די ברויט", וואָס „שפּינען די וואָל און נייען די קליידער" און וואָס „בויען די הייזער" און אַלע די, וואָס האָ־רעווען נאָר, כדי „צו מאַכן די גבירן אַלץ רייכער און רייכער" —

*) געזאַמלטע ווערק, באַנד 10, ז' 198—201; באַנד 6, ז' 199.

**) הילעלסאָן און וועס זיינען נאָכדעם געוועזן טעטיק—דער ער־שטער אַלס קאַסירער און דער צווייטער אַלס עקספּעדיטאָר (פאַרוואַלטער) פון „אַרבעטער פריינד". זיי זיינען אויך ביידע געוואָרן וויכטיקע טוער און רעדנער אין דער אידישער אַרבעטער־באַוועגונג. וועס האָט אויך איבערזעצט אַרטיקלען פון ענגליש און אַ געוויסע צייט, אין די נייג־ציקער יאָרן, אפילו רעדאַקטירט דעם „אַרבעטער פריינד".

זאָל ער, דער „ארבעטער פריינד“, אויפקלערן, „אז זיי קאָנען מאכן אַ סוף צו דער הערשאַפט פון קאַפּיטאַליסט“. *)

דער לאָגישער רעדאַקטאָר פונם „ארבעטער פריינד“ איז פאַר זיינע גרינדער געווען מאָריס ווינטשעווסקי — דעמאָלט דער איינ־ציקער סאָציאַליסטישער דיכטער און פּובליציסט אין אידיש. נאָר ווינטשעווסקי האָט דעמאָלט צו שווער געאַרבעט אויף זיין חיונה און „געלעבט אין אייביקער אַנגסט“ ער זאָל ניט פאַרלירן זיין שטעלע ביי די זעליגמאַנס, פון וועלכע ער האָט געצויגן אָט־די חיונה. ער האָט דערפאַר אויך געשריבן אין זיין „צורוף“ צום „ארבעטער פריינד“: „איך הער דיך פון ו ו י י ט ן“ און אונ־טערגעצייכנט: מ. וו. פּאַריז. ווינטשעווסקי האָט דערפאַר רעקאָ־מענדירט פאַר רעדאַקטאָר פּיליפּ קראַנצן, „ניט אכטנדיק דע־רויף, וואָס אים האָט געפעלט דער לשון“, און צוגעזאָגט דורכ־צוקוקן און אויסבעסערן זיינע אַרטיקלען און אויך מיט אייגענע זאַכן אים אַרויסהעלפן. ווינטשעווסקי האָט געהיט זיין וואָרט און מיטגעאַרבעט אין יעדן נומער. אחוץ קאַמפּס־לידער האָט ער דאָרט געשריבן נאָטיצן איבער צייטפראַגן (אין קורצע, שאַרפע, קלאָרע פּאַראַגראַפן, וואָס „אפילו דער מאַן, וואָס האָט ערשט אָנגעהויבן צו לייענען אָן נקודות זאָל זיי פאַרשטיין“). אחוץ דעם האָט ווינטשעווסקי די ערשטע צייטן אויך געגעבן „באַראַבאַנטשי־קעס“, ווי ער רופט אָן זיינע וואָרימע וועק־אַרטיקלען, אָדער פּראָ־קלאַמאַציעס אינם ערשטן יאָרגאַנג „ארבעטער פריינד“. ניט גע־קוקט אַף זיין מיטהילף מיטן פעדער, איז ווינטשעווסקי אויך געווען איינער פון די הויפּט־ביישטייערער צום פּראָפּאַגאַנדאַ־פאָנד. אחוץ „פרייוויליקע בייטראַגן“ האָט ער אויך געצאָלט אַ מאָנאַטלאַכן שטייער פון צוויי שילינג — אַ באַדייטנדיקע סומע אין לאָנדאָנער אידישן ארבעטער־קוואַרטאַל פון יענער צייט (גע־ווען אַזוינע, וואָס האָבן געצאָלט אַ 12טל דערפון—2 פּענס).

אויסער ווינטשעווסקי און קראַנץ האָבן מיטגעאַרבעט אינם

*) געזאַמלטע ווערק, באַנד 2, ז' 84—85.

מאָנאַטלאַכן „אַרבעטער פריינד“ מערסטנס אַרבעטער־טוער (יוסף יאפע, אייזיק סטאָון, סיימאָן פרימאָן, הערי קאַפּעלאַנסקי און י. קאָרנבליט). צולעצט האָט דאָרט אָנגעהויבן מיטאַרבעטן לעאָן זאָלאָטקאָף, דעמאָלט אַ רעוואָלוציאָנערער סאָציאַליסט (זאָלאָט־קאָף האָט צוזאַמען מיט וויערניקן געהאַלטן אַ דרוקעריי, וואו דער „אַרבעטער פריינד“ האָט זיך געדרוקט פון דעצעמבער 1886 ביז אין מאַי 1887, ווען ביידע שותפים זיינען אַוועקגעפאָרן קיין אַמעריקע). צווישן די ערשטע אַגענטן פונם „אַרבעטער פריינד“ איז אויך געווען דער יונג־פאַרשטאַרבענער אידישער רעוואָלוציאָ־נער אָסיפּ צעטקין, דער מאַן פון דער איצט וועלט־באַרימטער דייטשער קאָמוניסטישער פירערין, קלאַראַ צעטקין. צווישן די אַבאָנענטן פון מאָנאַטלאַכן „אַרבעטער פריינד“ האָט זיך גע־פונען אויך דער אידיש־דייטשער היסטאָריקער, פּראָפעסאָר גע־אָרג אדלער.

*
**

דער „אַרבעטער פריינד“, ניט געקוקט אַף זיין העברעאישער דאַטע פונם ערשטן נומער — ב׳ מנחם־אב תרמ״ה (15טן יולי, 1885)—און אויף זיין תלמודישער מאָטאָ — „אם אין אני לי מי לי, וכשאני לעצמי, מה אני?“ (ווען איך זאָל מיר אליין ניט העלפן, ווער וועט מיר העלפן, און ווען כ׳זאָל שטיין אַליין, וואָס בין איך?) האָט זיך ווייניק־וואָס אינטערעסירט מיט דעם אידישן לעבן, אפילו ניט מיט דעם אידישן אַרבעטער־לעבן אין לאָנדאָן. ער האָט זיך אָפּגעגעבן בלויז מיט רעוואָלוציאָנערער פּראָפּאַגאַנדאַ אין אַלגעמיין; בעת אינם „פּוילישן אידל“, דערקלערט ווינטשעוו־סקי, איז ער און זיינע חברים געווען „סאָציאַליסטישע אידן“, זיי־נען זיי אינם „אַרבעטער פריינד“ געווען „אידישע סאָציאַליסטן“. אין דער ערשטער צייטונג, „צוויי יאָר נאָך די פּאָגראָמען, האָט מען נאָכאַנאַנד געקלערט, וואָס טוט מען פאַר דעם אידן דער־וויל, פאַר ביאת הגואל, פאַר דער סאָציאַלער רעוואָלוציע. אין דעם נייעם אָרגאַן האָט מען, ביסלאַכוויז פאַרגעסנדיק די רציחות פון 1881 און די רדיפות פון 1882, אַוועקגעלייגט די „יודנפראַ־

נע" אף דער אויבערשטער פּאַליצע און מען האָט זיך גענומען וואָס גיכער אַראָפּברייננגען די גאולה". האָט זיך „לאָגישערווייז" אויך געענדערט די סאָציאַליסטישע שטעלונג צו די אידישע נאַציאָנאַליסטן, די „חובבי־ציון", אָדער „פּאַלעסטינצעס", ווי ווינטשעווסקי און זיינע חברים „פלעגן זיי רופן מיט א שיין ביסל פאראכטונג אין דער אויסשפּראַך פונם וואָרט". אינם „פּוילישן אידל" האָט מען זיך צו זיי פארהאַלטן סימפּאַטיש, ווי אשטייגער „צו מענטשן, וועלכע א גרויסער אומגליק האָט צעשטערט דעם גלייכגעוויכט". נאָר אינם „ארבעטער פריינד" האָט מען שוין איינגעזען, אז די אידישע נאַציאָנאַליסטן שטערן דער אָרגאַניזירונג פונם אידישן ארבעטער פאַרן קלאַסנקאַמף, האָט מען זיי אָנגעהויבן צו באַקעמפן ווי ארבעטער־שונאים.

דאָך איז ווינטשעווסקי אויך אין „ארבעטער פריינד" ניט געוואָרן קיין „שלום, שלומ'ניק", ווי ער האָט אָנגערופן די, וואָס פאַרשווייגן די אידישע ליידן. אין א וואַרימען וועק־אַרטיקל: „איז די וועלט משוגע געוואָרן?" (אינם 4טן נומער „ארבעטער פריינד", אָקטאָבער 1885), שילדערט ווינטשעווסקי די אידישע טראַגעדיע, וואָס „זעקס און ניינציק יאָר נאָכדעם, ווי פראַנקרייך האָט די „מענטשנרעכטע" דערקלערט", פאַרפאָלגט מען נאָך אַלץ אידן; אז דאָס יאָרהונדערט, וואָס האָט געטראָגן א לייב, האָט געבוירן א מויז, וואָס איז שוואַנגער געוואָרן מיטן סאָציאַליזם האָט געבראַכט דער וועלט די העסלאכע מיסגעבורט, דעם אַנטיסעמיטיזם"; אז „די גרויסע רעפּובליק פון יענער זייט אַטלאַנטיק לאָזט ניט אריין פאַרפאָלגטע אידן אָן געלט". ער פרעגט: איז דער טעלעפאָן דערפונדן געוואָרן, כדי „צו לאָזן הערן אידישן יאָמער, א נייעם ירמיה'ס נייע קלאָגן, פון איין מדינה אין די אַנדערע?". נאָר אויסרעכענענדיק די אַלע אידישע צרות, דערקלערט שוין ניט מער ווינטשעווסקי, ווי אינם „פּוילישן אידל", אז אידן זיינען די שטיפקינדער פון די פעלקער; ער דערקלערט שוין קלאָר און דייטלאַך, אז אידן ליידן ניט פון די פעלקער, נאָר פון די זעלבע אונטערדריקער, וואָס יענע. ער דערקלערט, אז ניט

דער דייטשער אַרבעטער, ניט דער רוסישער פּויער, ניט דאָס רו־מענישע פֿאָלק פֿאַרפֿאָלגן די אידן, נאָר „די טיראַנען דריקן אים, די דעספּאָטן פֿאַרפֿאָלגן אים, די הערשער יאָגן אים".

און אַף דער פֿראַגע, אַז מ'האָט דאָך אַליין געזען, ווי דער פּויער האָט דעם אידן געשלאָגן, ענטפֿערט ווינטשעווסקי, אַז זיי זיינען „קורצזיכטיקע מענטשן": זיי האָבן געזען „דעם אויסגע־הונגערטן, ווילד געמאַכטן פּויער, אָבער דעם טיראַנס אַגענטן האָבן זיי ניט געזען". און צוגעבנדיק, אַז: דערווייל אָבער ליידט פֿאָרט דער איד מער פֿאַר אַלעמען", און ער מוז אַזוי „ליידן ביז דער טאָג פֿון אָפּרעכענונג וועט קומען", פֿירט אויס ווינטשעווסקי, אַז אידן קענען פֿאַרקירצן זייער ליידן־צייט דורך זייער „העלפֿן ברייננגען דעם טאָג וואָס גיכער"... און ער טרייסט דעם אידישן פֿאָלק: „נאָך איין טאָג און דאַן וועסטו זיין צווישן די פֿעלקער א ברודער צווישן ברידער".*)

זיין שאַרפֿע קעגנערשאַפֿט צו דאָס, וואָס מ'רופֿט היינט ציוניזם, ווייזט אַרויס ווינטשעווסקי אין זיין אַרטיקל „פּאַלעס־טיניזם און סאָציאַליזם" (אין 2 נומערן „אַרבעטער פֿריינד", אוי־גוסט און סעפּטעמבער 1886). ער דערציילט דאָרט, אַז אַ קורצע צייט פֿריער פֿאַר 1881 איז „יעדער יונגערמאַן, וואָס האָט גע־האַט אַ ריין האַרץ און עטוואָס בילדונג", געווען „דערפֿילט מיט האָפֿענונג, אַז די וועלט האַלט באַם דערנייט ווערן און די פֿיל באַוואוסטע פֿון זיי זיינען צוגעשטאַנען צו די רעוואָלוציאָנערע פּאַרטייען". נאָר אָט־די לאַגע האָט זיך געענדערט זינט די פּאָג־ראָמען פֿון 1881, און ער דערקלערט עס מיט אַ פֿאַרגלייך צו דער מעשה מיטן גאָלדענעם קאַלב אין דער מדבר: דאָס פֿאָלק שרייט: „וואו איז דער סאָציאַליסטישער מ ש ה?", ער זאַמט זיך צו לאַנג און די ליידן זענען אַ ז ו י ש ו ו ע ר. רופֿט זיך אָפּ

*) דער גאַנצער אַרטיקל איז איבערגעדרוקט אינעם באַנד 10, ז' 212—216. (ווינטשעווסקי רעדט אויך וועגן אָט־דעם אַרטיקל אינעם באַנד 7, ז' 57.)

עפעס א מין א ה ר ן: „גיט אהער אייער גאָלד און זיל־בער — — — איך וועל דאָס אַלץ ערגעצוואו אריינוואַרפן און מיר וועלן האָבן א נייעם גאָט, א נייעם אידעאַל, א נייע האָפע־נונג". אָט אזוי איז „פון דעם אויוון פון דער פאַנטאַזיע" ארויס־געקומען „א גאָלדערנע קאַלב, וועלכע מען האָט א נאָמען געגעבן י ש ו ב א ר ץ י ש ר א ל." און יענע, וואָס זיינען מיד צו וואַרטן אַפן אמתן גואל (סאָציאַליזם), בוקן זיך צו אָט־דעם גילדערנעם קאַלב און שרייען: „אלה אלהיך ישראל!" (דאָס איז דיין גאָט, איד!).

די זעלבע שטעלונג ווי צום אידישן נאַציאָנאַליזם נעמט דערמאָלט ווינטשעווסקי אויך צום אירלענדישן. ער דערקלערט, אז „האָום־רול", די פאָדערונג פון אן אייגענער נאַציאָנאַלער רע־גירונג, ווערט געפאָדערט בלויז פון „זאַטע פאַטריאָטן", אָדער פון אזוינע הונגעריקע, „וואָס פארשטייען ניט, אז פון פארלאַמענט ווערט מען ניט זאַט". דערביי באַמערקט ער אויך, אז פון א אי־דישער מדינה אין ארץ ישראל קענען די אידישע ארבעטער גע־ווינען „בלויז א פעקל מצוות, וואָס מען קען זיי ניט מקיים זיין אין חוץ לארץ". און ער פירט אויס אזוי:

„די מענטשלאַכע געזעלשאַפט מוז צוערשט קריגן א נייעם פּנים, דעם הונגעריקנס מאָגן מוז צוערשט פול ווערן, דאַן וועט פיליכט זיין צייט צו טראַכטן ארום נאַציאָנאַלע פראַגן. נאַציאָ־נאַליזם איז א פיינע זאַך — ברויט א וויכטיקע".*)

אויך א פּאָר יאָר שפּעטער, ווען די פארפאָלגטע אירלאַנדי־שע אומאָפּהענגיקייטס־באַוועגונג האָט געוואונען די סימפּאַטיע פון די סאָציאַליסטן און דער אידישער אינטערנאַציאָנאַלער ארבע־טער בילדונגס קלוב האָט אָנגענומען א רעזאָלוציע, וואָס פארדאַמט דעם ענגלישן אימפּעריאַליזם פאַר זיין אונטערדריקן אירלאַנד, ‡) האָט עס ווינטשעווסקין ניט געשטערט אויסצולאַכן ביטער די

*) „אַרבעטער פריינד", נומער 11, מאַי 1886.

‡) דאָרט, פעברואַר 24, 1888..

נאַציאָנאַלע האָפענונגען פון אָרימען אירלענדישן פויער, און ווי־דער, ווי אין יאָר 1886, האָט ווינטשעווסקי גענומען דערפון אַ ביישפּיל אויך פאַר די אָרימע אידישע מאַסן. ער חזר'ט איבער זיינע ווערטער פונם „פּוילישן אידל" (1884), אַז דעם רייכן אידן איז מען מקנא און דעם אָרימען פאַרפאָלגט מען. ער פירט אויס, אַז די איינציקע הילף פאַר דער אידישער אָרימקייט איז אין דער פאַרווירקלאַכונג פונם סאָציאַליסטישן אידעאַל און אַז זיין פערד „פּאַלעסטיניזם" איז נאָר „אַ גלגול פון יענעם אַכצן־הונדערט־יאָריקן אייזל, וועלכער ברייננגט רס משיח'ן — — — דיין געבילדעטער פערד איז ניט בעסער ווי דיין עלטערזיידנס פ ר ו מ ע ר א י י ז ל, און ווי יענער האָט ניט געבראַכט דעם גואל, אַזוי וועט דער ניט ברייננגען די גאולה". ‡)

נאָר בכלל פאַרנעמט זיך ווינטשעווסקי אין זיינע אַרטיקלען און נאָטיצן אינם „אַרבעטער פריינד" הויפּטזאַכלאַך מיט אַל־געמיינע פּאָליטישע און סאָציאַלע פראַגן. אַלע זיינען זיי דורכ־גערדרונגען פון אַ מעכטיקן גלויבן אינם זיג פונם רעוואָלוציאָנערן סאָציאַליזם, און טאַקע אין גיכן, נאָך אין אונזערע טעג.

⁂

אַחוץ אַרטיקלען און נאָטיצן האָט ווינטשעווסקי אינם מאָ־נאַטלאַכן „אַרבעטער פריינד" אויך אַ פעליעטאָן און אַ האַלב טוץ לידער.

דער פעליעטאָן, „ביי מעדעם טיוסאָד'ס (איינע אונטערהאַל־טונג מיט אַ קינד)", איז שוין אַן אָנזאָג אויף די שפּעטערע „צו־שלאָגענע געדאַנקען" אָדער „בילדער און ווערטער" פונם משוגע־נעם פילאָזאָף. נאָר דאָרט קומט פאַר די „אונטערהאַלטונג" ניט צווישן אַ זיידן מיט אַן אייניקל, ווי אין די „משוגעת'ן", נאָר צווישן דעם אַרבעטער מאָריס (ווינטשעווסקי) און אַ „קליינעם יונגען, אַ יאָר צען אַלט". ביידע באַזוכן די באַרימטע לאָנדאָנער וואַקס־פיגורן זאַמלונג פון מעדעם טיוסאָד. דאָס קינד שטעלט

‡) פעדדי און ישראליק, „אַרב. פריינד", נום. 41, אָקט. 16, 1890.

פראַגן און מאָרים ענטפערט און דערקלערט דערביי די ראָל פונם קעניג, גענעראַל, בישאָף, מיניסטאָר, בירזשענהענדלער און פּי־לאַנטראָפּ, וועמעס נאָמען ס׳ווערט „פּאַרגרייזט״ אינם אינגל׳ס מויל צו „פליקער־אָפּ״ (עקספּלואַטאַטאָר).

צווישן די לידער אינם מאָנאַטלאַכן „אַרבעטער פריינד״ געפינט זיך אויך (אינם יוני־נומער 1886) ווינטשעווסקיס פּאָפּו־לער ליד „עס רירט זיך״.*) דאָס איז געשריבן געוואָרן אונטערן איינדרוק פון די ערשטע נייעס פון דער היימאַרקעט דעמאָנסטראַ־ציע אין שיקאַגאָ און פון דעם אויפרוף צו די שיקאַגאָער אַרבע־טער, זיך צו באַוואָפענען און זיין גרייט צום קאַמף פאַר דער סאָציאַלער רעוואָלוציע. ווינטשעווסקי הערט דעמאָלט ניט בלויז אין אַמעריקע, נאָר אויך אין אייראָפּע: „ווי עס רירט זיך אי־בעראַל, ווי דער אַרבעטסמאַן מושטירט זיך צו דעם קאַמף מיט „קאַפּיטאַל״, און ער רופט אויס:

„הערט איר, קינדער, ווי עס רירט זיך,
מערקט איר, אַז דער סוף קומט אָן?
פאָרווערטס! קינדער, ס׳מאַרשירט זיך
לוסטיק ביי דער רויטער פאָן!״

די שיקאַגאָער דעמאָנסטראַציע האָט זיך ניט געענדיקט מיט קיין סאָציאַלער רעוואָלוציע, נאָר מיט דעם מאָרד פון פינף רעוואָ־לוציאָנערע אַרבעטער פירער. דאָך האָט ווינטשעווסקי ריכטיק געהערט. זיין שאַרפער רעוואָלוציאָנערער חוש האָט אַ צייט פריי־ער דערפילט דעם אָנהויב פון יענע אומרוען, וואָס האָבן דאָס יאָר 1887 געגעבן דעם נאָמען „דאָס יאָר פון אומרואיקע מאַסן״. ווינטשעווסקי האָט שוין אין אָקטאָבער 1885 אָנגעהויבן זיין „נאָטיצבוך״, אינם „אַרבעטער פריינד״, מיט די ווערטער: „עס הויבט זיך אָן צו רירן״. ער האָט שוין דעמאָלט ניט בלויז געהערט, ווי דער אַרבעטער „רירט זיך״, נאָר אויך געזען, ווי ער „מושטערט זיך״. די בראַניק פון דעם מאָנאַטלאַכן „אַרבעטער

*) געזאַמלטע ווערק, באַנד 2, ז׳ 69—70.

פריינד" איז פול מיט רעוואָלוציאָנערע נייעס פוןביידע זייטן ים: בלוטיקע צוזאמענשטויסן צווישן סטרייקערס מיט באוואפנטע שלעגער (דעמאָלט „פינקערטאנס") אין אמעריקע; פויערים־בונטן אין רוסלאנד; כמעט אַן אויפשטאנד אינם רואיקן האָלאנד; דייטשע ארבעטער זאמלען פאָנדן צו שטיצן דעם סאָציאַליסטישן וואלקאמף אין פראנקרייך; אין פראנקרייך באווייזט זיך ווידער (זינט דעם בלוטיקן זיג פון דער בורזשואזיע, אין מאי 1871) די רויטע פאָן און ס'הערט זיך ווידער דער רוף: „ס'לעבע די קאָמונע!"

אויך אין ענגלאנד, וואו אין 1879 האָבן זיך געטומלט בלויז דייטשע סאָציאַליסטן, און מערסטנס וועגן דעם, וואָס קומט פאָר אין דער אַלטער היים, איז זעקס יאָר שפּעטער, אין 1885, אָנגעגאנגען א ביטערער קלאסנקאמף צווישן די איינגעבוירענע ענגלישע מאסן. דער סאָציאַליזם אין ענגלאנד איז געוואָרן קריגעריש, רעוואָלוציאָנער, און האָט גערופן די מאסן אין די גאסן. די דעמאָקראטישע פעדעראציע, וואָס הינדמאן האָט געגרינדעט אין 1881, צוערשט אלס א „האלב און האלב" סאָציאַליסטישע, איז שוין ארויסגעטראָטן אָפן, אין 1884, אלס סאָציאַל דעמאָקראַטישע פעדעראציע. און ניט געקוקט אף דער שפּאַלטונג פון 1885, ווען וויליאם מאָריס האָט זיך אָפּגעטיילט, צוזאמען מיט דער מערהייט פון דער עקזעקוטיווע, און זיך אָרגאַניזירט אין א „סאָציאַליסטישער ליג" (צו וועלכער ס'האָבן אויך געהערט קארל מארקס'עס טאָכטער עלעאָנאָרא און איר מאן, דר. עוועלינג), איז דאָך די סאָציאַליסטישע באוועגונג אין ענגלאנד ניט אָפּגעשוואכט געוואָרן. אדרבה, זי האָט דעמאָלט כסדר געוואקסן. ווארשיינלאָך, אויך צוליבן צופלוס פון די אנגלאָזירטע דייטשע און אידישע סאָציאַליסטן. ביידע פּארטייען האָבן געהאַט אייגענע אָרגאַנען. די „ס. ד. פ." — הינדמאַנ'ס וואָכנבלאט „דזשאָסטיס" און א חודש־זשורנאַל „טו־דעי"; די „ס. ל." — וויליאם מאָריס'עס „קאָמאָנוויעל". ווינטשעווסקי, וואָס האָט שוין אין 1884 געשריבן אין ענגליש, אין פראָזע און אין פערזן, איז, נאטירלאָך, אויך גע־

ווען א מיטארבעטער אין דער ענגלישער סאָציאַליסטישער פּרעסע.

אין 1885 האָט זיך די ענגלישע סאָצ. פעדעראַציע פאַר־וויקלט אין אַן ערנסטן קאַמף מיט דער „ליבעראַלער" רעגירונג פאַר פרייער רעדע. 18 זונטיקן נאָכאַנאַנד האָט די רעגירונג אַרעסטירט די סאָציאַליסטישע רעדנער. נאָר ווען די פּאָליציי האָט זיך אַריינגעמישט אין זייער מיטינג פון אַרבעטסלאָזע אויף טראַ־פאַלגער סקווער, אין פעברואר 1886, איז געקומען צו א צוזאַמענ־שטויס. אַוועקגעטריבן פון דאָרט, האָבן די אַרבעטסלאָזע אָנגע־הויבן מאַרשירן צום באַרימטן הייד־פּאַרק. פון די רייכע קלובן האָבן אַרונטערגעקוקט די רייכע ליידיקגייער מיט שפּאָט און פאַראַכטונג. דאָס האָט די אָרימע אויסגעהונגערטע ענגלישע אַר־בעטער־מאַסן שטאַרק אויפגערעגט און ס'איז פאָרגעקומען א סטיכישער מאַסן־אויסברוך. די אַרבעטסלאָזע האָבן געבראָכן די שויבן פון די רייכע קלובן און צעשטערט קראָמען. די כיטרע ענגלישע בורזשואַזיע האָט דאַן באַוויליקט פאַר די אַרבעטסלאָזע א סומע פון 60,000 פונט (300,000 דאָלאַר) און אָנגעקלאָגט די סאָציאַליסטן אין העצן צו מרידה. נאָר דאָס האָט דעם רעוואָלו־ציאָנערן סאָציאַליזם געגעבן א נייעם אימפּעט.

ווינטשעווסקי האָט אין אָט־די אַלע צוזאַמענשטויסן צווישן אַרבעט און קאַפּיטאַל געזען סימנים פונם קומענדיקן „יום־הדין פאַר דאָס הערשנדיקע געלט", פאַר „די זיילן פון דער וועלט". ער האָט דעמאָלט געזונגען אינם ליד „דריי וועכטער" („אַרבעטער פריינד", יאַנואַר, 1886), אַז דער טאָג איז שוין ניט ווייט:

„דער קאַמף וועט זיין הייס,
אָבער גרויס די באַלוינונג;
עס וועט קאָסטן שווייס,
אפשר בלוט אויך אָן שוינונג..."

ער האָט דערפאַר געהאַט גרויס פאַרדרוס, וואָס די „רעוואָ־לוציאָניסטן" פון דער „סאָציאַליסטישער ליג" גייען ניט האַנט־אין־האַנט מיט די סאָציאַל דעמאָקראַטן פון דער „ס. ד. פ.". איז ער אַרויסגעטראָטן אינם פעברואַר נומער „אַרבעטער פריינד" מיט

אַן אַרטיקל „די אַרבעטער און זייערע פירער“, וואו ער מוסר׳ט שטאַרק די סאָציאַליסטישע גדולים פאַר זייער ניט־אייניקייט אין אַזאַ וויכטיקן מאָמענט. דאָס איז דעמאָלט געווען אַ גרויסע געוואַגטקייט פון אַ יונגן סאָציאַליסט קעגן אַזאַ באַליבטער אינטערנאַציאָנאַלער פיגור, ווי וויליאַם מאָרים, וועמעס צד האָט נאָך דערצו געהאַט די סימפּאַטיע פון ניט קיין קלענערער פּערזענלאַכקייט, ווי פרידריך ענגעלס.

***

צוליב די אַרבעטער־אומרועו אין ענגלאַנד האָט זיך אויך גאָר גיך אויסגעלאָזן ווינטשעווסקי׳ס נייע קאַריערע אַלס העברעאישער שרייבער. די מעשה איז אַזוי געווען: ווינטשעווסקי האָט געקראָגן אַן איינלאַדונג פון „היום“, די דעמאָלט אָקאָרשט־נעגרינדעטע ערשטע טעגלאַכע צייטונג אין העברעאיש, צו שרייבן דאָרט קאָרעספּאָנדענצן פון ענגלאַנד. „וויסנדיק“, דערציילט ווינטשעווסקי, „אַז קאַנטאָר׳ס בלאַט דערשיינט אין דער הויפּטשטאָט פון די צאַרן“, האָט ער „נאַטירלאַך געשריבן זייער פאָרזיכטיק“ וועגן דער „באַרימטער טראַפאַלגער־סקווער דעמאָנסטראַציע“. פונדעסטוועגן האָט זיין רעדאַקטאָר, י. ל. קאַנטאָר (וואָס האָט, ווי ס׳איז שוין געווען דערציילט אין אַ פריערדיקן קאַפּיטל, אין דער יוגנט געזונגען דאָס ערשטע סאָציאַליסטישע ליד אין העברעאיש), זיך דערשראָקן און האָט דעם בריוו ניט געדרוקט. האָט ווינטשעווסקי דאָרט ניט מער געשריבן. *)

***

מאָרים ווינטשעווסקי האָט צוליב אויסערלאַכע אומשטענדן

---

*) ווינטשעווסקי׳ס לעצטער בריוו אין „היום“ איז דאַטירט לאָנדאָן, 9טן אַפּריל, 1886, און איז געדרוקט פינף טעג שפּעטער. זיין אונטערדריקטע קאָרעספּאָנדענץ איז, ווי ס׳שיינט, געווען געשריבן אין מיטן אַפּריל, נאָכן פּראָצעס פון די אָנגעקלאָגטע אַרבעטער־פירער, ווען בערנס, הינדעמאַן, וויליאַמס און טשעמפּיאָן זיינען פונם געשוואָרענעם געריכט באַפרייט געוואָרן.

ניט געקענט זיין אָפיציעל דער רעדאַקטאָר פון „אַרבעטער פריינד". נאָר פאַקטיש פילט זיך דאָרט זיין האַנט אויף שריט און טריט. ער איז די נשמה פון אָט־דער ערשטער אידישער אַר־בעטער־צייטונג, איר שטאָלץ און איר צירונג. ער איז איר הויפּט־וואָרטזאָגער און טאָנגעבער, דער וועקער און דער דערציער. צו־ערשט און צולעצט אַ פרייהייט־קעמפער, איז ער אויך קולטור־טרעגער און עסטעט. ער איז טעטיק אויף אַלע געביטן פון דער ליטעראַטור, אין פּראָזע, און אין פּערזן, און לייגט אויך אַ סך געוויכט אויף דער שיינקייט פון דער שפּראַך. ער ווערט באַזונ־דער טעטיק אין זיין ליטעראַרישער אַרבעט, ווען דער „אַרבעטער פריינד" הויבט אָן אַרויסגיין וועכנטלאַך (10טן דעצעמבער, 1886). ער באַנוגענט זיך דאַן ניט מער מיט זיינע אייגענע פאַר־פאַסונגען און הויבט אויך אָן איבערזעצן גוטע ליטעראַטור פון אַנדערע שפּראַכן. אַחוץ קלענערע זאַכן איבערזעצט ער וויקטאָר הוגאָ'ס ראָמאַן „לע מיזעראַבל" (די אומגליקלאַכע), וואָס האָט זיך געצויגן אין פאָרטזעצונגען אַ פּאָר יאָר נאָכאַנאַנד. הוגאָ'ס ראָמאַן איז איבערזעצט אין אַ גוטן אידיש פאַר יענער צייט. די קאַפּיטלען האָבן אַזוינע אויבערשריפטן, ווי, למשל, „אַ ליידיקער מאָגן אויף אַ שטיינערנעם מאַטראַץ", „דער מענטש מיט צוויי שורות", „בלעם קומט שילטן און בענטשט" א. ד. גל. ווען די צוויי הימלאָזע קינדער דערציילן גאַוורָאָשן, אַז זיי האָבן עלטערן, נאָר זיי ווייסן ניט וואו זיי זיינען, באַמערקט ער: „דאָס ווערט אָנגערופן דער ספר איז דאָ, נאָר דער מחבר פעלט, ער איז פאַר־לאָרן געגאַנגען. קעצעלאַך, דאָס איז קיין יושר ניט אַזוי צו פאַר־לירן אַ גרויסן מענטשן"...

גלייכצייטיק מיט זיין שרייבן אינם „אַרבעטער פריינד" האָט ווינטשעווסקי, פון צייט צו צייט, זיך אויך באַטייליקט אין די ענגלישע סאָציאַליסטישע אויסגאַבן. ער האָט אויך געשריבן אַזוינע זאַכן, וואָס האָבן אין דער דעמאָלטדיקער אַרבעטער־פּרעסע זיך ניט געקענט אַריינפּאַסן, ווי, למשל, זיינע ליבע־לידער און זיין קאָמעדיע „דער מירער עילוי" (פאַרפאַסט אין

סעפּטעמבער, 1886), װעלכע ער האָט ערשט פאַרעפענטלאַכט אי־
בער 40 יאָר שפּעטער אינם דריטן באַנד פון זיינע „געזאַמלטע
װערק".

ווינטשעווסקי'ס ערשט ליד אינם װעכנטלאַכן „אַרבעטער
פריינד" איז געװען „דאָס געשפּענסט",*) װאָס ער האָט פאַר־
עפנטלאַכט אָן אַן אונטערשריפט. דאָס ליד מאַכט נאָך היינט אַ
טיפן איינדרוק. ווינטשעװסקי שילדערט דאָרט, װי אַזוי ער זיצט
לעבן קאַמין, טראַכט און שלומערט, און פּלוצלונג זעט ער װי עס
טרעט אַרויס פון פייער אַ געשטאַלט, אַ ביינער געשטאַלט... און
דער מת דונערט אויף אים, אַז די װאָרימקייט ביי אים אין שטוב
האָט אים, דעם קוילנגרעבער, געקאָסט דעם „טויט אין אַ גרוב".
דער מת דערציילט אויך דעם דיכטער, וויפיל נפשות אַ יאָר די
גרובן פאַרשלינגען און וויפיל יתומים די אָרימע גרעבער באַזינגען.
און װי דער מת רעדט אָפּ, דערשיינען פאַר דעם דיכטער „טויזנ־
טער יונגען און מיידעלאַך אָן אַ שיעור" און זינגען אַ קלאָג־ליד
איבער דער עלנט אויף דער װעלט. ער זעט אויך „פּולקען אלמנות"
אין תכריכים און הערט זייער „שרעק־געזאַנג".

***

אָף זיינע לידער האָט ווינטשעווסקי אין װעכנטלאַכן „אַר־
בעטער פריינד" קיינמאָל ניט אונטערגעשריבן קיין פולן נאָמען,
אָדער אפילו מ. וו. אמאָל פלעגט ער אונטערצייכענען: וו. פּאַ־
ריז. נאָר מערסטנס פלעגט ער שטעלן אַנדערע בוכשטאַבן: ב. ג.,
ג. אָדער ז. (װאַרשיינלאַך, זיידע) און דערביי צוגעגעבן אַ נאָמען
פון אַן אַנדער שטאָט: פּאַריז, פילאַדעלפיע א. ד. ג. ער פלעגט
אויך אָנגעבן סתם אויסגעטראַכטע נעמען, אָדער גאָר אַזאַ ניט
בכבוד'יקן נאָמען, װי „יאַנקעלע טראַשקע" (אויף זיינע ענגלישע
זאַכן פלעגט ער זיך אונטערשרייבן „דזשים פון בעטנאַל
גרין"), אַבי צעטומלען דעם שטן, מען זאָל ניט חושד
זיין דעם חשוב'ן באַנק־באַאמטן, לעאָפּאָלד בענעדיקט,

*) געזאַמלטע װערק, באַנד 2, ז' 52—56.

אַז ער מישט זיך, חלילה, צווישן סאָציאַליסטן און אַנאַרכיסטן. אָפטמאָל פלעגט ער דערפאַר ניט אונטערשרייבן אונטער זיינע לידער און פּראָזע אָפילו קיין איינציקן בוכשטאַב, אָדער אָוועקשטעלן בלויז דריי שטערנדלאַך.

***

אין יאָר 1887 האָט ווינטשעווסקי, אַזוי ווי אין 1886, פאַרעפנטלאַכט ווייניק לידער. נאָר דערפאַר געפינט זיך צווישן זיי די זייער פּאָפּולער געוואָרענע „מארסעליעזע", *) וואָס האָט גאָר אַ קנאַפּן שייכות צו דעם פראַנצויזישן הימן מיט אָט־דעם זעלבן נאָמען. ווינטשעווסקיס „מארסעליעזע" איז דורכגעדרונגען מיטן גייסט פונם אינטערנאַציאָנאַליזם און ענדיקט זיך מיט אַ וואָרנונג צו די אידישע אַרבעטער, אַז ניט אין ציון, נאָר אין דער סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע איז זייער הילף. ער זאָגט זיי:

„איר וואָלט אפילו אינם „לאַנד דער העברייער"
בלייבן שקלאַפּן ביי דעם מאַן פון געלט!
נון, וואָלאַן, דען! ווייזט דער גאַנצער וועלט,
אַז איר שטאַמט אָפּ פון די מאַקאַבייער".

אין ווינטשעווסקיס מארסעליעזע פּילט זיך דער איינפלוס פון די געשעענישן פון יאָר 1887, וואָס האָבן אים געגעבן דעם נאָמען „יאָר פון אומרואיקע מאַסן". די פּרעכע ברוטאַליטעט פון דער אַמעריקאַנער בורזשואַזיע, נאָך דער היימאַרקעט־דעמאָנסטראַציע, האָט געשאַפן אַ פרוכטבאַרן באָדן פאַר דער פּראָפּאַגאַנדע פון רעוואָלוציאָנערע אידייען צווישן די פריער גלייכגילטיקע אַמעריקאַנער אַרבעטער־מאַסן. אין איטאַליע, פראַנקרייך, רוסלאַנד און שפּאַניע זיינען פאָרגעקומען פּויערים־בונטן. אין בעלגיע האָבן די קוילן־גרעבער אָנגעפירט גרויסע סטרייקס. אין ענגלאַנד זיינען די טורמעס געווען פול מיט קלאַסנקעמפער, און דאָס יאָר האָט זיך געענדיקט מיט אַ דעמאָנסטראַציע פון 100,000 אַרבעטסלאָזע, וואָס האָבן מאַרשירט מיט רויטע פאָנען, ביי דער

*) דאָרט, ז' 71—72.

לויה פון לינעל, דער ארימער ארבעטער, וועלכן די ענגלישע בור־זשואזע פאליציי האט דערמארדעט אף א מאסמיטינג אין טרא־פאלגער סקווער. און ווען ווינטשעווסקי האט גערופן די „אונ־טערדריקטע מאסן", די „ארבעטסלייט", זיך צו דערהויבן „מאן נאך מאן" און מארשירן „אין אייניקייט, צום קאמף מיט דעם טיראן", איז דאס ניט געווען סתם רעוואלוציאנערע מליצה. ס'איז געווען א רוף זיך צו באטייליקן אין די פראטעסטן און דעמאנ־סטראציעס, מיט וועלכע די „אומרואיקע מאסן" האבן אנגעפילט דאס יאר 1887, וואס האט זיך פארענדיקט מיט דער ברוטאלער דערמארדונג פון די רעוואלוציאנערע ארבעטער פירער אין שי־קאגא.

*
**

צווישן ווינטשעווסקי'ס פראזע אין 1887 זיינען פאראן צוויי אויספירלאכע ביאגראפיעס, אין פיל פארטזעצונגען, פון פער־דינאנד לאסאל און קרעמיע,ביידע אן אונטערשריפטן. ער האט אויך צוויי ארטיקלען, אונטער זיין פולן נאמען—„מ. ווינטשעוו־סקי". קענטיק, אז ער האט זיי געוואלט געבן די פולע פאפולא־ריטעט פון זיין נאמען. איין ארטיקל איז וועגן פעטער לאווראוו—„אן עדעלער כאראקטער",—וואו ווינטשעווסקי מאכט פראפאגאנ־דע פאר א רעדע, וואס פעטער לאווראוו האט געהאלטן דעם 1טן מאי, 1886, פאר אידישע ארבעטער אין פאריז, און וועלכע איז א קנאפן יאר שפעטער (מערץ 1887) ארוים אין אידישער אי־בערזעצונג. דער צווייטער ארטיקל איז וועגן „קאאפעראטיווע פאראיינען" — דער ערשטער רוף אין אידיש צו גרינדן קאאפע־ראטיוון.

אינם זעלבן יאר האט ווינטשעווסקי צום ערשטן מאל פרו־בירט איבעראידישן זיין העברעאישן יגלי. ער האט איבערגעארבעט אין אידיש יגליים א חלום, פארעפנטלאכט מיט ניין יאר פריער אין „הקול" (נומערן 83—84, 1878) און האט עס א נאמען גע־

געבן „א יום־כפור׳דיקער חלום פון חיים יאנישקער המכונה חיים באַלבעטון". *)

חיים יאנישקער דערציילט, אז אים איז געקומען צו חלום דער מלאך סמאל, דער „מקטרג פון אונז, אידן", און אים באַוויזן, ווי אזוי פארשידענע מינים אידן דאַווענען יום־כפור און בעטן ביי גאָט א „גוט יאָר". דער דאָקטאָר און דער אפטייקער בעטן „א יאָר פון אַלערליי עפידעמישע קראַנקהייטן", דער אַדוואָקאַט בעט — „וואָס מער גנבות, גזלות, רציחות, פאַדזשאָגן, פעלשונגען, באַנקראָטן"; דער שפיאָן בעט, ער זאָל קענען „אריינברענגען טויזנטער יונגע לייט אין טורמע, פארשיקן הונדערטער קיין סיביר..."; דער תבואה־הענדלער בעט א „יאָר פון יקרות, א ניט־געראָטענעם יאָר"; דער פאבריקאנט בעט, עס זאָלן זיך פארמערן אָרימע לייט, כדי ער זאָל קריגן ארבעטער „אַלץ וועלוועלער". צווישן אָט־דעם סאָרט דאַווענער געפינט זיך דאָרט אויך א סאָציאַליסט, וואָס איז געוואָרן א חובב־ציון און געגאַנגען ראש־השנה און יום־כפור אין שול. ער ווערט געשילדערט אין דעם בילד פון „בעל תשובה", וואָס איז „א צייטונג־שרייבער, א רייכער מאַן". נאָר זיין צייטונג פאַר כל־ישראל גייט ניט גוט. בעט ער א „גוט יאָר — א יאָר פון גרויסע אומגליקן, גרויסע שרפות, גרויסע מלחמות". „עס לויפט אים שפייעכץ פון מויל, ווען ער טראַכט ארום א גוטע לאַנגע מלחמה! וואָס פאַר א הויב דאָס וואָלט דערלאַנגען זיין צייטונג"...

***

נאָך דעם מאַרטירער־טויט פון די רעוואָלוציאָנערע ארבעטער־פירער אין שיקאַגאָ האָט ווינטשעווסקי א לאַנגע צייט ניט געשריבן קיין קאַמפּסלידער. זיין שווייגן פון יענער צייט מאַכט דעם איינדרוק, ווי ער וואָלט געזאָגט: קעגן אזא בלוטיקן שונא, ווי דער קאַפּיטאַליזם האָט זיך ארויסגעוויזן אין אַמעריקע, זיינען

---

*) „ארבעטער פריינד", נומערן 34 און 35 (די וואָך פון יום־כפור) 1887.

נויטיק ווירקזאמערע וואפן. אלנפאלס האָט ווינטשעווסקי אינם „ארבעטער פריינד“ פון יאָר 1888 בלויז א סאטירע און א פּאראָ־דיע, ביידע אונטערגעצייכנט מיט דריי שטערנדלאך. די סאטירע: „ראבינער און מאשינער“ ווייזט דעם קאָנטראַסט צווישן די ביי־דע. דער ראבינער טוט גאָרנישט און לעבט רואיק און גליקלאך, בעת דער מאשינער (שטעפּער, אפּרייטער) ארבעט שווער און לעבט אין נויט.

די פּאראָדיע (אינם ראש־השנה נומער „ארבעטער פריינד“, 1888) איז געשריבן אינם סטיל פונם מחזור, אין לשון קודש, מיט א דערקלערונג אין „עברי־טייטש“, אונטערן נאָמען „יוצר ליום ראשון של ראש־השנה“. זי גייט נאָכן אלף־בית אויף א דרייפאכן אופן. די ערשטע צוויי ווערטער און דאָס צווייטע בוכ־שטאב פונם דריטן וואָרט. צום ביישפּיל:

| | | |
|---|---|---|
| אוכלי אביונים | יאמרו בקול | הכסף מלך |
| **בוזזי בז** | יביעו בקול | הכסף מלך |

די „עברי־טייטש“ זעצט עס איבער אויף אזא שטייגער: „א ו כ ל י  א ב י ו נ י ם, רייכע לייט, וואָס פרעסן די אָרימע“ א. א. וו. *)

---

*) די גאַנצע פּאראָדיע איז איבערגעדרוקט מיט נקודות אין די געזאמלטע ווערק, באנד 6.

אן אנדער פּאראָדיע ווינטשעווסקיס פון יענער צייט איז „חד עובדיה“, געשריבן אינם סטיל פון „חד גדיא“. זי איז דעם ערשטן מאָל פארעפנטלאכט געוואָרן אין דער פּראָלעטארישער „הגדה של פּסח“ (פארפאסט פון לעאָן זאָלאָטקאָף און ב. פייגענ־בוים), וואָס איז ארויס אין לאָנדאָן אין אפּריל 1888 (זי איז איבערגעדרוקט אינם זעקסטן באנד פון ווינטשעווסקי׳ס „גע־זאמלטע ווערק“). דעם אָרט פון דער טראדיציאָנעלער ציגעלע פארנעמט דאָרט דער ארבעטער און אָנשטאָט „הקדוש ברוך הוא“ קומט צום סוף די סאָציאלע רעוואָלוציע.

פיל מער פּראָדוקטיוו איז ווינטשעווסקי געווען אינם יאָר

1889. איבערהויפט זינט זיין שוואָגער, קאָנסטאַנטין גאַלאָפּ, איז געוואָרן רעדאַקטאָר פון „ארבעטער פריינד“ (אַפּריל 1889). ווינ־טשעווסקי האָט יענעם יאָר פאַרעפנטלאַכט אַן איבערזעצונג פון הוגאָ'ס דערציילונג „דער קעניג אַמוזירט זיך“, אונטערגעצייכנט ט. ע. דעבקין (בענעדיקט, זיין איצטיקער פאַמיליע־נאָמען); אַן אָריגינעלן ראָמאַן: „אַ פאַל פון לעצטן שטאַפּל“, אונטערגע־שריבן ט. ע. ד.; די פּאָעמע „פערדינאַנד לאַסאַל“, אונטערגע־צייכנט ד—ן (דעבקין) פּאַריז; די סאַטירע „ארבעטער און פוי־לענצער“, אַ ויכוח, אונטערגעצייכנט יאַנקעלע טראַשקע, גלאַזגאָ; און עטלאַכע אַנדערע לידער, געצייכנט מיט ז. פּאַריז, אָדער פילאַדעלפיע, אָדער גאָר אָן אַ נאָמען, ווי זיין פּאָפּולער ליד „אַ בעזים און אַ קער“, *) אין וועלכן דער ריז־ארבעטער דערשיינט מיטן בעזים פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע און קערט אויס אַלע דאַרמאָיעדניקעס, פּאַראַזיטן און ליידיקגייער, דעם מיטלמאַן, טיטלמאַן און קיטלמאַן. —

„מיך שרעקט קיין שוואַרצער קיטל ניט,
קיין שוואַרצער יאָר ניט מער;
מיך שרעקט קיין קרוין, קיין טיטל ניט,—
מיין בעזים מיר אַהער!
איך דאַרף ניט מער קיין פלאַפּערמאַן,—
אַ בעזים און אַ קער!
קיין פלאַפּערמאַן, קיין באַפּערמאַן, קיין קלאַפּערמאַן
ניט מער!“

צו יענער צייט (1899) געהערט אויך ווינטשעווסקי'ס פּאָפּו־

*) געזאַמלטע ווערק, באַנד 2, ז' 74—75. (דאָס ליד האָט אַלס מאָ־טאָ די ווערטער פונם „משוגענעם פילאָזאָף צום סוף פון זיין פעליעטאָן „צענדליקע, פליגן און שפּינען“ (באַנד 4, ז' 34): „און די שפּינען?— אויף זיי וועט קומען אַ בעזים... מיט איין קער וועט דער בעזים פאַר־ניכטן זייער גאַנצע קלוגע וועבעריי“.)

לער ליד „די רויטע פאָן“,*) אין וועלכן ער דערציילט, אז „אונ־זער פאָן איז רויט“, ווייל מיר ווילן, אז קיינער זאָל מער ניט זיין בלאַס, אז „די פארב פון נויט“ זאָל ניט טראָגן דאָס פּנים פונם ארבעטער־קלאַס, און ווייל טיראַנישער וואוט האָט זיי גע־פאַרבן מיט ארבעטער־בלוט.

נאָר ווינטשעווסקי'ס באַדייטנדיקסטע ליטעראַרישע ארבעט פון יענער צייט איז אָן צווייפל זיין סעריע פעליעטאָנען, פּאָליטי־שע און קולטור־געזעלשאַפטלאַכע סאַטירעס, וואָס ער האָט אָנגע־הויבן פארעפנטלאַכן דעם 19טן אַפּריל, 1889, אונטערן נאָמען „צושלאָגענע געדאַנקען פון אַ משוגענעם פילאָזאָף“.

## .10

## דער „משוגענער פילאָזאָף“

„אַ דיינקער מיט אַ טרער אין אויג“. — נאַרן און שופטן. — די ביאָגראַפיע פון דעם אָרימען אידישן אַרבעטער. — דוד עדלשטאַט'ס ליד. — דריי אין איינעם. — באַליבטקייט.

אין זיינע „צושלאָגענע געדאַנקען פון אַ משוגענעם פילאָזאָף“ האָט ווינטשעווסקי סוף־כל־סוף געפונען די געזוכטע פאָרם איבער־צו אידישן זיין פאַנטאַזיאַר „יגלי“, אין וועמעס נאָמען ער האָט נעשריבן זיינע העברעאישע פעליעטאָנען מיט צען־צוועלף יאָר פריער.

דעם „משוגענעם פילאָזאָף“ האָט ווינטשעווסקי פאַרגעשטעלט פאַר אַ מינסקער חקרן און ניט פאַר קיין יאַנישקער באַלבעטון, ווי אין זיין פארזוך, אין דעם יום־כפור'דיקן חלום, מיט אַ האַלב יאָר פריער. נאָר „פאַרוואָס משוגע? מחמת זיינע געדאַנקען זיי־נען געווען אויסגעדריקט אין צעשלאָגענע רייד. פאַרוואָס פילאָ־זאָף? מחמת זיינע צעשלאָגענע רייד האָבן אין זיך געהאַט גע־

*) דאָרט, ז' 73.

דאַנקען". ער איז „אַ דיינקער מיט אַ טרער אין אויג, אָבער דער טרער לעשט ניט דעם ברען אין איר. ער האָט געפילן אין מח און געדאַנקען אין דער ברוסט, און דערפאַר זיינען זיינע רייד צעטומלט".

יגלי'ס זעלבסט־כאַראַקטעריסטיק פון 1878 גילט אויך פאַרן „משוגענעם פילאָזאָף" פון 1889 און שפּעטער. יגלי שרייבט דאָרט (אינם זיבעטן העפט „אספת־חכמים"): „אַמאָל לאַך איך און שפּאַס און אַמאָל וויין איך און טרויער; כעס און געלעכטער הויערן אין מיין האַרצן צוזאַמען און שטויסן זיך נאָכאַנאַנד איינער אָן דעם אַנדערן". נאָר דער „משוגענער פילאָזאָף איז ניט געווען אַזאַ פאַנטאַזיאָר ווי יגלי. ער האָט ניט גע'חלומ'ט פון אונ־טעררייידונגען מיט מלאכים, פּאַפּסטן און קעניגן, ווי יענער. „ער האָט גערעדט פאַר דעם אידישן אַרבעטער־עולם, און אויב זיינע געדאַנקען זיינען געווען צעשלאָגן, איז דאָס געקומען דורכדעם, וואָס זיין האַרץ איז געווען געבראָכן". — לאָנדאָן, וואָס איז געווען יעמאָלט די רייכסטע שטאָט אין דער וועלט, האָט אין זיך געהאַט דעם גרעסטן דלות. צוויי מינוט גאַנג פון „ענדזשעל־קאָרט" איז געווען „קראָסבי־סאָרט". אין ענדזשעל־קאָרט האָבן זיך איינגעפונען די קאַנטאָרן פון אַ טוץ מיליאָנערן, אין קראָסבי־קאָרט פלעגן קינדער גיין במעט באָרפוס אין נאָוועמבער. און אָט אַזוי, צווישן דעם הוילן, אויס־געדאַרטן דלות און דעם פאַרפּוצטן דיקבייכיקן רייכטום פלעגט זיך דער מינסקער חקרן פילאָזאָפירן מיט אַ שמייכל אויף די ליפּן און אַ ווייטאָג אין האַרצן". *)

אין זיין „ויכוח מיט די וועלט" ⁑) דערקלערט דער „משוגע־נער פילאָזאָף", אַז די וועלט רופט אים „משוגע" דערפאַר, ווייל ער טוט ניט ווי „אַלע" טוען. נאָר ער האַלט, אַז דאָס, וואָס די

---

*) פאָרוואָרט צום בוך „דער משוגענער פילאָזאָף אין אַמעריקע", פאַרלאַג „פאָרווערטס", ניו יאָרק, 1920.

⁑) געזאַמלטע ווערק, באַנד 4, ז' 16—19.

„אלע“ טוען, איז ניט רעכט און ניט קלוג. ניט געקוקט אויף דעם, וואָס זיי געהערן צו פאַרשידענע נאַציעס און רעדן אַלערליי שפּראַכן, טיילט ער זיי איין „אין צוויי קלאַסן: אין נ א ר ן און ש ו פ ט ן“ — „די נאַרן אַרבעטן און שמאַכטן, די שופטן גייען אַרום ליידיק און געניסן“. און אויף דער פראַגע פון אַ לעזער, ווי קאָנען מיר, אַרבעטער, זיך העלפן, ווען „די שופטן זיינען קלוג און מיר זיינען נאַרן“, ענטפערט דער משוגענער פילאָזאָף: „די נאַרן דאַרפן נאָר מאַכן יד־אחת קעגן די שופטן, וועלן די שופטן קיין שופטן ניט זיין און די נאַרן קיין נאַרן ניט“. („אַר־בעטער פריינד“, מאַי 24, 1889, ז' 5).

און אין זיין זעלבסט־כאַראַקטעריסטיק „אינהאַלט: איך“ ⁂) שרייבט דער משוגענער פילאָזאָף: „איך בין ניט טרויעריק, ווייל איך וויים — איך זאָג ניט: ווייל איך גלויב, האָף, קלער; איך זאָג: ווייל איך וויים — אַז זיי וועלן ניט אייביק וויינען. איין שיי־נעם פרימאָרגן וועט זייער לאַגע ווערן אומדערטערעגלאַך און זיי וועלן צעררייסן אויף זיך די דרייפאַך געפלאָכטענע שטריק פון נויט, יאָך און באַטרוג, וועלכע דאָס געלט, די הערשאַפט און די אמונה האָבן אַזוי קינסטלאַך פאַר זיי געפלאָכטן“. אַן ענלאַכע מיינונג וועגן אים האָט אַ קנאַפּן יאָר שפּעטער אויסגעדריקט זיין „פריינט ווינטשעווסקי“, אין אַ בריוול צו אים, דורך גראַ־מען: *)

⁂

באַלד אין דער ערשטער „משוגעת“ דערציילט דער משוגע־נער פילאָזאָף, אַז ער איז „שוין אַלט“. אין דער פערטער משוגעת גיט ער שוין אָן געננוי זיינע יאָרן — 63. עטלאַכע יאָר שפּעטער

⁂) דאָרט, ז' 84—97.

*) „מיין ליבער פריינט, איך זיט, מיר שיינט, — — — אַ מאַן, וואָס דיינקט און דאַרום קריינקט; אַ מאַן, וואָס קלערט און דאַרום ווערט ביסלאַכווייז אַ שוואַכער גרייז“ (געזאַמלטע ווערק, באַנד 4, ז' 120—122)

אין דער „לעבנסגעשיכטע פון דעם משוגענעם פילאָזאָף, באַשריבן פון אים אַליין" *) דערציילט ער, אַז ער איז געבוירן געוואָרן אין מינסק, געגנוי די נאַכט פון 25טן יולי, 1825. זיין לעבנס־געשיכטע פאַרענדיקט ער ניט, ער בלייבט „אין מיטן דרייגען" און זאָגט צו עס צו טאָן „לאחר מאה שנים, וואָס דאָס וועט אַרויסקומען אין דעם יאָר 1925", ווען ער וועט „געווים שוין זיין אויף יענער וועלט". ערשט דעמאָלט, זאָגט ער, וועט ער „קע־נען שרייבן אי אָן איבעריקער גאוה, אי אָן צו גרויסער עניוות", וואָס „דאָס קען ניט אַ בשר־ודם". דערווייל וויל ער ליבער באַ־שרייבן די לעבנסגעשיכטע פון אַ וויכטיקערער פּערזאָן ווי זיינע— „די ביאָגראַפּיע פון דעם אָרימען אידישן אַרבעטער" און „טאַקע אים, און ניט דעם גויאישקן אַרבעטער, ווייל יענעם דאַרף באַ־שרייבן אַ גוי". דעם אידישן אַרבעטער, אָבער, קען ער, דער משוגענער פילאָזאָף, „מיט אַלע זיינע קליפּערלאַך, מיט אַלע זיינע מעלות און מיט אַלע זיינע חסרונות — — — מיט זיין צעטומלטקייט, מיט זיין אידישער פירונג, מיט זיין ליבע צו מגידות".

„צום אומגליק", באַמערקט דער משוגענער פילאָזאָף, „בין איך צעטומלט ווי ער אַליין. שרייב אָן אַ טאָלק פּונקט ווי ער לעבט און פאַרקריך אין מגידות ווי ער צו דער מגידות"...

נאָר גראָד דורך אָט־דעם שרייבן „אָן אַ טאָלק", פאַרקריכן אין מגידות, אָפּגעבן מער פּלאַץ פאַר די זייטיקע אגבֿ'ן און מחשבות'ן, ווי פאַר דער הויפּט־טעמע און דערגלייכן אייגנ־שאַפטן, וואָס ער האָט שוין אַרויסגעוויזן אין זיין פעליעטאָן „דער גרענדע־פּירער", אין 1887, ⁑) האָט ווינטשעווסקי געפונען דעם שליסל צום הארצן פון די ברייטע אידישע מאַסן.

*) „צוקונפט", ניו יאָרק, נומערן: אַפּריל, דעצעמבער 1892 און יאַנואַר 1893. (אַ טייל דערפון איז אַריין אין די געזאַמלטע ווערק, באַנד 5, ז' 123—128, 162—165.)

⁑) זע אויבן, ז' 60—61.

אין אָט־די פעליעטאָנען טרעט ארויס ווינטשעווסקי צום ערשטן מאָל מיט זיין אייגנטימלאכן אידישן סטיל — דער איינ־ציקער פון זיין מין אין דער אידישער ליטעראַטור. די שפּראַך פינקלט און בלישטשעט מיט קלוגע ווערטלאַך און אָריגינעלע אַפּאָריזמען און „לייענט זיך ווי א וואסער". דער אינהאלט איז שפּילעוודיק און באלערנד, שארפזיניק און פּשוט, בייסנדיק וויציק און לייכט איראָניש, ליטעראריש און פאָלקסטימלאַך, מאָ־דערן אייראָפּעאיש און טראַדיציאָנעל אידיש. דערביי זיינען די שריפטן דורכגעדרונגען פון א טיפן מיטלייד מיט אלע ליידנדיקע און אונטערדריקטע, פון א שטארקער ליבע צו אלע, וואָס לעבן פון אייגענער פּראַצע, און פון א נביאישער זיכערקייט אין דעם ענדלאכן נצחון פון אמת און יושר, אין דעם אָנקום פון אן אל־וועלטלאכן „יום־הדין" און „משיח'ס צייטן" — די סאָציאלע רע־וואָלוציע און די מלוכה פון ארבעט.

***

די צעשלאָגענע געדאנקען פון דעם „משוגענעם פילאָזאָף" האָבן געמאכט גרויס אויפזען. זיי ווערן אָפט דערמאָנט אין די צײַטשריפטן אין „ארבעטער פריינד". א מיטארבעטער פון פּאריז (דוד גאָרדאָן) האָט אים געשריבן אן עפנטלאכן בריוו. אן אר־בעטער־טוער פון באָסטאָן (י. טאסק) האָט מיטגעטיילט, אז ער באנוצט די „משוגעתן" פאר סאָציאליסטישער פּראָפּאגאנדע. נאָר דער באדייטנדיקסטער אויסדרוק פון אנערקענונג איז געקומען פון סינסינעטי, פונם רעוואָלוציאָנערן דיכטער דוד עדלשטאט.

דוד עדלשטאט האָט פארעפנטלאכט אינם „ארבעטער פריינד" (מערץ, 1890) א ליד „צום משוגענעם פילאָזאָף", אין וועלכן ער זאָגט אזוי:

„איך בין פארליבט אין זיינע צוילן,
אין זיי לעז איך מיין אייגענעם שמערץ;
איך קען מיט זיי מיינע וואונדן היילן,
טרייסט מיין ליידענדעס הערץ".
„זיינע געדאנקען זיינען צושלאָגן

אַף טויזנטער רײנע אַלמאַזן,
ער קען מיט אײנפאַכע ווערטער אונז זאָגן,
וואָס מיר ניט מיט קלינגענדע פראַזן".

דער „משוגענער פילאָזאָף" האָט געהאַט אַן „אײניקל" (שפּע־טער האָט דער „אײניקל" אויך געהאַט אַ „פּלונית'טע"), פאַר וועמען ער פלעגט אַרויסווײַזן זײַנע חקירות. דער אײניקל האָט אים נאַטירלאַך אָנגערופן „זיידע". דערבײַ פלעגט „מאָרים ווינ־טשעווסקי" אַרויסהעלפן דעם „אַלטן" דורך „אונטערזינגען אַ ליד־דעלע מיט אַ קרעכץ פאַר אַן אָנהויב און אַ זיפץ פאַר אַן אויס־לאָז". האָט דער עולם פאַרשטאַנען, אַז ווינטשעווסקי, דער זיידע און דער אײניקל זײַנען „אײן אײנציקער פאַרשוין", אָדער, ווי ווינטשעווסקי דריקט זיך אויס: „דרײַ אין אײנעם, ווי ער, כביכול, אין דער קריסטלאַכער רעליגיע און אין אַ געוויסן אמעריקאַנעם אויל". האָט אים דער עולם בּיסלאַכווײַז אָנגעהויבן אָנרופן „זיידע".

נאָר צווישן זײַנע נאָענטע פרײַנט האָט מען ווינטשעווסקי'ן אָנגערופן „זיידע" פיל פריער. די מעשה איז אַזוי געווען. אין זע־ליגמאַנ'ס באַנק, וואו ער האָט געאַרבעט, האָט זיך געפונען אַ יונגער בחור, וועמען ווינטשעווסקי האָט פּראָטעזשירט און אָנגע־רופן „סאָני" (זונעלע). ווען דער בחור האָט חתונה געהאַט און איז געוואָרן אַ טאַטע, האָבן אַלע אָנגעשטעלטע אין באַנק באַטיטלט ווינטשעווסקי'ן מיטן נאָמען „גרענד־פּאַ" (זיידע). פון דער צײַט אָן האָבן אים אַלע זײַנע באַקאַנטע אָנגעהויבן אָנרופן מיט אָט־דעם גוטמוטיקן צונאָמען.

⁂

פון אַלע ווינטשעווסקיס פּראָזע-שריפטן איז בײַ די אַרבע־טער־מאַסן באַזונדער פּאָפּולער די פעליעטאָנען פונם „משוגענעם פילאָזאָף". זייער אײנפלוס אויף דער אידישער אַרבעטער־באַ־וועגונג אין ענגלאַנד, און אויך אין אַמעריקע, איז געווען אומגע־הויער שטאַרק. אַלטע אַרבעטער, שוין איצט אַליין זיידעס, קענען נאָך אַלץ ניט פאַרגעסן דעם אײַנדרוק פון זײַנע פעליעטאָנען מיט

א פערציק יאָר צוריק. באַזונדער איז עס געווען דער פּאַל מיט זיינס א „משוגעת" פון 1889, אונטערן נאָמען: „נאָך אמאָל: ווי ווערט מען א דיקטער".*) דאָס איז געווען אין דער צייט פון גרויסן ענגלישן דאָק־סטרייק. דער סטרייק האָט אויפגערודערט גאַנץ ענגלאַנד. אַלע רעוואָלוציאָנערע כוחות האָבן זיך גרופּירט אַרום די סטרייקער. א סך פון אונזערע אידישע אַרבעטער האָבן געהאַלטן דעם דאָק־סטרייק שיער פאַר א רעוואָלוציע. זיי האָבן געהאָפט, אַז באַלד, באַלד וועלן אין ענגלאַנד פאָרקומען גרויסע מעשים. מיט אמאָל באַווייזט זיך אין „אַרבעטער פריינד" דעם זיידנס „משוגעת", וואו ס'ווערט דערציילט אַזא מעשה:

זיין אייניקל האָט צוגעשטעלט קאָכן טיי, און דער זיידע האָט געפרעגט, וואָס הערט זיך מיט די וואַסער? ענטפערט דאָס אייניקל: „עס איז שוין וואַרים". זאָגט דער זיידע: „וואַרים? וואַרים איז ניט גענוג".

א ווייל שפּעטער פרעגט דער זיידע: וואָס איצט? ענטפערט דאָס אייניקל: „עס איז שוין הייס". זאָגט דער זיידע: „הייס איז ניט גענוג". צולעצט ווען דאָס אייניקל רופט אויס: „זיידע, די וואַסער הוזשעט שוין", ענטפערט דער זיידע: „הוזשעט? הוזשענען איז ניט גענוג, עס מוז קאָכן". און דער זיידע גיט דעם אייניקל א ביישפּיל פון דער לאָנדאָנער אַרבעטער־באַוועגונג: ווי אין אָנהויב איז זי גאָר קאַלט געווען, נאָכדעם וואַרים געוואָרן, דאַן הייס, איצטער הוזשעט עס... אָבער עס קאָכט נאָך אַלץ ניט. און דאָס אייניקל חזר'ט איבער פאַרטראַכטערהייט די ווערטער:

„עס הוזשעט, אָבער עס קאָכט ניט".

***

אַלס „משוגענער פילאָזאָף" האָט ווינטשעווסקי אַרויסגעזאָגט דער באַוועגונג און אויך דער אַרבעטערשאַפט אַזוינע ווערטער, וואָס פון א „קלאָרן" וואָלט מען עס כלל ניט געדולדעט. דאָך ווען ער האָט איבערגעכאַפּט די מאָס און שטאַרק אָנגעגריפן די דייטשע

---

*) געזאַמלטע ווערק, באַנד 4, ז' 47—50.

סאָציאַל דעמאָקראַטן, אויך בעבעל און ליבקנעכט אין כלל, פאַר זייער פרידלאַכער פּאַרלאַמענטאַרישער פּאָליטיק, זיינען אָנגעקומען שאַרפע פּראָטעסטן קעגן אים.*)

אין יאָר 1890 איז ווינטשעווסקי געווען נאָך פּראָדוקטיווער, ווי אין פריערדיקן יאָר. אחוץ אַ 40 „משוגעת'ן" אונטערן נאָמען „בילדער און ווערטער", האָט ווינטשעווסקי פאַרעפנטלאַכט די צווייטע העלפט פון זיין ראָמאַן „אַ פאַל פון לעצטן שטאַפּל", ארום אַ טוץ לידער, אייניקע אַרטיקלען און די ביאָגראַפיע פון לאַמנעי, ווּעמעס „ווערטער פון אַ גלויביקן" ווינטשעווסקי'ס שוועסטער, צעציליע (פרוי גאָלאָפּ), האָט איבערזעצט פאַרן „אַר־בעטער פריינד". די לידער זיינען, ווי פריער, אונטערגעצייכנט וו. אָדער ג., פּאַריז, יאַנקעלע טראַשקע (אַף סאַטירע) א. אַ. וו. בלויז איין ליד: „ניט אהין, ניט אהער" (אויגוסט 29) איז אונ־טערגעשריבן מ. וו. און אָנגעגעבן מיט וואָס פאַר אַ מעלאָדיע (פון אַ רוסיש ליד) עס צו זינגען... נאָר זיין פּאָפּולערסטע ליד

*) די פּראָטעסטן, אַזוי ווי די מערסטע שבחים אויף אים, זיינען געווען געדרוקט אינם „אָפּפער־אַלטאַר", אַזאַ'ן אָפּטייל, וואו יעדע פער־זאָן, וואָס האָט בייגעשטייערט פאַרן „אַרבעטער פריינד", האָט דערביי געקענט צושרייבן בקיצור, וואָס דאָס האַרץ גלוסט, אין פּראָזע אָדער אין פערז. ווען די ביישטייערער האָבן איבערגעכאַפּט די מאָס (ניט אין זייער ביישטייערן, נאָר אין זייערע „פּראָזאַאישע נאַרישקייטן" און בדחנות), האָט ווינטשעווסקי זיי אויסגעלאַכט, אין אַ „משוגעת" אונ־טערן נאָמען „אָפּפער־אַלטאַר" („אַרבעטער פריינד", 5טן יולי, 1889). מיטן „אָפּפער־אַלטאַר" האָבן זיך אויך באַנוצט כמעט אַלע פירער פון דער אידישער ראַדיקאַלער באַוועגונג אין ענגלאַנד און אַמעריקע, ווי, למשל, פיליפ קראַנץ, י. קאָפּעלאָוו, דר. מיכאל קאָהען, ב. פייגענבוים, מאָריס הילקוויט א. ד. גל. און אַ ריי אַרבעטער־דיכטער פון יענער צייט (מאָריס ראָזענפעלד, ס. פרימאַן, דוד גאָלדשטיין א. אַ. וו.) האָבן דאָרט געהאַט פערזן. נאָר ווינטשעווסקי האָט דאָרט קיינמאָל ניט געשריבן.

פון 1890, אויב ניט פון אַלע זיינע לידער, איז „דער פרייהייט גייסט“, וואָס דער משוגענער פילאָזאָף האָט, ווי ער דערציילט אין זיינער א „משוגעת“ (דעם 27טן יוני), געהערט זינגען „א זיסע הימלישע שטים“. ס׳איז דאָס ליד, אונטער וועמעס טענער אידישע אַרבעטער האָבן אַמאָל מאַרשירט אין מסירת־נפש׳דיקע ערשטער־מאַי דעמאָנסטראַציעס:

„אין די גאַסן, צו די מאַסן
פון געדריקטע פעלקער ראַסן,
רופט דער פרייהייטס־גייסט:
איך ברייננג וואָפן—פאַר דעם שלאָפן,
איך באַפריי די אַרבעטס־שקלאַפן
און איך מאַך זיי דרייסט“. —*)

דער „פרייהייט־גייסט“ דערקלערט דאָרט, צווישן אַנדערע זאַכן, אַז ער „קומט לערן — אַרבעט ערן; ערן, אַכטן און באַגערן אַרבעט מיט א טאָלק“ און איינפירן „גליק און פרידן — אומגע־שידן צווישן היידן, קריסטן, אידן, צווישן פאָלק און פאָלק“. ער קומט אויך „פרויען — אָנפאַרטרויען, יעדעם רעכט צו העלפן בוי־ען גלייכהייטס גרויסן טראָן“, און „גיט זיי רעכטע און די עכטע, ברידערלאַכע און גערעכטע אָרגאַניזאַציאָן“.

אינם זעלבן יאָרגאַנג „אַרבעטער פריינד“ האָט ווינטשעוו־

*) געזאַמלטע ווערק, באַנד 2, ז׳ 76. (ווינטשעווסקי האָט דאָס ליד איבערגעדיכטעט אויך אין העברעאיש („התורן“, 1920), אונטערן נאָ־מען „קול הדרור“, וואָס הויבט זיך אָן אַזוי:

„לכל הדרים
בין המצרים
לאסירי עוני בכל הערים
יקרא, קול הדרור:—

אליכם חשתי,
עוז לבשתי,
לכם הבאתי חרבי, קשתי,
ליושבי חושך—אור!“—)

סקי אויך פארעפנטלאכט זיין פאראָדיע „ די קאלעקאָטקע“ ‡) און זיין דערציילונג אין דיאלעקט „גרישקא'נ ראָמאן“, *‎**) וועלכע ער האָט שפּעטער פארעפנטלאכט אויך אין ענגליש צוערשט אין „די לאָנדאָנער סאָן“ (1893) און שפּעטער א ׳ זיין בוך „סטאָרים אָוו דהי סטראָגל“ (שיקאגאָ, 1908). אין דער „ זאלעקאָטקע“ לאכט אוים ווינטשעווסקי די כל־ישראל פּרעסע (ווי ב־יל'ס „השולמית“, וואָס האָט נאָך דעמאָלט עקזיסטירט). ער מאכט נאָך אלע אירע אָפּטיילן אין פּראָזע און אין פּערזן.

ווינטשעווסקי האָט יענעם יאָר אויך געשריבן אין דער אינם אָנהויב אומפּארטייאישער „פרייער ארבעטער שטימע“, וועמעס דערשיינען ער האָט באגריסט אין א באזונדער ליד. מ'האָט אים טאקע דעמאָלט באטראכט פאר א קרוב פון די אנארכיסטן און ניט בלויז דערפאר אליין. סאָציאל דעמאָקראטן, וואָס האָבן געלייגט אלע זייערע האָפענונגען אויף פּארלאמענטארישע זיגן, זיינען נאטירלאך אריין אין גרוים התלהבות איבער די גרויסע צאָל (1,341,597) אָפּגעגעבענע שטימען (אין 1890) פאר די דייטשע סאָציאל דעמאָקראטן. נאָר ווינטשעווסקי, וואָס האָט מער גע־האלטן פון די אקציעס פון די מאסן אין די גאסן, ווי פון דער ריי־דעריי אין די פּארלאמענטן, האָט אין זיין „לעקציאָן פון די דייטשע וואלן“, אונטערגעשריבן „ג., פּאריז“ (אינם „ארבעטער פריינד“ פון 21טן מערץ, 1890), באהאנדלט די פראגע אזוי קיל, רואיק, זאכלאך, ווי יאָרן שפּעטער אין זיינע נאָך־קאמפּיין אר־טיקלען אין אמעריקע.

*
**

די זעלבע פּרנסה־מאָטיוון, וואָס האָבן ווינטשעווסקי'ן ניט געלאָזט אונטערשרייבן זיין נאָמען אויף זיינע לידער און אר־טיקלען, האָבן אים אויך געשטערט אויפצוטרעטן אָפט אין דער

---

‡) דאָרט, באַנד 6, ז' 258—262.

*‎**) דאָרט, ז' 205—212.

עפנטלאַכקייט. נאָר אז ער פלעגט זיך אַמאָל באַווייזן פאַרן ראַדי־קאַלן עולם, פלעגט ער אויפגענומען ווערן מיט גרוים אַנטוזיאַזם. אַזוי דערציילט דער אַנאַרכיסט הערי קאַפּעלאַנסקי אין זיין באַריכט אין „אַרבעטער פריינד" איבער דער פייערונג פון דעם פינף־יאָריקן יובילײ פונם „אינטערנאַציאָנאַלן אַרבעטער בילדונגס קלוב" אין בערנער סטריט (8טן יוני, 1890). ס'זיינען דאָרט אויפ־געטראָטן אַזוינע גדולים, ווי וויליאַם מאָריס, סטעפּניאַק, טשייקאָווסקי, קראָפּאָטקין א. ד. גל., ווי אויך די דעמאָלט פּאָפּולערע אידישע רעדנער יאַנאָווסקי און פייגענבוים. דאָך זיינען ווייניקע דאָרט אויפגענומען געוואָרן מיט אַזאַ ליבע, ווי מ'האָט אַרויסגע־וויזן ווינטשעווסקי'ן.

נאָכדעם ווי אַ העלפט רעדנער האָבן אָפּגערעדט, דערציילט קאַפּעלאַנסקי, האָט דער פּאָרזיצער (וויליאַם מאָריס) אָנאָנסירט, אַז

„אונזער באַליבטער פריינט מאָריס ווינטשעווסקי, דער באַרימטער אידישער סאָציאַליסטישער פּאָעט, וועט דעקלאַמירן זיינע לעצטע צוויי געדיכטע: „צו מיינע ברידער",*) פון „אַרבעטער פריינט" נומער 15 און 23, און דאָס גאַנצע פובליקום איז, ווי איין מאַן, אויפגעשטאַנען און האָט אים באַגריסט מיט דעם גרעסטן ענטוזיאַזמוס. נאָכדעם ווי די אַפּלאָדיסמענטן האָבן אָנגעהאַלטן אַ פּאָר מינוטן, זיינען אַלע שטיל געוואָרן און אין די שטילקייט, אַזוי ווי פון ווייטנס, האָט זיך געהערט די שוואַכע, און פון אויפרעגונג ציטערנדע, שטימע פון פּאָעט. די געדיכטע וואָרן קונסטפול פאָרגעטראָגן און האָבן אַרויסגערופן טרערן אין די אויגן פון פילע אָנוועזענדע".

נאָר צו שאַרף איז דעמאָלט געווען דער קאַמף פון די רייכע לאָנדאָנער אידן קעגן די אידישע ראַדיקאַלן, אז ווינטשעווסקי, אַ באַאַמטער אין אַ אידישער מיליאָנערסקער באַנק, זאָל קענען אַרויסטרעטן אַלס מאָריס ווינטשעווסקי אויך צווישן די ניט־

---

*) דאָרט, באַנד 2, ז' 77—83. (ווינטשעווסקי דערציילט, אַז אָט־דאָס ליד איז ביי אים אַרויסגעקומען „מיט אַן אימפּעט, מיט עקסטאַז, פון אַ ברוסט פול מיט גלויבן" (באַנד 7, ז' 54—55).

ראַדיקאַלע אידישע מאַסן. אַזוי ווערט ער אַ פּינף־זעקס חדשים שפּעטער אַנאָנסירט אַלס „בן־נץ“, פאַר דער גרויסער פאָלקס־פאַרזאַמלונג פון 1טן נאָוועמבער 1890, צו פּראָטעסטירן קעגן די אידן־פאַרפאָלגונגען אינם צאַרישן רוסלאַנד.

***

זיין מיטאַרבעטערשאַפט אינם „אַרבעטער פריינד“ פון 1891 האָט ווינטשעווסקי אָנגעהויבן מיט זיין 74טער „משוגעת“ אונטער אַ נייעם נאָמען: „חקירות, מעשיות און ווערטלאַך“. נאָך דעם 3טן אַפּריל 1891 האָט דער „אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער בילדונגס קלוב“ באַשלאָסן, מיט 25 קעגן 22 שטימען, אַז „דער קלוב, זאָווי דער „אַרבעטער פריינד“, זאָל איבערגיין אין די הענט פון דעם אַ נ אַ ר כ י ס ט י ש ן טייל פון די מיטגלי־דער פון קלוב“. *) האָט ווינטשעווסקי, צוזאַמען מיט זיינע חברים סאָציאַלע רעוואָלוציאָנערן און סאָציאַל דעמאָקראַטן, פאַרלאָזן סאַי דעם קלוב און סאַי דעם „אַרבעטער פריינד“. זיין 87טע „משוגעת“ איז געווען זיין לעצטער ביטראַג אינם לאָנדאָנער „אַרבעטער פריינד“.

## .11

# קאַמף צווישן אַנאַרכיסטן און סאָציאַליסטן

**אַלפּאַרטייאישקייט. — שפּאַלטונג אין „אַרבעטער פריינד“. — „פרייע וועלט“, פאַרצווייפלונג, „דער פוקסל“, גאַלאָפּ'ס טויט. — נייע סעריעס לידער. — אַן ענטפער עדלשטאַטן. — דער „וועקער“. — ערשטע טרייד־יוניאָן בראָשור אין אידיש. — איבסענ'ס „נאָראַ“. — „לידער און געדיכטע“.**

אין ענגלאַנד פון די ערשטע יאָרן פונם „אַרבעטער פריינד“ איז ניט געווען קיין איינציקער בירגער ניט נאָר צווישן די אי־דישע סאָציאַליסטן, נאָר אויך ניט „אפילו צווישן די איינגע־

*) „אַרבעטער פריינד“, 10טן אַפּריל, ז' 1891.

וואנדערטע אידן בכלל".*) איז דער גאַנצער פּאָליטישער קאַמף געווען ביי די אידישע רעוואָלוציאָנערן בלויז אַן אַקאַדעמישע פראגע. האָט ווינטשעווסקי ניט געזען קיין אורזאַך, פאַרוואָס סאָציאַליסטן און אַנארכיסטן (וועלכע פלעגן זיך דעמאָלט אויך אָנרופן סאָציאַליסטן) זאָלן דאַרט ניט קענען ארבעטן מיט פאַר־אייניקטע קרעפטן. אמת, דער פּאָליטישער קאַמף איז ניט דער איינציקער פונקט, אין וועלכן סאָציאַליסטן און אַנארכיסטן גייען זיך פאַנאַנדער. פאַראַן צווישן זיי נאָך אַ סך אַנדערע פּרינציפּיעלע מיינונגס־פאַרשידנהייטן. נאָר ווינטשעווסקי האָט געהאַלטן, אַז ניט געקוקט אויף אַלע חלוקים, וואָס טיילן זיי פאַנאַנדער, קענען זיי דאָך ארבעטן האַנט־אין־האַנט אין דער „גרינדונג פון די יוניאָנס, דער פירונג פון סטרייקס, דער אויפהאַלטונג פון אַ געמיינ־שאַפטלאַכער פּרעסע, אַ קלוב און אַנדערע זאַכן, ווי, למשל, אַ ביבליאָטעק, אַ לעזע-צימער וכדומה".

מיט דער זעלבער מיינונג ווי ווינטשעווסקי איז דעמאָלט אויך געווען פיליפּ קראַנץ. אין דער פון זייביידן געשריבענער דערקלערונג, „פון דער רעדאַקציע", אויף דער ערשטער זייט פונם ערשטן נומער „ארבעטער פריינד" האָבן זיי אַזוי געזאָגט:

„דער „ארבעטער פריינד" וועט איבערהויפּט ניט זיין איינע פאַרטייאישע צייטונג, דאָס הייסט, ער וועט אָננעמען אַלע וויכ־טיקע מיינונגען איבער פאַרשידענע סאָציאַלע פראַגן, ווען דיזע מיינונגען וועלן אפילו ניט שטימען מיט אונזערע. אונזער פּאַרטיי איז נור קעגן די יעצטיקע געזעלשאַפט, קעגן אַלע אומגערעכטי־קייטן פון דער וועלט, אָבער מיר זיינען פריינדע פון אַלע סאָ־ציאַליסטן, וואָס פיר מיינונגען זיי האָבן איבער אייניקע סאָ־ציאַליסטישע פראַגן, וועלכע צוטיילן זיי יעצט".

נאָר דאָס מיינט ניט, אַז ווינטשעווסקי און קראַנץ, די צוויי הויפּט־וואָרטזאָגער פונם מאַנאַטלאַכן „ארבעטער פריינד" זיינען געווען אומפּאַרטייאיש. זיי שטיצן זיך אין זייער פּראָגראַם אויף

*) געזאַמלטע ווערק, באַנד 10, ז' 301.

די ווערטער פון „די בעסטע און גרעסטע לערער פון דעם יעצטיגען סאָציאַליזמוס, קאַרל מאַרקס און ענגעלס", וועלכע זיי האָבן „געשריבן אין זייער בארימטן „מאַניפעסט פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי". קיין אַנדערע לערער, ווי, למשל, באַקונין א. ד. גל., און קיין אַנדער ווערק ווערט אינם פּראָגראַם פונם „ארבעטער פריינד" ניט דערמאָנט. ווינטשעווסקי האָט טאַקע דערפאַר ניט געוואָלט ליידן, ווען מ'האָט אים שפּעטער גע־שטעמפּלט פאַר אַן אומפּאַרטייאישן. ער האָט קיינמאָל ניט גע־פּלאַנט, אַז דער „ארבעטער פריינד" זאָל זיין אומפּאַרטייאיש, נאָר אַל־פּאַרטייאיש.

נאָענט פון זעקס יאָר האָט דער „ארבעטער פריינד" אָנגע־האַלטן אָט־די אַל־פּאַרטייאישקייט זיינע. נאָר דאָס האָט נאַטיר־לאַך ניט אָפּגעשאַפט די מיינונגספאַרשידנהייט צווישן די סאָ־ציאַליסטן און אַנאַרכיסטן. שוין אינם פינפטן נומער פונם מאָ־נאַטלאַכן „ארבעטער פריינד" איז ארויסגעקומען יוסף יאַפּפאַ „אַלס אויסגעשפּראָכענער אַנאַרכיסט" און ער „האָט ארויסגערופן קעגן זיך אַן אויסגעשפּראָכענעם סאָציאַל דעמאָקראַט" אין דער פּערזאָן פון פיליפּ קראַנץ. צוערשט האָט זיך ווינטשעווסקי גע־האַלטן אומפּאַרטייאיש צו זייער סכסוך. נאָר שפּעטער, ווען „דער קראַנץ־פליגל און דער יאַפּפאַ־פליגל מיט זייערע אָנהיינ־גער פון ביידע זייטן" האָבן די זאַך ארויפגעטריבן זייער הויך, האָט ווינטשעווסקי (און שפּעטער , פיל שפּעטער, אויך גאַלאָפּ, פייגענבוים און באַראַנאָוו) גענומען אַ שטעלונג קעגן זיי ביידן. אויף דעם אופן זיינען אַנטשטאַנען די אומפּאַרטייאישע, אָדער „פּאַרעווע־לאָקשן", ווי קראַנץ האָט זיי אַ נאָמען געגעבן. *)

ווינטשעווסקי דערקלערט, אַז זיין צד האָט דעמאָלט ניט געהאַט אין אידיש קיין אַנדער וואָרט פאַר דאָס רוסישע „בעז־פּריסטראַסטנע" און דאָס דייטשע „אונאיינגענאָמען" (פריי פון פּאַראורטיילן) ווי „אומפּאַרטייאיש". האָט „דער עולם דאַרונטער

*) „ארבעטער פריינד", אויגוסט 23, 1889, ז' 6.

פאַרשטאַנען מענטשן אָן אַ פּאַרטיי, אָדער אַזוינע, וואָס זיינען אין פּרינציפּ קעגן פּאַרטייען". *) ערשט אין 1890 האָט ק. גאַלאָפּ פּאַר זיי געשאַפן דעם נאָמען סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן.

די גרינדונג פון דער אַנאַרכיסטישער וואָכנבלאַט די „וואַרהייט„ אין ניו יאָרק האָט פאַרשאַרפט די באַציאונגען צווישן אַנאַרכיסטן און סאָציאַליסטן אויך אין לאָנדאָן. די „וואַרהייט" האָט געזאָלט אַרויסגיין אַלס אַן אומפּאַרטייאישע צייטונג און די אַרויסגעבער האָבן געפּלאַנט אַראָפּצוברייגנען ווינטשעווסקי'ן אַלס רעדאַקטאָר. נאָר ווען ער האָט זיך דערפון אָפּגעזאָגט, האָבן זיי אַרונטערגעבראַכט פון לאָנדאָן יוסף יאַפּפאַ, וואָס איז געווען אויסגעשפּראָכן אַנאַרכיסטיש. ער האָט אויך באַלד אָנגעהויבן צו אַטאַקירן די סאָציאַל דעמאָקראַטן און באַזונדער פיליפּ קראַנצן. די „וואַרהייט" האָט עקזיסטירט אַ 20 וואָכן, פונם 15טן פעברואַר ביזן 5טן יולי 1889.

מאָריס ווינטשעווסקי האָט באַלד נאָכן דערשיינען פון די ערשטע עטלאַכע נומערן „וואַרהייט", און קראַנצ'ס ענטפער אַף יאַפּפאַ'ס אַטאַקע, פאַרעפנטלאַכט אַ געדיכט אין פּראָזע אונטערן נאָמען „ניט איינזיק", אונטערגעצייכנט „וו.„ פּאַריז". ער שילדערט דאָרט, ווי אַזוי אַ מאַן ליגט אין אַ טיפער גרוב, געשמידט אין שווערע אייזערנע קייטן און געמאַרעט פון הונגער, און ער רופט נאָך הילף. ביים גרוב אויבן שטייען „צוויי קרעפטיקע, גוטהערציקע, פריינטלאַך אויסזעענדע מענער". איינער פון זיי האַלט אַ לאַבן ברויט מיט אַנדערע דערקוויקענדיקע שפּייזן. דער צווייטער האַלט אַ זייער פעסטן שטריק. דאָס הייסט, זיי ברייגנען דעם געפאַנגענעם ברויט און פרייהייט. נאָר אָנשטאָט אים צו העלפן, שטייען זיי ביידע און דעבאַטירן, ווי אַזוי אים צו ראַטעווען, און דער עיקר, ווי אַזוי איינצואָרדענען זיין לעבן נאָכדעם. ביידע זיינען איינגעשפּאַרט און ווען אים ליבער לאָזן אויס־

*) געזאַמלטע ווערק, באַנד 10, ז' 304.

ניין פאַר הונגער איידער עפּעס נאָכצוגעבן פון זייערע מיינונ־
גען. דער מאַן שטאַמלט מיט די לעצטע כחות: „שלעפּט מיך
אַרויס ווי איר ווילט — נאָר לאָזט מיך לעבן“. „אָבער דער אַנאַר־
כיסט מיטן סאָציאַל דעמאָקראַט זיינען אַזוי צעהיצט אין זייער
דיספּוט, אַז זיי מערקן ניט, ווי דער אומגליקלאַכער גייט אונטער“.
(„אַרבעטער פריינד“, 15טן מערץ, 1889).

ווינטשעווסקי'ס מוסר האָט, נאַטירלאַך, ניט אָפּגעהאַלטן
דעם אידייען־קאַמף אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. אַ האַלב
יאָר שפּעטער (13טן דעצעמבער, 1889), ווען דער קאַמף איז גע־
וואָרן אַ סך שאַרפער און די זידל־ווערטער צאַלרייכער, האָט ווינ־
טשעווסקי דערקלערט, אַז „ניט אַלע זידלעריי איז גלייך. אַ טייל
דערפון איז שעדלאַך ווי מיסט אין אַ מיסט־קאַסטן, וואָס פאַר־
פּעסטעט די לופט. אַ טייל דערפון איז אָבער נוצלאַך אויך: נוצ־
לאַך ווי מיסט אויף אַ פעלד. איך ווייס, אַז די מיסט אין פעלד
איז ניט ריין און אַז עס שמעקט ניט זייער גוט, אָבער עס רירט
אויף די ערד און מאַכט איר פעט“.

צו אָט־דער פאַרשאַרפטקייט פונם קאַמף האָט אַ סך מיטגע־
האָלפן דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער קאָנגרעס אין
פּאַריז (יולי, 1889), וואָס האָט געצויגן אַ פעסטע ליניע צווישן
סאָציאַל דעמאָקראַטן און אַנאַרכיסטן. דער „אונאַנגענאָמענער“
ווינטשעווסקי איז דערפאַר געווען ניט־פריינטלאַך געשטימט צו
אָט־דעם קאָנגרעס. ער האָט ניט באַגריסט די געבורט פונם צווייטן
אינטערנאַציאָנאַל, ניט אין פּראָזע און ניט אין פערזן, און האָט
אים בכלל איגנאָרירט. אין זיין פעליעטאָן „1889“, אין וועלכן ער
מאַכט אַ באַלאַנס וואָס אָט־דאָס יאָר האָט געבראַכט, רעכנט אויס
ווינטשעווסקי „דעם לאָנדאָנער דאָק־סטרייק (אַ באַווייז פון
פאָלקס־מאַכט), און די פּאַריזער אויסשטעלונג (אַ באַווייז פון
קאַפּיטאַל־מאַכט), און דעם נייעם בערלינער סאָציאַליסטן־געזעץ
(אַ באַווייז פון מיליטער־מאַכט), און די נייע פּעטערבורגער אידן־
אונטערדריקונג (אַ באַווייז פון אָנמאַכט)“.*) נאָר ער האָט קיין

*) „אַרבעטער פריינד“, 27טן סעפּטעמבער, 1889.

שום אַנדייט ניט אויף אַזאַ געשעעניש ווי די גרינדונג פונם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל.

אַלנפאַלס איז אינם זומער 1889, און באַזונדער זינט דעם אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליסטן־קאָנגרעס אין פּאַריז, פאַרשאַרפט געוואָרן דער אידייען־קאַמף צווישן אַנאַרכיזם און סאָציאַליזם. אויך די אַנאַרכיסטן און סאָציאַל דעמאָקראַטן אין לאָנדאָן זיינען געשטאַ־נען אין צוויי פיינטלאַכע לאַגערן. די אַנאַרכיסטן אין דער גרופּע „ריטער דער פרייהייט", וואָס האָט אין יענער צייט געאַרבעט מיט אַ באַזונדער ענערגיע. די סאָציאַל דעמאָקראַטן האָבן רעאָר־גאַניזירט די אַלטע גרופּע „דער נייער דור" אין אַ נייע, „פאָר־ווערטס", און אָפּגעהאַלטן זייערע פאַרזאַמלונגען אין דער זעלבער צייט, וואָס די „ריטער" (שפּעטער האָט די גרופּע „פאָרווערטס" זיך אָנגעהויבן רופן „אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַל דעמאָקראַטי־שער פאַראיין"). דאָך האָט ווינטשעווסקי'ן און זיינע חברים „אומפּאַרטייאישע" געלונגען אָנצוהאַלטן דעם „אַרבעטער פריינד" נאָך אַ יאָר ביי זיין אַלטן פּראָגראַם. די רעדאַקציע האָט אָראָפּ־געשלונגען קראַנצ'ס פאָרוואורף, אַז זי איז „אונטערגעוואָרפן אַן אַנאַרכיסטישער צענזור, ווייל די אַרויסגעבער פון „אַרבע־טער פריינד" זיינען אַנאַרכיסטן". און ווען פייגענבוים האָט געענטפערט קראַנצן אויף אַ באַמערקונג קעגן אים, האָט ער, פייגענבוים, זיך אונטערגעשריבן „מיט אומפּאַרטייאיש סאָציאַל רעוואָלוציאָנעם גרוס"... (גראָד פייגענבוים, אַ פריערדיקער סאָ־ציאַל דעמאָקראַט, האָט זיך דווקא גערופן מיטן נאָמען „אומפּאַר־טייאיסט" און אפילו געהאַלטן אַ פאָרטראָג איבער דער טעמע: „וואָס איז אומפּאַרטייאיזם און וואָרום איך בין אומפּאַרטייאיש". נאָר גאַלאָפּ האָט זייער פיינט געהאַט דעם נאָמען „אומפּאַרטיי־אישער", ער האָט שטאַרק פּראָטעסטירט קעגן דעם. ווינטשעווסקי און ק. ליבערמאַן האָבן אויך דעם נאָמען ניט ליב געהאַט. *)

---

*) ב. רודערמאַן, די אידיש־סאָציאַליסטישע באַוועגונג אין ענג־לאַנד, „פרייע אַרבעטער שטימע", 14טן אויגוסט, 1925.

נאָר וואָס ביטערער ס'איז געוואָרן דער קאַמף צווישן די אַנאַרכיסטן אין אַמעריקע (וועמעס ביטערקייט די לייענער פון „אַרבעטער פריינד" האָבן געקראָגן צו פילן דורך די בריוו פון די אַנאַרכיסטן י. קאַפּעלאָוו און ר. לואיס און דעם ענטפער פון ל. מיללער) אַלץ שווערער איז געוואָרן אײַנצוהאַלטן די אייניקייט אויך אין ענגלאַנד. איבערהויפּט נאָכדעם ווען ביידע ריכטונגען אין אַמעריקע האָבן געהאַט זייערע אייגענע אָרגאַנען: די סאָציאַל דעמאָקראַטן די „אַרבעטער צייטונג" (זינט מערץ 1890) און די אַנאַרכיסטן (פיר מאָנאַטן שפּעטער) די „פרייע אַרבעטער שטימע". די לעצטע האָט זיך אפילו לכתחילה געגרינדעט אַלס אַן אומפּאַרטייאישע צייטונג, לויטן מוסטער פון „אַרבעטער פריינד", נאָר ס'האָט ניט גענומען לאַנג זי זאָל ווערן אויסגע־שפּראָכן אַנאַרכיסטיש.

סוף יאָר 1890 איז שוין געווען קענטיק, אַז די אידישע ראַדיקאַלע באַוועגונג אין ענגלאַנד, וועלכע איז פריער געווען די וועגווייזערין און לערערין פון דער אַמעריקאַנער, איז געוואָרן איר נאָכפאָלגערין. ביידע אַמעריקאַנער אַרבעטער אָרגאַנען האָבן גע־האַט לייענער אין ענגלאַנד און האָבן אַלץ שאַרפער געצויגן די ליניעס צווישן סאָציאַליזם און אַנאַרכיזם. די „זשאַרגאָן שפּרעכנדע סאָציאַליסטן" אין לאָנדאָן, וואָס האָבן פריער אָנגענומען אַ רעזאָ־לוציע קעגן דער שפּאַלטונג אין ניו יאָרק, האָבן זיך געגרייט שוין דאָס אַליין דורכצופירן.

ווינטשעווסקי האָט דאָס צוגעזען מיט ווייטאָג, און אין זײַן לעצטער „משוגעת" פון יאָר 1890 (דעם 26טן דעצעמבער) שרייבט ער אַזוי: „אָט זיינען דאָ אַרום מיר הונדערטער יונגע, בראַווע מענטשן. זיי פאַרשטייען דאָס, וואָס איך פאַרשטיי, און זיי גייען צווישן די מאַסן און קינדיקן אָן די גאולה און בערייטן פאַר דאָס פאָלק צום גרויסן טאָג. איצט אָבער פאַרזאַמלען זיי זיך און דאָ ווייזט זיך אַרויס, אַז פילע פון זיי פּרעדיקן פריי־הייט, אָבער אונטער זיך אונטערדריקן זיי איינער דעם אַנדערן; אַז זיי פּרעדיקן גלייכהייט און צווישן זיך ווילן מאַנכע פון זיי

זיין מער און גרעסער ווי די אַנדערע; אַז, פּרעדיקנדיק ברידער־לאַכקייט, זיינען זיי זיך איינער דעם אַנדערן בלוט־שונאים". *)

נאָר ביידע צדדים האָבן זיך ווייניק צוגעהערט צו די מוסר־רייד פונם „משוגענעם פילאָזאָף". נאָך דעם 7טן נומער „אַרבעטער פריינד" (13טן פעברואַר 1890) האָט שוין אפילו אַזאַ רודף־שלום׳ניק ווי גאַלאָפּ זיך געזען געצוואונגען צו רעזיגנירן פון זיין אַמט אַלס רעדאַקטאָר. זיין אָרט האָט פאַרנומען אַן אַנאַרכיסט, ש. יאַנאָווסקי. קנאַפּע צוויי חדשים שפּעטער איז שוין אויך ווינטשעווסקי געוואָרן אוים קרוב פון די אַנאַרכיסטן און האָט צוזאַמען מיט גאַלאָפּ, פייגענבוים, באַראַנאָוו און ק. ליבערמאַן געגרינדעט דעם סאָציאַליסטישן חודש־זשורנאַל „די פרייע וועלט".

***

דער ערשטער נומער „פרייע וועלט" איז דערשינען אין מאַי 1891, אונטער דער רעדאַקציע פון ק. גאַלאָפּ. ⁂) די גרינדער דערקלערן דאָרט, אַז זיי זיינען ניט מער ווי אַ גרופּע אינטעלי־גענטע קבצנים, און אויב דאָס „לעזע פּובליקום" וויל, אַז אַט־דער זשורנאַל זאָל דערשיינען, זאָל ער זיי אַליין קומען צו הילף. זיי, די גרינדער, וועלן עס אים ניט בעטן. אין זייער פּראָגראַם זאָגן זיי:

„מיר זיינען סאָציאַליסטן, אָבער אויסער דעם זיינען מיר נאָך רעוואָלוציאָנערן און אונטערשיידן זיך פון סאָציאַליסטן עוואָלוציאָ־ניסטן, סאָציאַליסטן רעפאָרמערס, פרידלאַכע סאָציאַליסטן דאַדורך, וואָס

*) „געזאַמלטע ווערק", באַנד 4, ז' 96—97.

⁂) ווען דער שווינדזיכטיקער גאַלאָפּ האָט זיך אָנגעהויבן דערנענ־טערן צו זיין סוף, איז געוויילט געוואָרן אַ „רעדאַקציאָנס־ראַט", באַשטייענדיק פון ווינטשעווסקי, ק. ליבערמאַן און באַראַנאָוו, וועלכער איז שפּעטער, אין סעפּטעמבער 1892, געוואָרן דער איינציקער רעדאַק־טאָר. אַחוץ אָט־די דריי האָבן דאָרט מיטגעאַרבעט אויך ב. פייגענ־בוים, אב. קאַהאַן, ב. האָלצמאַן, מאַקס (דר. מאָריס) פישבערג און דר. זשיטלאָווסקי (וועלכער האָט דאָרט אָנגעהויבן שרייבן אין אידיש).

מיר אנערקענען, אז דער סאָציאַליזמוס קען ניט און וועט ניט פאַר־ווירקלאַכט ווערן אַנדערש ווי דורך אַ געוואַלטיקער סאָציאַלער רע־וואָלוציע".

אין „עקאָנאָמישן היגזיכט" דערקלערן זיי זיך פאַר קאָמור־ניסטן, וואָס שטרעבן צו אזא געזעלשאפט, „וואו יעדער וועט אר־בעטן נאָך זיינע קרעפטן און געניסן נאָך זיינע באַדערפניסע נאָך". פּאָליטיש זיינען זיי פאַר „אַ פרייע פעדעראַציאָן פון איינצעלנע פרייע קאָמונען, וועלכע זיינען פולשטענדיק אומאָפּ־הענגיק אין זייערע לאָקאַלע אָנגעלעגנהייטן".

גלייכצייטיק דערקלערן זיי, אז זיי געהערן ניט „צו די יע־ניקע, וועלכע גלויבן, אז דער אמת ליגט נאָר ביי זיי אין קעשע־נע". דערפאַר „וועלן אַלע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען און ריכטונ־גען פון זיי באַטראַכט ווערן אַלס פריינטלאַכע, ברידערלאַכע". זיי האָבן אויך דערקלערט די „פרייע וועלט" פאַר בלויז אַ המשך פונם „ארבעטער פריינד". יענער לערנט אלף־בית און זי — העכ־בערע לימודים... (אויך דער „ארבעטער פריינד" האָט ביז אפּריל 1892 זיך געהאַלטן פאַר אַן אומפּאַרטייאישן אָרגאַן.)

נאָר לאַנג האָבן זיי אָט־די פרידלאַכע שטעלונג זייערע ניט געקענט אָנהאַלטן. צו שטאַרק זיינען געוואָרן די רייבונגען צווישן אַנאַרכיסטן און סאָציאַליסטן אין אַמעריקע און אין ענגלאַנד, און ס'איז געוואָרן אוממעגלאַך אָנצוהאַלטן פריינטלאַכע באַצי־אונגען צוביידע צדדים. אפילו ווינטשעווסקי, וואָס האָט צו־ערשט פאַרטיידיקט די אַנאַרכיסטישע שטיפברידער קעגן זייערע סאָציאַליסטישע אָנגרייפער, און באַראַנאָוו האָט אים דערפאַר אָנגערופן „נאָענטער קרוב פון די אַנאַרכיסטן", איז אויך ביס־לאַכווייז געוואָרן פאַרטייאיש סאָציאַל דעמאָקראַטיש.*)

---

*) אין אויגוסט, 1891, דערציילט אב. קאַהאַן, האָט זיך ווינטשעוו־סקי „נאָך ניט געהאַט דייטלאַך אויסגעשפּראָכן צו וועלכער פּאַרטיי ער געהערט". קאַהאַן האָט עס וואַרשיינלאַך געהאַט פון דער ערשטער קווע־לע, וואָרים, ווי ער דערציילט, האָט ער דעמאָלט (זייענדיק אויף אַ באַזוך

נאָר די ערשטע צייט האָט ווינטשעווסקי שטאַרק געליטן פון אָט־דער שפּאַלטונג אין די אַרבעטער רייען. זיין טיפן צער איבער דעם האָט ער אויסגעדריקט אין זיין ליד „אין מינוטן פון פאַרצווייפלונג", *) אינם ערשטן נומער „פרייע וועלט". מ׳זעט, אַז קיין זאַך טוט אים ניט אַזוי שטאַרק וויי, ווי דאָס ווערן געשטייניקט פון אַן אַרבעטער־האַנט. ער ווינטשט זיך ליבער פאַרקירצטע יאָרן, איידער אַ שטיין פון דעם, וועלכער איז אים אַזוי ליב געוואָרן. ער בעט זיך דאָרט ביים שיקזאַל: „נעם אַלץ פון מיר, נעם און גיב עס ניט ווידער — — — נאָר לאָז מיר די ליבע צו זיי, מיינע ברידער!"

---

אין ענגלאַנד) זיך אָפט געזען מיט ווינטשעווסקי׳ן אויף מיטינגען און צוויי מאָל „געגעכטיקט אין זיין וואוינונג — ריכטיקער געזאָגט, אויף געווען אַ גאַנצע נאַכט, שמועסנדיק". זיינע געגנאָסן האָבן אפילו קאַהאַנען פאַרזיכערט, אַז ווינטשעווסקי „איז מער גענייגט צו דער סאָציאַליסטי־שער ריכטונג, אָבער אין דעם קאַמף צווישן די צוויי צדדים האָט ער זיך געסטאַרעט צו האַלטן אומפּאַרטייאיש". קאַהאַן דערציילט אויך, אַז מאָרים ווינטשעווסקי „איז איבערהויפּט געווען די אָנגעזעענסטע פיגור אין דער דאָרטיקער אידישער באַוועגונג, סאַי ביי די אַנאַרכיסטן, סאַי ביי די סאָציאַל דעמאָקראַטן". ער, קאַהאַן, האָט „וועגן דעם אַ סך געהערט ניט נאָר אין ניו יאָרק, פון אידישע סאָציאַליסטן, נאָר אויך אין דער יוגנט אין ווילנע". ער דערציילט, אַז זייענדיק אַ לערער אין וועליזש (1881), האָט זיין פּאַרוואַלטנדער־לערער, אָסיפּ צילשטיין, ווינטשעווס־סקי׳ס אַ קוזין, דערהאַלטן אַ בריוו פון לאָנדאָן, אין וועלכן ווינטשעוו־סקי האָט צווישן אַנדערע זאַכן געשריבן: „ווען דו זאָלסט וויסן וואָס פאַר אַ תענוג עס איז צו לעזן שעקספּיר אין אָריגינאַל!" אָט־די ווער־טער, זאָגט קאַהאַן, האָבן אויף אים „געמאַכט אַ ספּעציעלן איינדרוק", און אַז ער איז געקומען קיין לאָנדאָן און האָט זיך געריכט מיט ווינ־טשעווסקי׳ן צו זען, האָבן זיי ניט אָפּגעטראָטן פון זיין מח. („בלעטער פון מיין לעבן, דריטער באַנד, ז׳ 109—110.)

*) געזאַמלטע ווערק, באַנד 2, ז׳ 113—114.

„אָ לאָז מיר די ליבע! מאַך בלינד מיך און טויב
צו אָנגריפן בייזע, געדרוקטע, געזאָגטע,
דען א י ך קאָן נאָר לעבן כל־זמן ווי איך גלויב
אין זיי, מיינע ברידער, כל־זמן איך דערהויב
פאַר זיי די שטים מיינע, די אייביק פאַרקלאָגטע".
„אָ נעם פון מיר אַלץ, מיינע פריידן, מיין גליק,
נעם, גרויזאַמער שיקזאַל, אויב דו מוזט זיי האָבן!
נעם, — אויב זיי געהערן דיר — נעם זיי צוריק,
נאָר ווענד ניט פון פאָלק אָפּ מיין ליבנדן בליק: —
אָן ד ע ר ליבע בין איך אַ מת ניט באַגראָבן".

און אין אַ צווייטן ליד בעט ער זיך ביים ארבעטער: „אָ, טור־ליע מיך צו צו דיין ווארימער ברוסט; אָ, טוליע מיך צו, ליבער ברודער! מיך שווידערט פאַר קעלט און מיך מאַטערט דער הוסט, מיך קוועלט אָט־דער קאַלטער גערודער" (דאָרט, ז' 19).

נאָר גאָר אַנדערש האָט ער גענומען די זאַך אין זיינע „משוגעתן". דאָרט שילדערט דער „משוגענער פילאָזאָף", ווי זיין „אייניקל" קומט פון גאַס „אַ פאַרכליפּעטער, מיט רויטע געשוואָ־לענע אויגן" און רעדט קוים אַרויס: „זיידע, מען זידלט דיך". נאָר דער „זיידע" ענטפערט רואיק, פילאָזאָפיש: „אויב דער כעס קומט פון געקריינקטער ליבע, איז די זידלעריי פאַר מיר אַ כבוד; אויב די זידלעריי קומט פון קליינלאַכער קנאה, בין איך פילאָזאָף גענוג איר צו פאַראַכטן; אויב זי, די זידלעריי, קומט פון אומ־פאַרשטאַנד, בין איך מענטש גענוג איר צו באַדויערן". און ער פירט אויס אַזוי:

„דער, וואָס וויל דינען זיינע מיטמענטשן, מוז קענען פיל פאַר־טראָגן. ער מוז ניט נאָר ניט מורא האָבן פאַר די באַליידיקונגען פון זיינע קעגנער, וואָס דאָס איז פאַר אים אַ כבוד, ער מוז אויך קענען איבערטראָגן באַשימפּונגען פון זיינע גוטע פריינט. ער מוז ניט נאָר זיין צופרידן צו אָפּפערן זיינע בעסטע יאָרן, זיין פאַרגעניגן און זיין וואוילטאָג. ער מוז אויך זיין אָנטשלאָסן צו זען ווי זיין ערע

ווערט אָנגעגריפן, ווי זיין אומשולד ווערט באַשמוצט, און ווי זיין נאָמען ווערט באַליידיקט".

ער דערקלערט, אז ער וואָלט „נאָך געקענט זיך פּארטיי־דיקן אפילו קעגן גרעסערע שיסערס", ווי דאָס זיינען די, וואָס באפאלן אים, און „וואָלט געקענט ענטפערן מיט א גיפטיקן שטאָך אויף א שמוציקן וואָרף". נאָר ער טוט דאָס ניט, ווייל ער ליבט זיי, „ווייל זיי זיינען מענטשן, הגם זיי טוען אַלץ, וואָס זיי קע־נען, אום צו באווייזן דאָס קעגנטייל".

און צולעצט שילדערט ער הומאָריסטיש, ווי אזוי די זעלבע זידלער וועלן נאָך זיין טויט „נעמען די זעלביקע ווערטער", וועל־בע זיי געברויכן היינט אים צו זידלען, און וועלן אים מיט זיי רימען". *)



גאַלאָפּ האָט פון אָנהויב אָן געהאַלטן ש. יאַנאָווסקין פאר דעם בייזן גייסט פון די לאָנדאָנער אנארכיסטן. גאַלאָפּ האָט אויך ניט געוואָלט ליידן, וואָס ווינטשעווסקי האָט מיטגעארבעט אין „ארבעטער פריינד", אונטער יאַנאָווסקי'ס רעדאַקציע, די צוויי חדשים פאר דער שפּאַלטונג. גאַלאָפּ „האָט דארין געזען א מין אומטרייע צום אים". ‡) שפּעטער האָט אויך ווינטשעווסקי געזען אין יאַנאָווסקין א פארפירער און ער האָט עס אויסגעדריקט אין זיין ערשטער פאבל, אָריגינעל געשריבן אין אידיש, „דער פוקסל". ⁂) ווינטשעווסקי שילדערט דאָרט אַן אַלטן פאַסטוך, וואָס האָט די „יונגע שעפּסלאַך, געשאָרענע און שוואכע", געלערנט און געוואָרנט פאר די בייזע וועלף. איז די סטאַדע געוואַקסן „אין צאָל, אין מוט, אין קראַפט, אין אחדות און אין ברודער־שאַפט — — — זיך ניט מער שרעקנדיק פאר קיינעם און מיטן

*) דאָרט, באַנד 4, ז' 110—116.

‡) מ. ווינטשעווסקי, א מעשה'לע פון הפקר־וועלט, „דאָס נייע לעבן", סעפּטעמבער, 1910.

⁂) געזאַמלטע ווערק, באַנד 6, ז' 46—51.

אלטן לעבנדיק אינאיינעם". דער אלטער פאסטוך איז געווען זי־כער, אז זיינע יונגע פריינט זיינען שוין גענוג קלוג „אפילו אנ־דערע צו לערנען זיך היטן פאר וועלף, פאר שלאנגען און באנ־דיטן". באזונדערס זינט ס'זיינען אין דער סטאדע אנגעקומען „איין יונגער פאסטוך נאך דעם אנדערן" (געמיינט גאלאפ און זיי־נע חברים). נאר „צום אומגליק האט זיך איינגענאדיעט אפן לאנקע א פוקס" —

„א כיטרע חיה, מיט א קעפל,
מיט פולווער פול, אזוי ווי א פיסטאנקע,
און שפיציק ווי א קרעפל".

דער סוף איז געווען, אז דער פוקס האט אריבערגעוואוגען „פיל דומע שעפסעלאך" אף זיין זייט און ס'איז „געפאסט גע־ווארן א באשלוס דעם פוקס אליין פאר א בעל־עצה איצט צו האבן", „זאגאר צו לאזן אים אונטערגראבן און באגראבן".

ווינטשעווסקי האט זיין פאבל פארגעלייענט פאר גאלאפן, א קורצע צייט איידער יענער איז געשטארבן.*)

*) קאנסטאנטין גאלאפ איז געבוירן געווארן אין דער זעלבער שטאט (יאנאווע), וואו זיין שוואגער ווינטשעווסקי, נאר מיט 6 יאר שפעטער (14טן אויגוסט, 1862). זיינע עלטערן האבן זיך באלד אריי־בערגעקליבן אין סאראטאוו, ביי דער וואלגא, וואו ער האט שוין צו זיבן יאר געארבעט. צו 13 יאר האט ער געקראגן אן אומזיסטן לערער, און א האלב יאר שפעטער שוין אריין אין 4טן קלאס גימנאזיע. ער ווערט דארט א רעוואלוציאנער און שוין אלס סטודענט פון אכטן קלאס גימנאזיע מוז ער פארלאזן סאראטאוו. ער ווערט דאן טעטיק אין דער רעוואלוציאנערער באוועגונג אין פעטערבורג, נאר ווען מ'געפינט אים אויס, פארט ער נאך לאנדאן. פריש פונם רעוואלוציאנערן שלאכט־פעלד, דורכגעדרונגען פון א מסירת־נפש'דיקער באגייסטערונג פאר דער זאך פונם ארבעטער־קלאס, אינם באזיץ פון א ברייטן סאציאלן וויסן און באוואפנט מיט א לאגיש־דיינקענדיקן מח, איז גאלאפ באלד געווארן שטארק געליבט און געשעצט פון די לאנדאנער אידישע ארבעטער־

גאַלאָפּ „איז געווען זייער אויפגעבראַכט“ אויף ווינטשעווס־ סקין, פאַרוואָס ער האָט די פאַבל ניט געלאָזט גלייך דרוקן. נאָך ווינטשעווסקי'ן „איז זי פאַרגעקומען צו שאַרף, הגם דער „פּוקסל“ האָט עס כשר פאַרדינט“.

נאָר ביי זיין בעסטן ווילן אויסצומיידן פערזענלאַכעס איז דאָך אים ניט געלונגען צו באַוועגן די קעגנער, אַז זיי זאָלן אַזוי האַנדלען. נאָך עטלאַכע און דרייסיק יאָר שפּעטער האָט אַן אַלטער אַנאַרכיסט אַריינגעוואָרפן אַ שטיין אין זיין אַמאָליקן רבי'ס גאָרטן און דערקלערט, אַז „ווינטשעווסקי'ס אַוועקגיין פון די אַנאַרכיסטן (צו וועלכע ער האָט קיינמאָל ניט געהערט) איז גע־ קומען ניט צוליב פּרינציפּיעלע אונטערשיידן, נאָר פּשוט ווייל ער האָט זיך דערשראָקן פאַר די אַנאַרכיסטן־פאַרפאָלגונגען, וועל־ כע זיינען דעמאָלט אויך אָנגעגאַנגען אין ענגלאַנד. ביי די סאָ־ ציאַל דעמאָקראַטן ,האָט ער גערעכנט, איז ער זיכערער“.*)

דער אמת איז, אַז ווינטשעווסקי, וואָס האָט באַטראַכט די אַנאַרכיסטן פאַר אוטאָפּיסטן און זיי גוטמוטיק אויסגעלאַכט אין די דיסקוסיעס מיט זיי,‡) איז אַרויסגעטראָטן אין דער „אַרבע־ טער צייטונג“ (1894) זייער שאַרף קעגן די „פּראָפּאַגאַנדע דער טאַט“ אין זייערע רייען. ער האָט דערקלערט: „די דומסטע, ווילד־

---

מאַסן. ניט געקוקט אַף זיינע שוואַכע לונגען, וואָס זיינען באַלד פאַרצערט געוואָרן אין דער לאָנדאָנער לופט, האָט ער זיך אַריינגעוואָרפן אין דער אַרבעט מיט יוגנטלאַכער ענערגיע. ער האָט געטאָן אָרגאַניזאַציאָנס־ אַרבעט, אָנגעפירט סטרייקס און דער עיקר פאַראייניקט סאָציאַליסטן און אַנאַרכיסטן צו טאָן געמיינשאַפטלאַכע אַרבעט. דער רושם פון זיין פריציייטיקן טויט (דעם 13טן יאַנואַר, 1892) און פון דער גרויסער אינטערנאַציאָנאַלער דעמאָנסטראַציע ביי זיין לויה איז נאָך פריש ביי די אַלטע לאָנדאָנער געגנאָסן.

*) די אידיש־סאָציאַליסטישע באַוועגונג אין ענגלאַנד, „פ. אַ. ש.“, 4טן סעפּטעמבער, 1925.

‡) געזאַמלטע ווערק, באַנד 7, ז' 62.

סטע גוזמא אין רייד איז נאָך אַלץ בעסער ווי ג ע ו ו י ס ע
מ א ט ן. — — ־- ווען אַן ערלאַכער נאַר איבערטרייבט מיט
ויטראָגליצערין און וואַרפט באָמבעס גלאַט אין דער וועלט אַריין,
זיך פאַרלאָזנדיק אויף „טאָמער דאָך“, און הרג'עט מענטשן לשם
שמים, און קלערט אויף די וועלט מיט רויך, און פּרעדיקט
מענטשנליבע מיט פייער און בלוט — — — אַזעלכער שאַדט
— — — ניט נאָר זיך אַליין, נאָר זיין אייגענעם אידעאַל“.

פון דער אַנדערער זייט האָבן זיך געפונען אויך אַנאַרכיסטן,
ווי ווינטשעווסקי'ס טרייער תלמיד, דער סטאָליער ש. הילעלסאָן,
סיימאָן קאַהאַן און אַנדערע, וואָס האָבן צוזאַמען מיט די סאָציאַ־
ליסטן און די אומפּאַרטייאישע פאַרלאָזן דעם בערנער סטריט
קלוב, ווען ער איז געוואָרן אויס אומפּאַרטייאיש. צוזאַמען מיט
די איבעריקע פּראָלעטאַרישע עלעמענטן האָבן זיי זיך אָרגאַניזירט
אין אַן אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליסטישן פאַראיין „פּראָלעטאַ־
ריאַט“. נאָכן דערשיינען פונם ערשטן נומער „פרייע וועלט“
האָבן זיי דערקלערט אָט־דעם סאָציאַליסטישן חודש־זשורנאַל פאַר
זייער אָרגאַן און האָבן איבערגענומען פון דער „גרופּע פון אידישע
זשאַרגאָן שרייבער סאָציאַליסטן“ די זאָרג אים אויפצוהאַלטן.

***

דאָס יאָר 1891, דערקלערט ווינטשעווסקי אינם פאָרוואָרט
צו זיין בוך „לידער און געדיכטע“ (ניו יאָרק, 1910), איז געווען
אַ „שטירמישער“ און אַ וויכטיקער יאָר אין זיין לעבן. דאָס ביס־
לאַכווייז אָפּשטאַרבן פון זיין שוואַגער גאַלאָפּ, כמעט אויף ווינ־
טשעווסקי'ס הענט, צוזאַמען מיט דער שפּאַלטונג אינם „אַרבעטער
פריינד“, די גרינדונג פון דער „פרייע וועלט“ און „דער אָנפאַנג
פון אַ נייעם קאַפּיטל אין דער אידישער אַרבעטער־באַוועגונג“
האָבן ווינטשעווסקין אָנגערעגט צו שאַפן אַ ליד נאָך אַ ליד. ער
האָט אויך געשריבן אַ היבש ביסל פּראָזע. אַחוץ אָנהויב פון זיין
"חיים ברבורימ'ס ווערטערבוך", *) האָט ווינטשעווסקי פאַרעפנט־

*) געזאַמלטע ווערק, באַנד 6.

לאַכט אין דער „פרייע וועלט“ אויך אַ געוויסע צאָל פּאָלעמישע אַרטיקלען, ווי זיין דעבאַטע מיט באַראַנאָוון, וואו ווינטשעווסקי האָט געמאַכט צו קליין די געווינסן פאַרן אַרבעטער־קלאַס דורך פּאַרלאַמענטאַריזם.

ווינטשעווסקי׳ס סעריעס לידער פון 1891 אַנטהאַלטן אַ סך לידער פון אַרבעט און נויט, וועלכע ער האָט געמאָלן פון לאָנדאָ־נער לעבן. באַזונדער פּאָפּולער איז געוואָרן זיין קליין לידל „דריי שוועסטער“. *)

זיין פּראָדוקטיוויטעט איז ניט שוואַכער געוואָרן אין 1892. די „פרייע וועלט“ איז ניט אַרויס יעדן מאָנאַט (אין משך פון 1891—1892 זיינען אַרויס בלויז צען נומערן). האָט ווינטשעווסקי געשריבן זייער אָפט אין דער ניו יאָרקער „צוקונפט“, וואָס האָט זיך דעמאָלט געגרינדעט און וועלכע ער האָט באַגריסט מיט זיין פּאָפּולער ליד מיטן זעלבן נאָמען, ⁑) אין וועלכן ער זאָגט פאָראויס, אַז „די וועלט וועט ווערן אינגער, און דאָס לעבן לייכטער, גרינ־גער“, „די וועלט וועט ווערן שענער, ליבע גרעסער, שנאה קלע־נער“. — לאָז דער מענטש נאָר ענדלאָך קריגן מענטשלאַכן פאַר־שטאַנד“. אָט־דאָס ליד איז צוזאַמען מיט זיינע לידער „צום אַרבע־טער פריינד“ און דאָס „קאַמף־געזאַנג“ („וויקלט פאַנאַנדער די פאָ־נען די רויטע“) געוואָרן „געזונגען אין די איינצל־קאַמערן פון די רוסישע טורמעס, אין די פאַרוואָרפענע ווינקעלאַך פון סיביר און מ׳האָט פון זיי געשעפּט טרויסט און האָפענונג“. ⁂)

אין דער „פרייע וועלט“ פון 1892 האָט ווינטשעווסקי אויך פאַרעפנטלאַכט זיינע צוויי סאָנעטן צו גאַלאָפּן און די נעקראָלאָגן נאָך גאַלאָפּן און עדלשטאַטן. איבער דער קראַנקהייט און פריי־צייטיקן טויט פון דעם רעוואָלוציאָנערן דיכטער דוד עדלשטאַט האָט ווינטשעווסקי קיינמאָל ניט פאַרעפנטלאַכט זיין פּאָלעמיש

*) דאָרט, באַנד 2, ז׳ 42.

⁑) דאָרט, ז׳ 86—87.

⁂) א. ליטוואַק, דער פריינד, ניו יאָרק, סעפּטעמבער 1926, ז׳ 7.

ליד „אַן ד. עדלשטאַט“, געשריבן אין יענער „שטורמישער“ צייט. דאָס ליד איז געווען אַן ענטפער אױף עדלשטאַט׳ס ליד „מיין מוזע“, אין וועלכן ער זינגט: „מיט גלעקלאך קאָן מיין מוזע ניט קלינגען“:

„זי וועט איר קעגנער די האַנט ניט דערלאַנגען,
זי וועט ניט קושן זיין גיפטיקע ליפּ,
זי ווייס, אַז איר קעגנער׳ס בעסטע פאַרלאַנגען
איז זען דעם טויט פון איר פּרינציפּ“.

ווינטשעווסקי האָט אין דעם געזען אַ פאַרשטעלטע קריטיק קעגן זיין פאַרלאָזן דעם „ארבעטער פריינד“ און זיין חברן זיך מיט די קעגנער פון די אַנאַרכיסטן, וועלכע האָבן אים פריער גע־האַלטן פאַר אַ זייעריקן. אין ווינטשעווסקי׳ס ענטפער געפינען זיך צווישן אַנדערע אָט־די פערזן:

„דו שטראָפסט מיך, שטרענגער קריטיקער,
מיט האַלב פאַרשטעלטע רייד;
איך בין ניט קיין פּאָליטיקער
און זאָג: דאָס טוט מיר לייד.
דו ביסט אַ מאַן אַן ערלאַכער.
אַ גלויב מיר, אַז פאַר דיר
איז דיין קריטיק געפערלאַכער
און ערגער, ווי פאַר מיר“.
„אָ, גלויב מיר, פריינט, דיין ערלאַכער,
דיין זיסער לידער־קלאַנג,
וואָלט קלינגען שענער, הערלאַכער
אָן קנאה אין געזאַנג“.

צוגלייך מיט זיין ליטעראַרישער טעטיקייט האָט ווינטשעוו־סקי זיך אויך אָפּגעגעבן מיט מינדלאַכער פּראָפּאַגאַנדע. ער איז אָפט אויפגעטראָטן אַלס רעדנער אויף די פאַרזאַמלונגען פון דעם „אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליסטישן פאַראיין פּראָלעטאַריאַט“. ער האָט אויך געהאַט אַן האַנט אין דער אָרגאַניזירונג (אין 1892) פון אַ „דזשענעראַל קאָונסיל“ (גענעראַל־ראַט) פון במעט אַלע אידישע יוניאָנס אין לאָנדאָן און אויך אין דער פאַראייני־

קונג פונם פאַראיין „פּראָלעטאַריאַט" מיטן סאָציאַל דעמאָקראַטישן אין „סאָציאַליסטישן אַרבעטער פאַראיין" (סעפּטעמבער 1892). די נייע אָרגאַניזאַציע האָט אָנערקענט „די פּרינציפּן פון דעם וויסנשאַפטלעכן אינטערנאַציאָנאַלן רעוואָלוציאָנערן סאָציאַליז־מוס". זי איז געווען איבערצייגט, אַז „די באַפרייאונג פון די אַר־בעטער קען געשען נאָר דורך די אַרבעטער אַליין, און אַז דיזע באַפרייאונג קען ווערן אויסגעפירט נור דאַן, ווען די אַרבעטער־קלאַסע וועט פאַרכאַפּן אין אירע הענט דעם שטאַטס־מעכאַניזם און וועט אים געברויכן פאַר אַ ווערקצייג פאַר אַלעמענס וואויל־זיין". אַלס מיטל צו דערגרייכן אָט־דעם ציל, האָט דער „סאָ־ציאַליסטישער אַרבעטער פאַראיין" אָנערקענט: סטרייקס, באָי־קאָטס, דעמאָנסטראַציעס, יידיש־אַגיטאַציע א. ד. גל.

***

סוף יאָר 1892 האָט דער „סאָציאַליסטישער אַרבעטער פאַר־איין אָנגעהויבן אַרויסגעבן אַ וואָכנבלאַט „דער וועקער", אונטער דער רעדאַקציע פון מ. באַראַנאָוו. נאָר ווינטשעווסקי איז, אַזוי ווי פריער אין דער „פרייער וועלט", געווען די באַדייטנדיקסטע קראַפט און דער שטאַרקסטער איינפלוס.*)

אויף דער ערשטער זייט פונם ערשטן נומער איז דערשינען ווינטשעווסקי'ס פריער־דערמאָנטער „קאַמף־געזאַנג": ‡)

„וויקלט פאַנאַנדער די פאָנען די רויטע,
וועקט די, וואָס שלומערן, זייענדיק שוואַך,
איינציקווייז נעמט זיי צונויף, די צושפּרייטע,
זאָגט זיי: אונז רופט היינט די הייליקע זאַך
קעגן דעם בלוטיקן פיינט;
אונז, דעם המון פון באַדריקטע, דאַך מוטיקע,

*) צווישן די איבעריקע מיטאַרבעטער זיינען געווען אויך פּעטער לאַווראָוו, פעליקס וואָלכאָווסקי, האָנטער וואַטס, ק. ליבערמאַן, ב. פייגענבוים און אַב. קאַהאַן.

‡) געזאַמלטע ווערק, באַנד 2, ז' 88—89.

קעגן האבונעס, פארווילדעטע, בלוטיקע:
ברידער, מארשירט מיט אונז הײנט!“
„ווישט אויס פון אַרבעטער־אויגן די טרערן,
זאָגט זײ: צום װײנען איז איצט ניט קײן צייט;
לאָזט הײנט קײן קול פון געװײן זיך ניט הערן,
הײנט, װען מיר קומען אַרויס אויף אַ שטרייט“.

אין „װעקער“ באהאלט שוין ניט מער װינטשעװסקי אַט־דעם נאָמען זײנעם. פארקערט, ער נוצט אויס זײן גאַנצע פּאָפּולאַריטעט פאר דער צייטונג. גיט דאָרט אחוץ לידער אויך אַן איבערזעצונג פון עדגאר עלן פאָו, אַ „ספר הזכרונות פון דעם משוגענעם פילאָזאָף“, „ערצײלונגען פון דעם לעבן פון חיות און בהמות“ (עלעפאנטן, לײבן, בערן), כאראקטער־בילדער פון גלעדסטאָון און דזשאָן מארלי, אחוץ נאָטיצן און באמערקונגען.

צוגלייך װערט ער אויך אַן אַפּטער רעדנער. ער גיט צום אָנהויב נײעם יאָר (1893) דרײ לעקציעס (דערפון צװײ אין אײן טאָג): „דער אַלטער און נײער יאָר“, „האָט אונז יציאת־מצרים באפרייט פון שקלאפעריי?“ און „די גאולה“. ער טרעט אויך אָפט אויף אַלס רעדנער אויף די מיטינגען פון די טרייד־יוניאָנס, װי אויך פון גענעראל־ראט (דזשענעראל קאונסיל) פון אַלע אידישע ארבעטער פאראײנען. ער איז טעטיק אויך נאָכדעם, װען דער „װעקער„ גייט אונטער (נאָך זײן 12טן נומער—מערץ 1893). װינטשעװסקי איז דער ניט־באצאָלטער סעקרעטאר פון דעם „אידישן אַרבעטער הילפסקאָמיטעט צו העלפן די מײנערס אין לאָק־אוט“ און ער איז אויך דער פארפאסער פון דעם „אויפרוף צו די אידן“, װאָס אַט־דער קאָמיטעט האָט ארויסגעלאָזן אין אידיש און ענגליש. ער רעפּרעזענטירט אויך די אידישע סאָציאַל דעמאָקראַטן און די אידישע יוניאָנס אין ענגלאנד אַלס זײער דעלעגאט צום אינטערנאציאָנאַלן סאָציאַליסטישן קאָנגרעס אין ציריך (אויגוסט, 1893).

***

דער טרייד־יוניאָניזם, װאָס האָט אין װינטשעװסקי'ס לאָנדאָ־

נער קרייזן פון די 80קער יאָרן „געפונען נאָר אָפּאָזיציע, אָדער ווען שוין גוט, א גאַנץ גלייכגילטיקע שטעלונג צו זיך", *) איז אין די ניינציקער יאָרן דאָרט געוואָרן דער ווינקלשטיין פון דער סאָציאַליסטישער באוועגונג. איז דער פאַרפאַסער פון דער ערשטער סאָציאַליסטישער בראָשור אין אידיש אויך געוואָרן דער פאַרפאַסער פון דער ערשטער טרייד־יוניאָן בראָשור אין אידיש: „ד ע ר א ל ף־ב י ת פ ו ן ט ר י י ד־י ו נ י א נ י ז מ ו ס אָדער א ת נ א י ם נ אָ ך א ח ת ו נ ה, פאַרפאַסט פון מאָרים ווינטשעווסקי, ארויסגעגעבן פון דעם אינדעפּענדענט שניידערס, מאַשינערס און פּרעסערס יוניאָן", לאָנדאָן, 1894.

ווינטשעווסקי'ס טרייד־יוניאָן בראָשור אין אידיש איז געווען געשריבן אינם בעלעטריסטישן סטיל פון „יהי אור", און דער העלד פון דעם געשפּרעך איז, אזוי ווי דאָרט, געווען אַן אַרבעטער.

מאָרים, א באַלבירישקער אָרים־בחור, וואָס איז געוואָרן אין לאָנדאָן א מאַשינער (אָפּרייטאָר, שטעפּער), איז געווען „א יונגערמאַן, ניט מיאוס אויפן פּנים, שטאַרק באַלעזן, האָט גערעדט ווי א בוך און זיך באַשעפטיקט מיט דער אַרבעטער־פראַגע".

זיך געפינענדיק אויף הערים דעם ווילנערס חתונה, האָט מאָרים „צונויפגעקליבן ארום זיך עטלאַכע יונגעלייט און איין יונגע מיידל", ליובאַ, „א ניט־טענצערקע", און ער האָט זיך מיט זיי „פאַנאַנדערגערעדט וועגן אַרבעט און ווײדזשעס" (שכירות). דערביי באַמערקט דער פאַרפאַסער, אז ס'זיינען היינט פאַראַן א סך דיינקענדיקע מענטשן, וועלכע „הערן די כלי־זמרים און טראַכטען דערביי ארום די קברים". אָט־די מענטשן „באַרעכענען, אז א גרויסער טייל פון די אַרבעטער'ס קינדער ווערן פאַר'משפּט צום טויט גלייך ביים געבורט, ווען ניט נאָך פריער, דורך א בית־דין של מטה, וואָס באַשטייט פון דעם ריכטער ממון און א דזשורי פון די צוועלף בעלי־בתים, וועלכע הייסן: שמוץ, אומוויסנהייט, ענגשאַפט, קעלט, ווילגאַץ, טשאַד, הונגער, דורשט, קריג,

*) דאָרט, באַנד 10, ז' 204—205.

כעם, טוכלעקייט און קריינק — אלץ דזשורי־לייט, וואָס גיבן זייער פּריגאָוואָר (פּסק־דין) קעגן דעם, וואָס ווערט געבוירן אין דלות". פאַרן דיינקענדיקן מענטשן איז דערפאַר דער חתונה־זאַל „אַ בית־עולם, וואו מ'שפּילט", „אַ קברנות־שטיבל, וואו אַ בדחן זאָגט אַ קאָמישן מענה־לשון"...

און אָט אַזוי שמועסנדיק מיט די ניט־טענצער, דערקלערט זיי מאָרים דעם אלף־בית פון טרייד־יוניאָניזם. ריידנדיק וועגן דער וויכטיקייט פון אָרגאַניזאַציע, נעמט מאָרים אַ ביישפּיל פון די טענצער. ער ווייזט אָן ווי גוט זייער קאַדריל איז אָרגאַניזירט. „יעדער שיינט צו וויסן, וואָס ער האָט צו טאָן, ווי ער דאַרף שטעלן די פיס, ווי ער דאַרף האַלטן די הענט, וואו ער דאַרף אָנ־הייבן, וואו ער דאַרף אויפהערן, וועמען ער דאַרף ארומנעמען און פון וועמען ער דאַרף זיך ארויסדרייען, ווער זיין פּאַרטנער (שותף) איז און ווער זיין קעגנער. זיי ווייסן אַלע, אַז פון קאַדריל וועט ווערן אַ תל־עולם, אויב זיי וועלן פאַרלויפן איינער דעם צווייטן דעם וועג און ניט היטן זייער אָרגאַניזאַציאָן".

שפּעטער, ביי דער „סעודה", האַלט מאָרים אַ רירנדיקע רע־דע, וואָס האָט פיל געסט פאַרוואונדערט, און „די כלה האָט גע־כליפּעט. צווישן אַנדערע זאַכן זאָגט דאָרט מאָרים:

„וואו איז דער ערנסטער מאַן, וועלכער זאָל ריכטיק באַזעצן אַ כלה? וועלכער זאָל איר זאָגן אָט אַשטייגער אַזעלכע ווערטער, נאָר בע־סער ווי איך קען זיי זאָגן:

„וויין, כלה, וויין! דיין געליבטער ווערט היינט דיין מאַן און פון דיר וועט עס אָפּהיינגען, וואָס פאַר אַ מאַן ער זאָל זיין. ביי דיר איז די ברירה, צי ער זאָל זיין אַ ברודער אָדער אַ סקעב; צי ער זאָל האַלטן הויך דעם דגל פון זיין פּרינציפּ, אָדער ער זאָל שטיין ווי דער מצורע מחוץ למחנה; צי ער זאָל זיין פאַר זיינע ברידער אַ פעלז פון האָפנונג אָדער אַ שטיין אין וועג, איבער וועלכע אַנדערע זאָלן געשטרויכלט ווערן; צי ער זאָל זיין אַ דערמונטערונגס־גייסט, וואָס הויבט אויף ביי די אָפּהענטיקע די קאָפּ, אָדער, פאַרקערט, אַ שלאַנג, וואָס בייסט איין אין פוס".

וועסטו מאַכן דיין מאַן פאַר אַ וועגווייזער, אָדער פאַר אַ וועג־פאַרשטעלער? פאַר אַ קעמפפער אָדער פאַר אַ פאַררעטער? פאַר אַ וועקער, אָדער פאַר אַ פאַרדולער? אַזוי וואויל איז צו דיר, אויב דיין ליבע וועט אים פירן אויפן גראַדן וועג, אויף דעם אמת'ן וועג צו רעכט און פרייהייט! טאָמער אָבער וועסטו אַ בלייענע מאַסע אויף זיינע פיס, אַ שווערע געוויכט אויף זיינע הענט, אַ שלאָפטרונק פאַר זיינע געפילן, און אַ שטער פאַר זיינע געדאַנקען; טאָמער מאַכסטו, אַז ער זאָל אויף זיינע עלטערע יאָרן ניט סמייענען צו קוקן זיינע אייגענע קינדער גלייך אין די אויגן, — דאַן וויין, כלה, וויין, וויל דו האָסט פאַר וואָס".

באַגלייטנדיק נאָכדעם ליובאַ'ן אַהיים, דערקלערט פאַר איר מאָרים די אַלע פעלערן, פון וועלכע די לאָנ־דאָנער אידישע יוניאָנס ליידן, און זיינע „צען גילדערנע כּללים", לויט וועלכע אַ גוטע יוניאָן דאַרף זיך פירן. דאָס גע־שפּרעך נעמט צום סוף אָן אַ פּערזענלאַכן כאַראַקטער. ס'ווייזט זיך אַרויס, אַז מאָרים און ליובאַ ליבן זיך, און דער רעזולטאַט איז— דער תּנאָים נאָך דער חתונה...

די ערשטע טרייד־יוניאָן בראָשור אין אידיש איז אויפגענו־מען געוואָרן זייער וואַרים. אינם פאַרלויף פון עטלאַכע וואָכן זיינען פאַרקויפט געוואָרן פון 2,000 ביז 3,000 עקזעמפּליאַרן.

***

אין דעם ווערטער־קאַמף, וואָס איז אָנגעגאַנגען אין ענגלאַנד אַרום איבסענ'ס דראַמען, זיינען נאַטירלאַך די רעוואָלוציאָנערע עלעמענטן געשטאַנען אויף דער זייט פון די איבסעניסטן. עלעאָ־נאָרא מאַרקס איז אפילו געווען צווישן די, וועמעס איבערזעצונג, אין ענגליש, דער קריטיקער וויליאַם אַרטשער האָט אינם אָנהויב פון די ניינציקער יאָרן אַרויסגעגעבן אונטער זיין רעדאַקציע. עס פאַרשטייט זיך, אַז אויך ווינטשעווסקי איז געווען צווישן די, וואָס האָבן זיך איינגעשטעלט פאַר איבסענ'ען. האָט ער דער ערשטער איבערזעצט איבסענ'ס אַ דראַמע אין אידיש („נאָראַ") און אויך פאַרעפנטלאַכט צוויי אַרטיקלען: „הענריק איבסען און זיינע דראַמען" און „הענריק איבסען און זיינע ווערקע" („צור־

קונפט", אפריל און יוני, 1894). דער ערשטער ארטיקל איז גע־שריבן פעליעטאָניסטיש, טאקע פון דעם „משוגענעם פילאָזאָף". ער דערציילט דאָרט, אז בכלל קען ער „ניט קירעווען די פעדער" און ער קומט דערפאר זעלטן ווען צום ציל פון זיין נסיעה. נאָר דאָס מאָל וויל ער „זיך אָנטאָן א כח און פרובירן געבן אידן א שטיקעלע ידיעה פון דעם גרויסן מאַן איבסען, וועלכן איין האלבע וועלט באַוואונדערט, די אנדערע האלבע באשמוצט". נאָר דערצו מוז מען רעדן „סקלאַדנע", וואָס דאָס הייסט „פאָרן גראד אויפן מיטן וועג, ניט פארקריכנדיק ניט אין פראַזן־וואלד, ניט אויף זייטיקע געדאַנקען־לאַנקע". ער, אָבער, קען ניט רעדן „מיט אַן אָנשטעל און מיט אַן אָפּשטעל"; רעדט ער, ווי אַלעמאָל, אָן א טאָלק און פירט אוים צום סוף, אז ער און זיין אייניקל וועלן בעטן אַן אנדערן שרייבן וועגן איבסען און ער (דער „משוגענער פילאָזאָף") וועט געבן א פירוש „אונטער דער ליניע". דער צווייטער ארטיקל איז א ביאָגראַפיע פון איבסען, „געשריבן פון..." און „רעדיזשירט פון דעם „משוגענעם פילאָזאָף". וואָס דערקלערט צום סוף, אין א קורצן פעליעטאָן, אז די ביאָגראַפיע האָט געשריבן זיין „אייניקל זאָל לעבן".

א דאנק ווינטשעווסקי'ס גרויסער פּאָפּולאַריטעט ביי די ראַ־דיקאַלע אידישע מאסן אין אמעריקע, ווי דאָס האָט זיך ארויס־געוויזן ביי זיין אָנקום דאָרט (אין אָקטאָבער 1894), האָט יעקב אדלער ריזיקירט אויפצופירן ווינטשעווסקי'ס אידישע איבערזע־צונג פון איבסענ'ס „נאָרא", וואָס מ'האָט דעמאָלט געהאלטן פאר א „משוגענער" טעאטער־שטיק. נאָר כדי צו זיין גאַנץ זיכער מיט א דערפאָלג, האָט אדלער א־פריער אראנזשירט אין טעאטער א לעקציע איבער איבסענ'ס דראַמען, טאַקע פון מאָרים ווינ־טשעווסקי אליין. *)

ארום יענער צייט האָט ווינטשעווסקי זיך אויך געקליבן „ארויסצוגעבן זיינע שירים אין א באַזונדער ספר", עפּעס א

---

*) דאָרט, ז' 242.

שטיקלאַך 100 „אַלטע און נייע געדיכטע".*) וואָס ער האָט נאָך געפּלאַנט אין 1891 ‡) און אפילו שוין אָנגעשריבן דערצו אַ הקדמה, זיין געדיכט „מיינע פּאָלקסלידער". ⁂) זיי זיינען דער־שינען אין אַ פּאָר חדשים אַרום נאָך זיין אָנקום אין אַמעריקע, אַלס „אויסגאַבע פון אַלע לידער און געדיכטע, וועלכע זיינען דער־שינען אין די לעצטע צען יאָר, און פילע, וועלכע זיינען נאָך קיינמאָל ניט געדרוקט געוועזן". זייער אַרויסגעבערין, די גרופּע יהי אור", ניו יאָרק, האָט זיי געפּלאַנט אין פיר פּערטל־יאָריקע ליפערונגען. די ערשטע ליפערונג איז דאַטירט: 28טער דעצעמ־בער, 1894. ס'זיינען אַרוים דריי טיילן: „לידער און געדיכטע" (בילדער פון אַרבעט און נויט), „פּאָלקס־לידער" (קאַמף־געַ־זאַנגען) און „הומאָריסטישע געדיכטע". צוזאַמען אַ 130 זייטן, אין קעשענע־בוך־פאָרמאַט. זיי הויבן זיך אויך אָן, ווי ער האָט געפּלאַנט, מיט זיין דערמאָנטער הקדמה:

„פון אידישע ווערטער, אַלט־מאָדישע,<br>
פון איינפאַכע רייד אָן אַ קלאַנג,<br>
פון טענער אָפּט ווייניק מעלאָדישע<br>
פאַרפאַס איך מיין פּראָסטן געזאַנג".

„זיי זיינען דער אָפּקלאַנג פון טעגלאַכע,<br>
פאַרשטיקטע געשרייען פון פאָלק;<br>
דאָס מאַכט די מוזיק פאַר אַ קלעגלאַכע,<br>
דעם טעקסט פאַר אַ זיפץ אָן אַ טאָלק.<br>
און בלייבן זיי אויך ניט געזונגענע,<br>
אַ, גלויבט מיר, איך בין אויף זיי שטאָלץ,<br>
זיי שרייבט ניט אַ פען אַ פאַרדונגענע,<br>
איר האַלט ניט אַ הענטל פון האָלץ.<br>
ווי לאַנג נאָך די קנעכטשאַפט וועט דויערן,

---

*) „צוקונפט", יאַנואַר, 1983, ז' 45.

‡) פאָרוואָרט צו זיין בוך „לידער און געדיכטע", ניו יאָרק, 1910.

⁂) געזאַמלטע ווערק, באַנד 2, ז' 9.

ווער ווייס, אַך, ווער ווייס נאָך ווי לאַנג?
איך ווייס נאָר, אַזוי לאַנג וועט טרויערן
מיין ליד מיט זיין טרויער־געזאַנג".

קיין פולע אויסגאַבע פון „אלע לידער און געדיכטע" ווינ־טשעווסקי'ס זיינען די פּאָר ביכלאך ניט געווען. ס'זיינען דאָרט אריין ווייניקער וויא העלפט פון דאָס, וואָס ער האָט אין די צען יאָר פאַרעפנטלאכט. נאָר דערפאַר זיינען זיי געווען פון די אויסגעווויילטע. איבער צוויי דריטל פון זיי זיינען אריין אין די „געזאמלטע ווערק".

## .12
# אַמעריקע

חורבן, קאָרופּציע, אַסטמאַ. — אויפן שיידוועג. — „אַבענד־בלאַט". — יעקב גאָרדין. — געשיכטע פון סאָציאַליזם צווישן אידן. — פראַקציאָנעלער קאַמף, דאַניעל דעליאָן, באָסטאָנער גענאָסן.

סוף 1893 האָט ווינטשעווסקי אָנגעהויבן פּלאַנען פאָרן קיין אַמעריקע.

די אידישע אַרבעטער־באַוועגונג איז געוואָרן וואָס ווייטער אַלץ שוואַכער. אַ סך פון אירע בעסטע און איבערגעגעבנסטע קרעפטן זיינען אַריבער קיין אַמעריקע, צווישן זיי אויך אַ באַדייטנדיקער טייל פון ווינטשעווסקיס נאָענטע חברים. קיין אידישע סאָציאַליסטישע פּרעסע איז ניט מער געווען און אויך דער אַנאַרכיסטישער „אַרבעטער פריינד" האָט זיך געהאַלטן אויף משקולות און דריי מאָנאַטן איינגאַנצן ניט אַרויס. דער בערנער־סטריט־קלוב איז אונ־טערגעגאַנגען נאָך אין נאָוועמבער 1892 און צוזאַמען מיט אים די אַלע שיינע זכרונות פון געמיינשאַפטלאַכער אַרבעט און קאַמפן. אַ טייל אַרבעטער אָרגאַניזאַציעס, געבויט מיט שווערער מי און יוגנטלאַכן אַנטוזיאַזם, זיינען צעפאַלן אָדער איבערגעגאַנגען אין

די הענט פון קאָנסערוואַטיווע פירער, וועלכע האָבן זיך געשטיצט מער אויפן חסד פון פילאַנטראָפּן ווי אויפן קלאַסנקאַמף. צוזאַמען מיט אַט־דער „רעכטער" פירערשאַפט האָבן זיך אויך אָנגעהויבן באַווייזן אירע באַגלייטער, די קאָרופּטע „אַרבעטער־פירער", וואָס נוצן אויס די יוניאָן פאַר זייערע פּערזענלאַכע צוועקן.

דאָס אַלץ האָט מאָרים ווינטשעווסקיין פאַרשאַפט אַ סך גייסטיקע ליידן. נאָר דאָס איז נאָך ניט געווען אַלץ. ווינטשעווסקי האָט דעמאָלט געליטן פון אַסטמאַ און אין אַט־דער אומדערטרעגלאַך געוואָרענער סאָציאַלער סביבה האָט שטאַרקער געשטיקט דער הוסט, האָט גרויזאַמער געפּייניקט די פּאַנגע. און דאָ קומען אָן גוטע נייעס פון אַמעריקע. די באַוועגונג וואַקסט, ניט געקוקט אויף אַלע רייסערייען צווישן די פּראָלעטאַרישע פּאַרטייען און גרופּן. אויסער אַ חודש־זשורנאַל האָט די אָרימע באַוועגונג אויך אַ וואָכנבלאַט („אַרבעטער צייטונג", וואו ער האָט אָנגעהויבן מיטאַרבעטן אין פעברואַר 1894), און האַלט ביים אַרויסגעבן אַ טעגלאַכע צייטונג („אַבענד־בלאַט"). באַשליסט ווינטשעווסקי צו וואַרפן זיין גוטע שטעלע ביי די באַנקירן זעליגמאַן און פאָרן אין אַ ריינערער אַטמאָספערע, סאַי פאַר זיין גוף און סאַי פאַר זיין נשמה.

דאָך איז אים ניט געווען אַזוי גרינג זיך צו שיידן מיט דער שטאָט, וואו ער האָט פאַרבראַכט פופצן יאָר אין דער סאַמע בליאונג־צייט פון זיין לעבן און וואו ער האָט זיך דערוואָרבן אַזעלכע פריינט ווי וויליאַם מאָרים, עלעאָנאָרא מאַרקס, סטעפּניאַק, טשערקעסאָוו א. ד. גל. אים האָט דאָרט אויך אין 1894 ניט געפעלט קיין טריבונע, פון וואַנען צו זאָגן זיין וואָרט. די ענגלישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי־פּרעסע איז פאַר אים געווען אָפן, סאַי פאַר פּראָזע און סאַי פאַר פערזן. נאָר באַזונדער שווער איז אים געווען דאָס שיידן זיך מיט זיינע תּלמידים און חברים צווישן די אידישע אַרבעטער.

אַט־די שטימונגען האָט ער אויסגעדריקט אין זיינע פעליעטאָנען „אויף דעם שיידוועג", „מיטן פּעקל אויפן רוקן", „די

גרעבער און באגראבענע" *) א. אנד., וועלכע ער האט געשריבן אין לאנדאן פאר אמעריקע. מ'זעט דארט ווי שווער אים איז זיך צו שיידן פון דעם לאנד, „וואו מען האט אמאל" — „איינ־גאנצן מיט פופצן יאר צוריק" — גערעדט וועגן דער גאולה, וועז די רעדנער זיינען געווען זעקס נפשות און די צוהערער עטלאכע און דרייסיק מיליאנען, וועלכע האבן אבער ניט צוגעהערט און ניט אויסגעהערט, און היינט זיינען די רעדנער צענדליקער טויזנ־טער און די צוהערער דאס גאנצע פאלק". שווער איז אים צו פארלאזן די פילע ליבע, ליבע געזיכטער, וועלכע האבן מיט זייער פריינטלאכן בליק, מיט זייער ווארימען האנט־דרוק, זייער הארצ־לאכקייט און זייער מיטגעפיל פארזיסט פיל ביטערע שטונדן"; די „מענטשן, וועלכע האבן אפשר ניט קיין גרויסע בילדונג, ניט קיין באזונדערע העלדנטאטן אין זייער לעבן, אבער ליבע, אומ־ענדלאכע ליבע, ניט פארביטערט, ניט פארדאלארט, ניט פאר־פוצט און ניט פארשמוצט, ניט דורך געלט און ניט דורך אייגנ־נוץ". ‡)

אמעריקע, ווידער, וואו ער „קלייבט זיך צו פארן און פארט ניט צו קלייבן, ווי א אידישער מחבר", שטעלט זיך אים פאר אין איר גאנצער העסלאכקייט. ער זעט פון וייטן א מדינה, „וואו דער דאלאר איז אלמעכטיק און דער אלמעכטיקער — דער בא־שיצער פון די דאלאריאנער; וואו די פרייהייט שטייט אונטער פאליציי־שוץ און די גלייכהייט אויף פאפיר, באגראבן אין אר־כיוון"; וואו „די וויסנשאפט איז א דינסטמויד ביים האנדל און די קונסט פוצט ביי אים שטיוול"; וואו ס'איז „ערלאכקייט א לוקסוס־זאך, ליבע — קאנטראבאנד און פילאזאפיע — א שטער צו ביזנעס". ⁂)

---

*) דארט, באנד 4, ז' 161—173.

‡) דארט, ז' 168—169.

⁂) דארט, ז' 167—168.

⁂

ווינטשעווסקי האָט פאַרלאָזן ענגלאַנד מיטן געדאַנק צו פאָרן „אַזש קיין קאַליפאָרניע", אין וועמעס זונען־שטראַלן ער האָט גע־זוכט היילונג פאַר זיין שוואַכן קערפּער. ער האָט דערפאַר אויך איבערגעלאָזן אין לאָנדאָן זיין פאַמיליע (די פרוי מיט צוויי קליי־נע קינדער, אַ זון און אַ טאָכטער, וועלכע ער האָט אַרונטער־גענומען ערשט אַ יאָר שפּעטער). נאָר, אָנקומענדיק אין ניו יאָרק (דעם 13טן אָקטאָבער 1894), האָט ער זיך דערפילט בעסער און געזינטער, און האָט זיך דערפאַר געלאָזט איבעררעדן פון זיי־נע נייע חברים, צווישן זיי אויך אַ צוויי־דריי דאָקטוירים, צו פאַר־בלייבן אין ניו יאָרק.

דער „זיידע" פון דער אידישער אַרבעטער־באַוועגונג איז געווען זייער פּאָפּולער אין אַמעריקע, וואו די מערסטע ראַדיקאַלע לייענער האָבן זיך דערצויגן אויף זיינע לידער און פעליעטאָנען— „די צושלאָגענע געדאַנקען פון אַ משוגענעם פילאָזאָף".*)

„יעדע וואָך", — דערציילט ב. וויינשטיין, ‡) — „ווען מיר פלעגן קריגן אַ פרישן „אַרבעטער פריינד" און געפונען דאָרט ווינטשעווסקי'ס אַ געדיכט, איז עס ביי אונז געווען אַן אמת'ער יום־טוב. אַלעס, וואָס מיר האָבן זיך דאַן געוואונטשן, איז צו האָבן דאָס גליק צו זען דעם פאַר־פאַסער מאָריס ווינטשעווסקי פערזענלאַך".

---

*) די „צושלאָגענע געדאַנקען פון אַ משוגענעם פילאָזאָף" זיינען אויך געווען באַקאַנט צו די ליטעראַרישע קרייזן אין רוסלאַנד. י. ל. פּרץ האָט אפילו געמאַכט אַ פּאַרזוך צו באַקענען מיט זיי די אידישע לייענער דורך אַ לעגאַלער אויסגאַבע. ער האָט איבערגעדרוקט פון דער „אַרב. צייטונג" ווינטשעווסקי'ס פעליעטאָן „אייראָפּע אין 1878" (גע־זאַמלטע ווערק, באַנד 5, ז' 113—116). דערביי האָט פּרץ צוגעגעבן איי־גענע עפּלאָגע ווערטלאַך, וועלכע ווינטשעווסקי האָט געהאַלטן פאַר „כּיס קיין שווינע". אויף זיין פּראָטעסט האָט פּרץ געענטפערט: „זע, צו וואָס ער משעפּעט זיך..."

‡) „40 יאָר אין דער אַרבעטער־באַוועגונג", ניו יאָרק, 1924, זייטן 150—151.

„זיין (ווינטשעווסקי'ס) ־רום האָט זיך צו אונז געטראָגן פון לאָנ־דאָן", — דערציילט לעאָן קאָברין. ‡) — איך געדיינק דעם איינדרוק, וואָס ער האָט אויף מיר געמאַכט בעת מיר איז איינמאָל, אַרום 1893, אַריינגעפאַלן אין די הענט אַ יאָרגאַנג פון דעם לאָנדאָנער „אַרבעטער פריינד". איז לעז דאָרט זיינע „משוגעת'ן" און ער מאַכט אויף מיר אַזאַ שטאַרקען און טיפן איינדרוק מיט זיין אייגנאַרטיקן סטיל, מיט דער קלאָרער און געשליפענער שפּראַך און מיט דער וואַרימער יונגער נשמה, וואָס אָטעמט אַרויס פון זיין יעדער שורה, אַז איך פאַרליב זיך פשוט אין אים. — — — יאָ, איך בין געווען פאַרליבט אין אים, אַ הייסער חסיד זיינער געווען, סאַי דערפאַר, ווייל די ריכטונג פון זיין שרייבן איז מיר געווען הייליק, און סאַי פאַר די ליטעראַרישע מעלות פון זיין שרייבן".

ווינטשעווסקי'ס אָנקום אין אַמעריקע איז דערפאַר געווען אַ גוטע רעקלאַמע און אַ קוואַל פון הכנסה פאַר דער נייער טעגלאַ־כער סאָציאַליסטישער צייטונג, דאָס „אַבענד־בלאַט", וועמעס ער־שטער נומער איז דערשינען אין צוויי טעג אַרום נאָך זיין אָנקומען.

די „אַרבעטער צייטונג אַסאָסיאיישאָן" (ווי ס'האָט דעמאָלט געהייסן די סאָציאַליסטישע קערפּערשאַפט, וואָס האָט אַרויס־געגעבן די „אַרבעטער צייטונג" און דאָס „אַבענד־בלאַט") „האָט אויסגענוצט זיין (ווינטשעווסקי'ס) קבלת־פּנים צו זאַמלען די נויטיקע „פאַר הונדערט דאָלאַר, וואָס האָט געפעלט צום „אַבענד־בלאַט" פאָנד. *) די אויסערגעוויינטלאַכע התלהבות, מיט וועלכער די אידישע אַרבעטער־מאַסע, אינם איבערגעפּאַקטן גרויסן ווינד־זאָר־טעאַטער, האָט באַגעגנט איר יונגן „זיידן", האָט באַוועגט די „אַסאָסיאיישאָן" איינצואָרדענען פאַר אים אַזוינע קבלת־פּנים'ס אויך אין אַ ריי אַנדערע שטעט. ער איז טאַקע אויך אָר־

‡) „עראינערונגען פון אַ פערטל יאָרהונדערט אידיש לעבן אין אַמעריקע" („טאָג", 1921).

*) ה. ראָגאָף, די געשיכטע פון „פאָרווערטס" („פאָרווערטס" יובי־לעאום אויסגאַבע, 22טן אַפּריל 1917, ז' 2).

מעטום אויפגענומען געוואָרן מיט גרויס ליבע און באַגייסטערונג, און די אַרבעטער־מאַסן האָבן דערביי געגעבן, לויט די אָרימע אומשטענדן פון יענער צייט, באַדייטנדיקע סומען פאַרן „אַבענד־בלאַט". זיינע חברים האָבן אויך ווינטשעווסקי'ן באַוועגט, ער זאָל וואָס אָנשרייבן נאָך פאַרן ערשטן נומער. און אַזוי ווי ער האָט, אַף מאָרגן אָוונט נאָך זיין קומען, באַזוכט אַדלערס טעאַטער, וואָס האָט פּרעטענדירט אויף קונסט, און דאָרט געזען שפּילן גאָרדינס אַ פּיעסע, האָט ווינטשעווסקי תיכף אָנגעשריבן אַ רעצענזיע „יעקב אַדלער און יעקב גאָרדין". דאָס איז וואַרשיינלאַך געווען דער אָנהויב פון זיין אינטימער פריינטשאַפט מיט יעקב גאָרדין, וואָס האָט אָנגעהאַלטן ביז יענעמס לעצטן טאָג און וועלכע האַלט נאָך אָן מיט גאָרדינס משפחה.

ער שרייבט אויך אויף תיכף אַן אַרטיקל פאַרן נאָוועמבער־נומער „צוקונפט" — אַ „משוגעת" מיטן נאָמען „זעע קראַנקהייט", אין וועלכער ס'פילט זיך שטאַרק די ביטערקייט פון זיינע לעצטע יאָרן אין לאָנדאָן. די הויפּט־אידייע פון אָט־דעם פעליעטאָן איז די זעלבע, וואָס אין זיין סאַטירישער קאָרעספּאָנדענץ פונם וועג פון פּרייסן קיין דענעמאַרק, אינם „הקול" (נומער 23—מערץ 1879). דאָרט האָט ער געשילדערט די „זעע־קראַנקהייט" און דערציילט, ווי אַזוי ער האָט אויסגעבראָכן אַלץ, מיט וואָס די פּרייסישע פּאָליציי האָט אים אָנגעפילט, און ער רופט אויס: „אַ שאָדן, וואָס אַ מענטש קען ניט אַרויסברעכן אַזוינע געדאַנקען און באַטראַכטונגען, ווי מען ברעכט אויס שפּייז און געטראַנק!" דאָ, אין דער „צוקונפט", האָט ער פאַרגעשטעלט, ווי אַזוי ער ברעכט אויס אינם ים „די פּופּצן יאָר דומהייטן, וועלכע מ'האָט נאָכאַנאַנד געשלונגען אין קלובן, וואו מ'האָט געלעבט צווישן מחלוקות לשם־שמים און אין אחדות לשם שנאַפּס און ביר" (וואָס מ'פּלעגט דאָרט פאַרקויפן), און ער רופט אויס:

„אַרויס די אַלע בלבולים, זלזולים און פּלפּולים צוליב גאָרנישט און ווידער גאָרנישט, וועלכע האָבן פאַרוויסט אייערע יאָרן און צו־שטערט אייער רו פון די נעכט".

א וויכטיקע ארבעט, אונטערן נאָמען „מיט א דור צוריק“, דער ערשטער פּאַרזוך צו שרייבן אין אידיש די געשיכטע פון סאָציאַליזם צווישן אידן, האָט ווינטשעווסקי אָנגעהויבן אינם דעצעמבער-נומער „צוקונפט“. ער האָט עס פאָרטגעזעצט אין די נומערן יאַנואַר, פעברואַר און אַפּריל 1895 אונטערן נאָמען „דער סאָציאַליזמוס אין לשון-קודש“. אויסערדעם האָט ער דאָרט פאַרעפנטלאַכט א ריי לידער, צווישן זיי זיין שוין איינמאָל דערמאָנטע פּאָעמע „פערדינאַנד לאַסאַל“, *) אויסגעבעסערט און פאַרגרעסערט מיט 48 נייע פערזן. ‡)



ווינטשעווסקי איז אָנגעקומען קיין אַמעריקע אינם מיטן פון א פראַקציאָנעלן קאַמף צווישן די אידישע מיטגלידער פון דער „אידישער סאָציאַליסטישער ארבעטער פּאַרטיי“ (ס. ל. פּ.).

„דער ערשטער צייכן פון רייסערייען (וואָס האָבן זיך אָנגעהויבן נאָך אין 1892) איז געווען די איינטיילונג אין „גראַמאַטנע“ און „בעזגראַמאָטנע“, וואָס האָט געשטאַמט פון דער „שטודירן מגפה“. ביז יענער צייט האָט א רעליגיעזע באַגייסטערונג געהערשט צווישן די אידישע גענאָסן. אינטעליגענטן, ניט-אינטעליגענטן — אַלע האָבן גלייך געאַרבעט אין די שעפּער, אַלע האָבן זיי זיך גלייך באַטייליקט אין די יוניאָנס, אַלע האָבן זיי געאַר-

*) דאָרט, באַנד 2, ז' 165—171.

‡) ביי די אַרבעטער-מאַסן זיינען געבליבן באַזונדער באַליבט גראַד יענע פערזן, וואָס ווינטשעווסקי האָט געשריבן אין לאָנדאָן (1889), אין וועלכע ער בעט די אַרבעטס-לייט, אַז ווען „די נייע צייט, די פרייע צייט, וועט קומען“, זאָלן זיי, „מיט דאַנקבאַרקייט“, טראָגן „קרענץ-בלומען“ אויף יענעם אָרט, וואו לאַסאַל „רוט דאָרט“; אַז ווען זיי וועלן ווערן „פריי פון טיראַניי, פון רויבעריי“, זאָלן זיי געדענקען, וואָס זיי האָט געגעבן לאַסאַל, „ער, דער העלד“, וואָס האָט זיי „באַזעלט“ און „ערהעלט“.

בעט גלייך, כדי צו באשאפן א סאָציאַליסטישן אָרגאן. ווען די ערשטע באגייסטערונג איז פאַראיבער, האָבן מאנכע גענומען קלערן פון א תכלית: אייניקע האָבן גענומען שטודירן, און אנדע־רע זיינען געוואָרן געשעפטסלייט. זיי זיינען אָבער געבליבן אין דער באוועגונג, ווי א מין אריסטאָקראַטיע. די אויסגעשטודירטע, צום ביישפּיל, האָבן שוין געווייכט פון פּראָסטע אַרבעטער. זיי האָבן שוין אויף זיך געקוקט ווי אויף פירער. מען פלעגט זיי שוין זעלטענער זען אויף די מיטינגען פון דער אסאָסיאיישאָן.

„די איבעריקע מיטגלידער האָבן גענומען קוקן קרומלאך אויף הילקאָוויטשן (הילקוויטן), מילערן און אנדערע אויסגעשטודירטע. א מחיצה איז אויסגעבויט געוואָרן צווישן אינטעליגענטן און ניט־אינטעליגענטן. און ווען מ'פלעגט זיך צעווערטלען, פלעגט מען זיך אין כעס אָנרופן איינע די אַנדערע „בעזגראמאָטנע“, „אריסטאָקראַטן“ א. ד. גל. שפּעטער זיינען צוליב פאַרשידענע אורזאכן, מייסטנס פּערזענלאכע, אנטשטאנען מיספארשטענד־ניסע צווישן מאנכע פירער פון דער „פּובלישינג אסאָסיאיישאָן“ און דער רעדאקציאָן (אב. קאהאן). און נאָך שפּעטער האָבן זיך אין דער פּובלישינג אסאָסיאיישאָן אָנגעפאנגען מחלוקות צווישן די אָנהייגנער פון דעם פּאַרוואַלטונגס־ראט און אַנדערע מעמ־בערס (מיטגלידער) פון דער אסאָסיאיישאָן“.*)

די מיטגלידער פונם פּאַרוואַלטונגס־ראט פון דער „אַרבעטער צייטונג“ האָבן, נאַטירלאך, געהאַט אַן איינפלוס אויף די אידי־שע סאָציאַליסטישע סעקציעס און אויף די פאַראייניקטע אידישע געווערקשאַפטן. פון אָט־דער לעצטער האָבן זיי געפּאָדערט צו נעמען א שטרייגגע שטעלונג צו די ניט־סאָציאַליסטישע יוניאָנס, וואו ס'האָט געהערשט דער גייסט פון די קאָנסערוואַטיווע אַר־בעטער פירער. זייערע קעגנער האָבן עס באַטראַכט פאַר „שמאָל

*) ה. בורגין, געשיכטע פון דער אידישער אַרבעטער־באַוועגונג, זייט 374.

פארטייאיש" און ניט אין די אינטערעסן פון דער ארבעטער־באוועגונג.

„פון איין זייט האָבן אַלזאָ געקעמפט די „פראָסטע" מיט־גלידער מיט די אינטעליגענטן, מיט די זאָגענאַנטע „פירערס", וועלכע זיי האָבן ניט געוואָלט דערלויבן נאָך מער ארויפצוהויבן זיך איבער דער מאסע; פון אַ צווייטער זייט איז אָנגעגאַנגען אַ קאַמף קעגן דעם פּאַרוואַלטונגס־ראַט און זיינע אָנהייגער פאר זייער יוניאָן־פּאָליטיק". *)

קעגן פּאַרוואַלטונגס־ראַט זיינען געווען אויך די קעגנער פון דעליאָנס פירערשאפט אין דער באוועגונג. דאַניעל דעליאָן, דער פירער פון דער „סאָציאַליסטישער ארבעטער פּאַרטיי" (ס. ל. פּ.), איז, לויט ה. בורגינס שילדערונג, ‡) געווען „אַ מאַן מיט אַן אומבויגזאַמער פאנאַטישער נאַטור, וואָס האָט אָנגעפירט אַן אומבויגזאַמע, אומקאָמפּראָמיסלאַכע טאַקטיק". דעליאָן האָט געהאַלטן, אַז אַ יוניאָן מוז „זיין סאָציאַליסטיש, אַ־ניט דאַרף זי גאָרניט עקזיסטירן"; „אַז אַן איינצעלנער מענטש קען זיין אָדער אַ סאָציאַליסט, אָדער אַ פייקער". אַ פרעזאָן „קען זיין אָדער מיט אים, אָדער קעגן אים"—קיין מיטלפּונקט האָט דעליאָן ניט אָנערקענט. האָט ער זיך פאַרהאַלטן זייער פיינטלאַך צו די ניט־סאָציאַליסטישע יוניאָנס אָדער געזוכט אויף זיי „ארויפצווינגען מיט געוואַלט די סאָציאַליסטישע פּרינציפּן". די פירער פון דער אַסאָסיאיישאָן, דעמאָלט אומקאָמפּראָמיסלאַכע, אויסגעהאַלטענע סאָציאַליסטן, זיינען געווען שטאַרק צופרידן מיט דעליאָנס יוניאָן־פּאָליטיק און זי געזוכט דורכצופירן אין די אידישע יוניאָנס. זייערע קעגנער, ווידער, האָבן געהאַלטן, אַז דעליאָנס פּאָליטיק פאַרטרייבט די מאַסן פון סאָציאַליזם, און לאָזט ניט „דערנענטערן די אידישע באוועגונג צו דער אַמעריקאַנישער ארבעטער־באוועגונג".

---

*) דאָרט, ז' 875.

‡) דאָרט, ז' 876—877.

די אידישע ס. ל. פּ. סעקציעס אין דער פּראָווינץ זיינען מערסטנס געווען אין דער אָפּאָזיציע צו די פירער פון דער אסאָ־סיאיישאָן. ערשטנס האָבן זיי געהאַט די שטענדיקע טענות פון דער פּראָווינץ, אַז זי ווערט שטאַרק פאַרנאַכלעסיקט און געקריוור־דעט פון דער באַוועגונגס־פּרעסע אין ניו יאָרק. צווייטנס, איז דאָרט געווען שווער דאָס לעבן פאַר די סאָציאַליסטישע אַרבעטער צוליב דער פיינטלאַכער שטעלונג פון דער פּאַרטיי צו די קאָנסער־וואַטיווע יוניאָנס.

***

דאַניעל דע־ליאָן (1852—1914), דער אומקאָמפּראָמיסלאַכער רעוואָלוציאָנערער פירער פון דער סאָציאַליסטישער אַרבעטער פּאַרטיי, האָט געשטאַמט פון אַ שפּאַנישער פאַמיליע אין צענטראַל־אַמעריקע.*) ער האָט שטודירט אין אייראָפּע און איז, קומענדיק קיין ניו יאָרק, אָנגעשטעלט געוואָרן אַלס לעקטאָר פון אינטערנאַציאָנאַלער רעכט אין קאָלומביא־אוניווערזיטעט. זיין (דעליאָנ׳ס) אָנשלוס אין דער „סאָשעליסטיק לייבאָר פּאַרטי" (סאָציאַליסטישע אַרבעטער פּאַרטיי), אין 1890, האָט גלייך אריינגעגעבן אין איר אַ נייע נשמה. די ס. ל. פּ. איז פריער באַשטאַנען מערסטנס פון אַרויפגעאַרבעטע דייטשע עמיג־

*) צוליב זיין „שענעם אידישן פּנים" מיט דער „שענער שוואַרצער באָרד און גרויסע אויגן" האָבן אים די אידישע ראַדיקאַלן אָנגענומען צוערשט פאַר אַ אידן (קאַהאַן, „בלעטער", באַנד 2, ז' 262). שפּעטער האָבן זיינע קעגנער פאַרשפּרייט קלאַנגען, אַז ער איז אַ אידישער אַסי־מיליאַטאָר, וואָס שעמט זיך מיט זיין אידישקייט. זיין אידיש־קלינגענ־דיקער נאָמען, דניאל דע־ליאָן (אויך דער מחבר אָדער אַרויסגעבער פון „זוהר" האָט געהייסן דע־לעאָן), האָט זיי אין דעם מיטגעהאָלפן. דע־ליאָן האָט אויף דעם באַמערקט פאַר זיינע אידישע מקורבים: ס׳איז ניט אויסגעשלאָסן, אַז זיינע אבות זיינען געווען שפּאַנישע אידן, נאָר פונקט אַזוי איז מעגלאַך, אַז אַט־די „עכטע אידן", וואָס באַקעמפן אים אַזוי ביטער, שטאַמען גאָר אָפּ אַליין פון עכטע גוים...

ראַנטן, וועמעס סאָציאַליזם איז געווען אַ סענטימענטאַלער, אַ חלום פון דער ווייטער צוקונפט, וואָס האָט ניט קיין שייכות צום אַלטעגלאַכן עקאָנאָמישן קאַמף פון די אַמעריקאַנער אַרבעטער־מאַסן. נאָר דעליאָן איז פון אָנהויב אָן געווען אַ פּרינציפּיעלער אויסגעהאַלטענער קלאַסנקעמפער. ניט געקוקט אויף זיינע סעקטאַנטישע טאַקטישע טעותן אין זיין טרייד־יוניאָן פּאָליטיק, איז ער דאָך געווען אַ ווייט־זעענדיקער מאַרקסיסט, וועמענס מיינונגען וועגן קלאַסנקאַמף און דער סאָציאַלער רעוואָלוציע האָבן נאָך אויך היינט אַ פּראַקטישן ווערט.

אַ דאַנק זיינע פילע מעלות *) איז דעליאָן באַלד געוואָרן דער

---

*) דעליאָנ'ס ערשטער רעפּעראַט פאַר די סאָציאַליסטן, ווען ער איז אַריינגעטראָטן אין דער ס. ל. פּ., איז געווען איבער דער „מאַרקס טעאָריע". „ער האָט מאַרקס'עס הויפּטווערק „דאָס קאַפּיטאַל" מיט איניקע טעג צוריק איבערגעלעזן צום ערשטן מאָל, און די דאָזיקע לעקטשור (לעקציע) זיינע איז אין אַ געוויסן זין געווען זיין עקזאַמען אַלס לעקטשורער (לעקטאָר) וועגן דעם טעאָרעטישן סאָציאַליזם. דאָס איז וואַרשיינלאַך געווען דער בעסטער פאַרטראַג איבער די מאַרקסיסטישע אידייען, וואָס ניו יאָרק האָט ווען ס'איז געהערט. אַלע זיינען געווען אַנטציקט". — — — „ער איז איבערהויפּט געווען אַ גלענצענדער רעדנער און לעקטשורער. ער איז געווען אַ הויך־געבילדעטער און פייאיקער מענטש, מיט אַ שטאַרקער רעדנער־קראַפט, און זיינער אַ פאַרטראַג איז אימער געווען אינהאַלטסרייך, קלאָר ווי קרישטאָל, שטרענג לאָגיש און אינטערעסאַנט". (קאַהאַן, „בלעטער", באַנד 3, ז' 282—283.) צו גלייכער צייט איז דעליאָן אויך געווען זייער טעטיק אין דער טאָגטעגלאַכער פאַרטיי־אַרבעט. „אין דער גרעסטער זאַווערוכע פלעגט ער ניט פאַרפעלן צו אַטענדן (באַזוכן) דעם ביזנעס־מיטינג (געשעפטס־פאַרזאַמלונג) פון יעדער אַסעמבלי־דיסטריקט (וואָל־קרייז) אָרגאַניזאַציע פון דער פאַרטיי. אַזוי פלעגט ער גיין פון מיטינג צו מיטינג, פון איין ברעג שטאָט צו אַ צווייטן. ווען עס זיינען אַנוועזנד געווען נאָר פינף מיטגלידער, איז ער געווען דער זעקסטער" (דאָרט, ז' 400).

אנערקענטער פירער, די צענטראַלע פיגור, דער ליבלינג, דער שטאָלץ און דער צירונג פון דער סאָציאַליסטישער ארבעטער פאַר־טיי. ער ווערט באשטימט אַלס איר נאַציאָנאַלער רעדנער, אַלס איר פאָרשטייער ביים וואַלקאמף, אַלס רעדאקטאָר פון איר אָפיציעלן אָרגאַן און אַלס איר פארטרעטער אין אינטערנאַציאָנאַל. ער האָט געלעגט דעם פונדאמענט פארן אינדוסטריעלן יוניאָניזם, האָט ביטער באקעמפט די פשרה־מאַכער, די „לייבאָר־פייקער" (טרייד־יוניאָן ביוראָקראַטן), די סאָציאַליסטיש־אַנארכיסטישע רע־פאָרמער און די קאָנסערוואַטיווע „ארבעטער־אריסטאָקראַטן".

***

ווינטשעווסקי, כאָטש נאָך א גאַסט אין אַמעריקע, איז באַלד געוואָרן א צד אינם פראַקציאָנעלן קאַמף. ווינטשעווסקי, וואָס האָט געקענט קראַנצן נאָך פון דער צייט פונם „פוילישן אידל", ווען יענער האָט קיין וואָרט אידיש ניט געקענט שרייבן, האָט אים געהאַלטן פאַר א מענטשן „אָן א צונג אין מויל און אָן א פעדער אין האַנט".*) ביי זיין בעסטן ווילן האָט אויך ווינטשעווסקי ניט געקענט פארגעסן די ביטערקייט, מיט וועלכער קראַנץ האָט אויס־געלאַכט די „אומפארטייאישקייט" פון „ארבעטער פריינד", אָנ־גערופן די דאַרטיקע סאָציאַליסטן (אויך ווינטשעווסקין אין כלל) „פּאַרעווע־לאָקשן" און צוגעטריבן ביידע צדדים צו דער שפּאַל־טונג אין די רייען פון דער לאָנדאָנער ארבעטער־באוועגונג. ווינ־טשעווסקי האָט דערפאַר געהאַלטן, אַז דער רעדאַקטאָר פון „אבענד־בלאַט" האָט געדאַרפט זיין אַב. קאַהאַן און ניט פיליפּ קראַנץ. ווינטשעווסקי איז געווען „זיכער", אַז דאָס איז ניט גע־שען ניט בלויז דערפאַר, ווייל קאַהאַן האָט געהאַט פערזענלאַכע קעגנער צווישן די יונגע חברים, וועלכע ער זאָל האָבן אָנגערופן „בעזגראַמאָטנע", נאָר אויך מחמת „פּאַרטיי־פּאָליטיק", ווייל ער האָט געאַרבעט קעגן דעם פירער פון דער ס. ל. פּ. — דאַניעל דעליאָן.

---

*) געזאַמלטע ווערק, באַנד 10, ז' 238.

ווען דעליאַנען, ווען ער האָט שפּעטער אָנגערופן „דער וואָרים אין דעם לעבערדיקן עפּל“ (ס. ל. פּ.), האָט ווינטשעווסקי שוין פון פריער געהאַט אַ שלעכטע מיינונג. וואָרים אַב. קאַהאַן, מיט וועמען ער, ווינטשעווסקי, האָט זיך „געטראָפן צוויי מאָל אין לאָנדאָן“ (אין די זומערן 1892 און 1893), האָט אים דערציילט, אַז „דעליאָן איז אַ מין פּאַרטיי־טיראַן, וואָס האָט כסדר געוואָלט שפּילן דעם ערשטן פידל.“ *)

דערביי האָט ווינטשעווסקי זיך געהאַלטן פאַר מער רעוואָלו־ציאָנער ווי די סאָציאַל דעמאָקראַטישע פּאַרטייען. ער איז געווען קעגן דער פרידלאַכער פּאַרלאַמענטאַרישער פּאָליטיק פון די סאָ־ציאַל דעמאָקראַטן אין דייטשלאַנד. פינף יאָר פריער, אין 1889, האָט ער געהאַט דעם מוט צו אַטאַקירן ווילהעלם ליבקנעכט, ווען עס איז אַרויס אַ פאַלשער קלאַנג, אַז דער אַלטער רעוואָלוציאָנער סאָלדאַט האָט זיך אַריינגעלאָזן אין פשרה־פּאָליטיק. נאָר באַזונ־דער איז ווינטשעווסקי געווען פאַרביטערט קעגן די קאָמפּראָ־מעטאַדן פון פיליפּ קראַנץ און אַנדערע ניו יאָרקער גענאָסן קעגן זייערע אידייאישע פּראָלעטאַרישע קעגנער. ער האָט וועגן אָט־די גענאָסן געהאַט די זעלבע מיינונג, וואָס איז געווען אויסגעדריקט אינם „נאָטיץ־בוך“ פון „אַרבעטער פריינד“, דעם 28טן נאָוועמבער 1890, אַז די אַזוי־גערופענע סאָציאַל דעמאָקראַטן פון 81 לודלאָוו סטריט (די רעדאַקציע פון דער „אַרבעטער צייטונג“), „וועלכע מאַכן זיך אַזוי לוסטיק איבער די רעוואָלוציאָנערע „זאַנאַכצן“ און זיינען אַזעלכע הייסע אָנהייגנער פון קאָמפּראָמיס (איבער־הויפּט מיט זייער איינענעם געוויסן)“. ווינטשעווסקי איז נאָך בעצם געווען דער „אונאייננעגאָמענער“, אָדער „אַלפּאַרטייאישער“ פון זיין לאָנדאָנער „אַרבעטער פריינד“־עפּאָכע. ער האָט דערפאַר טאַקע באַזונדער סימפּאַטיזירט מיט דער אידישער סעקציע פון דער סאָציאַליסטישער אַרבעטער פּאַרטיי אין באָסטאָן, וואָס האָט, וואו ס'איז געווען מעגלאַך, געאַרבעט צוזאַמען מיט די

*) דאָרט, ז' 239.

אַנאַרכיסטן און איז בכלל געשטאַנען פאַר אייניקייט אין די אַר־בעטער רייען און פרידן אפילו מיט די ניט־סאָציאַליסטישע יוניאָנס.*) די באָסטאָנער גענאָסן האָבן טאַקע אויך באַלד פאַר־געשלאָגן ווינטשעווסקין צו ווערן דער רעדאַקטאָר פון זייערער אַ געפּלאַנטער צייטונג.

„די באָסטאָנער אַרבעטער" — דערציילט ווינטשעווסקי — „זיינען געווען אומצופרידן מיט דער פירערשאַפט פון די „יו־נייטעד גאַרמענט וואָרקערס" (די שניידער יוניאָן), וואָס האָבן באַלאַנגט צו דער אַמעריקען פעדערייישאָן אָוו לייבאָר, און האָבן אויך אָפּט פּראָטעסטירט קעגן דער ניו יאָרקער „אַרבעטער צײ־טונג". ניט האָבנדיק קיין אָרגאַן אין דער פּרעסע, האָבן זיי צווישן זיך באַשלאָסן אויסצונוצן מיין קומען קיין אַמעריקע פאַר אַרויסגעבן אַ לאָקאַלע צייטונג. דערמיט איז אויך געווען פאַר־בונדן אַ פּריינטשאַפּטלאַכער וואונטש מיר צו העלפן מאַכן אַ לעבן". **)

ווינטשעווסקי האָט צוערשט ניט אָנגענומען דעם פאָרשלאָג. ער האָט דערקלערט, אַז ער איז „נאָך זייער ניט באַקאַנט אין אַמע־ריקאַנישער פּאָליטיק און אין היגע יוניאָן־פראַגן". אויסערדעם האָט אויך דער 6טער צוזאַמענפאָר פון די אידישע סאָציאַליסטי־שע סעקציעס (אין באָסטאָן, דעצעמבער 1894) צוריקגעוויזן דעם באָסטאָנער פאָרשלאָג אַרויסצוגעבן נאָך אַ סאָציאַליסטישע צייטונג אַחוץ דאָס „אַבענד־בלאַט" און „אַרבעטער צייטונג". נאָר די באָסטאָנער גענאָסן האָבן זיך ניט געקענט אָפּזאָגן פון אַזאַ געלעגנהייט אַרויסצוגעבן אַ צייטונג מיט דעם „זיידן" פון דער אַרבעטער־באַוועגונג אַלס רעדאַקטאָר. זיינען זיי איינגע־גאַנגען אויף אַ פּשרה: „אַ צייטונג זאָל יאָ געגרינדעט ווערן,

---

*) ח. בורגין, געשיכטע פון דער אידישער אַרבעטער־באַוועגונג, זייטן 353—354.

**) געזאַמלטע ווערק, באַנד 10, ז' 249.

אבער א „בילדונגס־אָרגאַן“ און אַן אונטערהאַלטונגס־בלאַט.“ *)
און אַזוי איז דעם 3טן מאַי, 1895, אַרויס דער ערשטער נומער
פון „אַ וועכנטלאַכעס פאַמיליענבלאַט פאַר ליטעראַטור און אויפ־
קלערונג“, אונטערן נאָמען: „דער אמת“, „אַרויסגעגעבן פון דער
אידישער סעקציאָן ס. ל. פּ. אין באָסטאָן, רעדיזשירט פון מ.
ווינטשעווסקי.“

## .13

## דער „אמת“

מיטאַרבעטערשאַפט, ליטעראַטור. — „פויל, אָדער צוגעפוילט“.
„מער לופט, מער ליכט!“. „באַרג אַרויף“. — די אַליאַנץ פון
סאָציאַליסטישע טרייד־יוניאָנס. — צוזאַמענפאַר פון אידישע
סעקציעס „ס. ל. פּ.“. — פּאַרטיי־געריכט. — אינם „אַבענד־בלאַט“

מאָרים ווינטשעווסקי דערציילט, אַז ער האָט „אַריינגעלייגט
אַ סך כוחות“ אינם באָסטאָנער „אמת“, וואָס „איז געווען אַן אי־
בעריקע צייטונג און האָט געשפּילט אַ שטיקל ראָלע אין דער
הינער פּאַרטיי געשיכטע.“ ‡)

בלעטערט מען דורך דעם „אמת“, אַזוי זעט מען, אַז פון
זיינע 368 זייטן האָט ער אַליין אויסגעפילט איבער 300. פון אָנ־
הויב האָט ער געהאַט בלויז איין מיטאַרבעטער, זיין פריינט יעקב
נאָרדין. שפּעטער האָט ער צוגעקראָגן די וויסנשאַפטסלייט: דר.
י. מ. קאַניקאָוו, דר. אב. קאַספּי און אַלעקסאַנדער האַרקאַווי, ווי
אויך די בעלעטריסטן: ב. גאָרין, ז. ליבין, יעקב מאַרינאָוו און
לעאָן קאָברין, וועלכער האָט אויך באַשריבן, ווי אַזוי ווינטשעווסקי
איז „אין אַ רעגנדיקן זונטיק“ געקומען אים איינלאַדן צו ווערן
אַ מיטאַרבעטער אין „אמת“:

*) דאָרט, ז' 250.

‡„האמת“ — „דער אמת“ — „דער עמעס“ צו דער „פרייהייט“
(פרייהייט, אַפּריל 19, 1924).

„ער קומט אַריין. שוואַרץ זיינען די האָר און וואָנצעס, חויך און שלאַנק זיין געשטאַלט, פּאַטערלאַך פריינטלאַך איז זיין שמייכל און וואַרים און יוגנטלאַך זיין בליק. ער איז אינגאַנצן דורכגענעצט און אַן אַ שירם.

**THE EMETH (Truth).** **DIE WAHRHEIT.**



א וועכענטליכעס פאמיליענבלאט פיר ליטעראטור און אויפקלערונג.

**Vol. I. No. 1.** באסטאן, פרייטאג, 3 מאי, 1895. פרייז 3 סענט.

## פון וואך צו וואך.

„דער אמת גייט, דער אמת קומט,
דער אמת איז שוין דא!“
די מאסקע שווינדט, דער שקר שטומט,
די שונד־ליטעראטור נור ברומט;
„דאס איז א נייע שעה!“

„דער עולם, האפּט א פּראטעסט
איז גוט פּראטעסט נענוג,
און וועל ער קריגען א געשמאק,
דאן קען ער אויסטאן דעם קאלפאק,
און ווערען ענדליך קלוג.

„דאן וועט דער לעזער פון ישארגאן
נים עסן מעהר קיין שמריי,
און ביבלעך וועלן בלייבען שטן
א קנעלונג, נור דורך א סעקציאן
פון סמרדאלף־פאה.

„אין בעל־מפתות וועט יעצט זיין
דער ערב־רב פון הקנה;
און וועט פערלאנגען פלייש און ווייז,
און זשבען, ענגיטאקט און פיין,
פאר לומפיגע דריי פענס.

„שירועה, שירועה, דער אמת קומט,
דער אמת איז שוין דא!
דאס פאלק וועט אזוי שוין פערדומט...
היינט קומט דער אמת, א ער קומט!
קומט אין א נייע שעה!“

• • •

רוהיג, ליעבע העררען; מאכט זיך אלליין נים אן קיין צו גרויסע איטה. אויב דער אמת וועט אייך שאדען, וועט איהר דאס נאך אזוי גיך נים פיהלען. די זריעה וועלכע מיר זייען וועט ערשט שפעטער בריינגען פרוכט. דער וויילע קענט איהר נאך לאנג לאנג לעבען א גוטען טאג. כל־זמן עס פערבלייבען אין דער עולם צעהן נאררען פאר יעדען קלוגען; כל־זמן עס טומעלט זיך מעהר אין די ליטעראַרישע שיינקען ווי אין די ברוכט־קראמען; כל־זמן עס זיינען דא חתרערס לעזער פון בערדיוס־געשיכטען, צורישען „בערדערס“ און „מיסטס“ פאר יעדען לעזער פון „באנטשע־שוויינ“: כל זמן ווי עס זיינען דא בעלנים אויף די גע־היימניסע פון אלערליי הויפען — און נעלמעלע זעהט אז דאס אללעס זאל זיין — דארפט איהר זיך נים שרעקען. דעם אמת וועלן מיר ארויסגע־בין, פעט ווערין וועט איהר און מאקי ווי די גמרא יבמות: פון צרות, פון דעם עולם'ס דוס־הייט און צרות.

• • •

בעסער שפעטער איידער גאר נים. צו ביסמארק איז געבארען געווארען מיט א חדש צורפריח, אדער דער אמת מיט א חדש צר־שפעט. מיר האבען יערענפאללס נים ניהאט די געלעגענהייט איהם צו דערלאנגען אונזער הערצליכען מזל־טוב צו זיין אכטציג יעהריגען געבורטס טאג. מזל־טוב מוזען מיר איהם אבער אפגעבען, — איהם, וועלכער האט אזוי לאנג און אזוי שווער גיארבעט צו העלפען ארסהא־רעווען די סאציאל־דעמאקראטישע פארטיי אין דייטשלאנד. אלזא, מזל טוב, אטטא! אבער ווי גיך מיר ווערען אללע אלט!

ווי לאנג, אך, ווי לאנג איז עס, דאכט־זיך,
ווען דו האסט אין קאפ נים געהאט קיין
גרוי האר.
און איצט עפיס ווי מיט אמאל ווערסטו אכטציג
פערשימעלטע, גרויע, פערשבור'טע יאהר...
פון הערליכער קאנצלער פון בלוט און פון אייזען,
אפילו דיין רייכסטאג, א קנעכט אהן געהאלט,
כשמט מעהר נים די היטעל שראג אום צו ווייזען
רעספעקט פאר דיר... ברודערל, מיר ווערן
אלט.

• • •

דעם פערגאנגענע יאהר (1894) זיינען דא אין די פעראייניגטע שטאאטען 7747 מענשען ערמארדעט געווארען. פאר דיזע נהרגים זיינען 118 מערדער געטויטעט געווארען. אויף דעם אופן האבען צווישען זיך דאס פערברעכען און דאס געזעץ — הייסט בלוט און קאלטע בלוט — צוגיהרג'עט 7863 נפשות. עס לעבע דער קא־פיטאליזמוס!

• • •

די ליבעראלע ענגלישע רעגירונג ליידעט פון א קרעבס אין מאגען — די פארנעלליסטישע פארטיי —, אבער פון דעם קרעבס שטארבט זי נים. זי האט אבער א סאציאליסטישען ביין אין האלז, וועלכער הייסט קיער־הארדי (א מעמ־בער פון דזשאהן בולל'ס פארלעמענט). אזוי ווי זי קען דעם ביין נים ארויסשפייען און נים אראבשלינגען, וועט זי זיך סוף כל סוף מיט איהם דערווערגען.

• • •

קריספי דער איטאליענישער מיניסטער, וועלכער שטיים זיך אויף ביסמארק'ס שניט און בלייבט אלץ קריספי, לעבט נאך. צו וואס דאס ווייס קיינער נים. עס איז דא א מאבעל, אין וועלכע עס ווערט דערציילט, אז א פראש, וועלענדיג ווערען אן אקס, האט זיך אזוי לאנג גיבלאזען ביז ער איז צופלאצט געווארען. קריס־פי קען האבען דעמזעלבען סוף. עס איז אבער מעגליך אז נים אויך, ווארום ווי גאנץ יונגער

פארצייטען, דער פראש אין דער מאבעל
צו ווערען אן אקס איז געשפרונגען
פון הויט און פון זינט אויף די דערנער
דעם סאציאליסטען־מתגל,
איז די בלאזערייז האלב־געלונגען
און ער איז אן אקס, נור אהן הערנער.

• • •

מענשענפלייש איז וואלוועל ווי בארשטש, אויב נים נאך וועלוועלער. א כפל־שמונה־דיי־נער מיללאנער, מאקדאנאלד, בעשעפטיגט אין מאנטרעאל (קאנאדא) ביז 900 מענגער און פרויען אין א טאבאק־פאבריק. ער איז א בעל־צדקה. אום צו קענען געבען צדקה פער־קלענערט ער די הוצאה און קומט אויס אהן פייער־עסקייפס (לייטערס) און מיט צוויי טרעפ פאר די גאנצע פאבריק. איצט ברעכט אויס ביי איהם א שרפה, איבער 20 פרויען שפרינגען פון 4־טען פלאר, ווערען צוהרגעט און דערהרגעט. ער וועט זיין „אלל־רייט“, ער איז נים ביזקענע, ער איז דער מלאך המות נים פון אין איינציגע פרוי, נור פון צוואנציג און מערדען. האלטייל, איבערהויפט ווען מי' מאכט דאס בלאחריות מעג מען. מענשענפלייש איז וועהר וואלוועל.

דער ערשטער נומער „אמת“

„— גאָר אַ אַ שירם, זיידע?

„— איך האָב פיינט שירעמס, קינדער, שירעמס און וועכטער און באַשיצער — מאַכט ער מיט זיין פּאַטערלאַך־פריינטלאַכן שמייכל“.

„פאַר זיין רעדאַקטירן די צייטונג האָט ער באַקומען הונגער־שכירות און די איבעריקע מיטאַרבעטער — הונגער אָן שכירות.

„שפּעטער באַגלייט איך אים צו דער „פעררי“. דער רעגן גיסט און ביי אים פייפן די שיך, ניט גאָר גאַנצע, פאַר נאַסקייט. ער הערט אָבער דעם רעגן און די שיך ווי אין טראַק, און רעדט און רעדט מיט היץ וועגן זיין „אמת“", וועגן דער באַוועגונג, און מיר אַליין איז אויך אַזוי וואַרים פון זיינע ווערטער, אַזוי וואַרים, ווי נאָר אַ גרינעם אין יענער גרינער צייט...“ *)

דער „אמת“ איז געווען אַ מוסטער מיט זיין אָנשטענדיקייט און ציכטיקייט (קיין אַנאָנסן זיינען דאָרט ניט געווען געדרוקט). ער איז צוזאַמענגעשטעלט מיט גוטן אייראָפּעאישן געשמאַק און איז אָנגעפילט מיט גוטע ליטעראַרישע, באַלערנדע אַרטיקלען, פיי־נעם הומאָר, פּאַראָדיעס, אַנעקדאָטן און אַפאָריזמען. אחוץ צענד־ליקער לידער און פעליעטאָנען („משוגעתן“) האָט דאָרט ווינ־טשעווסקי פאַרעפנטלאַכט אייניקע אייגאַקטערס, אַ דראַמאַטישע פּאָעמע, חיים ברבורימס ווערטערבוך, אַ ריי סקיצן, אונטער־געשריבן „דער דאָזיקער“, וועלכע ער האָט שפּעטער איבערגע־אַרבעט אין ענגליש, מאַסן אַפאָריזמען, אַ וויצבלעטל „דער שקר“, אַ פּאָר צענדליק ביאָגראַפיעס, נאַטור און מענטשן און באַשריי־בונגען פון ווייטע לענדער, אַ סעריע פּאָפּולערע אַרטיקלען אין בעלעטריסטישער פאָרם פון קאָוטסקי'ס „ערפורטער פּראָגראַם“ און איבערזעצונגען פון קאָראָלענקאָ'ס „בלינדער מוזיקאַנט“, סאָפיא קאָוואַליעווסקאַיאַ'ס „געליבט און פאַרליבט“ און וויקטאָר הוגאָ'ס „אומגליקלאַכע“ (איבערגעדרוקט פון „אַרבעטער פריינד“). אחוץ דעם צענדליקער לייט־אַרטיקלען, רעדאַקציאָנעלע

---

*) עראינערונגען פון אַ פערטל יאָרהונדערט אידיש לעבן אין אַמעריקע („טאָג“, 1921).

נאַטיצן. אַלץ געשריבן אין אַ לייכטן, שיינעם אידיש, ראַפינירט און פּאָפּולער. דער גרעסטער טייל פון ווינ־טשעווסקי'ס אָריגינעלע שאַפונגען אינם באָסטאָנער „אמת" איז אַריין אין זיינע „געזאַמלטע ווערק".

ווינטשעווסקי'ס נייע לידער פון נויט און קאַמף, וואָס ער האָט פאַרעפנטלאַכט אין „אמת", קענען זיך ניט פאַרגלייכן מיט די, וואָס ער האָט געשריבן אין לאָנדאָן. מער געלינגען אים דאָרט זיינע פאַבלען, פון וועלכע איינע—„דער אדעליקער קאַטער"*)— איז איבערזעצט אין ענגליש פון לעאָ ווינער, אין זיין געשיכטע פון דער אידישער ליטעראַטור. פון ווינטשעווסקי'ס סאַטירעס און פּאַראָדיעס אין „אמת", אין אידיש און אין העברעאיש, איז געווען באַזונדער פּאָפּולער זיין „יוצר ליום שני של שבועות (דער קאַפּיטאַליסטישער נוסח) אָדער גאָט מאַמאָנ'ס עשרת הדברות — צען געבאָט", **) פון וועל־כע דער ערשטער געבאָט לייענט זיך אַזוי:

## „אנכי הכסף אלהיך

הימל און ערד, הערט מיך אויס און זייט וויסן: איך קאַפּיטאַל, בין די זעל, דאָס געוויסן; איך מאַך פאַרהונגערן, איך לאָז געניסן; שאַלט איבער גאָלד־גרובן, טייכן וואָס פליסן; אָן מיר ווערט אַלעס פאַרגיכטעט, צעריסן! איך קען פאַרגיפטן און איך קען פאַרזיסן— יעדערענס פעטן און מאָגערן ביסן; איך הערש אַליין, איך אַליין מעג פאַרגיסן—בלוט און מלחמות; און גיב פּאַר אַ קישן—מענטשן ערמאָר־דעטע שטיינער אין פעלד, ווייל איך בין דער האַר פון דער וועלט; איך ברייננ די וואַרימקייט, איך ברייננ די קעלט, איך הערש אַליין פון עק־וועלט ביז עק־וועלט; איך בין גאָט־מאַמאָן, מיין תורה איז געלט!"



---

*) געזאַמלטע ווערק, באַנד 6, ז' 11—13.

**) דאָרט, ז' 242—247.

מאָריס ווינטשעווסקי האָט קיינמאָל ניט געהערט צו יענעם מין מענטשן, וואָס קענען זען עולות און שווייגן. זיין ערלאַכע און רעוואָלוציאָנערע נאַטור האָט רעוואָלטירט, זעענדיק, וואָס די אַמעריקאַנער געגאָסן רופן אָן „סאָציאַליזם". האָבן זיי פון אים געהערט אַזעלכע ווערטער, וואָס זיינען נאָך היינט, דריי און דרייסיק יאָר שפּעטער, אַזוי ריכטיק, ווי דעמאָלט, ווען ער האָט זיי פאַרעפנטלאַכט אין זיין „אמת" (19טן אויגוסט, 1895), אין אַ פעליעטאָן פונם משוגענעם פילאָזאָף: „גאַנצע און דערוואַקסע־נע".*) ער זאָגט דאָרט אַזוי:

„גאַנצע און דערוואַקסענע סאָציאַליסטן זיינען דאָ ניט פיל פאַ־ראַנען. די מייסטע, וועלכע רופן זיך דאָ סאָציאַליסטן, זיינען פערטל־דיקע, האַלבע, דרייפערטלדיקע און אפשר אידעאַליסטישע קאַרליקעס; מיט אַ קאָפּ העכער ווי די בלאַטע; מיט שוואַכע פיס, וועלכע בויגן זיך ביי דער ערשטער קלענסטער געפאַר; מיט מענטשנליבע, וועלכע ווערט פאַרגליווערט אַ טאָג נאָך דעם ערשטן דינסטיק אין נאָוועמבער; מיט אַן אידעאַל, וועלכער דינט ביי זיי פאַר אַ יום־טובדיקער קאַפּאָטע: צום טראָגן ביי אַ גרינדונגספעסט, ביי אַ פיקניק, ביי אַ מאַסנפאַרזאַמלונג, ביי אַ סאָציאַליסטישן קאָנצערט".

דאָס אַלץ צוזעענדיק, האָט ווינטשעווסקי ניט מער אָנגע־האַלטן זיין ראָל פון בלויז אַ ליטעראַט, און ער איז ווידער געוואָרן דער סאָציאַליסטיער ווועקער פון צען יאָר פריער.

נאָר איצט האָט ער ניט מער געוועקט און גע׳מוסר׳ט דעם ברייטן אומוויסנדיקן עולם, נאָר די אייגענע געגאָסן.

אין אַ לייט־אַרטיקל „פויל אָדער צוגעפוילט", אין זעלבן נומער „אמת", וואָס דער פעליעטאָן „גאַנצע און דערוואַקסענע", גיט איבער ווינטשעווסקי זיין איינדרוק פון אַ באַזוך אין פּראָווי־דענס, ניו יאָרק און פילאַדעלפיע. ער דערקלערט, אַז אין אַמעריקע זיינען פאַראַן „פיל, צימליך פיל" סאָציאַליסטן, „אָבער ווייניק סאָציאַליזמוס" און ער פירט אויס:

---

*) דאָרט, באַנד 4, ז' 195—199.

„דאָ איז עפּעס ניטאָ קיין יונגע פרישע נשמה אין דעם אַלטן קערפּער; — — — דאָ זעט עפּעס די באַוועגונג אויס מער ווי אַ וואָרפן זיך אין היצקרענק, ווי אַ געזונטער, מונטערער, צילבאַוואוסטער מאַרש; דאָ פלאַטערט עפּעס די רויטע פאָן אין דער לופט, אַזוי ווי זי וואָלט ניט געוואוסט, וועלכער ווינט בלאָזט איר, וואָס פאַר אַ הענט עס טראָגן איר, און ווי לאַנג מע וועט איר האַלטן שטאָלץ אין דער הויך".

ווינטשעווסקי'ס לייט־אַרטיקל „פויל אָדער צוגעפוילט" איז געווען דער ערשטער שאָס פון דער אָפּאָזיציע און האָט אויפגעטרייסלט די גאַנצע אידישע סאָציאַליסטישע באַוועגונג אין אמעריקע. דער אַרטיקל האָט ניט אָנגעוויזן אויף קיין באַשטימטע פעלערן. ער האָט אויך ניט פאָרגעשלאָגן וועלכע ס'איז אויסבעסערונגען. זיין וויכטיקייט איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס דאָרט איז דעם ערשטן מאָל געמאַכט געוואָרן אַ פאַרזוך פון עפנטלאַכער זעלבסטקריטיק. דאָס איז געווען „אַ מין סיגנאַל צו די אַלע, וואָס האָבן אויסצוזעצן קעגן דער פאַרטיי און קעגן די פּאָבלישינג אַסאָסיאיישאָן אַרויסצוקומען מיט אָפענע דבורים און מער ניט האַלטן זייערע קריוודעס פאַר זיך אָדער פאַר צאַנקערייען און קריגערייען ביי מיטינגען". *)

אַזאַ אויסערגעוויינטלאַכע געוואַגטקייט האָט דאָס „אַבענד־בלאַט" נאַטירלאַך ניט געקענט פאַרשווייגן. נאָר אָנשטאָט צו ענטפערן אויף ווינטשעווסקי'ס טענות, האָט דאָס „אַבענד־בלאַט" געזוכט אים אָפּצוהאַקן די פליגלען: אים אָנגעוויזן זיין פּלאַץ, אַז דער „אמת" איז געגרינדעט געוואָרן „צו שפּילן די ראָלע פון דעם ספּעציעלן אַמוזירער אין דעם סאָציאַליסטישן האָף" און ער דאַרף דערום זיך ניט פאַרנעמען מיט ערנסטע פראַגן. דערביי דערקלערט מען דאָרט די געגנאָסן, אַז ווינטשעווסקי, זייענדיק אַ געפילס־מענטש, טרייבט איבער די געפאַר און אַז אַזוינע ווערטער ווי ער שרייבט קענען נאָר שאַדן די באַוועגונג.

---

*) „פאָרווערטס" יובילעאום אויסגאַבע, אַפּריל 22, 1917, ז' 2.

אָט־דער ענטפער האָט ביי ווינטשעווסקין ארויסגערופן דעם געשריי: „מער לופט, מער ליכט!" און אין אַ לייט־אַרטיקל אונ־טער אָט־דעם נאָמען דערקלערט ווינטשעווסקי, אַז די מיינונג וועגן אים פערזענלאַך, צי ער „איז דאָס אדער יענעס. וועט אַמ־בעסטן באַהאַנדעלט ווערן פון זיין קינפטיקן ביאָגראַף, אויב עס וועט זיך ערגעצוואו געפינען אַזאַ נאַר". . נאָר וואָס איז נוגע קריטיק, האַלט ער, ווינטשעווסקי, אַז „קריטיק איז אין אַלגעמיינעם גוט און נוצלאַך, און די בעסטע און נוצלאַכסטע קריטיק איז זעלבסטקריטיק". *) און ער ענדיקט: „מיר ווילן האָבן אין דער באַוועגונג מער ליכט און מער לופט. מיר מיינען צו עפענען פון צייט צו צייט אַ פענסטער".

אַ פּאָר וואָכן שפּעטער (דעם 13טן סעפּטעמבער) קריטיקירט ווינטשעווסקי שאַרף דאָס רעדן פון „אבענד־בלאַט" און דאָס שווייגן פון „ארבעטער צייטונג", און ער דייט אָן, אַז די אידי־שע סאָציאַליסטישע פּרעסע ווערט שוין אפילו ניט אויפגערעגט פון גנבות אין יוניאָנס. אינם זעלבן נומער האָט ער אַ „משוגעת" אין וועלכן ער גיט איבער זיין „איינזיקל'ס" אַ וויץ. איינער פון ווינטשעווסקיס פריערדיקע חסידים, וואָס וואָלט אים „אויפעסן אין קאַשע" פאַר זיין קריטיקירן די פּאַרטיי, באַמערקט, אַז דער אַלטער פילאָזאָף איז געוואָרן „אויסגעוועבט". אויף דעם ענטפערט דאָס „איינזיקל": „דאָס דוכט זיך אייך — — — ווייל איר זעט, אַז ער האָט ארויסגענומען דעם ק אָ ר ק פון מויל"... ווינטשעווסקי איז געוועזן איבערצייגט, אַז „צו אים טשעפּעט מען זיך, ניט דערפאַר ווייל ער זאָגט דעם אמת, נאָר ווייל זיינע איי־גענע ברידער זיינען ניט געוואוינט צו אַזאַ מין אמת

*) ווינטשעווסקי האָט אויך געגעבן אַ מוסטער פון פריערער פּרעסע און פריערער קריטיק דורכדעם, וואָס ער האָט געדרוקט אינם „אמת" אַ שאַרפן ענטפער פון יעקב מילך אויף זיין אַרטיקל „פויל, אָדער צור־געפוילט", צוזאַמען מיט אַ גאַנצער ריי רעדאַקציאָנעלע באַמערקונגען.

וויזיינעם"... אז „יעדנפאַלס טאָר מען ניט זאָגן צופיל אמת קעגן זיך אליין" (דער „אמת", 6טן דעצעמבער, 1895).

*****

**ווינטשעווסקיס קאמפּף־לוסטיקייט פון יענער צייט פילט זיך צום בעסטן אין זיין פעליעטאָן „אַרויף בארג" („אמת", נו־מער 26), וואו דער אמת זינגט:**

**„איך לויף פון יעדן וועטער,**
**איך קלעטער מיר און קלעטער,**
**אַלץ העכער אויפן באַרג".**

**„מיין פרייל:אַכער געלעכטער, —**
**ער איז ביינאַכט מיין וועכטער,**
**מיין קאָמפּאַניאָן ביי טאָג;**
**מיין לאַסט איז ניט קיין שווערע:**
**מיין ערלאַכקייט, מיין ערע —**
**איז אַלץ, וואָס איך פאַרמאָג".**

ווינטשעווסקיס שלאָג־ווערטער און וויצן, וואָס זיינען גע־גאַנגען פון מויל צו מויל, האָבן א סך געהאָלפן צו פאַרשטאַרקן די אָפּאָזיציע אין דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. ער איז גע־וואָרן דער שטורם־פויגל פון דער רעוואָלוציע קעגן די סאָציאַליס־טישע פירער. זיין יעדער נומער „אמת" איז געווען פול מיט קאַמף און זיין יעדער לייט־אַרטיקל אָדער „משוגעת" האָט אַרויס־גערופן א שטורם אין די אידישע סאָציאַליסטישע רייען.

צולעצט איז ער שוין אַרויסגעטראָטן מיט דער פאָדערונג אוועקצונעמען פון דער „אַסאָסיאיישאָן" די קאָנטראָל איבער דער סאָציאַליסטישער פּרעסע, וועלכע „מוז רעאָרגאַניזירט ווערן". ער פאָדערט א קאָנפערענץ פון דעלעגאַטן פון אַלע סעקציעס, וואו די פראַגע זאָל אַרומגערעדט און אַנטשיידן ווערן. דערביי באַמערקט ער, אַז דאָ האַנדלט זיך ניט וועגן דער אָדער יענער צייטונג און ער רופט אויס: „אויב דער „אמת" איז ניט נויטיק, לאָז ער אונטערגיין; די פּאַרטיי איז וויכטיקער ווי אונזער צייטונג, דער סאָציאַליזמוס איז וויכטיקער, ווי די פּאַרטיי, און די

ווארהייט איבער אלעס!"*) שפעטער, ווען אזא קאנפערענץ, דער זיבעטער פארטיי־טאג (צוזאמענפאר) איז באשלאסן גע־ווארן, האט ווינטשעווסקי אויסגעארבעט א גאנצן צעטל פאר־שלאגן, וועלכע די אפאזיציע האט דארט פארטיידיקט.

⁂

דער זיבעטער צוזאמענפאר פון די אידישע סעקציעס ס. ל. פ. איז פארגעקומען אין ניו יארק סוף דעצעמבער 1895 און אנהויב יאנואר 1896. א קורצע צייט פאר דעם צוזאמענפאר האט דעליאן געגרינדעט די „סאשעליסט טרייד און לייבאר אליי־ענס", אן אליאנץ פון סאציאליסטישע טרייד־יוניאנס פון גאנצן לאנד. די גרינדונג איז פארגעקומען אויף א קאנווענשאן (צוזא־מענפאר) פון יוניאנס, וואו די מערהייט זיינען געווען אידישע. דעליאן האט דארט געהאלטן א רעדע, אין וועלכער ער האט בא־וויזן, אז דאס בויערן די יוניאנס פון אינעווייניק האט ניט גע־בראכט קיינע רעזולטאטן פארן סאציאליזם. ער האט דערפאר פארגעשלאגן צו גרינדן אט־דעם נייעם פארבאנד, וועלכער זאל אין זיך ארייננעמען אלע יוניאנס, סאי די, וועלכע געהערן צו דער „אמעריקען פעדעריישאן אוו לייבאר", און סאי די, וואס געהערן צו אן אנדער פארבאנד און ווילן דארט אויך אויף ווייטער פארבלייבן. אויסער אט־די ארגאניזירטע ארבעטער וועט דער סאציאליסטישער טרייד יוניאן פארבאנד אויך זוכן צו אר־גאניזירן די מאסן ניט־ארגאניזירטע ארבעטער אונטער א סאציא־ליסטישער פאן. „די אלע ארבעטער וועלן קעמפן ניט נאר אויפן עקאנאמישן באדן, נאר וועלן זיך אויך באטייליקן אין פאליטישן קאמף. אויף אט־דעם וועג וועלן די ארבעטער קומען צום קלאסנ־באוואוסטן סאציאליזם און דער סאציאליסטישער אידעאל וועט שנעל פארווירקלאכט ווערן".

— „די רעדע און די פרינציפן־דערקלערונג פון דאניעל דעליאן"

*) „דער אמת", 11טן אקטאבער, 1895.

דערציילט ב. ווײַנשטיין *) — זייענען ביי יענער קאָנווענשאָן אויפגע־נומען געוואָרן מיט גרויס באַגייסטערונג.

„— דאָס איז געקומען אונזער וואָרער משיח! — האָט דאָן אויס־געשריען אונזער אַלטער און באַליבטער גענאָסע מיכאַילאָווסקי (שוין דעמאָלט אַ מאַן פון 55 יאָר) — גענאָסע דעליאָנקע, דו וועסט אונז פירן צו דער סאָציאַלער רעוואָלוציע!

„אַלע אָנוועזנדע גענאָסן האָבן זיך געדריקט די הענט".

ס'איז דערפאַר קיין וואונדער ניט געווען, וואָס די אָפּאָזיציע האָט ניט געוואָלט האָבן קיין יוניאָן דעלעגאַטן ביים צוזאַמענ־פאָר פון די אידישע סאָציאַליסטישע סעקציעס. זי האָט גוט געוואוסט, אז די יוניאָן־דעלעגאַטן וועלן שטיין פעסט פאַר דע־ליאָנען (בלויז ווינטשעווסקי און קאהאן האָבן געשטימט פאַר צו־לאָזן די יוניאָנס).

באַלד ביי דער פייערלאַכער דערעפנונג, — דערציילט ווינ־טשעווסקי, — האָט דעליאָן, דער ערשטער רעדנער, „אויסגענוצט" זיין רעדע צום אָנגרייפן דעם „אמת" און אינדירעקט זיין רעדאַק־טאָר (מ. ווינטשעווסקי). „דאָס האָט גלייך אריינגעוואָרפן דעם „צאַנק־עפּל" אין דער פאַרזאַמלונג, און דער איינדרוק איז נאָך טרויעריקער געוואָרן, ווען דער רעדנער האָט גלייך נאָך זיין ספּיטש (רעדע) גענומען זיין הוט און זיין אויבערראָק און איז אוועקגעגאַנגען, וואָס דאָגעגן האָט דער אָנגעגריפענער צד נאַ־טירלאַך געמוזט פּראָטעסטירן". ‡)

די אָפּאָזיציע, וואָס איז געווען אין דער מערהייט, האָט גע־וואָלט דורכפירן אירע פּלענער צו רעפאָרמירן די סאָציאַליסטישע פּרעסע. די אָפּאָזיציע האָט פאָרגעשלאָגן, אַז די פּרעסע זאָל זיין אונטער דער קאָנטראָל פון דעלעגאַטן פון פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציעס, דאָס „אבענד־בלאַט" זאָל זיין מער סאָציאַליסטיש און קראַנץ זאָל ווערן אויס רעדאַקטאָר. „די מיטאַרבעטער פון „ארבעטער

*) 40 יאָר אין דער אַרבעטער־באַוועגונג, ז' 177.

‡) „דער אמת", 1טן יאַנואַר, 1896.

צייטונג" און „אבענד־בלאט" זאָלן איבער פראגן פון פּארטיי־טאַקטיק זיך מישב זיין מיטן פּערוואלטונגס־ראַט; די צייטונגען זאָלן זאָגן די וואָרהייט וועגן דעם צושטאַנד פון דער באַוועגונג (ניט איבערטרייבן די דערפאָלגן און ניט פאַרקלענערן די נידער־לאַגן)), פרייע פּרעסע, „אָפענע פענסטער" אין דער באַוועגונג". *)

אויפן טאָג־אָרדנונג זיינען געשטאַנען נאָך וויכטיקע פּאַרטיי־פראגן, ווי אויך דער ניי־געגרינדעטער סאָציאַליסטישער טרייד יו־ניאָן פאַרבאַנד, אָדער „אַליאַנץ". אַ טייל פון דער אָפּאָזיציע איז געווען קעגן דער „אַליאַנץ" שוין צוליב דעם אַליין, וואָס דעליאָן איז איר גרינדער, און דאָס גיט אים מער איינפלוס און דעה (ווינטשעווסקי דערמאָנט ניט אין „אמת" מיט קיין וואָרט די גרינדונג פון דער „אַליאַנץ"). נאָר דער צוזאַמענפאָר איז ניט פאַרטיק געוואָרן אפילו מיט דער רעאָרגאַניזירונג פון דער סאָ־ציאַליסטישער פּרעסע. ערשטנס, איז אַוועק די צייט אויף קריי־גערייען, וואָס זיינען אויסגעפילט מיט באַשולדיקונגען און אינסי־נואַציעס פון ביידע זייטן (ווינטשעווסקין האָט מען פאָרגעוואָרפן, אַז ער וויל זיין רעדאַקטאָר). צווייטנס, האָט די „אַסאָסיאיישאָן" דערקלערט, אַז זי וועט זיך ניט אונטערוואַרפן די באַשלוסן פונם „פּאַרטיי־טאָג", וועלכן זי האַלט פאַר אַ ניט־געזעצלאַכן, הויפּט־זאַכלאַך דערפאַר, ווייל ער האָט ניט צוגעלאָזן די פאָרטרעטער פון די יוניאָנס. צום סוף האָבן זיך ביידע צדדים געאייניקט אויף אַ פּשרה: דער סכסוך זאָל איבערגיין צו אַ פּאַרטיי־געריכט, וואָס זאָל באַשטיין פון מיטגלידער פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיווע פון דער ס. ל. פּ. (דאַניעל דעליאָן, אַלעקסאַנדער יאָנאַס, לוסיען סעניעל, הוגאָ פאָכט און הענרי קון).

ווינטשעווסקי איז געווען ווייניק באַגייסטערט פאַר אָט־דער פּשרה. אינם לעצטן נומער „אמת" (17טן יאַנואַר, 1895) קריטיקירט ווינטשעווסקי קאַהאַנען פאַר זיין באַגריסן דעם פּאַר־

*) ה. בורגין, געשיכטע פון דער אַרבעטער־באַוועגונג, ז' 282—283.

טיי־געריכט און ער באַמערקט בייסיק: „כל־זמן ווי מיר בלייבן אין דער לאַנגע פון מוזן הערן און שווייגן, קענען מיר נאַטירלאַך ניט זאָגן אונזער מיינונג וועגן דער גאַנצער געשיכטע". ווינטשעווסקי ווייזט אויך אַרויס ווייניק צוטרוי צום פּאַרטיי־געריכט פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיווע און גייט אַרונטער פון סצענע (אַלס קעמפּנדיקער רעדאַקטאָר) מיט זיינע וואָפן אין האַנט.

דאָס פּאַרטיי־געריכט האָט אָפּגעהאַלטן 18 זיצונגען אין מיטן חודש יאַנואַר. דער צוזאַמענפאָר (די אָפּאָזיציע) און די „אַסאָסי־איישאָן" זיינען געווען פאַרטראָטן יעדער מיט פינף מיטגלידער. נאָר בעת די פאַרטרעטער פון דער „אַסאָסיאיישאָן" מיט זייער רעדאַקטאָר פיליפּ קראַנץ זיינען אַלע געווען אייניק, האָבן די פאַרטרעטער פונם צוזאַמענפאָר „ניט אַלע פאַרטראָטן גלייכע פאָ־דערונגען". אב. קאהאַן האָט שוין אויך דעמאָלט „ווייניק געהאַלטן" פון ווינטשעווסקיס פאָדערונגען: „פרייע פּרעסע", „אָפענע פענ־סטער" און „זעלבסט־קריטיק".*) האָט דאָס פּאַרטיי־געריכט זיך נאָר ווייניק גערעכנט מיט דער מערהייט פונם צוזאַמענפאָר (וועמעס געזעצלאַכקייט איז געשטאַנען אין פראַגע). ס'האָט באַ־שלאָסן, אַז קראַנץ בלייבט רעדאַקטאָר פון „אבענד־בלאַט" און קאהאַן פון דער „אַרבעטער צייטונג", כאָטש „ער איז נערוועז און האָט אַ היציקן טעמפּעראַמענט". נאָר ווינטשעווסקי, דער גייסטיקער פירער פון דער אָפּאָזיציע, ווערט דערקלערט שול־דיק אין „פאַרשפּרייטן און זייען אומצוטרוי" און געשטעמפּלט אַלס „ווייניק באַקאַנט מיט די אומשטענדן" און דערפאַר אומ־פּאַסיק „צו האָבן אונטער זיין השגחה די רעדאַקציאָנעלע פי־רונג". נאָר אַזוי ווי ער „איז אַלס טאַלאַנטפולער שרייבער אַ

*) דאָרט, ז' 384. (ווי קאהאַן אַליין דערציילט („בלעטער", באַנד 3, ז' 414), האָט ער איינגעשטימט מיט ווינטשעווסקי'ן בלויז וועגן דעליאַנען, נאָר ער איז געווען קעגן ווינטשעווסקי'ס אַטאַקעס אויף דער „אַסאָסיאיישאָן").

ווערטפולער מיטארבעטער", זאָל ער אָנגעשטעלט ווערן אַלס שרייבער אין „אבענד-בלאַט". ‡)

נאַטירלאַך איז די אָפּאָזיציע ניט געווען צופרידן מיטן באַשלוס פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיווע. ווינטשעווסקי, וואָס האָט אין זיין שלוס-וואָרט: „עס לעבע דער אמת!" (אינם לעצטן נומער „אמת") דערקלערט, אַז ער האָט באַשלאָסן צו „זיין אַ פרייער אומאָפּהענגיקער מאַן און זאָל האָבן זיין חיונה פון אַרבעט אויסערהאַלב „דער באַוועגונג", איז אַ לאַנגע צייט ניט אַריין אַרבעטן אינם „אבענד-בלאַט".

ער האָט עס ערשט געטאָן אין אַ האַלב יאָר אַרום (אויגוסט, 1896), ווען ביידע פראַקציעס האָבן געשלאָסן אַ „וואַפנשטילשטאַנד", וואָס האָט אָנגעהאַלטן עטלאַכע חדשים.

***

ווינטשעווסקי האָט זיך געלאָזט שטאַרק פילן אינם „אבענד-בלאַט". ער האָט דאָרט געשריבן די לייט-אַרטיקלען און געפירט דעם קאַמף קעגן דער באַלעבאַטישער וועלט. ער איז געווען איינער פון די „הויפט מחותנים" אין ווינדזאָר טעאַטער,ביים „יאַרעספעסט", צום צוויי-יאָריקן געבורטסטאָג פונם „אבענד-בלאַט", דעם 15טן אָקטאָבער. ער האָט דאָרט געהאַלטן אַ הומאָריסטישע רעדע, כלומרשט קעגן סאָציאַליזם, און דער כאָר האָט געזונגען זיין „מאַרסעליעזע".

זיינע לייט-אַרטיקלען האָט ווינטשעווסקי געשריבן מערסטנס אונטערן אַלגעמיינעם נאָמען „קורצע דבורים". נאָר אַמאָל אויך אונטער די נעמען „אַלערליי געדאַנקען" און „שפּאַט אין ערנסט". ער האָט אויך געגעבן ספּעציעלע לייט-אַרטיקלען לכבוד די ימים-טובים, וועלכע ער האָט אויסגענוצט פאַר סאָציאַליסטישער פּראָפּאַגאַנדע. זיי זיינען געשריבן הומאָריסטיש און פינקלען מיט אַפאָריזמען. זיינע „סוכות געדאַנקען" (23טן סעפּטעמבער 1896) פאַרענדיקט דאָרט ווינטשעווסקי מיט אַזאַ באַמערקונג:

---

‡) דאָרט, ז' 385—386.

„ווען איר זעט אין אַמעריקע אַ אידן, וואָס לויפט מוצאי יום־כפור נעמען בויען אַ סוכה, זייט וויסן, אַז דאָס שטעלט פאָר אַ פלאָקן, וועלכער קלאַפּט אַריין אין דער ערד אַ פלעקל".

און אַ וואָך שפּעטער, אין זיין לייט־אַרטיקל „שמחת תורה" ווייזט ווינטשעווסקי, אַז בלויז די כלי־קודש „מעגן זיך פרייען, וואָס מיר האָבן אַ תורה, אָבער וואָס איז די שמחה אויפן אַפּריי־טער??" מיט אַ פיינעם הומאָר שילדערט דאָרט ווינטשעווסקי די נעבעכדיקייט פון משה'ס תורה, וואָס איז אינגאַנצן פאַר־דריינגט געוואָרן פון זיין ברודער אהרנ'ס „אינטערנאַציאָנאַלער גאָטהייט" — דאָס גילדערנע קאַלב. צום סוף דערמאָנט ער די נייע תורה און פירט אויס, אַז אויב מ'וועט אַמאָל פייערן איר זיג דורך גיין הקפות, „וועלן דערביי ניט זיין קיין אַנדערע פאָנען, ווי די, אונטער וועלכע מ'האָט געליטן, געקעמפט און געזיגט, דער דגל מחנה האדם, די רויטע פאָנע".

ווינטשעווסקי'ס סאַטיריש ליד געפינט אינם „אבענד־בלאַט" זיין אויסדרוק אינם קאַמף קעגן דאָס „יידישעס טאַגעבלאַט", אָדער ווי ער האָט עס אָנגערופן „קלאַגעבלאַט", וואָס „פירט זיך גוט און פרום" און האָט „צוליב די עדם (אַנאָנסן) אַ לעזע פובליקום".

פון זיינע ערנסטע לידער האָט דאָרט ווינטשעווסקי פאַרעפנט־לאַכט זיין קלאָג־ליד „וויליאַם מאָרים" (5טן אָקטאָבער 1896), וואו ער זינגט:

„מיט שוואַרץ פאַרשלייערט איז די רויטע פאָנע,
און דורכגעווייקט מיט פּראָלעטאַרישע טרערן הייַנט.
דען... טויט איז ער, וואָס איז געווען אַ מתנה
פון מוזן און פון גראַציען צו זייער פריינט,
דעם פריהייטס־גייסט, געשאָנקן אין דער צייט,
ווען איינס איז ער געוואָרן מיט דער גערעכטיקייט".

זיינע באַדייטנדיקערע זאַכן פון יענער צייט האָט ווינטשעוו־סקי פאַרעפנטלאַכט אין דער „צוקונפט". דאָרט איז אויך דער־שינען זיין אָפּהאַנדלונג „לודוויג בערנע, זיין לעבן און זיינע שריפטן" (אָקטאָבער און נאָוועמבער 1896). אַרום יענער צייט

האָט ווינטשעווסקי אויך פאַרעפנטלאַכט אַ ריי „מכתמים“ (העב־רעאישע אַפאָריזמען) אין אַלעקסאַנדער הארקאַווי'ס „יודיש־אַמע־ריקאַנישער פאָלקס־קאַלענדאַר“, תרנ"ז (1896—1897). ער האָט דאָרט אויך פאַרעפנטלאַכט אידישע אַפאָריזמען — „געקליבענע פערל, אַ שפּאַקטיווע צו זען, וואָס מ'זעט ניט“. (די העברעאישע אַפאָריזמען האָט ער אונטערגעצייכנט „מ. ווינטשעווסקי (בן־נץ)“ און די אידישע — „משוגענער פילאָזאָף“).

## .14

## דער „פאָרווערטס“

אָפּאָזיציאָנסיטן און לאָיאַלע. — „אויפרוף פון 52“. — פרייע פּרעסע, זעלבסט־קריטיק, „אָפענע פענסטער“. — אַ „געשפּראָ־כענע ציימונג“. — צוזאַמענשטויס מיט אב. קאַהאַן. — רע־אָרגאַניזאַציע, ס. ד. אַ., ס. ד. פּ., דעמאָראַליזאַציע.

דער נייַנטער צוזאַמענפאָר פון דער ס. ל. פּ., וואָס האָט אויך פאַרהאַנדלט די סכסוכים צווישן די אידישע גענאָסן, האָט זיי אויפגעפאָדערט אויפצוגעבן זייערע צאַנקערייען. ער האָט אויך, מיט 70 קעגן 6 שטימען, „גוטגעהייסן“ דעליאָנס נייע גרינדונג — די סאָציאַליסטישע טרייד יוניאָן אַליאַנץ. די פירער פון דער „אַסאָסיאיישאָן“ האָבן אביסל נאָכגעגעבן דער אָפּאָזיציע: אַריינ־גענומען אַ פּאָר מיטגלידער אין דער פאַרוואַלטונג און געמאַכט לייכטער דעם אויפנאַם פון נייע מיטגלידער אין דער „אַסאָסי־איישאָן“. אָט־דער שלום האָט אָנגעהאַלטן בלויז ביז איבער דעם וואַל־קאַמף, אין הארבסט 1896, אין וועלכן דעליאָן איז גע־ווען דער הויפט פאָנען־טרעגער און ס'האָט געהאַלטן זייער נאָ־ענט, ער זאָל דערווײַלט ווערן אין קאָנגרעס. נאָר נאָכן וואַלקאַמף האָבן זיך אָנגעהויבן די רייסערייען פון דאָס ניי.

ווינטשעווסקי האָט אויך אין דער שלום־צייט ניט אויפגעגעבן זיין קאַמף קעגן דער פּאַרטיי. ער האָט זי אפילו אָנגעגריפן עפנט־

לאָך, אין אַן אַרטיקל אינם זונטיקדיקן „אבענד־בלאַט" (וואָס איז זינט סעפּטעמבער 1896 אַרויס אָנשטאָט דער „אַרבעטער צייטונג"), צוליב וועלכן ער האָט דאָרט באַלד אויפגעהערט מיט־צואַרבעטן.

דער פּראַקטיִאָנעלער קאַמף אין דער סאָציאַליסטישער אַרבע־טער פּאַרטיי האָט זיך פּאַנאַנדערגעפלאַקערט פון דאָס ניי. ס'איז נאָך צוגעקומען נייער ברענשטאָף דורכדעם, וואָס אונטערן איינ־פלוס פון דער סאָציאַליסטישער טרייד יוניאָן אַליאַנץ האָבן זיך אָנגעהויבן גרינדן אָפּאָזיציע־יוניאָנס. נאָר די אָפּאָזיציאָניסטן האָבן איצט אָנגעפירט אַן אַנדער טאַקטיק ווי פריער. זיי האָבן געפּלאַנט אַריינצוקריגן אין דער „אַסאָסיאיישאָן" אַלץ מער פון זייערע מיטגלידער, ווערן דאָרט אַ מערהייט און אַזוי איבערנעמען די פירערשאַפט פון דער באַוועגונג. דערווייל זיינען אָנגעקומען די וואַלן פאַר רעדאַקטאָר פון „אבענד־בלאַט" און אַנדערע עמ־טער. די אָפּאָזיציע האָט דערפאַר געאַרבעט ענערגיש אַריינצו־קריגן אויף שנעל אַ סך נייע מיטגלידער. זי האָט דאָס נאָך גע־וואָלט טאָן אפילו אויף דער וואַל־פאַרזאַמלונג (דעם 7טן יאַנו־אַר, 1897). די „לאָיאַלע" (דעליאָניסטן) האָבן מיט אַ צווייפל־האַפטער מערהייט דאָס צוריקגעוויזן און אויך גע'פּסל'ט פון שטי־מען אַ געוויסע צאָל אָפּאָזיציאָניסטן, וואָס האָבן נאָך ניט געהאַט איינגעצאָלט זייער איינטירט־געלט, אָדער ניט באַצאָלט קיין מיטגליד־שטייער. דאָס האָט געפירט צו קריגערייען און אפילו צו געשלעגן.

ווען די אָפּאָזיציע האָט דערזען, אַז איר זיכערע מערהייט איז געוואָרן אַ פאַקטישע מינדערהייט, האָט זי פאַרלאָזן די פאַר־זאַמלונג. אירע 52 מיטגלידער פון דער „אַסאָסיאיישאָן" האָבן זיך אָרגאַניזירט אונטערן נאָמען „סאָציאַליסטישער פּרעס פאַראיין", מיטן צוועק צו גרינדן אַ נייע צייטונג. זיי האָבן אויך באַשלאָסן אַרויסצולאָזן באַלד אַן אויפרוף, צו דערקלערן די אורזאַך פאַר זייער אָפּשפּאַלטן זיך. „מילער און ווינטשעווסקי האָבן דעם ציר־קולאַר פאַרפאַסט גלייך דעם זעלבן אָוונט, ווען דער גאַנצער צאָרן

האָט נאָך געברענט אין זייערע הערצער. דאָס איז די אורזאַכע, וואָרום דער צירקולאַר איז ערטערווייז צו שוואַרץ, צו איבער־טריבן". *)

די ווערטער„ וואָס זיינען „צו שוואַרץ" און „צו איבער־טריבן" (ווי „טונקעלע פּערזאָנען", „סיסטעמאַטיש קאָרומפּטירט די באַוועגונג", „די שמוציקסטע פון אַלע בודל־פּאַרטייען איז ניט דערגאַנגען צו אַזעלכע געמיינהייטן" א. ד. גל.), זיינען געווען מילער'ס. ער האָט זיך שפּעטער אַנטשולדיקט פאַר אָט־די ווער־טער און זיך פאַרענטפערט דערמיט, וואָס ער האָט „געהאַט צו ווייניק צייט צו שרייבן דעם אויפרוף, און האָט אים געשריבן אין היץ און מיט ווייניק איבערלייגונג". ער האָט אויך צוגעגעבן, אַז „פילע פון די אונטערצייכענער האָבן דעם „אויפרוף פון 52" גאָר ניט געלעזן". ‡)

דער פּירזייטיקער אויפרוף אינם לעקסיקאָן־פאָרמאַט (פולע 4 צייטונגס קאָלומס): אַן אַלע גענאָסן און פּובליקום אין אַלגע־מיין" דערציילט די געשיכטע פון דער „אַסאָסיאיישאָן" און באַ־הויפּטעט, אַז זי איז פון אַ מאַסן־באַוועגונג געוואָרן די זאַך פון אַ „קליקע", און נאָר די פינאַנציעלע נויט און די עפנטלאַכע מיינונג האָבן זיי געצוואונגען צו שליסן שלום מיט דער אָפּאָ־זיציע. ער וואַרפט איר פאָר, אַז זי האָט באַלד געבראָכן איר אָפּמאַך צו געבן דער אָפּאָזיציע פרייע פּרעסע און אריינצונעמען לייכט נייע מיטגלידער. ער טענה'ט:

„די פּאָר רעפאָרמען, וועלכע אונז איז געלונגען צו דערקעמפן, האָט מען פאַרניכטעט. מען האָט באַשלאָסן ניט צו דערלויבן אין „אָבענד־בלאַט" קיין מיינונג פון קיין גענאָסע, וועלכע איז קעגן די אַנזיכטן פון דער „מאַשין". גענ. ווינטשעווסקי האָט מען אָנגעטאָן אַ מויל־קאָרב, און אָוועקגעשטעלט אונטער אַ ספּעציעלע צענזור".

די אָפּאָזיציע האָט דערפאַר אָפּגעהאַלטן „אייניקע אינפאָר־

*) „פאָרווערטס" יובילעאום אויסגאַבע, 1917, ז' 4.

‡) געשיכטע פון דער אידישער אַרבעטער־באַוועגונג, ז' 407—408.

מעלע פאַרזאַמלונגען" (קאָקוסן) און אויסגעאַרבעט אַ פּראָגראַם, ווי אַזוי צו רעאָרגאַניזירן די גאַנצע באַוועגונג, אַרונטערצואוואַרפן די אַלטע רעדאַקציע (פיליפ קראַנצן, אויף וועמעס פּלאַץ זיי האָבן באַשטימט קאַהאַנען), אויך די פאַרוואַלטונג, וועלכע זיי האָבן באַשולדיקט, אַז זי „האָט דעם גאַנצן סאָציאַליזמוס אומגעוואַנדלט אין אַ ביזנעס, וועלכע האָט פאַר אַ פּאָר אַדווערטייזמענטס (אַנאָנסן) פאַראַטן אונזערע פּרינציפּן". זיי האָבן אויך באַשטימט צו שיקן ערלאַכערע דעלעגאַטן צו די געווערקשאַפטן, צו רופן אַ קאָנווענשאָן, כדי איר „איבערצוגעבן די צייטונג, זי זאָל געפירט ווערן פון דער גאַנצער אַרבעטער־מאַסע", און אויסצורייניקן די באַוועגונג פון „דזשאַב־סאָציאַליסטן", דאָס הייסט:

„קיין מיטגליד פון די „פּאָבלישינג אַסאָסיאיישאָן" זאָל קיין רעכט ניט האָבן צו האַלטן אַ באַצאָלטן דזשאַב (אַמט) אין דער צייטונג, זאָ־לאַנג ער איז מיטגליד. דאָס וואָלט זאָפאָרט דורכגעלופטערט די גאַנצע באַוועגונג, און מיר וואָלטן זיך באַפרייט פון די יעניקע, וועלכע אינ־טערעסירן זיך מיט דער באַוועגונג נאָר ווייל זיי מאַכן פון איר אַ לעבן".

צום סוף שילדערט דער אויפרוף, אינם ליכט פון דער אָפּאָ־זיציע, דעם לעצטן צוזאַמענשטויס און די שפּאַלטונג, און פירט אויס אַזוי:

„מיר האָבן דאַרום געגריידעט דעם „סאָציאַליסטישן פרעס פאַר־איין" און זיין באַשלוס צוזאַמענצורופן אַ קאָנווענשאָן פון אַלע אָר־גאַניזאַציאָנען, וואָס שטייען אויף אַ סאָציאַליסטישן באָדן, ווי אויך טרייד־יוניאָנס, וועלכע שטייען אויפן באָדן פונם קלאַסנקאַמף און וועל־כע סימפּאַטיזירן מיט אונזער איצטיקן קאַמף, און דאָרט אויסאַרבעטן אַ פּלאַטפאָרם און אַ פּלאַן, ווי אַזוי צו גרינדן אַ צייטונג, וועלכע זאָל טריי און ערלאַך דינען דער באַוועגונג, זאָל ניט זיין קיין אייגנטום פון אַ קליקע, און אַ קוועלע פון איינקינפטע פיר אַ טוץ „ביזנעס סאָציאַליסטן".

לעאָן קאָברין, וועלכער איז דעמאָלט געווען איינער פון די, וועלכע האָבן געקעמפט „קעגן דער השפּעה פון דעליאָנען", לייקנט

דאָך אָפּ קאַטעגאָריש די באַשולדיקונגען קעגן די פירער פון דער „אַסאָסיאיישאָן", אַז זיי זיינען געווען „ביזנעס־סאָציאַליסטן". ער דערקלערט, אַז די הויפּט־צילן פון דער „אַסאָסיאיישאָן", קעגן וועלכע די אָפּאָזיציע האָט געקעמפט, זיינען קיינמאָל ניט אָנגעשטעלט געווען אינם „אבענד־בלאַט" און האָבן פון אים קיינמאָל ניט געצויגן „וועלכע ניט איז מאַטעריעלע נוצן".

„פּאַרקערט, זיי, די אָנהייבער פון דעליאָנען, די אָנהייבער פון דעם קריגערישן סאָציאַליזם, וואָס האָט ניט געוואָלט וויסן פון קיינע קאָמפּראָמיסן, סײַ בנוגע צו די קאָנסערוואַטיווע יוניאָנס און סײַ צו דער באַוועגונג בכלל, האָט מען גיכער געקענט באַשולדיקן אין צופיל אידעאַליזם און צו ווייניק פּראַקטישקייט".

„זיי זיינען געווען אַנטשלאָסן ניט צו דערלאָזן צו אַ מלוכה־איבערקערעניש אין דער „אַסאָסיאיישאָן" און אין דעם „אַבענד־בלאַט", ווייל זיי האָבן ניט געגלויבט אין די ערלאַכע כונות פון געוויסע פירער פון דער אָפּאָזיציע".*)

נאָר אַ היבשע צאָל אידישע אַרבעטער האָבן יאָ „געגלויבט אין די ערלאַכע כוחות" פון אָט־די פּערזאָנען, וועלכע זיי, די אַרבעטער, „זיינען געוואוינט געווען צו באַטראַכטן פאַר זייערע לערער און פירער". בפרט אַז אַ סך אַרבעטער זיינען געווען אומצופרידן און געהאַט אַלערליי קריוודעס צום „אַבענד־בלאַט". עס געלינגט דערפאַר דער אָפּאָזיציע צוזאַמענצוברענגען דעלעגאַטן פון 23 אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס, צווישן זיי אויך עטלאַכע יוניאָנס, צו אַ קאָנווענשאָן אין ניו יאָרק (סוף יאַנואַר 1897), וואו ס'איז באַשלאָסן געוואָרן אַרויסצוגעבן דעם „פאָרווערטס".

ווינטשעווסקי שפּילט אויף דער קאָנווענשאָן די ערשטע פידל. ער איז ניט קיין קאַנדידאַט פאַר רעדאַקטאָר, נאָר זוכט צו פאַרווירקלאַכן זיינע אידייען פון פרייער פּרעסע, זעלבסט־קריטיק און „אָפענע פענסטער". זיין רעזאָלוציע פאַר „פרייע פּרעסע" ווערט

---

*) ערינערונגען פון אַ פערטל יאָרהונדערט אידיש לעבן אין אַמעריקע („טאָג", 1921).

אָנגענומען מיט א מערהייט פון 33 קעגן 5 שטימען. אויף זיין פארלאנג ווערט אויך דערוויילט א פרעס־קאָמיטעט, מיט וועלכן דער רעדאַקטאָר זאָל זיך באראטן אין טאַקטישע פראגן, און ער ווערט, נאַטירלאך, געוויילט פאר א מיטגליד אין אָט־דעם קאָמיטעט.

ער ווערט אויך געוויילט אלס איינער פון די דריי „טראָסטיס" (נאמנים) אכטונג צו געבן אויף די פינאנצן. ער העלפט אויך דורכפירן א ריי וויכטיקע באשלוסן, צו פארזיכערן, אז די סאָציאַליסטישע אָרגאניזאציעס זאָלן האָבן די פולע דעה איבער דער נייער צייטונג.

*****

שוין באלד נאָך דער שפאלטונג האָט ווינטשעווסקי, צוזאַמען מיט אנדערע פירער פון דער אָפּאָזיציע, אונטערגענומען א רייזע איבער דער פראָווינץ צו זאמלען דעם פאָנד פאר דער נייער צייטונג און אויך צו אָרגאניזירן די אומצופרידענע עלעמענטן אין דער פארטיי. נאָך דעם צוזאמענפאָר ווערט ווינטשעווסקי נאָך מער טעמיק און ער טוט אויף „זייער פיל ארבעט אויפן געביט פון זאמלען פאָנדס פארן „פאָרווערטס".*)

די אָפּאָזיציע האָט געהאַט א סך בעסערע רעדנער פאר איר. אין אירע רייען זיינען געווען די בעסטע אָראטאָרן פון דער אידישער ארבעטער־באוועגונג. נאָר ווינטשעווסקי'ס באליבטקייט און פּאָפּולאַריטעט, אלס דער „זיידע" פון דער אידישער ארבעטער־באוועגונג, איז געווען נאָך וויכטיקער פאר דער אָפּאָזיציע, ווי אירע גלענצענדסטע פאָלקס־רעדנער.

ווינטשעווסקי האָט זיך אויך באטייליקט אין די צוויי נומערן „נעשפראָכענע צייטונג", אָנשטאָט א געשריבענעם „פאָרווערטס" (פעברואר 7 און מערץ 7, 1897). ער טרעט דאָרט אויף, אחוץ מיט לידער, אויך מיט די „צושלאָגענע געדאנקען פונם משוגענעם פילאָזאָף": „צו וואָסערע קלאָגן דארף מען פרייע

*) „פאָרווערטס" יובילעאום אויסגאַבע, 1917, ז' 11.

קריטיק," און „א מויז האָט געבאָרן א בארג". ער איז אויך גע־
ווען איינער פון די הויפּט מחותנים ביים דערשיינען פונם ערשטן
נומער „פאָרווערטס", דעם 12טן אַפּריל 1897.

*
**

פּול צוטרוי צו די פירער פון דער אָפּאָזיציע, האָבן פיל
אידישע ארבעטער געגלויבט באמונה שלמה, אז דאָס „אבענד־
בלאַט" איז פארכאַפּט געוואָרן פון א קליקע פאַר אירע אייגענע,
פערזענלאַכע אינטערעסן און פאַר די אינטערעסן פון איר „באָס",
אָדער „צאַר" (דעליאָן). זיי האָבן דערפאַר אויפגענומען מיט גרויס
אַנטוזיאַזם דעם „פאָרווערטס", וואָס האָט צוגעזאָגט צו זיין
ז י י ע ר צייטונג אינם פולן זין פונם וואָרט (געפירט ווערן פון
אויסגעוויילטע פאָרשטייער פון ארבעטער-אָרגאַניזאַציעס, אַנשטאָט
פון א יחידים־„אַסאָסיאייּשאָן").

„אַזוי לאַנג ווי איך וועל לעבן" — שרייבט ווינטשעווסקי אינם
„פאָרווערטס" פון 22טן אַפּריל, 1899 — „וועל איך ניט פארגעסן יע־
נעם וואונדערבאַרן אָוונט אין וואַלהאַלאַ האָל, ווען מענער און פרויען
האָבן מיט אומגעדולד געוואַרט אויף די קאָלעקטאָרס,*) האַלטנדיק אָנ־
געגרייט גרינע פאַפּירלאַך, ווער אַ פארזעצטע אור, ווער אַ נייעם
הוט, ווער אַ קינדערשע פּאָר שיכעלאַך, ווער שיינע עטלאַכע קומענדע
פרישטיקס, אַלץ איינגעביטן אין בלעטלאַך מיט גרינע רוקנס".

אַן ענלאַך בילד גיט אויך י. קאָפּעלאָוו,‡) א דעמאָלטדיקער

*) אב. קאַהאַן דערציילט („בלעטער", באַנד 3, ז' 452), אַז ער און
„ווינטשעווסקי, דאַכט זיך," זיינען געווען די צוויי געלט־זאַמלער פון
יענעם אָוונט. זיי „זיינען אומגעגאַנגען מיט העטס (היט) אין די הענט,
און דער עולם האָט אין זיי אַריינגעוואָרפן צען־דאָלאַרדיקע, פינף־
דאָלאַרדיקע, צוויי־דאָלאַרדיקע און זילבערנע מטבעות. מען האָט אויך
אַראָפּגענומען פון זיך פינגערלאַך און זייגערלאַך און דאָס אַלץ האָט
מען אַריינגעוואָרפן אין די העטס".

‡) „אַמאָל אין אַמעריקע", וואַרשע, 1928, ז' 384.

אנאַרכיסט און דערמיט אַ קעגנער פון די סאָציאַליסטן. ער דער־ציילט אַזוי:

„אַרבעטער, פּשוט'ע קלאָוק־אָפּעריִיטאָרס און פינישערס, שניידער און שניידערינס מכל המינים, האָבן אויסגעטאָן די זייגערלאַך פון זיך, כּלות האָבן אָראָפּגענומען די קדושין־רינגלאַך, פרויען — זייערע חתונה־מתּנות — מען האָט פון די „ווייִדזשעס" (שכירות) אַ העלפט אָפּגע־געבן און עס איז געוואָרן דער נויטיקער פאָנד, נאָך גיכער, ווי מען האָט דערוואַרט".

ס'זיינען געווען באַגייסטערט ניט בלויז סאָציאַליסטן, נאָר אויך אַנאַרכיסטן. די לעצטע האָבן פונם ערשטן טאָג אָן געהאַט ווייניק ליבע פאַרן „אַבענד־בלאַט", האַלטנדיק זיין רעדאַקטאָר, פיליפ קראַנצן, „פאַר אַן ענגן סאָציאַל דעמאָקראַט און פאַר אַ פאַרביטערטן קעגנער פון די אַנאַרכיסטן".*) זיי האָבן, נאַ־טירלאַך, אויך געהאַט אַ היבש ביסל שנאה פאַרן „סאָציאַל דע־מאָקראַטישן אַפּאָסטאָל דעליאָן", וועמעס „אומבייגזאַמע, האַרט אומקאָמפּראָמיסלאַכע טאַקטיק" איז באַקעמפט געוואָרן אַפילו פון סאָציאַליסטן. זיינען פיל אַנאַרכיסטן „דעמאָלט געווען שטאַרקע אָנהייִנגער" פונם „פאָרווערטס" און אַנדערע האָבן אים געשטיצט מיט וואָס זיי האָבן געקענט.‡)

ווינטשעווסקי איז נאַטירלאַך געווען איינער פון די הויפּט וואָרט־זאָגער אין „פאָרווערטס". ער האָט מיטגעאַרבעט אין דער טעגלאַכער און וועכנטלאַכער אויסגאַבע (פון וועלכער ס'זיינען אַרויס 20 נומערן — פונם 2טן מאַי ביזן 12טן סעפּטעמבער 1897). אַחוץ אַ ריי פעליעטאָנען („צושלאָגענע געדאַנקען")⁂) האָט ער פאַרעפנטלאַכט אין די ערשטע פיר נומערן פונם „פאָרווערטס־וואָכנבלאַט" אַ טאָגעבוך פון אַ דינסטמיידל, רעדיזשירט פון דעם משוגענעם פילאָזאָף", וואו ער האָט אויס־געלאַכט דעם „אַבענד־בלאַט" און די „אַסאָסיאיישאָן". ער האָט

*) קאָפּעלאָוו, דאָרט, ז' 375. ‡) דאָרט, ז' 485.

⁂) געזאַמלטע ווערק, באַנד 4, ז' 223—245.

אויך געשריבן פּאָלעמישע אַרטיקלען און נאָטיצן קעגן די „לאָיאַ־
לע“ (דעליאָניסטן) און בכלל געשטאַנען בסדר אויף דער וואך פאר
די אינטערעסן פון דער אָפּאָזיציע אין דער ס. ל. פּ. נאָך באלד
איז ער, צוליב זיין שטיין פעסט ביים פּרינציפּ פון „פרייער



מאָריס ווינטשעווסקי און זיין פאַמיליע, אין 1897.

קריטיק“, געקומען אינם צוזאַמענשטויס מיטן רעדאַקטאָר פון
„פאָרווערטס“, אב. קאַהאַן.

ווינטשעווסקי „האָט געגלויבט, אז די צייטונג מוז זיין אָפן

פאַר יעדן, וואָס וויל נאָר אין איר שרייבן, אַז זי זאָל זיין אָפן פאַר יעדער מיינונג, פאַר יעדן סאָציאַליסט, וואָס זוכט אַ מיינונג אויסצודריקן". נאָר „קאַהאַן האָט דערקלערט, אַז אַ ציַיטונג האָט אַ באַגרעניצטן פּלאַץ און קען ניט עפענען די קאָלומס פריי פאַר יעדן". די דעבאַטן איבער די און אַנדערע פראַגן „זיינען אַלץ געוואָרן הייסער און קאַהאַן האָט ענדלאַך באַשלאָסן צו רעזיגנירן פון זיין רעדאַקטאָר־שטול".*) איז ווינטשעווסקי נאָך אַ פּאָר יאָר געבליבן צווישן די זיילן פון „פאָרווערטס".

***

ביי דער גרינדונג פון „פאָרווערטס" איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז זיין אַרויסגעבער, דער „אידישער סאָציאַליסטישער פרעס־פאַרבאַנד", זאָל צוזאַמענגעשטעלט ווערן פון אַזוינע אָרגאַני־זאַציעס, „וועלכע באַטייליקן זיך אין דער סאָציאַליסטישער באַ־

---

*) „פאָרווערטס"־יובילעאום־אויסגאַבע. אין זיינע „בלעטער" (באַנד 3, ז' 476—480) דערציילט קאַהאַן, אַז דער קאָמפּסלוסטיקער ווינטשעווסקי האָט געוואָלט, אַז די ציַיטונג זאָל „געבן אַ גאָב" די קעג־נער, בעת ער, קאַהאַן, איז „געווען איבערצייגט, אַז דאָס בעסטע איז זיי ווי וויַיט מעגלאַך צו איגנאָרירן", און האָט פיל געהאַלטן פון „די מאַכט פון שווייגן, פון ניט ענטפערן". קאַהאַן האָט אויך אַרגו־מענטירט, אַז דער ברייטער עולם אינטערעסירט זיך סאַי־ווי־סאַי ניט מיט דער פּאַרטיי־צאַנקעריי און אַלס באַווייז האָט ער געבראַכט דעם פאַקט, אַז דער גרויסער עולם, וואָס איז געקומען צו אַ פאַרזאַמלונג און אַ קאָנצערט אין אַ באָסטאָנער טעאַטער, האָט ניט געוואָלט אויסהערן ווינטשעווסקי'ס רעדע וועגן דעליאָנען. „נאָר ניט וועגן אַ הייליגע מיינונגס־פאַרשידנהייט האָט זיך געהאַנדלט צווישן ווינטשעווסקי'ן און מיר", דערציילט קאַהאַן. „עס איז געווען נאָך עפּעס. אויסערלאַך זיינען מיר געווען אין גוטע באַציאונגען, אָבער ניט אין האַרצן". וועגן „פרייע פרעסע פּרינציפּ" זאָגט קאַהאַן, אַז ווינטשעווסקי האָט דערפון „געמאַכט אַ גאַנצן וועזן" און פלעגט זאָגן, אַז אַט־דער פּרינציפּ איז ביי אים „טייערער פון אַלץ".

װעגונג און אנערקענען די פּלאַטפאָרמע פון דער סאָציאַליסטי־שער ארבעטער פארטיי" (ס. ל. פּ.) ‡)

דעם ערשטן האַלב יאָר נאָך דער גרינדונג פונם „פאָרווערטס" — דערציילט ווינטשעווסקי — האָבן די אָפּאָזיציאָניסטן „זיך געהאַלטן אָן דער ס. ל. פּ. אייגנטלאָך נאָך פעסטער ווי פריער". זיי האָבן געוואָלט באווייזן, אַז זייער אָפּאָזיציע איז ניט קעגן די גרונט־פּרינציפּן פון דער ס. ל. פּ., נאָר קעגן איר טאַקטיק און אירע פירער". *) זיי האָבן דערפאַר געדרוקט א סעריע אַרטיק־לען, וואָס האָבן דערקלערט די ס. ל. פּ. „פּלאַטפאָרם", געשריבן פון אַלעקסאַנדער יאָנאַס און איבערזעצט פון ווינטשעווסקין. נאָר די לאַגע האָט זיך געענדערט באַלד ווי דער צ. ק. פון דער ס. ל. פּ. האָט באַשלאָסן ניט צו דולדן מער די אָפּאָזיציע, ארויסצו־וואַרפן פון דער פארטיי אַזוינע אָפּאָזיציאָנערן, ווי ווינטשעווסקי, זאַמעטקין, קאַהאַן א. ד. גל. און בכלל רעאָרגאַניזירן די דיסט־ריקטן פון די, וועלכע ער (דער צ. ק.) האָט באַטראַכט פאַר רעפאָרמיסטן און אַנאַרכיסטן. די אָפּאָזיציע שליסט זיך דערפאַר אָן ,סוף יולי 1897) אין דער נייער פּאַרטיי, „ס. ד. א." (סאָציאַל דעמאָקראַטיע פון אַמעריקע), וואָס דעבס האָט אָרגאַניזירט מיט א חודש פריער אין שיקאַגאָ.

די „ס. ד. א." איז צוערשט ניט געווען קיין אויסגעהאַלטענע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי. זי האָט גערעדט פון „אויפריכטיקע בירגער" אָנשטאָט לוין־ארבעטער און פון „ארבעטער קאַמף" אָנשטאָט קלאַסנקאַמף. זי האָט אויך באַטראַכט פאַר איינער פון אירע וויכטיקסטע אויפגאַבן צו קאָלאָניזירן א ווייניק באַפעלקערטן שטאַט אין אַמעריקע און איינפירן דאָרט א סאָציאַליסטישע אָרדנונג.

ווינטשעווסקי דערקלערט, אַז זיי זיינען אריין אין דער נייער פאַרטיי „מיט דעם פולן באַוואוסטזיין", אַז זיי „וועלן איינגיכן

‡) דאָרט, ז' 6.

*) דאָרט, ז' 40.

מוזן איר מאכן אַן אָפּעראַציע", זי אויסצוקורירן פון דער „מכה", וואָס הייסט „קאָלאָניזאַציאָנס־פּלאַן". *) נאָר די לאָיאַלע (דעליאָ־ניסטישע) מיטגלידער פון דער ס. ל. פּ. האָבן נאַטירלאַך אין דעם געזען בלויז דעם פאַקט, אַז די „אויס־אָפּאָזיציאָניסטן" האָבן זיך אָנגעשלאָסן אין אַן „אוטאָפּיסטישער" פּאַרטיי. ס'פאַרשטייט זיך, אַז די ס. ל. פּ. פּרעסע, דאָס „אבענד־בלאַט" און „דהי פּיפּל", האָבן אויסגענוצט די געלעגנהייט צו דיסקרעדיטירן די געוועזענע אָפּאָזיציאָניסטן אין די אויגן פון די קלאַסנבאַוואוסטע ארבעטער. דער „פאָרווערטס" ווידער, פון זיין זייט, האָט אָנגערופן די פירער פון דער ס. ל. פּ. — „באשובאזוקעס", די „פּיפּל" — „דעליאָנס־קראַמף־אָרגאַן" און די ס. ל. פּ. — „די אומגליקלאַכע, צעבאָסע־וועטע, דעליאָניזירטע און דעמאָראַליזירטע פּאַרטיי". ‡)

ארום יענער צייט האָט ווינטשעווסקי אויך געהאָלפן גרינדן א פּאָליטישע ארבעטער פּאַרטיי, וואָס זאָל זיין געבויט אויף דער טרייד־יוניאָן באַוועגונג. צו דער גרינדונג זיינען געקומען 192 דעלעגאַטן, וואָס האָבן רעפּרעזענטירט צענדליקע טויזנטער אר־בעטער. נאָר ביי די וואַלן האָט די נייע ארבעטער פּאַרטיי גע־קראָגן בלויז 5,000 שטימען, ווייל אירע מערסטע אָנהענגער זיינען נאָך ניט געוועזן קיין בירגער.

אָט־דער ברודער־קריג איז ניט שוואַכער געוואָרן אויך נאָך דער ס. ד. אַ. קאָנווענשאָן אין שיקאַגאָ, יוני 1898, וואו די סאָ־ציאַליסטן האָבן זיך אָפּגעשפּאָלטן פון די קאָלאָניזאַציאָניסטן. ווינטשעווסקי און די איבעריקע 36 סאָציאַליסטישע דעלעגאַטן, אויך דעבס צווישן זיי, האָבן טאַקע דאָרט אין שיקאַגאָ געלייגט דעם פונדאַמענט פאַר אַ נייער פּאַרטיי — ס. ד. פּ. (סאָציאַל דעמאָקראַטישע פּאַרטיי). נאָר כאָטש די נייע פּאַרטיי איז שוין געווען אַ ריין סאָציאַליסטישע, איז דאָך איר אַגיטאַציע ביים וואַל־קאַמף פון 1898 געווען אַ פּשרה'דיקע. אירע רעדנער האָבן

*) דאָרט, ז' 40.

‡) „פאָרווערטס"־וואָכנבלאַט, 22טן אויגוסט, 1897, ז' 3.

געמאַכט דערקלערונגען, אויף וועלכע עס „וואָלט זיך גערן אונטער־געשריבן אַ סאָציאַל־רעפאָרמער, אָבער ניט אַ פּרינציפּיעלער סאָ־ציאַל דעמאָקראַט".*) דאָס האָט געגעבן דער ס. ל. פּ. געוווּנג שטאָף צו אַטאַקירן די ס. ד. פּ.'ניקעס, און די לעצטע האָבן נאָך בּיטערער, ווי פריער, באַקעמפט אין זייער „פאָרווערטס" די ס. ל. פּ., דעליאָנען און דאָס „אַבענד־בלאַט". דער קאַמף האָט זיך אויך ניט מער באַגרעניצט, ווי אינם אָנהויב, אויף די פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציעס. די „פאָרווערטסיסטן" האָבן אים אַריינגעבראַכט אויך אין די יוניאָנס, וואו זיי האָבן אָרגאַניזירט אַלע אָפּאָזי־ציאָנעלע קרעפטן און געגרינדעט אַ „צענטראַל פאַרבאַנד פון אי־דישע יוניאָנס" אין אָפּאָזיציע צו די „פאַראייניקטע אידישע גע־ווערקשאַפטן", וועלכע האָט דעמאָלט געהערט צו דעליאָנס סאָציאַ־ליסטישער טרייד יוניאָן אַליאַנץ, און וועמעס אָפיציעלער אָרגאַן איז געווען דאָס „אַבענד־בלאַט".

„די דעמאָראַליזאַציאָן איז דעמאָלט געווען גרויס. יעדע יו־ניאָן האָט באַשולדיקט די מעמבערס (מיטגלידער) פון דער געג־נערישער אָרגאַניזאַציאָן אין סטרייק־ברעכעריי, און יעדע האָט געגאָסן אויף דער צווייטער פּעך און שוועבל. פּאַרקאַכט איז געגנזייטיקן קאַמף, האָט יעדער געקענט פּועל'ן ביי זיך צו זאָגן אויף זיין קעגנער וואָס אין קאָרט שטייט". ס'איז אָנגעגאַנגען „אַ פּולשטענדיקע חד־גדיא פון באַשולדיקונגען און דעמאָראַליזירנדע אינסינואַציאָנען". דער „פאָרווערטס" און דאָס „אַבענד־בלאַט" האָבן זיך איינע די אַנדערע באַשולדיקט אין יוניאָן־ברעכעריי. „די פאַראייניקטע אידישע געווערקשאַפטן" האָבן פאַרדאַמט די „פּעדערייטעד היברו טריידס" (דער צענטראַל פאַרבאַנד פון אידישע יוניאָנס) אַלס אַ פאַרבאַנד פון סקעב אָרגאַניזאַציאָנען; דער צענטראַל פאַרבאַנד פון די אידישע יוניאָנס האָט באַשולדיקט אין דעם די פאַראייניקטע אידישע געווערקשאַפטן".‡)

*) ה. בורגין, געש. פון דער איד. אַרב.־באַוועגונג, ז' 444.

‡) דאָרט, ז' 436—437.

## .15

# ברודער־קריג

דעליאָנ'ס דערעפענונגס־רעדע. — סאַטירעס, פּאַמפּלעטן, פּאַבלען. — „רודף־שלום" ווערט „איש־מלחמה". — פּאַרטיי־פּאָליטיק. — אַ קעגנער ביז סוף.

סוף יאָר 1897 האָבן די לאָיאַלע אידישע מיטגלידער פון דער ס. ל. פּ. אָפּגעהאַלטן אַ קאָנווענשאָן. דעליאָן, וועלכער האָט דאָרט געהאַלטן די דערעפענונגס־רעדע, האָט דערביי דערמאָנט, וואָס ער האָט געזאָגט וועגן ווינטשעווסקין אויף דער קאָנווענשאָן פון צוויי יאָר פריער. לויט אַ באַריכט אינם „פּיפּל" (2טן יאַנואַר, 1898), פון וועלכן דעליאָן איז געווען רעדאַקטאָר, האָט ער דאָרט געזאָגט אַזוי:

„אַנשטאָט צו פאַרטושן דעם קאַמף, וואָס האָט געזאָלט אויסברעכן, האָט ער (דעליאָן) אָפּגעפּיוערט דעם ערשטן שאָס, און דורכדעם, וואָס ער האָט אויפגעדעקט די פאַלשעפיצירונגען און קרומקעפּיקייט פון אַ געוויסער אידישער צייטונג (דער „אמת"), האָט ער קלאָר געמאַכט די שטרייט־פראַגע. דאָס איז געווען די איינציקע לאָגישע טאַקטיק. אוטאָפּיסטן וואַרפן פאָר די סאָציאַליסטן, אַז זיי האָבן אַריינגעבראַכט דעם קלאַסנקאַמף; מיר ענטפערן: מיר „ברענגען" ניט אַריין, מיר געפינען עס „עקזיסטירנדיק", און אָנווייזנדיק אויף דעם און מאַכנדיק עס קלאָר, העלפן מיר ביידע שטרייטנדיקע צדדים געוואָר ווערן צוליב וואָס זיי שלאָגן זיך אַרום, און דערמעגלאַכן זיי צו קומען שנעלער צו אַן ענטפער. אַזוי איז אויך געווען אינם פאַל פון די אידישע רעוויזיאָניסטן, וואָס האָבן דעמאָלט זיך געבלעזלט. די טאַקטיק, וואָס ער (דעליאָן) האָט דעמאָלט אָנגעווענדט, האָט געבראַכט די געוואונטשטע רעזולטאַטן".

„בנוגע דעם עצם סכסוך האָט ער (דעליאָן) קלאָר געמאַכט, אַז דאָס איז געווען דער פאַרזוך פון עטלאַכע צעטומלטע מוחות און שאַרלאַטאַנישע אידן צו באַהערשן די פּאַרטיי אָדער זי צעברעכן. די געשיכטע פון אָט־דעם סכסוך אילוסטרירט מאַרקס'עס טעאָריע, אַז די געשיכטע ווי־

דערהאַלט זיך — צום ערשטן מאָל אַלס טראַגעדיע, צום צווייטן מאָל אַלס קאָמעדיע. די אידישע חברת שאַרלאַטאַנעס, וואָס האָט געזוכט צו באַהערשטן די פּאַרטיי — קאַהאַן, ווינטשעווסקי, מילער, זאַמעטקין א. אַ. וו. — זוכן נאָכצומאַכן באַקונינען. באַקונין האָט ניט געקענט קאָנטראָלירן דעם (ערשטן) אינטערנאַציאָנאַל, און ער האָט אים צע־בראָכן; אָט־די אידן האָבן ניט געקענט קאָנטראָלירן די סאָציאַליסטישע באַוועגונג צווישן אידישן פּראָלעטאַריאַט, האָבן זיי געזוכט זי צו צעברעכן. דער באַקונין־עפּיזאָד איז געווען די טראַגעדיע, דער קאַהאַן־ווינטשעווסקי־מילער־עפּיזאָד איז געווען די קאָמעדיע".

ווינטשעווסקי האָט דעליאָנען ניט געשאָנעוועט פאַר אַזוינע אָנגריפן. ער האָט אים באַקעמפט אין פּראָזע און אין פערזן, אין אידיש און אין ענגליש. ער האָט איבערגעדרוקט אין „פאָרווערטס" דעליאָנס אָנפאַל אַלס מאָטאָ צו אַ סאַטיריש ליד, אין ענגליש, „סוויט דעניעל" (זיסער דאַניעל), צו זינגען מיט דער מעלאָדיע פון „צורוף צום אַרבעטער פריינד". ער לאַכט דאָרט אויס דע־ליאָנ'ס קאָמפּאָס־מענטאָדן, גיט אָנצוהערעניש, אַז ער (דעליאָן) איז אַ „נעלם" און באַהאַלט זיין אמת'ן שטאַם און געבורטסלאַנד, און אַז זיין שייכות צו שפּאַניע איז בלויז זיין דאָן־קיכאָטעריי און זיינע טאָרקוועמאַדאָ־מעטאָדן. נאָך שאַרפער איז ווינטשעווסקי געווען אין זיינע אידישע סאַטירעס. די ערשטע צייטן האָט ער בלויז אויסגעלאַכט דעליאָנס „באָסיזם", „דאַניעלס אָרדאָנאַנצן", און געזונגען אין זיין נאָמען:

„איר זייט ציגל אין מיין וואַנט;
צו מיין איינס די נולן זייט איר,
וואָס איך בין — דאָס באַטייט איר,
אייער שטאַלץ איז מיין פאַרשטאַנד.
אין מיין קאָפּ ליגט אייער לערע,
אין מיין נאָמען — אייער ערע,
אין מיין בוזים — די פּאַרטיי".

נאָר וואָס ווייטער איז ווינטשעווסקי געוואָרן פּערזענלאַכער און גיפטיקער. אין אַ ליד „ווער?" רופט אָן ווינטשעווסקי דעליאָ־

נען: „שמוציקער, שפּאַנישער נעלם", און אין אַ פּעליעטאָן „מיר, קרומע נעזער" גיט ווינטשעווסקי אָנצוהערעניש, אַז דעליאָן איז אַן אַנטיסעמיט און האַסט באַזונדער די רוסישע אידן, וועלכע ער רופט אָן „קרומע נעזער".

***

דעליאָן איז ניט געווען דער איינציקער ציל־ברעט פון ווינטשעווסקי'ס סאַטירישע פּיילן אין יענעם בירגער־קריג. אין אַן ענגליש ליד „דאָן שטרייטמאַן" לאַכט אויס ווינטשעווסקי דעליאָנס אַלע חברים און שוינט אפילו ניט דעם אַלטן קאָמונאַר לוסיען סעניעל, וועלכן ער האָט געוויינטלאַך רעספּעקטירט. אין „צוקונפט" פון מערץ 1897 האָט ווינטשעווסקי נעגעבן אַ כאַראַקטעריסטיק פון פיליפּ קראַנץ, דעם רעדאַקטאָר פון „אַבענד־בלאַט", וואָס האָט דעמאָלט געמאַכט גרויס אויפזען און איז אַלנעמיין באַטראַכט געוואָרן פאַר אַ מייסטערווערק. ווינטשעווסקי שרייבט דאָרט, אונטער דער איבערשריפט „ער", ‡) צווישן אַנדערע זאַכן:

„אַמאָל איז ער געווען אַ רעוואָלוציאָנערער קאָנסערוואַטאָר, היינט איז ער אַ קאָנסערוואַטיווער רעוואָלוציאָנער. — — — אַמאָל האָט ער גערופן געטער — געצן, היינט רופט ער געצן — געטער".

שטעקיכער און פערזענלאַכער איז ווינטשעווסקי אַרויסגעטראָטן אינם „פאָרווערטס" קעגן דעם בייסיקן פעליעטאָניסט פון „אַבענד־בלאַט", מ. באַראַנאָוו, אין אַ פאַבל „דער בייזער הונט". ‡)

ס'פאַרשטייט זיך, אַז דער צווייטער צד האָט ווינטשעווסקי'ן אויך ניט געשוינט. אין אַ פעליעטאָן „אַ לעקאָן אין זידלען" דער־

---

*) געזאַמלטע ווערק, באַנד 6, ז' 213.

‡) דאָרט, ז' 20—22 (דאָרט ווערט אויך קראַנץ געשילדערט אַלס אַ פערד, וואָס הירזשעט ניט „לאַיאַל" און „רייסט זיך ניט די גאַל", און פייגענבוים אַלס „דער מוילעזל, וואָס טראָגט אויף זיך די גאַנצע לאַסט, וואָס קווענקט זיך נאָכאַנאַנד און פּלאָגט זיך אָפּ אָן רו און ראַסט".

ציילט ווינטשעווסקי, ווי אזוי „אין די אלטע צייטן פלעגן זיי (זיינע קעגנער) זיך ווענדן צו א געוויסן שרייבער (ווינטשעווסקי), ווען זיי פלעגן פילן, אז עס דארף אויפגעשריבן ווערן עפּעס אזוינס, וואָס זאָל מאכן א רושם". ער גלויבט דערפאר, אז ווען זיי זאָלן קומען צו אים און זאָגן, אז זיי דארפן זידלען ווינטשעווסקין, נאָר זיי זיינען „גרויסע קאליקעס", און דערום בעטן זיי אים ער זאָל זיי „ארויסהעלפן", „וואָלט ער זיי פון אל־טע גוטע פריינטשאפט וועגן זיכער געטאָן די טובה". ער גיט זיי דאָן א פּאָר צענדליק זלזולים, איינגעטיילט לויטן אלף־בית, ווי אויך א בריוו־קאסטן פאר דעליאָנען, וואָס פלעגט, אזוי ווי מאָסט, שטארק באליידיקן זיינע קעגנער אין ענטפערס צו די לעזער.

***

ווינטשעווסקי איז אלעמאָל געווען א מוטיקער קעמפער קעגן דער באלעבאטישער וועלט. ער איז אויך ניט געווען איבערקליי־בעריש מיט זיינע ווערטער קעגן זיי. נאָך אלס יונגער בחור דערקלערט ער דעם ליבלינג פון די ליבעראלע משכילים—פּרץ סמאָלענסקין—פאר א רעאקציאָנער, א „קרעבס", און דעם חשוב'ן אָנגעזעענעם קאָנסערוואטיוון משכיל—יוסף כהן צדק—פאר עפּעס א בטלנישן „יאָסעלע מגיד". שפּעטער א ווייל, אלס יונגערמאַן, שיינעצט אוים ווינטשעווסקי דעם אלטן שרהזאָן, דעם ארויסגע־בער פון די „אידישע גאזעטן" און „טאגעבלאט", לאכט ביטער אוים דעם אלטן ר' יחיאל בריל, דעם רעדאקטאָר פון „השולמית", און שאנעוועט אויך ניט זיין אלטן חבר א. וו. ראבינאָוויטש, ווען יענער איז אוועקגעגאנגען „פון רעוואָלוציאָנערע באריקאדן ביזן כותל־מערבי, פון די בלוט־רויטע פאָנעס ביז די מזוזה פון דיוקס פליים שול". *)

אין דער זעלבער צייט איז ווינטשעווסקי געווען א שטארקער „רודף־שלום", ווען ס'האָט זיך געהאנדלט מכח פּראָלעטארישע אידייען־קעגנער. ער איז דערפאר געווען שטארק אומצופרידן

---

*) „ארבעטער פריינד", יוני 13, 1890.

מיט די אָנפאַלן פון פיליפּ קראַנץ און אַנדערע סאָציאַל דעמאָקראַטן קעגן זייערע פריערדיקע אַנאַרכיסטישע „פריינט".*) ער האָט שאַרף אויסגע׳מוסר׳ט זיין פריינט פייגענבוים (אין דער „פרייע וועלט", נומער 3, 1892), ווען יענער האָט אויסגענוצט גאַלאָפּ׳ס טויט פאַר אַן אַטאַקע קעגן די אַנאַרכיסטן:

ערשט אין אַמעריקע, צוליבן פראַקציאָנעלן קאַמף אין דער ס. ל. פּ., איז ווינטשעווסקי געוואָרן אַ „איש מלחמה" אויך קעגן פּראָלעטאַרישע אידייען־קעגנער. ער האָט גענומען און געגעבן קלעפּ אויף אַלע זייטן. ער האָט שטאַרק אַטאַקירט זיין אַלטן גוטן פריינט „יאַנקעלע ביילע רייזעס" (פיליפּ קראַנצן) און אַלע אַנדערע חברים, וועלכע זיינען געשטאַנען אינם קעגנערישן לאַגער. ער האָט בייסיק אויסגעלאַכט יצחק אייזיק הורוויטשן, וועמען ער האָט באַטיטלט „פּראָפעסאָר פון שעטנז־פּאָליטיק" (פאַר זיין אַגיטירן זיך צו פאַראייניקן ביי די וואַלן מיט דער ליבעראַלער בורזשואַזיע) און אים כאַראַקטעריזירט אַלס „העלד", וואָס קען אַ „סולאַס מאַכן בשתיקה אין קעשענע". (ווי ווינטשעווסקי האָט דעמאָלט דערציילט אין „פאָרווערטס", האָט י. א. הורוויטש זיך דערפאַר צו אים „געכאַפּט שלאָגן, ווי אַ מינסקער בעל־עגלה מיט אַ סטויביצער דערציאונג".) ווינטשעווסקי האָט אויך „געשניטן רעכטס און לינקס" אַפילו אין זיינע טעאַטער־רעצענזיעס, אין „פאָרווערטס", אין וועלכע ער האָט מוטיק געקעמפט פאַר גאָרדינ׳ס פּיעסן קעגן די אַטאַקעס אויף זיי פון דער כל־ישראל־פרעסע און אויך פונם „אַבענד־בלאַט", וואָס האָט אויסגעלאַכט גאָרדינען, ווייל ער איז געשטאַנען מיט דער אָפּאָזיציע.

נאָר קיין אידייען־קעגנער, און אַפילו וויניק קלאַסן־שונאים,

*) אינם „פּוילישן אידל" האָבן זיך די סאָציאַליסטן באַטיטלט מיט „הער". אינם „אַרבעטער פריינד" צוערשט מיט „פריינד" און שפּעטער מיט „קאַמעראַד" און „גענאָסע". נאָר ווינטשעווסקין איז געפעלן מער דאָס וואָרט „חבר". ער זאָגט, אַז „חבר איז האַרציקער ווי גענאָסע" (געזאַמלטע ווערק, באַנד 7, ז׳ 140).

האָט ווינטשעווסקי אַזוי פֿאַרביטערט אָנגעגריפֿן ווי דעליאָנען.

דער זעלבער ווינטשעווסקי, וואָס האָט מיט עטלאַכע יאָר פֿריער ניט געוואָלט פֿאַרעפֿנטלאַכן אַ פֿאַבל קעגן ש. יאַנאָווסקין, כאָטש יענעמס נאָמען ווערט ניט דערמאָנט, האָט אַ לאַנגע צייט נאָכאַנאַנד פֿאַרעפֿנטלאַכט פּעליעטאָנען און סאַטירישע לידער, אין אידיש און אין ענגליש, פֿול פּערזענלאַכע אָנגריפֿן אויף דעליאָנען. שוין געהערנדיק צו אַן אַנדער פּאַרטיי, האָט ווינטשעווסקי נאָך אַלץ גערעדט מיט צאָרן קעגן דער „ממשלת הזדון פֿון דעם שפּאַנישן נעלם“. זיין ביטערקייט קעגן דעליאָנען איז אויך ווייניק געמילדערט געוואָרן דורך יענעמס טויט, מיט 14 יאָר צוריק. נאָך היינט (אינם הארבסט 1928), איבער 33 יאָר נאָך זיין ערשטן צוזאַמענשטויס מיט דעליאָנען, איז יענער נאָך אַלץ ווינטשעווסקי׳ס אַרצקעגנער.

דערמאָנט מען דעם 72־יאָריקן ווינטשעווסקין דעם נאָמען דאַניעל דעליאָן, אַזוי ווערט דער שוואַכער שווייגנדיקער גרייז ווידער באַרעדעוודיק, זיינע אויגן קריגן אַ יונגטלאַכן גלאַנץ, און מיר זעען פֿאַר אונז דעם פֿאַרהאַרטעוועטן שלאַגפּאַרטיקן קריגער פֿון איבער דריי צענדליק יאָר צוריק.

אַזאַ צייט־טראָצנדיקע ביטערקייט שטאַמט זיכער ניט פֿון דעליאָנס געפּעפּערטער שפּראַך קעגן אידייען־קעגנער. יאָהאַן מאָסט האָט באַנוצט אַזאַ שפּראַך נאָך אין אַ גרעסערער מאָס, און דאָך האָט ווינטשעווסקי אים געליבט און געשעצט. זי איז אויך ניט דער רעזולטאַט בלויז פֿון דעליאָנס פּערזענלאַכע אָנגריפֿן. דאָס האָבן אויך געטאָן זיינע לאָנדאָנער חברים און דאָך האָט זיין פֿאַרביטערטקייט קעגן זיי מיט דער צייט אויסגעוועפּט. נאָר וואַרשיינלאַך האָט אין דעם אַ גרויסן טייל דער פֿאַקט, וואָס ווינטשעווסקי איז מיט דעליאָנען קיינמאָל ניט געווען נאָנט, כאָטש גלייך ביי זייער באַקאַנטשאַפֿט האָט דעליאָן ביי אים גענומען אַ ליד („דזשאָום ווידזשאָן“) און עס גלייך געדרוקט. און קומענדיק אין אַמעריקע אינמיטן פֿון אַ פֿראַקציאָנעלן קאַמף, וואו די אָפּאָזיציע האָט אָנגעוויזן בלויז אויף די חסרונות פֿון דער פּאַרטיי,

האָט ווינטשעווסקי באַלד באַטראַכט דעליאָנען פאַר דעם „פאַר־טיי־טיראַן“, פון וועלכן קאַהאַן האָט אים דערציילט אין לאָנדאָן.

די ביטערקייט פון ווינטשעווסקי'ס ערשטן איינדרוק פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין אַמעריקע פילט זיך נאָך זייער שטאַרק אין זיינע ווערטער וועגן דעם, געשריבן 23 יאָר שפּעטער (אינם „פאָרווערטס“ יובילעאום אויסגאַבע, 1917). ווינטשעווסקי שרייבט דאָרט אַזוי:

„אָריבערקומענדיק אַהער פון ענגלאַנד אין אָקטאָבער 1894, האָב איך געפונען אַ מערקווירדיקע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי: אַ באָס אָנשטאָט אַן אינטעלעקטועלן פירער, ווי מען האָט אַזעלכן פאַרגעשטעלט אין דער אַלטער וועלט; אַ דיסציפּלין, ניט אַ גענאָסנשאַפטלאַכע, נאָר אַ מי־ליטעריש פּרייסישע; דער פּרייסישער פּרינציפּ: „טעקסעס צאָלן און מויל האַלטן!“ כמעט אַ זעלבסטפאַרשטענדלאַכע זאַך; יעדע קריטיק קעגן אַ פּאַרטיי־פירער דערקלערט פאַר אַ מאַיעסטעט־באַליידיקונג און אַזוי באַשטראָפט; יעדע אַגיטאַציע פאַר אַ פאַרבעסערונג אין דער פּאַר־טיי — כמעט הויכפאַרראַט, און ענדלאַך יעדע מיינונג, וואָס איז ניט די מיינונג פון די נאַפּאָלעאַנאַלסטווא שטרענג פאַרבאָטן.

„איך האָב ערפאַרן, אַז דאָ דאַרף מען אין דעם קלאַסנקאַמף כמעט גלויבן, אָנשטאָט אים צו פאַרשטיין; אַז דאָ מוז מען הערן און געהאָרכן ניט נאָר אין דעם פּרט פון פּאַרטיי־לערן און פּאַרטיי־פּראָגראַם, נאָר אַז מע מוז אויך פאָלגן אין עניני יוניאָנס.

„איך האָב דאָ געפונען אַ פּאַרטיי־צייטונג, וואָס האָט קאָנטראָלירט אַלץ און אַלעמען און איז צו קיינעם אַליין ניט געווען פאַראַנטוואָרט־לאַך, — צו קיינעם ניט, חוץ עטלאַכע געהאָרכזאַמע מענטשן, וואָס האָבן זיך געהאַלטן פאַר אַ נאַציאָנאַלער עקזעקוטיווע, וואָס זיינען אָבער אין אמתן געווען ניט מער ווי ווילנלאָזע משרתים פון אַ מין חיילקער טראָיצאַ (דריילינג), וואָס האָט געהייסן פאָכט, דעליאָן און קון“.

„דעליאָנס שלאָגוואָרט איז געווען אַ „פּאַרטיי־אָונד־פּרעס“, אַ פּרע־סע קאָנטראָלירט פון דער פּאַרטיי; אין אמתן איז אָבער דערפון גלייך פון אָנהויב אַרויסגעקומען אַ „פּרעס־אָונד־פּאַרטיי“, אַ פּאַרטיי, קאָנ־טראָלירט פון דער פּרעסע. די גאַנצע כלומר'שטדיקע דעמאָקראַטיע איז

פון אָנהויב אָן געווען אַ הומבאג. די פּרעסע—דאָס איז געווען די רע־דאַקציע, און די רעדאַקציע איז געווען דער רעדאַקטאָר, און דעם רע־דאַקטאָר'ס מיינונג איז געווען די עפנטלאַכע מיינונג, און האָט אַ־מיצער געהאַט אַ קעגנערישע מיינונג, האָט מען דערשטיקט די מיינונג און אונטערדריקט דעם קעגנער".

אין זיין קריגן באַלד אַזא שלעכטן איינדרוק פון דעליאַנס שטריינגער פּאַרטיי־דיסציפּלין האָט אָן צווייפל אויך מיטגע־ווירקט דער אומשטאַנד, וואָס ווינטשעווסקי האָט פריער במעט קיינמאָל ניט געהערט צו קיין דיסציפּלינירטער פּאַרטיי. אין ווינטשעווסקי'ס סאָציאַליזם איז אויך געווען מער רעוואָלוציאָנע־רער געפיל ווי סאָציאַליסטישע טעאָריע, און קיין שטריינגער פּאַרטיי־מאַן האָט ער איבערהויפּט ניט געקענט זיין. ער האָט דאָס אָפּן דערקלערט נאָך זייענדיק אין לאָנדאָן („פרייע וועלט", יולי 1892), אין זיין ליד „פּאַרטיי־פּאָליטיק": *)

„איך לאָז ניט פאַרצאַמען
מיין וועג דורך פּראָגראַמען,
איך קען קיין פּאַרטיי־מאַן ניט זיין;
איך קען מיין געוויסן
ניט בינדן און שליסן
אין ענגע שנוראַוועקעס אַריין.
איך וויל ניט באַשריינקען
מיין מוח צו דענקען,
אַזוי ווי עס דענקט די פּאַרטיי;
איך קען אייך לייבט געבן
אַ טייל פון מיין לעבן,
אַליין אָבער מוז איך זיין פריי.
מיין „איך" מעג פאַרשווינדן,
אום זיך צו פאַרבינדן
מיט אייך, אויב איר האָט וואָס צו טאָן;

*) געזאַמלטע ווערק, באַנד 2, ז' 103.

דאָך פריי מוז איך ווערן,
און ווידער געהערן
צו זיך — ווען די טאַט איז געטאָן".

אמת, ווינטשעווסקי אנערקענט, אז „א געוויסער גראַד פון אָרגאַניזאַציאָנעלער דיסציפּלין" איז „נויטווענדיק אין יעדער קעמפּ־פערשאַפט".*) נאָר ער האַלט, אז דעליאָנס פּאַרטיי־דיסציפּלין איז געווען ניט קיין ריכטשנור, ניט קיין מיטל צום צוזאַמענ־ווירקן, נאָר אַ קאָרסעט ארויסצודריקן די נשמה און צו שטערן די פרייע באַוועגלאַכקייט.

דער ביטערער פראַקציע און פּאַרטיי־קאַמף, אין וועלכן מען האָט איינע קעגן די אַנדערע געקעמפט פאַרביסענער ווי קעגן קלאַסן-שונא, און וואו דעליאָן איז געבליבן אַ קעגנער ביז זיין סאַמע סוף, האָט דערפאַר כסדר פאַרשטאַרקט ווינטשעווסקי'ס ערשטן איינדרוק פון דעליאָנען. איז די אַנטיפּאַטיע פון ערשטן צום צווייטן אויסגעוואַקסן אַזוי גרויס, אַז ער קען אים ניט „פאַר־שטיין און פאַרגעבן" ביז היינטיקן טאָג.

## 16.

# אָפּגעענאַרטע האָפענונגען

„קענגורוס". — צוויי ס. ד. פּאַרטייען. — אַ „זייט געזונט".— ס. פּ. — „צוקונפט". — כאַאָס. — ענטפער אויף קישינעווער פּאָגראָם. — וואוקס פון „פאָרווערטס", געלקייט, עם־הארצות, אַליינהערשאַפט, קליקע, „ביזנעס-סאָציאַליסטן". — נייע אָפּאָזיציע.

די מיינונגס-פאַרשידנהייטן אין דער ס. ל. פּ. איבער דער סאָציאַליסטישער טרייד־יוניאָן אַליאַנץ און איבער אַנדערע פראַגן האָבן ניט אויפגעהערט מיטן אַוועקגיין פון די ערשטע אָפּאָזיציאָ־

*) דאָרט, באַנד 6, ז' 154.

ניסטן. אזוי אז אין זומער 1899 האָט דאָרט ווידער אויסגעבראָכן א פראַקציאָנעלער קאַמף, וואָס האָט צעשפּאָלטן די ס. ל. פּ. אין צוויי פּאַרטייען מיטן זעלבן נאָמען. די הויפּט־פעסטונג פון די אַנטי־דעליאָניסטן איז געווען די דייטשע „פאָלקסצייטונג" און אזוי ווי דעליאָנס צד האָט פאַרכאַפּט דאָס „אבענד־בלאַט", האָט דער אַנדערער צד, וועלכן דעליאָן האָט אָנגערופן „קענגורוס" (נאָכן נאָמען פון יענער חיה, וואָס קען נים גיין, נאָר זי שפּרינגט), אָנגעהויבן ארויסגעבן (אין סעפּטעמבער 1899) אַן אייגענעם אידישן אָרגאַן: „פאָלקסצייטונג", אונטער דער רעדאַקציע פון פיליפּ קראַנץ און נאָכדעם פון ב. פייגענבוים.

ווינטשעווסקי איז שוין אין יענער צייט מער נים געווען צופרידן מיט זיין נייער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. פון זיין שאַרפן בליק איז נים געבליבן פאַרבאָרגן דער גרויסער מהלך צווישן דעם, צו וואָס ער און א טייל פון זיינע חברים האָבן געשטרעבט, און וואָס זיי האָבן דערגרייכט. ער האָט דערפאַר געלעגט גרויס האָפ־נונג אויף דער נייער אָפּאָזיציע אין דער ס. ל. פּ., אַז זי וועט אריינברייגנען א נייעם לעבן אין דער סאָציאַליסטישער באַ־וועגונג.

אין דעם אויסברוך פון דער נייער אָפּאָזיציע אין דער ס. ל. פּ. האָט ווינטשעווסקי אויך געזען באַרעכטיקט און באַשטעטיקט אַלץ, וואָס ער האָט געזאָגט, געשריבן און געטאָן קעגן איר פּי־רערשאַפט. דער אויפרוף פון דער נייער אָפּאָזיציע האָט געמאַכט אויסזען די שרייבער פונם אַלטן אויפרוף, מיט צוויי און א האַלב יאָר צוריק, ווי מענטשן אָן גאַל. דער נייער אויפרוף האָט גערעדט פון „טיראַנען און העסלאַכע יעזואיטן", פון „דעליאָנס זשאַנ־דאַרן", פון א „סקעב־רעדאַקטאָר און שרייבקנעכט", פון א „ליג־נערישער יעזואיטישער קליקע", פון „דעספּאָטן און צענזאָרן אונ־טער די פירונג פונם אויבערדעספּאָט און ליגנער דאַניעל דעליאָן". דערביי האָבן צו דער נייער אָפּאָזיציע געהערט אזוינע פריערדיקע שטאַרקע קעגנער זיינע (ווינטשעווסקיס), ווי קראַנץ און פייגענבוים.

איז ווינטשעווסקי געווען צווישן די, וועלכע האָבן אַגיטירט

פאַר א פאַראייניקונג פון דער ס. ד. פּ. (צו וועלכער ס'האָבן גע־הערט די פריערדיקע אָפּאָזיציאָניסטן) מיט דער נייער אָפּאָזיציע — דער „פאָלקס־צייטונג"־פליגל, אָדער די „רעוואָלוציאָנערן" פון דער ס. ל. פּ. ביידע צדדים האָבן אויף זייערע צוזאמענפאָרן (פון די „רעוואָלוציאָנערן" אין יאַנואַר און פון דער ס. ד. פּ. אין מערץ 1900) באַשטעטיקט די פאַראייניקונג, וואָס האָט געזאָלט איבערגעגעבן ווערן צו א רעפערענדום. א מערהייט האָט געשטימט פאַר פאַראייניקונג, נאָר די נאַציאָנאַלע עקזעקוטיוו פון דער ס. ד. פּ. איז געווען קעגן. האָט זיך די פּאַרטיי צעשפּאָלטן אין צוויי פּאַרטייען, ביידע מיטן זעלבן נאָמען. איינע, די אַלטע, מיט א נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו אין שיקאַגאָ, און די צווייטע, די נייע, די פאַראייניקטע, מיט א נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו אין ספּרינגפילד.

ווינטשעווסקי איז געווען, ווי שוין פריער דערמאָנט, פאַר א פאַראייניקטער פּאַרטיי. אין דער אידישער אַרבעטער־באַוועגונג איז שוין אַזאַ פאַראייניקונג פאַרגעקומען, ווען דער „צענטראַל פאַרבאַנד" האָט זיך פאַראייניקט מיט די „געווערקשאַפטן" (סוף 1899), וואָס האָט שוין געהאַט פאַרלאָזן דעליאָנס „אַליאַנץ". נאָר דער „פאָרווערטס" איז געשטאַנען מיט דער אַלטער נאַציאָ־נאַלער עקזעקוטיוו, דאָס הייסט, מיט דער „שיקאַגאָער ס. ד. פּ." האָט ווינטשעווסקי אים פאַרלאָזן. נאָך פאַרן אַוועקגיין פון „פאָר־ווערטס" (סוף אַפּריל 1900) האָט ווינטשעווסקי דאָרט פאַרעפנט־לאַכט א „זייט געזונט!", וואו ער רעדט וועגן דער נייער באַ־וועגונג, פּונקט אַזוי ווי ער האָט מיט א פינף יאָר פריער גערעדט וועגן דער אַלטער.

דער סאָציאַליזם אין אַמעריקע, דערקלערט דאָרט ווינטשעוו־סקי, „ווערט געהאַלטן אַפּן בעט, ווי א טייערער בר־מינן, וועלכן מען וויל ווייניקסטנס פאַרהיטן פון ווערן א נבלה, וויסנדיק, אַז לעבעדיק קען מען אים ניט מאַכן". ער פאַרגלייכט די סאָציאַליס־טישע באַוועגונג צו א פערפּענדיקל, וואָס באַוועגט זיך „דאָ אַהין, דאָ אַהער, איצט אַביסעלע נאָך לינקס און דאַן א האַרעלע נאָך

רעכטס און אַם ענדע אימער אויף דעם זעלביקן אָרט". אַ געוויסע צייט האָט זי געהאַלטן „ביים ווערן אַ מאַסנבאַוועגונג, מיט אַ שטאַרקער פּרוזשינע אין איר". נאָר באַלד איז ווידער פון אַלץ געוואָרן אַ תל: „פון דעם לעבעדיקן שטראָם איז ווידער געוואָרן אַ לוזשע, דער גייסט איז ווידער פאַרשוואונדן פון די דאָרע ביי־נער, די אויפערשטאַנדענע באַשעפעניש איז צוריק דער אַלטער בר־מינן, וועלכער ליגט ניט באַגראָבענערהייט און מענטשן גייען פאַרביי און האַלטן זיך פאַר די נעזער". אַזוי אַז פון אַלע שיינע האָפנונגען אויף אַ באַנייאונג פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג האָט זיך געענדיקט מיט אַ „העסלאַכן, שוידערהאַפטן קאַצנ־יאָמער".

זיין לעצטע האָפנונג איז געווען די פאַראייניקונג פון די צוויי סאָציאַליסטישע פּאַרטייען און אַזוי ווי פון אָט־דעם פּלאַן איז גאָרניט געוואָרן, באַטראַכט ער זיין פּאַרטיי פאַר טויט.

די לעצטע זעקס חדשים, דערציילט דאָרט ווינטשעווסקי, איז ער געווען אין „פאָרווערטס" ווי אין אַ פיינטלאַכן לאַגער. אַמאָל פלעגט ער זאָגן ווי איבסענס „פאָלקספיינט": „דער שטאַרקסטער מענטש איז דער, וואָס שטייט מערסטנס אַליין". נאָר „דער פינף־יאָריקער קאַמף קעגן די שוואַרצע טומאה אין דער באַוועגונג" האָט אים אַזוי אויסגעמאַטערט, אַז ער „פילט זיך ניט מער פייאיק ווייטער צו קעמפן". ער האָט אין אָט־די פינף יאָר זיך געמאַכט מער שונאים ווי אין אַלע יאָרן פריער. אין ענגלאַנד האָט ער זיך געפילט „געליבט פון פּרינציפּיעלע קעגנער". דאָ אין אַמעריקע פילט ער זיך „געהאַסט פון געזינונגס־גענאָסן". ער שרייבט אי־בער זיין ליד „פּאַרטיי־פּאָליטיק",*) און באַמערקט, אַז ער טוט עס, ניט ווייל ער איז „אַזוי שטאָלץ אויף דער פּאָעזיע, וואָס איז דאַרין ניטאָ", נאָר ווייל ער זאָגט „ה י י נ ט ג ע נ ו י ד אָ ס ז ע ל ב ע" און ווייל „ער גלויבט, אַז דאָס איז, אָדער דאַרף זיין, דער פונדאַמענט פון דער טעטיקייט פון יעדן ערלאַכן סאָ־

*) זע אויבן, ז' 228.

ציאַליסט". ער אילוסטריט עס מיט ביישפּילן פון דעם ברודער־קאַמף אין די יוניאָנס, וואו די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי האָט קאָמאַנדירט אירע מיטגלידער קעגן סטרייקער... און פירט אויס, אז „אז דאָן זינגט זיך שוין ביי אייך אליין ארויס „איך לאָז מיר ניט פאַרצאַמען", און אזוי ווייטער ביזן סאַמע סוף".

צולעצט דערקלערט ער, אז אין די דריי יאָר, וואָס ער איז געווען פאַרבונדן מיטן „פאָרווערטס", האָט ער אין אָנהויב אָפּ־טער, נאָכדעם זעלטענער, נאָר אין דורכשניט „א שיין ביסל גע־ארבעט" פאַרן „פאָרווערטס", ניט קריגנדיק דערפאַר קיין „איין איינציקן סענט" און קיינמאָל ניט פאַרלאַנגט קיין דאַנק, ווייל ער האָט נאָר געטאָן זיין פליכט. איצט ביים אוועקגיין פאַר־לאַנגט ער „נאָר איין זאַך": „צוצולאָזן יעדע ערלאַכע קריטיק", וועלכע קען זיין געריכטעט קעגן זיין פּערזאָן, ווייל „דאָס פאָ־דערט דער פּרינציפּ, אויף וועלכן דער „פאָרווערטס" איז געגרינ־דעט". און ער ענדיקט זיין לאַנגן פיל־קאָלומדיקן „זייט געזונט!" מיטן אויסרוף: „עס לעבע די פרייע פּרעסע!"

אוועקגייענדיק פונם „פאָרווערטס", האָט ווינטשעווסקי א געוויסע צייט מיטגעאַרבעט אינם וועכנטלאַכן „סאָציאַל־דעמאָ־קראַט", וואָס איז ארויס אין די לעצטע מאָנאַטן פון יאָר 1900. דאָס איז געווען דער אָרגאַן פון דער נייער ס. ל. פּ.־אָפּאָזיציע (די „קענגורוס"), וואָס האָט אגיטירט פאַר א פאַראייניקונג מיט דער סאָציאַל דעמאָקראַטישער פּאַרטיי. נאָר ווינטשעווסקי טרעט ווידער ארײַן אינם „פאָרווערטס" נאָכדעם וויביידע ס. ד. פּ. פּאַרטייען, די „שיקאַגאָער" און די „ספּרינגפילדער", האָבן זיך פאַראייניקט אין איין פּאַרטיי אונטערן נאָמען „ס. פּ." (די איצ־טיקע אמעריקאַנער סאָציאַליסטישע פּאַרטיי). אויפן צוזאַמענפאָר אין אינדיאַנאָפּאָליס (1טן אויגוסט 1901), וואו די ס. פּ. האָט זיך געגרינדעט, איז ווינטשעווסקי געווען דער איינציקער דעלעגאַט פון די ס. ד. פּ. אין ניו יאָרק, צווישן גאַנצע 38 פּאַרשוין.

16 יאָר שפּעטער, ווען ער איז שוין לאַנג געווען אנטוישט אין דער „פרייער פּרעסע" פון „פאָרווערטס", האָט ווינטשעווסקי

נאָך אַלץ גערימט דעם צוזאַמענפאָר פאַר זיין „קלוגן" באַשלוס, די ס. פּ. זאָל ניט ארויסגעבן קיין אָפיציעלע אָרגאַנען, *) להיפּך צו דעליאַנס פאָדערונג פון אַ פרעסע קאָנטראָלירט פון דער פּאַרטיי.

***

אָנהויב יאָר 1902 ווערט ווידער אויפגעלעבט די „צוקונפט", וואָס איז קנאַפּע פינף יאָר ניט אַרויס. ווינטשעווסקי ווערט צו־ערשט איר הויפּט מיטאַרבעטער און באַלד נאָכדעם איר רע־דאַקטאָר.

ווינטשעווסקי האָט געגעבן דער „צוקונפט" דאָס אויסזען פון אַ מאָדערנעם זשורנאַל. זיינע אויפטואונגען דאָרט וואַרפן זיך אין די אויגן באַזונדערס, ווען מ'פאַרגלייכט די באַנייטע „צו־קונפט" אונטער זיין רעדאַקציע מיט דער, וואָס איז אַרויס אין די ניינציקער יאָרן. אַפילו זיין טעכנישע אויסשטעלונג פונם זשורנאַל, זיינע יערלאַכע אינהאַלטפאַרצייכענישן א. ד. גל. זיינען געווען אַ מוסטער פאַר זיינע נאָכפאָלגער. זיין עסטעטישער גע־שמאַק און זיין ערנסטע באַציאונג צו דער ליטעראַטור פילט זיך אין דער „צוקונפט", אַזוי גוט ווי אין „אמת". ווינטשעווסקי גרו־פּירט אַרום זיין זשורנאַל אַלע פּובליציסטישע, וויסנשאַפטלאַכע און ליטעראַרישע קרעפטן אין אַמעריקע און אייניקע אייראָפּעאי־שע. די פּובליציסטן: יצחק אייזיק הורוויטש, פיליפּ קראַנץ א. ד. גל. די וויסנשאַפטסלייט און פּאָפּולאַריזאַטאָרס: דר. י. בלומשטיין (ק פרומין), לעאָ דייטש, דר. זאָלאָטאַראָוו, ב. פיינענבוים א. א. וו. די דערציילער און דיכטער: יעקב גאָרדין, ב. גאָרין, יעקב דינעסזאָן, יהואש, א. ליעסין, י. ל. פרץ, לעאָן קאָברין, ה. רויזנבלאַט א. א. וו.

ניט געקוקט אויף דעם, וואָס ער האָט נעקענט אָפּגעבן פאַר דער „צוקונפט" בלויז אַ פּאָר שטונדן אַ טאָג, האָט ווינטשעווסקי דאָרט אַ היבש ביסל געשריבן. אחוץ זיין מאָנאַטלאַכן „רונדשוי", ווי ער האָט אָנגערופן זיינע קליינע לייט־אַרטיקעלאַך, האָט דאָרט

*) „פאָרווערטס" יובילעאום אויסגאַבע, 1917, ז' 41.

ווינטשעווסקי א ריי ביאָגראַפיעס (מאָזעס העס, גאַסטאָן קרעמיע, מוטער דזשאָונס, לאַסאַל, יאַקאָבי, אונטערגעצייכנט ט. ע. דעבקין, א. אַ.), „צושלאָגענע געדאַנקען" און „חיים באַרבורים'ס ווערטערבוך" פונם משוגענעם פילאָזאָף, אויך אַ קאַמפּיין־פּאַבל: „דער פוקס אויף צרות". *)

נאָר ווינטשעווסקי'ס ערשטע רעדאַקטאָרשאַפט פון דער „צוקונפט" האָט לאַנג ניט אָנגעהאַלטן. זיין שטעלע אַלס באַאַמטער פון אַ קוילנגרובן געזעלשאַפט האָט ווינטשעווסקי'ן געצוואונגען זיך צו באַזעצן (אַרום מערץ 1903) אין סט. פּאָול, וואו ער האָט פאַרבראַכט „כמעט אַ יאָר". ‡) אין אַפּריל־נומער „צוקונפט" דערקלערט די נייע רעדאַקציע (פייגענבוים), אַז

„אונזער פריינט און גענאָסע מ. ווינטשעווסקי, דער גלענצענדסטער און באַליבטסטער טאַלאַנט אין זיין פאַך אין אונזערע קרייזן, וועט יעצט, אַראָפּ'פּטר'נדיק די טראָבלס פון די רעדאַקציאָן, ערשט גיכער האָבן צייט, ווידער צו געבן דער „צוקונפט" די אָריגינעלע אָנציאונגס־קראַפט, וואָס קיין ציישריפט קען ניט האָבן אָן אים און וואָס האָט געמאַכט די פאַרצייטיקע יאָרגאַנגען „אַרבעטער פריינד" פאַר אַן אייביקע היילינקייט, וועלכע מען טראָגט נאָך אַרום אויף די הענט ביז היינטיקן טאָג".

*
**

אינם קאַמף פון דער אָפּאָזיציע קעגן דער ס. ל. פּ. האָט די ערשטע געפייערט אַ זיג נאָך אַ זיג. די ס. ל. פּ איז וואָס ווייטער געוואָרן אַלץ קלענער בעת די נייע פּאַרטיי פון דער פריערדיקער ס. ל. פּ. אָפּאָזיציע איז כסדר געוואַקסן. דאָך האָט ווינטשעווסקי נעהאַט ווייניק נחת פון זיין „זיג" איבער דער ס. ל. פּ.

די נייע פּאַרטיי, וואָס ווינטשעווסקי האָט געהאָלפן גרינדן, די ס. פּ., איז ניט געווען אַזוי אומקאָמפּראָמיסלאַך, אַזוי שטריינג אויסגעהאַלטן סאָציאַליסטיש, ווי די אַלטע, און האָט אַריינגע־

---

*) געזאַמלטע ווערק, באַנד 6, ז' 28—31.

‡) דאָרט, באַנד 7, ז' 175.

צוינגן אין אירע רייען גרעסערע מאסן, ווי יענע. נאָר דערפאַר האָט די ס. פּ. געליטן נאָך אין אַ גרעסערער מאָס פון די אַלע חסרונות, וואָס ווינטשעווסקי האָט מיט צען יאָר פריער געזען אין דער ס. ל. פּ. באַזונדערס איז עס געווען דער פאַל אין דער אידישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. אין די רייען פון די אידישע סאָציאַליסטן האָט געהערשט אַ כאָאָס, אַ תהו ובהו — „אַ מאָדנע קאָמפּראָמיסלאַכקייט, וואָס מען קען זעלטן טרעפן אין אַ סאָציאַליסטישער באַוועגונג". אינם וואַלקאַמף פון 1902 האָבן אידישע סאָציאַליסטן אַגיטירט שריפטלאַך פאַר אַ דעמאָקראַטישן קאַנדידאַט, און אַפילו דער פריער שטרייננגער אומקאָמפּראָמיס־לאַכער סאָציאַל דעמאָקראַט פיליפּ קראַנץ האָט רעקאָמענדירט אין אַ כל־ישראל צייטונג, אַז „די אידישע בירגער זאָלן שטימען פאַר רעפאָרמיסטישע פּאַרטייען".*)

דעם זעלבן פּשרה־גייסט האָבן די אידישע סאָציאַליסטן אויך אַרויסגעוויזן אין זייער שטעלונג צו דער רעליגיע.

„עס איז אין די לעצטע עטלאַכע יאָר געוואָרן אַ מאָדע ביי אונז, סאָציאַליסטן — דערקלערט ווינטשעווסקי — זיך צו דרייען אַרום די רעליגיע, ווי אַרום אַ בייזן געשוויר, זיך אימער היטנדיק טאָמער, חלילה, רירט מען דעם געשוויר אָן, טאָמער טוט מען אים וויי. דער „אמת פרומער" איז ביי אונז געוואָרן אַ גאַנצער יחסן, זיינע געפילן, זאָגט מען, זיינען הייליק‡) און

*) בורגין, געש. פון דער איד. אַרב.־באַוועגונג, ז' 614—615.

‡) ביי אַן אַנדער געלעגנהייט האָט ווינטשעווסקי באַמערקט (אין אַן אַרטיקל „יום־כפור", אין „פאָרווערטס", 1898), אַז יעדעסמאָל ווען עס מאַכט זיך אַ סקאַנדאַל (צוליב אַ יום־כפור באַל אָדער צוליב אַן אָפענעם רעסטאָראַן אין יענעם טאָג) „הערן מיר אימער דאָס אַלטע, אַלטע לידעלע מכח די „רעליגיעזע געפילן", וועלכע ווערן געקריינקט, און נאָך אַזעלכע דומע פראַזן. זיי רעדן אַזוי ווי זיי וואָלטן געווען די איינציקע, וואָס האָבן געפילן. און ווי איז, ווען אַ מענטש, וועל־כער גלויבט ניט — — — וועלכער זעט ווי די שולן ווערן אָנגעפילט

אַזוי ווי ער קען ניט פאַרטראָגן קיין הויך וואָרט, טאָרן מיר ניט צו הויך רעדן קעגן זיין רעליגיע, קעגן זיין גאָט, קעגן זיין זיסער איינבילדונג. און דאָך איז דער דאָזיקער „אמת פרומער", דאָס הייסט, אמת פאַר־בלענדעטער, אמת פאַרנאַרטער, אמת פאַרעזעלטער איינער פון די זיילן, אויף וועלכער עס האַלט זיך אונזער גאַנצער מענטשנפרעסער, בלוטזויגער־סיסטעם. „גאָט איז גערעכט און זיין משפט איז גערעכט" — דער דאָזי־קער זאַץ האָט פון אייביק אָן געהאַלטן צוגעמאַכט די אויגן פון די אַרבעטער".

ווינטשעווסקי פירט אויס, אַז מ'דאַרף און מ'מוז דעם גלוי־ביקן ווייזן,

„ווי שעדלאַך די אמונה איז, ווי מעכטיק זי דינט דעם בלוטצאַפּער, דעם בלוטפאַרגיסער, דעם בלוט־פאַרגיפטער. — — — די דאָזיקע אמונה דאַרף מען זיי ווייזן אין איר גאַנצער העסלאַכער נאַקעטקייט און דאָן

———

יום־כפור מיט אַלערליי שווינדלער, אונטערצינדער, פּראָצענטניקעס און אַנדערע אַזעלכע מענטשן — ווי, זאָג איך, איז, ווען ער ווערט צופוקעט, דאָס אַלעס זעענדיק אַרום זיך? זיינען זיינע געפילן קיין געפילן ניט?"

און אָנווייזנדיק אויף דער היפּאָקריטסטווע פון אָרטאָדאָקסישן רעדאַק־טאָר, פון וועלכער שדים אין גיהנום וואָלטן צעפּלאַצט געוואָרן פאַר גע־לעכטער, פירט אויס ווינטשעווסקי אַזוי:

„אַ שטיק דבר־אחר איינגעוויקלט אין אַ ספר־תורה, וועלכע איז געשריבן אויף גע'גנב'עטע פעלכלאַך — דאָס איז די היגע אידישקייט. און די מענטשן, וועלכע פּראַקטיצירן איין טאָג, העכסטנס צוויי טעג, אין יאָר אַזאַ מין אידישקייט, ווילן דאָס, אַז מען זאָל ניט טאָן קיין זאַך, וואָס קען קריינקען זייערע „רעליגיעזע געפילן".

(ווינטשעווסקי'ס קריגערישע שטעלונג צו דער אמונה האָט פונ־דעסטוועגן ניט געשטערט די אָרטאָדאָקסישע פּרעסע איבערצודרוקן זיינע זאַכן, נאַטירלאַך, ניט אָנפרעגנדיק אים. מיר געפינען זיי איבערגע־דרוקט אפילו אין די „אידישע גאַזעטן" (1899), וועמעס אַרויסגעבער און רעדאַקטאָר ער האָט אַזוי בייסיק אויסגעלאַכט.)

וועלן זיי ניט מער בעטן אַ גוט יאָר, זאָנדערן וועלן זיך פאַרבאַרייטן אים צו נעמען ביד חזקה ובזרוע נטויה".*)

**
*

די פאַרשטאַרקטע אידישע אימיגראַציע נאָך קישינעווער פּאָגראָם און אין דער צייט פונם רוסיש־יאַפּאַנישן קריג, וואָס האָט געגעבן דעם „פאָרווערטס" זיין גרויסן לייענער־קרייז (קיין אנדער טעגלאַכע סאָציאַליסטישע צייטונג איז דעמאָלט ניט געווען), אָט־די זעלבע איינוואַנדערונג האָט אויך פיל פאַרשטאַרקט די רייען פון דער אידישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. נאָר ניט געקוקט אויף דעם אידעאַליזם פון די אריבערגעקומענע, האָבן זיך געוואָרפן אין די אויגן דער זעלבער מין „אידעאַליסטישע קאַריערעס", באַטש „אנדערש געשלייערט", ווי דער, וואָס ווינטשעווסקי האָט מיט אַ צען יאָר פריער אַזוי שאַרף קריטיקירט אין זיין „אמת". אַ טייל געגאָסן האָבן זיך אינגאַנצן אריינגעלאָזן אין ביזנעס. זיי זיינען געוואָרן פאַבריקאַנטן, לענדלאָרדס, פּראָצענט־ניקעס א. ד. גל. און אָנגעזאַמלט רייכטימער פונם ארבעטערס פּראַצע. „ביי אייניקע פון זיי" — האָט ווינטשעווסקי דערקלערט —„איז דער סאָציאַליזם טויט געוואָרן, אַזוי גיך ווי אַ פּעקל אסיגנאַציעס האָט זיך פאַנאַנדערגעוויקלט פאַר זייערע אויגן. ביי אַנדערע ווידער איז דער אידעאַל אָפּגעשטאָרבן לאַנגזאַם, הינ־טערוויילאַך, איין שריט, צוויי, דריי, ווי ר' יצחק אלחנן עה"ש פלעגט אויסגיין שמונה עשרה, ווי דאָס ערנוואָרט ביי אַ סאָ־ציאַליסטישן סוחר".

מער ווייטיק ווי אָט־די ביזנעס־סאָציאַליסטן האָבן ווינ־טשעווסקין פאַרשאַפט יענע, „וועלכע ב א ו ע ג ן זיך כלומרשט, אָבער דאָס איז נאָר וייל די ערד נעמט זיי ניט צו". אין איינעם פון זיינע פעליעטאָנען פון יאָר 1901 שרייבט ער וועגן דעם אַזוי:

„איר גייט צו אַ מיטינג און איר טרעפט איין מת אַלס טיר־

---

*) „צוקונפט", אָקטאָבער, 1902.

שטייער, אַן אַנדערן אַלס טשערמאַן און אַ דריטן אַלס רעדנער. קוקט זיך איין אויף זייערע פּנים׳ער, וועט איר זען, אַז זיי זיינען וואַנדלענדע מצבות, און אויף יעדער פון זיי שטייט דייטלאַך אויפגעשריבן: „דאָ ליגט באַגראָבן אַ סאָציאַליסט“. צייטנווייז טרעפט מיר, אַז איך באַגעגן ערגעצוואו אַ גאַנצע גרופּע פון אַזעלכע וואַנדלער אין עולם התהו. איך באַטראַכט זיי און זע, אַז די נשמה, די אמת׳ע נשמה, איז שוין לאַנג פון זיי אַרויס; אַז דער דופק, וואָס קלאַפּט אין זיי, איז אַ געמאַכטער, אַ קינסטלאַכער, ווי דער דופק פון אַ זייגער; אַז זיי האָבן אין זיך ניט מער קיין געפיל און קיין מיטגעפיל. איך באַטראַכט זיי לאַנג, זייער לאַנג, און מיר ווילט זיך אויסשרייען: מ ת י ם — גייט צוריק אין אייער רו!“ *)

דאָך ווערט ווינטשעװסקי ניט פאַרצווייפלט. ער איז אַלעמאָל געווען אַ וועלט־בירגער אינם איידלסטן זין פון אָט־דעם וואָרט. ער איז געווען אַ אידישער סאָציאַליסט און אַ סאָציאַליסטישער איד און אויך געהאַט אַ באַזונדער ליבע פאַר אַמעריקע. נאָר צו־גלייך האָט ווינטשעװסקי געלעבט און געאָטעמט מיט דער אַרבע־טער־באַוועגונג אין אַלע טיילן וועלט. ער איז דערפאַר ניט אַריינ־געפאַלן אין יאוש, ווען די באַוועגונג אין אַ לאַנד, מעג עס אויך זיין אין אַמעריקע, איז געווען „פויל אָדער צוגעפוילט“. איז די באַוועגונג געווען געל אין אַמעריקע, האָט זי דערפאַר געגרינט און געבליט אין רוסלאַנד. זיינען די אַמעריקאַנער אידישע גענאָסן געווען „מתים“, האָבן דערפאַר די רוסלענדער אידישע רעוואָלו־ציאָנערן שוין אַרויסגעוויזן גאָר אַ סך לעבן. דערפאַר האָט אויך ווינטשעװסקי ניט פאַרלוירן זיין גלייכגעוויכט פון זיין אומענד־לאַך טיפן צער און צאָרן איבערן קישינעווער פּאָגראָם.

„אונטער דער ווירקונג פון וויטיק, וועלכן דער קישינעווער פּאָגראָם האָט פאַרשאַפט“, האָט אויסגעבראָכן אינם אידישן ראַ־דיקאַלן לאַגער „אַן אמת נאַציאָנאַליסטישע עפּידעמיע, וועלכע האָט ביז אַ געוויסן גראַד אָפּגעווישט דעם גרענעץ צווישן סאָ־

*) געזאַמלטע ווערק, באַנד 5, ז' 140—141.

ציאַליסט און ניט סאָציאַליסט". ס'איז געווען אַזאַ מין עפּידעמיע, ווי די, וואָס האָט געבושעוועט אין צייט פון דער וועלט־מלחמה אין די רייען פון די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען אין די קריגס־לענדער. פון אָט־דער עפּידעמיע האָבן געליטן ניט נאָר די ס. פּ.־ניקעס, נאָר אויך די ס. ל. פּ.־ניקעס און די אַנאַרכיסטן. „דער ראַדיקאַליזמוס פונעם קוואַרטאַל איז כמעט ווי צעגאַנגען אין דער נאַציאָנאַליסטישער כוואַליע." *)

נאָר ווינטשעווסקי איז געבליבן פעסט ביי זיין רעוואָלוציאָנערן סאָציאַליזם נאָך די פּאָגראָמען פון 1903 און 1905, אַזוי ווי מיט אַ קנאַפּן פערטל־הונדערט יאָר פריער, נאָך די פּאָגראָמען פון 1881. ער האָט געזען אין די נייע פּאָגראָמען, אַזוי ווי אין די אַלטע, אַ פאַרזוך פון צאַריזם צו דערשטיקן די רעוואָלוציע אינם בלוט פונם „שטיפקינד". בפרט, אַז ווינטשעווסקי איז אַלעמאָל געווען מיט דער מיינונג, אַז אינם „לעצטן שטרייט פונם אינ־טערנאַציאָנאַל" וועט אויך דער קאַפּיטאַליזם פּרובירן דערשטיקן די רעוואָלוציע דורך פּאָגראָמען אויף אידן אָדער אַנדערע נאַ־ציאָנאַלע מינדערהייטן.

ס'איז דערפאַר קיין חידוש ניט, וואָס אין זיין „בריוו קיין רוסלאַנד", *) געדרוקט אין אַ בונדיסטישער אומלעגאַלער אויס־גאַבע (1904), אינם רעכטן מיטן פון דער „נאַציאָנאַליסטישער עפּידעמיע", לאַכט אויס ווינטשעווסקי די אַלטע חובבי־ציון און די נייע ציוניסטן. ער דערציילט ווי אַזוי אינם מיטן פון דער סאָציאַ־ליסטישער אַגיטאַציע אויף העברעאיש האָט פּלוצלונג „אַ שכור'ער פּויער אַ געשריי געטאָן: „בעיטיע זשידאָוו!" (שלאָגט די אידן) און איבער דער גאַס האָט זיך אַ לאָז געטאָן די איינגעווייט פון אידישע פּערינעס, און דאָס איז גענוג געווען אַזאַ אימה אריינ־צו יאָגן אין דער דינער הויט פון די לינקע משכילים, אַז דער סאָציאַליזם זייערער האָט ביסלאַכווייז אויסגעוועפּט — — — אַ

*) בורגין, געש. פון דער איד. אַרב.־באַוועגונג, ז' 615—616.
*) געזאַמלטע ווערק, באַנד 5, ז' 9—15.

ווײַלע שפּעטער האָבן זיי שוין געזאָגט רבנן־קדיש נאָך זייער אָפּגעשטאָרבענעם אידעאַל און האָבן זיך גענומען בויען זייער צוקונפט אויף די קברים פון דער מערת המכפלה, זינגענדיק הנותן תשועה למלכים מיט גרויס התלהבות".

ניט קיין שענערן פּנים האָבן ביי ווינטשעווסקי'ן די מאָדערנע ציוניסטן: די „העלדן", וואָס זוכן „צו אנטשיידן די אידן־פראַגע מיט די פּיס, דאָס הייסט אויף דעם וועג פון „ויצא יעקב", פון עמיגראַציע — — — מענטשן, וואָס קענען נאָר לויפן פון שונא".

ווינטשעווסקי איז דערפאַר מיט זיינע אייניקלאך, די אידישע אַרבעטער פונם נייעם דור, וואָס זאָגן:

„די אידישע איז נאָר אַ טייל פון דער סאָציאַלער פראַגע, זי מוז אנטשיידן ווערן ניט מיט די פיס, נאָר מיט די הענט, און ניט אַזוי פיל מיט די הענט, ווי מיט די קולאַקעס— ביד חזקה ובזרוע נטויה! נידער מיט דעם קנוט, נידער מיט דער ממשלת הזדון!"

און ווינטשעווסקי פרעגט:

„וואָס זיינען דאָס פאַר ווערטער? און ווער רעדט זיי? דער קול איז דער קול פון לאַסאַל און די הענט זיינען די הענט פונם אַרבעטער, וואָס אויף אים האָט דער דאַזיקער לאַסאַל געזאָגט: „ער איזט דער פעלז, אויף וועלכן דער טעמפּל דער געגנוואַרט געבויט ווירד", נאָר דאָס איז דערצו נאָך אַ אידישער פעלז".

און ווען זיין „אייניקל" דערציילט אים, אז „די געלע" (יאַ־פּאַנעזער) שלאָגן דעם צאַר, ענטפערט ווינטשעווסקי: „נאַרעלע, ער וועט קריגן זיין מפּלה ניט פון די ג ע ל ע, נאָר פון די רויטע"...

ס'פאַרשטייט זיך, אַז ווינטשעווסקי איז געווען פול באַגייס־טערונג פאַר דער רעוואָלוציע פון 1905, באַטש זי איז אָנגעקומען „אין טרויער קליידער", באַגלייט פונם צאַרס פּאָגראָמען אויף אידן. „ס'זינגט זיך... און עס קלאָגט זיך..." ס'האָט זיך אים גע־זונגען אפילו פון דער „אידישער גאַס". אמת, די שוואַרצע כוחות האָבן געזוכט צו דערטרינקען די רעוואָלוציע אין אידיש בלוט,

נאָר דער נייער איד, דער אַרבעטער־איד „לאָזט מיט זיך ניט שלאָגן קיין כפּרות, ער ווערט זיך...״ „ער גיט אַ קלאַפּ פאַר אַ קלאַפּ״. האָט זיך ווינטשעווסקי'ן, דעם דורך־און־דורך וועלט־ביר־גער, „געגומען ביינקען אַהיים״... ס'האָט זיך אים געוואָלט אוועק־לייגן זיין „אַלטן קאָפּ״—צווישן די „געפאַלענע חשמנאים־קינ־דער, וועלכע די נייע צייט האָט באַשאַפן״, הגם ער האָט געהאַלטן, אַז אים „וואָלט אפשר געפעלט דער מוט צו שטאַרבן אין קאַמף״.*) און ניט קענענדיק פאָרן „אַהיים״, האָט ער זיך געווענדט צו זיינע קעמפערישע אייניקלאַך מיט זיין רוף „נעמט מיט מיין נשמה״:

„ווען איר גייט אַרויס אין קאַמף
מיט אָנגעגורטע לענדן,
געגנ זיי, וואָס דריקן אייך
און שטיקן אייך און בלענדן;
מיט דעם פּורפּור־פלאַג אין האַנט,
ווען איר קומט קריג דערקלערן,
קריג דער הערשאַפט פון דער נאַכט,
און רופט: ס'זאָל ליכטיק ווערן!
און איר גייט, און ס'הויבט זיך
די הייליקע מלחמה,
דאַן, אָ, קינדער, אויב איר קאָנט,
זעט, נעמט מיט מיין נשמה!״

און ווען ס'האָט אויסגעזען, אַז נאָך די אַלע קרבנות וועט רוס־לאַנד האָבן בלויז אַ קאַפּיטאַליסטישע פרייהייט, האָט ווינטשעווס־סקי דערקלערט, אַז „אפילו ביי אייך, אָט אין דער נייער וועלט, וועט ניט אייביק בלייבן אַזוי ווי עס איז היינט. די זונענשטראַלן, וועלכע היינט בלענדן נאָר, וועלן באַלד לייכטן; די פרייהייט, וועלכע איז היינט אַ דינסטמויד ביים קאַפּיטאַל, וועט אין קורצן

*) דאָרט, ז' 33.
‡) לידער און געדיכטע, פאַרלאַג מייזעל, נ. י. 1910. ז' 140.

זיין א ניאַנקע ביי דער נייגעבוירענער צייט, דער צייט פון גלייכ־הייט און פון רעכט". *)

***

דער אונטערגאַנג פונם „אבענד־בלאַט" און דער „ארבעטער צייטונג" (אין 1902) האָט איבערגעלאָזן א פרייען פעלד פאַרן „פאָרווערטס".

דאָס „אבענד־בלאַט" האָט פאַרלוירן זיין איינפלוס מחמת א סך טעמים. הויפּטזאַכלאַך צוליב קראַנצ'עס קאַמף קעגן שטראָם פונם אידישן פּאַטריאָטיזם, בעת דער דרייפוס־אַפערע און דעם אמעריקאַניש־שפּאַנישן קריג (אין 1898). דאָס „אבענד־בלאַט" האָט דערביי פאַרלוירן ארום א העלפט פון זיינע 18,000 קויפער. דערצו האָט עס נאָך געהאַט אויף זיך קאָסטבאַרע פּראָצעסן פאַר באַליידיקן לואי מילער און דאָס „טאָגעבלאַט". פאַרקערט, דער „פאָרווערטס" האָט געטיילט די געפילן פון די ברייטע אי־דישע מאַסן ניט בלויז אין זייער סימפּאַטיע מיט דרייפוסן, נאָר אויך מיט זייערע נקמה־געפילן קעגן שפּאַניע, פאַר אירע אינקווי־זיציעס און גרושים מיט דורות צוריק. דערצו האָט זיך אָנגעהויבן די פריער־דערמאָנטע שטאַרקע אימיגראַציע פון ראַדיקאַל גע־שטימטע אידישע מאַסן, וואָס האָבן זיך גרופּירט ארום דער סאָ־ציאַליסטישער צייטונג. נאָר ווינטשעווסקי איז ניט געווען באַ־גייסטערט דערפון, וואָס דער „פאָרווערטס" איז געוואַקסן אין איינפלוס און מאַכט. וואָרים אין יענער צייט איז אב. קאַהאַן ווידער געוואָרן דער הערשער פונם „פאָרווערטס" און האָט דאָרט איינגעפירט די אזוי־גערופענע „מענטשלאַכע־אינטערעס"־ארטיק־לען, געשריבן אין א „פליינעם" אידיש א. ד. גל. נייסן, מיט וועל־כע ווינטשעווסקי איז געווען שטאַרק אומצופרידן. ביי די רעדאַק־טאָר־וואַלן פון סוף יאָר 1904 איז ווינטשעווסקי דערפאַר געשטאַ־נען אויף דער זייט פון פריערדיקן „פאָרווערטס"־רעדאַקטאָר, לואי

*) געזאַמלטע ווערק, באַנד 5, ז' 25.

מילער, וואָס האָט אָנגעפירט דעם קאַמף קעגן קאַהאַנס ווידער־דערוויילונג. *)

גלייכצייטיק מיט דער געלקייט פונם „פאָרווערטס" האָט זיך אַרום אים אָנטוויקלט אויך די „קליקע"־הערשאַפט. דער „פאָר־ווערטס" איז ניט געווען מער די צייטונג פון אַרבעטער־אָרגאַ־ניזאַציעס, ווי ביי זיין גרינדונג. ער איז איבערגעגאַנגען אין די הענט פון אַן אַסאָסיאיישאָן פון איינצעלנע מיטגלידער, לויט דער זעלבער סיסטעם און מיט נאָך מער חסרונות ווי יענע „אַרבעטער צייטונג פּאַבלישינג אַסאָסיאיישאָן", וואָס אין קאַמף קעגן איר איז דער „פאָרווערטס" געגרינדעט געוואָרן.

די סבות פון זיין אומצופרידנקייט מיטן „פאָרווערטס" פון יענער צייט האָט ווינטשעווסקי דערקלערט פינף און אַ האַלב יאָר שפּעטער, אין זיין אַרטיקל: „דער פאָרווערטס" (צוקונפט, נומערן מאַי און יוני 1910). ווינטשעווסקי האָט זיין אַרטיקל געשריבן צוליב אַ לעקציע, וועלכע ער האָט געדאַרפט האַלטן איבער דער זעלבער טעמע. די מעשה איז אַזוי געווען:

פרייטיק, דעם 17טן דעצעמבער, 1909, האָט ווינטשעווסקי געהאַלטן אַ פאָרטראַג, אין וועלכן ער האָט פּרובירט דערקלערן די אורזאַכן פון דער סאָציאַליסטישער מפּלה ביי די וואַלן פון עטלאַכע וואָכן פריער. ווינטשעווסקי האָט פיל געשריבן וועגן אַזוינע ענינים און איז געווען דער גרעסטער מומחה אין אָט־דער פראַגע. נאָר אין זיין לעקציע האָט ער „בדרך אגב" אָנגערירט אויך „אונזער פּרעסע" און ספּעציעל דעם „פאָרווערטס". דער עולם האָט, אין דער דיסקוסיע, פאַרלאַנגט, אַז דער רעדנער „זאָל גיין ווייטער אין דיזען פּרט". איז ווינטשעווסקי געוואָרן „אַביסל אויפגערעגט", האָט „געמאַכט עטלאַכע סאַרקאַסטישע, עטלאַכע ניפּטיקע באַמערקונגען". צולעצט האָט ער דערקלערט, אַז דער „פאָרווערטס" אַליין „וואָלט באַדאַרפן אַ פאָרטראַג פאַר זיך". מ'האָט ווינטשעווסקין גענומען ביים וואָרט און אַרום דריי חדשים

*) „פאָרווערטס" יובילעאום אויסגאַבע, 1917, ז' 17.

שפּעטער (18טן מערץ 1910) האָט ער טאַקע געגעבן אינם זעלבן פּלאַץ אַ לעקציע איבער „אונזער פּרעסע".

אין דעם משך פון די 4 וואָכן צווישן דער ערשטער און דער צווייטער לעקציע האָט ווינטשעווסקי — ווי ער דערציילט דאָרט אין דער „צוקונפט" — „פיל נאָכגעדאַכט וועגן דעם ענין". ער האָט געהאַט מאַטעריאַל, פאַקטן און ציפערן גענוג פאַר מער ווי איין אינהאַלטסרייכער לעקציע. ווינטשעווסקי האָט גערעדט אָבּ־יעקטיוו, רואיק און געלאַסן, הגם „מיט אָנגעקליבענע גאַל פון פינף מיט אַ האַלב יאָר איז דאָס געווען אַ האַרעלע שווער".

דורכפירנדיק אָט־די אויפגאַבע מינדלאָך, האָט עס ווינטשעווסקי פּרובירט אויך טאָן שריפטלאָך. זי איז פאַר אים געוואָרן זייער וויכטיק און ערנסט צוליב דעם, וואָס „מיט אַזעלכע געוואַלדיקע סומען געלט" — וואָס דער „פאָרווערטס" פּראָפּיטירט — „קען מען פיל אויפטאָן סײַ צום גוטן, סײַ צום בייזן."

***

ווינטשעווסקיס קריטיק קעגן „פאָרווערטס" איז געשריבן אויסערגעוויינלאָך אָביעקטיוו, רואיק און געלאַסן. דאָך קומט ארויס דער „פאָרווערטס" ווייניקער סאָציאַליסטיש און מער קליקע־זאַך ווי דאָס „אַבענד־בלאַט", וועגן וועלכן ווינטשעווסקי האָט אַ 15 יאָר פריער גערעדט מיט אַזוי פיל גאַל.

מיר האָבן דאָרט אַ בילד פונם „פאָרווערטס"־רעדאַקטאָר (כאָטש ווינטשעווסקי רופט אים ניט אָן מיטן נאָמען און האָט זיך שטאַרק געהיט אים ניט אָנצורירן פּערזענלאָך). מיר זעען דאָרט אַ רעדאַקטאָר, וואָס ווייסט בלויז פון גט'ן, סקאַנדאַלן און מאָרד־פּראָצעסן, נאָר האָט קיין שום ידיעה ניט „פון די געשיכטע פון זיין צייט, פון די פּאָליטישע פּאַרוויקלונגען, פון אַלץ וואָס קומט פאָר דאָ אין דער מדינה". מיר זעען דאָרט, אַז דער „פאָרווערטס"־רעדאַקטאָר איז „אין גרונט האַרצן נאָך היינטיקן טאָג אַ אידישער נ א ר א ד אָ וו אָ ל ע ץ" (פּאָלקיסט), נאָר ניט קיין „אי־דישער סאָציאַליסט" אָדער „סאָציאַליסטישער איד". האָט קיין אידישע פראַגע „ניט געפונען קיין אָפּקלאַנג און קיין פאַר־

שטענדעניש" אין „פאָרווערטס", אויב ליעסין איז „געווען ברוגז" מיטן רעדאקטאָר אָדער ניט געשריבן „צוליב אַן אנדער גרונט". האָט ניט דער „פאָרווערטס" „קיין פאראנטוואָרטלאכן סאָציאַ־ליסטישן רעדאקטאָר" — „קיין איינהייטלאכקייט אין דער סאָ־ציאַליסטישער ריכטונג איז ניטאָ. קיין נאציאָנאַל־פּאָליטישער פּראָגראם איז ניטאָ. קיין טאַטע און קיין מאַמע איז ניטאָ. עס איז ניטאָ דער מאַן, וועלכער זאָל דער צייטונג געבן איר סאָציאַ־ליסטישע פיזיאָנאָמיע".

ווינטשעווסקי ווייזט אויך אָן, אַז דער „פאָרווערטס" אינ־טערעסירט זיך ניט מיט די יוניאָנס, מיט די פילע פארשיידענע פאראייגען, וועלכע האָבן קולטורעלע באשטרעבונגען, מיטן אַר־בעטער רינג א. א. וו. ער קריטיקירט ניט די יוניאָנס, ווען נוי־טיק; ווייזט זיי ניט זייערע פעלערן יעדעס מאָל, ווען זיי מאכן אַ פעלער, פאָדערט ניט קיין דין וחשבון פון זייערע פירער, וואו דאָס איז נויטיק. ער גיט בלויז אַ יוניאָן „אַ נדבה אין צייט פון אַ סטרייק" נאָר דאָס — באמערקט ווינטשעווסקי — קען טאָן „יעדער" וואָס האָט געלט, און ניט דוקא אַ סאָציאַליסטישע צייטונג".

נאָך שארפער איז ווינטשעווסקי אין זיין קריטיק פונם „ליטעראַרישן" אָפּטייל אין „פאָרווערטס". ער דערציילט, אַז די איבעזעצטע ראָמאַנען אין „פאָרווערטס" „זיינען פארקריפּלט און צע'הרג'עט", און די „אָריגינעלע" זיינען פון אזא נידעריקן ווערט, אַז ס'פאַלט קיינעם ניט איין זיי איבערצודרוקן אין בוך־פאָרם, „אפילו ניט דעם „פאָרווערטס" אליין"... וועגן דער ליטעראַטור־קריטיק אינם „פאָרווערטס" (דעמאָלט געשריבן כמעט אויסשלים־לאך נאָר פונם רעדאקטאָר, אב. קאהאן) דערקלערט ווינטשעווסקי, אַז „חוץ אפשר די פארבלענדטע, פארנארטע, לאנג שוין בלינד און טעמפּ־געוואָרענע חסידים און פאנאטיקער פון די איצטיקע רעדאקציע, איז ניטאָ אַן אינטעליגענטער לעזער — פון שרייבער איז אָפּגערעדט — וועלכער זאָל האָבן אַ גוט וואָרט צו זאָגן פאר די ליטעראַרישע קריטיק אינם „פאָרווערטס".

רעדנדיק וועגן דער געלקייט פונם „פאָרווערטס“, דערציילט ווינטשעווסקי, אַז „דער „בינטל־בריוו“ איז אין דעם „פאָרווערטס“ ניט קיין אָריגינעלע אידייע, נאָר איז איבערגענומען פון דער אַמע־ריקאַנישער געלער פרעסע. דערביי האָט דער „פאָרווערטס“ קיינמאָל ניט געהאַט קיין מוט צו געבן אַ דירעקטן ענטפער, ווי דאָס טוט די אַמעריקאַנישע געלע פרעסע, וועלכער ער, דער „פאָר־ווערטס“, האָט נאָכגעמאַכט. ווינטשעווסקי האַלט דערפאַר, אַז דער ערגסטער כאַראַקטער־צוג פונם „בינטל“ איז ניט אין דער אידיאָטישקייט פון די בריוו־שרייבער, נאָר אין דער „עצה־געבעריי פונם „פאָרווערטס“, „וועלכע איז ענטוועדער אינהאַלטסלאָז און אומזיניק, אָדער אַן עצה צו טאָן אַזוי אָדער אַזוי, ניט אויס־הערנדיק דעם אַנדערן צד, ניט וויסנדיק די איינצעלהייטן פון דעם פאַל, ניט זיין פאָרגעשיכטע, ניט די ספּעציעלע אומשטענדן, ניט דעם כאַראַקטער פון די איבעריקע פּערזאָנען אין דער דראַמע א. א. וו. — — — דאָס דערלויבט זיך ניט קיין אָנשטענדיקע קאַפּיטאַליסטישע צייטונג אפילו דאָ אין אַמעריקע, אַ פּשיטא שוין אַ סאָציאַליסטישע“.

ווינטשעווסקי קריטיקירט אויך די עם־הארצות אינם נייעס־אָפּטייל פונם „פאָרווערטס“, זיין הינטערשטעליקייט אין געבן אינפאָרמאַציע און זיין פויגל־שטרויס פּאָליטיק, צו איגנאָרירן און טויט־שווייגן אַ קעגנער און בכלל יעדע פּערזאָן, וואָס איז דעם רעדאַקטאָר „ניט סימפּאַטיש“.

נאָר די רעדאַקציע פונם „פאָרווערטס“, כאָטש אַ „סאַמאָ־דערזשאַוויע“ (אַליינהערשאַפט), אַ ניט קיין סאָציאַליסטישע און אַ ניט קיין ליטעראַרישע, ווי ווינטשעווסקי כאַראַקטעריזירט זי, איז דאָרט נאָך ניט דאָס ערגסטע.

דער „פאָרווערטס“ איז פון ווינטשעווסקין און זיינע חברים געגרינדעט געוואָרן אונטערן לאָזונג: קאַמף קעגן „קליקעס“ און „דזשאַב־סאָציאַליסטן“. נאָר ס'האָט ניט לאַנג גענומען און ווינ־טשעווסקי האָט איינגעזען, אַז דער „פאָרווערטס“ איז אַריבער אין די הענט פון אַ „קליקע“ פון „ביזנעס־סאָציאַליסטן“, וואָס האָבן

פיינט „דעם אלטמאָדישן סאָציאַליסט", וועלכן זיי רופן אָן „יאָלד", „צדיק אין פּעלץ" א. ד. גל. „לפנים", זאָגט ער, „איז די „פאָרווערטס"־אַסאָסיאיישאָן" אַ „פאָלקס־פאַרוואַלטונג". נאָר פאַקטיש הערשן יענע אַסאָסיאיישאָן־מיטגלידער, וועלכע האָבן שטעלעס ביים „פאָרווערטס" און זיינען „דערפאַר טאַקע מאַטע־ריעל פאַראינטערעסירט אין דעם געשעפט",—

„און אַזוי ווי יעדער מאַטעריעל־פאַראינטערעסירטער איז בטבע קאָנסערוואַטיוו, האָט בטבע פיינט קיקערס און רעבעלן, וועלכע קענען חלילה איבערקערן די שיסל, זיינען זיי די הויפּט־מאַכערס און די הויפּטשטימערס, זיינען זיי די, וואָס סאַנדזיען און ראַנדזיען, די בעלי־בתים, זיינען זיי דאָס פאָלק! זיי און די קליקע".

דערמאָנט ווינטשעווסקי מיט ווייטיק דעם „צירקולאַר", וואָס ער און זיינע חברים האָבן אַרויסגעלאָזן אָנהויב יאָר 1897 קעגן דער אַסאָסיאיישאָן פונם „אַבענד־בלאַט" — „אויסצורייניקן די באַוועגונג פון דזשאָב־סאָציאַליסטן", — וואָס פּאַסט זיך נאָך

אין אַ פיל גרעסערער מאָס פאַר זיין באַשאַף, דעם „פאָרווערטס".

ס'איז דערפאַר געווען נאַטירלאַך, אַז ווינטשעווסקי זאָל צו־שטיין צו אַ נייער סאָציאַליסטישער צייטונג, געגרינדעט (סוף 1905) אין אָפּאָזיציע צום „פאָרווערטס". בפרט נאָך, אַז לואי מי־לער, דער זעלבער סאָציאַליסטישער פירער, וואָס האָט געגרינדעט און אַ געוויסע צייט, רעדאַקטירט דעם „פאָרווערטס", איז אויך דער גרינדער און רעדאַקטאָר פון דער נייער צייטונג, די „וואַר־הייט".

## 17,

## די „וואַרהייט"

אַ פרייע פּלאַטפאָרם פאַר אַלע סאָציאַליסטישע מיינונגען. — מאַקסים־אַפּערע. — חרם, בלבול, פּראָטעסט. — שעטנז־פּאָליטיק. — „אַראָפּ פון מאַרק!" — ליטעראַרישע טעטיקייט.

די „וואַרהייט" האָט אַרויסגעשטעלט קעגן „פאָרווערטס" ענ־

לאַכע באַשולדיקונגען ווי דער „פאָרווערטס" קעגן „אבענד־בלאט" מיט ניין יאָר פריער. די „ווארהייט" האָט געזאָלט ווערן אַ פרייע פּלאַטפאָרם פאַר אַלע סאָציאַליסטישע מיינונגען און פאַרווירק־לאַכן ווינטשעווסקיס אויסרוף אינם „אמת": „דער סאָציאַליזם איז וויכטיקער ווי די פּאַרטיי און די ווארהייט איבער אַלעס!" זי אַזוי אויך די ערשטע צייט געווען ״סאָציאַליסטישער און ליטעראַ־רישער ווי דער „פאָרווערטס". (אַלס פּרעמיע צו אירע אַבאָנענטן האָט די „ווארהייט" געגעבן די „צוקונפט".) איז זי, די „ווער־הייט", טאַקע אויפגענומען געוואָרן „פריינטלאַך" פונם סאָציאַ־ליסטישן עולם און „איז פון אָנפאַנג באַטראַכט געוואָרן פאַר אַ סאָציאַליסטישער צייטונג". *)

די ערשטע צייטן האָט דאָרט ווינטשעווסקי זעלטן אָנגערירט דעם „פאָרווערטס". ער פּרובירט אפילו אין יענער צייט שרייבן אַ „פאָלקסשטימע" אינם „פאָרווערטס" קעגן קאַהאַנס אַרונטער־רייסן גאָרדינס דראַמען. ס'פאַרשטייט זיך, אַז ווינטשעווסקי'ס „פאָלקסשטימע" איז געוואָרן אונטערדריקט. האָט ער זי פאַרעפנט־לאַכט אין דער „ווארהייט" (11טן יאַנואַר, 1906), מיט זיינעם אַ פּירוש, אונטערן נאָמען „פ ר י י ע פּ ר ע ס ע און דער „פאָרווערטס".

ווינטשעווסקי דערקלערט דאָרט, אַז דער רעדאַקטאָר פונם „פאָרווערטס", „דעם אַמאָליקן אָרגאַן פון פרייע פּרעסע", האָט „זיך אַרויסגעוויזן פאַר אַבסאָלוט אומפייאיק צו פאַרשטיין ניט נאָר דעם פּרינציפּ, אויף וועלכן דער „פאָרווערטס" איז געגרינדעט געוואָרן, זאָנדערן די באַדייטונג פון דעם וואָרט אָנשטענדיקייט". ער ברענגט פאַקטן, ווי אַזוי יענער האָט אונטערדריקט ענטפערס און פאָלקסשטימען פון די גרינדער און פריערדיקע רעדאַקטאָרן פונם „פאָרווערטס". ער אונטערשטרייכט, אַז אַזוינס קען ניט פּאַ־סירן אפילו אין דער קאַפּיטאַליסטישער צייטונג, וואו „הער קאַהאַן איז מיט אַ פּאָר יאָר צוריק געווען אַ רעפּאָרטער". ווינטשעווסקי

*) בורגין, געשיכטע פון דער איד. אַרב.־באַוועגונג, ז' 643—644.

דערקלערט אויך די סיבה דערפון: קאהאן איז ניט קיין רעדאקטאָר פון אַ ציימונג, נאָר דער באָס פון אַ קליקע — אַן „אַליין־הערשער" — „אַ מין ניקאָלאַי סאַמאָדערזשעץ מיט אַ בוליגינישער דומע"— „איינער, וועלכער האָט זיין פּאַרלאַמענט, זיין פּאָבלישינג־אַסאָ־סיאיישאָן, לפּנים איבער זיך, אין אמת׳ן אָבער אונטערן פּאָנ־טאָפעל". ווינטשעווסקי זאָגט אויך צו דערציילן „באריכות, אויף אַן אנדער אָרט, אַן אנדערס מאָל", „ווי אַזוי דער הער „פאָרווערטס"־רעדאַקטאָר האָט זיך ארויסגעווינדעוועט צו זיין איצטיקן הויכן ווארימען נעסט, זיך שטעלנדיק אויף די רוקנס פון געוויסע פערזאָנען". נאָר ווינטשעווסקי האָט קיינמאָל ניט דערפילט זיין צוזאָג. פאַרקערט, ווען ל. מילער האָט צוגעזאָגט נעבן אַ סעריע אַרטיקלען איבער די „פאַרגאַנגענהייט, קעגנוואַרט און צוקונפט פון דעם טרויעריקן רעדאַקטאָר פון „פאָרווערטס", האָט ווינטשעווסקי אַריינגעשיקט אין דער „ווארהייט" אַ בריוו, אין וועלכן ער האָט געבעטן מילערן ניט צו ענטפּערן אויף קאהאנס זלזולים קעגן גאָרדינען. ווינטשעווסקי האָט זיך פאַרהאַלטן אויך נייטראַל, ווען קאהאן איז באַפאַלן זיין אַלטן בוזים־פריינט מילערן מיט אַ מאַרק־שפּראַך, וואָס איז געווען צו האַמעטנע אפילו פאַר „פאָרווערטס"־לייענער.

דאָך ניט אַלעמאָל האָט ווינטשעווסקי זיך געקענט האַלטן פּי־לאָזאָפיש רואיק. און ווען קאהאן האָט זיך באַרימט, אַז ער פאַר־שווייגט זיין „קיבעצער" פון דער „ווארהייט", האָט ווינטשעווסקי נעענטפערט סאַרקאַסטיש: טאַקע אַזוי, וואָס גייט אָן אַ „פרעמדן", צי מ׳האַלט אויף אין „פאָרווערטס" פרייע פּרעסע אָדער מ׳דרוקט בינטלאַך בריוו? „צי מען איז דער אָרגאַן פון דעם רעד־פלעג־דיסטריקט" (רויטע־פאָן־קרייז), אָדער פון דעם רעד־לאַיט־דיסטריקט" (רויטע־ליכט־קרייז—זנות). דערביי דערמאָנט ווינ־טשעווסקי, ווי „זיין פּנים האָט געפלאַמט" און „זיין האַרץ האָט געבלוטעט יעדעסמאָל, ווען אַ נייער שריט איז געטאָן געוואָרן אין דער פאַרלומפּונג און פאַרזומפּונג פון די ציימונג, פאַר וועלכע ער, צווישן אנדערע, האָט געשנאָרעט אורן און רינגעלאַך פון

פרויען, פאר וועלכע ער איז באשימפט געוואָרן פון די איצטיקע מיטארבעטער" (פונם „פאָרווערטס"). צולעצט לאכט אוים ווינ־טשעווסקי די פארשווייגונגס־מעטאָדע פון אָט־דעם „כוואטסקן רעדאקטאָר", וואָס „ווערליק נאָך זיין קוראזש נאָך און נאָך זיין פייאיקייט נאָך זיך אליין אימער מער צו פארדאמען, וואָס מער ער פארטיידיקט זיך—איז ער פילייכט געדעכט וואָס ער שווייגט".

***

ווינטשעווסקי'ס ארטיקל אינם 1טן נומער „וואָרהייט" (11טן נאָוועמבער, 1905): „דער „בונד", די פּאָגראָמען און מיר" איז געווען א לויבגעזאנג צום „בונד" און א קרעפטיקער אפּיל צו שטיצן די בונדיסטישע פאָנדן. ווינטשעווסקי האָט זיך דערפאַר געהאט צו פארטיידיקן פון לינקס און רעכטס. ס'זיינען אויף אים אָנגעפאלן די פועלי־ציון און די ס. ר., למאַי ער גיט דעם גאנצן קרעדיט פארן זעלבסטשוץ קעגן די פּאָגראָמען און פאר דער אויפקלערונג פון די אידישע ארבעטער־מאסן בלויז צום „בונד". נאָר דער „זיידע" קעמפט דאָרט העלדיש צו פארטיידיקן זיינע „אייניקלאך", ווי ער פלעגט אָנרופן די בונדיסטן. מ'קען זיך דער־פאר פאָרשטעלן, וואָס ווינטשעווסקי האָט געפילט עטלאכע חדשים שפּעטער, ווען אָט־די „אייניקלאך" אין אמעריקע האָבן זיך גע־שטעלט אָפן אויף דער זייט פון זיינע ערגסטע שונאים. די מעשה איז אזוי געווען:

אין אפּריל 1906 איז געקומען קיין אמעריקע א בונדיסט, מאקסים, וואָס האָט געשפּילט א געוויסע ראָל אין די רעוואָלוציאָ־נערע טעג אין ריגע. די בונדיסטישע פאָרשטייער אין אמעריקע האָבן גוט פארשטאנען, אז מ'קען מאכן א היבשע רעקלאמע פאר מאקסימען און דורך דעם א טיכטיקן „דרייוו", אָדער קאמפּאניע, פאר די פאָנדן פונם „בונד". זיי האָבן אויך צוגערשט געהאט אויף זייער זייט די סימפּאטיע פון דער גאנצער אידישער ראדי־קאלער פרעסע. נאָר אזוי ווי די הויפּט־טוער פונם „בונד" אין אמעריקע זיינען דעמאָלט געשטאנען מיטן „פאָרווערטס", וואו ס'איז אויך געזאמלט געוואָרן געלט פאר בונדיסטישע פאָנדן,

מיט וועלכע ער האָט זיך „געקערעוועט“, האָט ער, דער „פאָר־ווערטס“, געגעבן מאַקסימען אַזאַ רעקלאַמע, וואָס האָט אַרויס־גערופן אַן עקל ביי אַלע אָנשטענדיקע מענטשן.

דער „פאָרווערטס“ האָט אָנאָנסירט מאַקסימען אַלס דעם „אידישן פּרעזידענט“ פון דער „באַלטישער רעפּובליק“, וועמעס „פּיקטשור (בילד) איז געווען אויף מטבעות, וועלכע די רעפּובליק האָט געשמידט“. דער „פאָרווערטס“ האָט אויך דערקלערט, אַז „דער איד מאַקסים“ איז „דער פּרעכטיקסטער און מעכטיקסטער צווישן אַלע העלדן פון דיזער (רוסישער) רעוואָלוציע“, און די רוסישע רעגירונג וואָלט „ניט געזשאַלעוועט קיין מיליאָנען צו קריגן זיין קאָפּ, אַ לעבעדיקן אָדער אַ טויטן“. דער „פאָרווערטס“ האָט אויך „געהערט“, ווי פרומע אידן זאָגן: „א ו נ ז ע ר מאַק־סים. — — — אונזער בית המקדש איז חרוב, אָבער אַז מיר האָבן אַזעלכע מענטשן ווי מאַקסים, קען מען אונז נאָך אַזוי גיך ניט אוועקמאַכן. מיר זיינען נאָך אַ ל ר י י ט“.*)

די קעגנער פונם „בונד“ האָבן נאַטירלאַך אָנגעקוואָלן פונם „פאָרווערטס“. זיין יעדער רעקלאַמע איז פאַר זיי געווען אַ נייער וואָפן אויסצולאַכן און דיסקרעדיטירן דעם „בונד“.

יעקב גאָרדין האָט זיך דערפאַר געווענדט צו די נייע קרעפטן פונם „בונד“ אַרויסצוטרעטן קעגן אָט־דער „סענזאַציאָנעלער געל־קייט“, וואָס ווייזט, אַז דער „פאָרווערטס“ איז ניט קיין סאָציאַ־ליסטישע צייטונג („װאַרהייט“, 24טן אַפּריל, 1906). נאָר די „בונד“־פירער אין ניו יאָרק זיינען געווען הויפּטזאַכלאַך פאָר־ווערטסיסטן, ביי וועמען, לויט גאָרדינס אויסדרוק, „דער עיקר איז ביזנעס און דזשאָבס“, האָבן זיי אויף דעם געענטפערט מיט אַן אָרגאַניזירטן באָיקאָט אויף דער „װאַרהייט“. זיי האָבן אויך אויפגעפאָדערט זייער קאַסירער, דר. פאַרענבערג, דעמאָלט אַ סאָ־ציאַליסטישער טוער און דער רעדאַקטאָר פון „צוקונפט“, ער זאָל אַרויסטרעטן קעגן דער „װאַרהייט“, וואו ער האָט מיטגעאַרבעט,

*) „פאָרווערטס“, 16—24טן אַפּריל, 1906.

אָדער רעזיגנירן פון זיין בונדיסטישן אמט. ווען ער האָט ליבער רעזיגנירט, האָבן זיי אים דערקלערט פאַר „אַ פּאַרלוימדער און פאַררעטער" („פאָרווערטס", 15טן יולי, 1906). האָט דר. פּאָרענבערג אויף מאָרגן פאַרעפנטלאַכט אין דער „ווארהייט" דעם דאָקומענט, וועלכן ער האָט צוגעשטעלט מיט דריי וואָכן פריער צום בונדיסטישן פאַרבאַנד אין אַמעריקע. דאָרט ווערט אָנגעוויזן, אַז מאַקסים איז אַן אומבאַדייטנדיקע פּערזענלאַכקייט און די ליגנערישע רעקלאַמען וועגן אים זיינען „איינפאַך אַ שאַנדע און אַ שפּאָט". די בונדיסטישע „פאָרווערטסיסטן" האָבן דעם זעלבן טאָג אָפּגעהאַלטן אין אָוונט אַ פאַרזאַמלונג, אונטער פּאָליציי־שוץ, און דערקלערט די „ווארהייט" פאַר „אַ הויז פון פּראָסטיטוציאָן", און אירע מיטאַרבעטער פאַר „פּראָסטיטוטקעס". מ'האָט דאָרט אויך גערעדט וועגן פאַרניכטן די „ווארהייט" און שלאָגן דעם רעדאַקטאָר און זיינע מיטארבעטער („ווארהייט", 17טן יולי, 1906). די זעלבע בונדיסטישע פירער האָבן אויך דערקלערט אין „פאָרווערטס" (18טן און 19טן יולי, 1906), אַז מילער איז אַ שפּיאָן, אַן „אמת'ער פאַררעטער און אַ פּראָוואָקאַטאָר". זיי האָבן אים געוואונטשן, אַז וואו ער זאָל ניט גיין, וואו ער וועט ניט שטיין און וואן ער וועט ניט זיצן זאָל אים „פאַרפאָלגן די קללות און פאַרדאַמנונגען פון יעדן אָנשטענדיקן מענטשן".

אַזאַ פאָרווערטסיסטישע קאַמפּס־מעטאָדע האָט אויפגערודערט די אידישע רעוואָלוציאָנערע אינטעליגענץ אין ניו יאָרק. זי האָט קעגן דעם פאַרעפנטלאַכט אַ פּראָטעסט, אויף וועלכן עס זיינען געווען אונטערגעשריבן דר. אַ. גינצבורג, אַלעקסאַנדער האַרקאַווי, דר. ה. זאָלאָטאַראָוו, מ. זאַמעטקין, דר. אַב. קאַספּע (דעמאָלט דער נייער קאַסירער פונם „בונד"), פיליפּ קראַנץ, ה. ראָזענבלאַט און אַ ריי אַנדערע, וואָס זיינען ניט געווען פאַרבונדן מיט דער „ווארהייט".

ווינטשעווסקי האָט דערפאַר ניט געקענט מער בלייבן נייטראַל. דער מוטיקער, קאַמפּסלוסטיקער „זיידע" איז גלייך ארויסגעטראָטן מיט אַ דערקלערונג, אַז ער פילט זיך (אין דער מאַס־

סים־פּראַגע) סאָלידאַריש מיט דר. פאָרענבערגן און פארלאַנגט דאַרום פאַר זיך אַ „פאַרדאַמונג". נאָר די בונדיסטישע פירער־שאַפט אין אַמעריקע איז געווען קלוג גענוג עס ניט צו טאָן, הגם מ׳האָט קענען אים מיאוס געהעצט אין „פאָרווערטס" (21טן יולי, 1906). ווינטשעווסקי האָט אָבער בשום אופן ניט געקענט מער זיין דער זייטיקער צוקוקער, וואָס ער איז געווען כל זמן דער קאַמף איז אָנגעגאַנגען צווישן קאַהאַנען און מילערן.

אין אַ פאָלקסשטימע, אונטערן נאָמען „די מהומה" („וואַר־הייט", 21טן יולי, 1906) דערקלערט ווינטשעווסקי, אַז „אין אונזער איצטיקן דור־הפלגה־טומל בעט זיך אייגנטלאַך ניט אַזוי שטאַרק נאָך אַן אַרטיקל, ווי אַ גרויסער צעבער אייז־קאַלטע וואַ־סער. דער עולם איז פשוט משוגע". און נאָכדעם ווי ווינטשעווסקי פּרובירט באַרואיקן די געמיטער, ווייזט ער אָן אויף דער לעכער־לאַכקייט צו באַשולדיקן מילערן אין שפּיאָנסטווע און באַמערקט, אַז „שוין די טאַטזאַכע גופא, אַז דער „פאָרווערטס"־שטופער האָט זיך אָן דעם אָנגעכאַפּט, דאַרף זיין גענוג צו באַווייזן, אַז דאָס מוז זיין אַן אומגעוויינלאַכע שטיק אידיאָטסטווע". גלייכצייטיק פאַרטיידיקט ווינטשעווסקי די בונדיסטישע פירער פאַרוואָס זיי האָבן אָנגענומען שטעלעס אין „פאָרווערטס". זייער איינציקע שולד איז, זאָגט ער, וואָס זיי „האָבן דורך זייער דומע דיפּלאָ־מאַטסטווע זיך אַזוי פאַרוויקלט מיט דעם „פאָרווערטס"—ווי ער איז, ניט ווי ער האָט באַדאַרפט זיין—אַז זיי לאָזן זיך אויסנוצן פון דעם „פאָרווערטס" אום צו באַקעמפן די „וואַרהייט". און ווינטשעווסקי פירט אויס, אַז „דער „פאָרווערטס" זיצט אויפן „בונד" ווי אַ מכה אויפן קערפּער. מען פילט אים נאָר, ווען ער שמאַרצט און אייטערט".

ס׳פאַרשטייט זיך, אַז ווינטשעווסקיס ווערטער האָבן געמאַכט אַ קנאַפּן איינדרוק אויף די פאָרווערטסיסטישע בונדיסטן, ביי וועמען דער עיקר איז געווען ניט דער „בונד" אין רוסלאַנד, נאָר דער „פאָרווערטס" אין אַמעריקע. האָבן זיי ניט אויפגעגעבן דעם באַיקאָט אויף דער „וואַרהייט". נאָר דער לעצטער האָט עס ווײַ־

ניק געשאַדט. די שטאַרקע אידישע אימיגראַציע האָט געבראַכט געננג לייענער פאַר ביידע סאָציאַליסטישע צייטונגען. דאָך איז ווינטשעווסקי לאַנג ניט געבליבן אין דער „וואַרהייט" די סבה איז געווען דער וואַלקאַמף פאַר גובערנאַטאָר אין שטאַט ניו יאָרק, אין הארבסט 1906.

דער גובערנאַטאָר-קאַנדידאַט פון די בירגערלאַכע רעפאָרמער, אָרגאַניזירט אין אַן „אומאָפּהענגיקער ליג", איז געווען הוירסט— דער קעניג פון דער אַמעריקאַנער געלער פּרעסע. ער איז געווען זייער פּאָפּולער צווישן די אידישע ראַדיקאַלן. אַ יאָר פריער, אין 1905, איז ער געווען דער מעיאָר (בורגערמייסטער)-קאַנדידאַט פון דער באַוועגונג פאַר מוניציפּאַל-אייגנטום, און ער האָט אַוועק-גענומען די מערסטע סאָציאַליסטישע שטימען. ס'האָבן מיט אים אויך סימפּאַטיזירט ביידע סאָציאַליסטישע וואָרטזאָגער: דער רע-דאַקטאָר פונם „פאָרווערטס" (אין 1905) און דער רעדאַקטאָר פון דער „וואַרהייט" (אין 1906). נאָר בעת דער ערשטער האָט זיך געמוזט רעכענען מיט דער ס. פּ. און ניט געקענט דורכפירן אינם „פאָרווערטס" זיין מיינונג,*) האָט דער צווייטער געהאַט אַ פרייע האַנט און האָט אַגיטירט פאַר הוירסטן און דער בירגער-לאַכער רעפאָרם-פּאַרטיי.

ווינטשעווסקי איז געשטאַנען פריי פאַר זיין אידייע פון פרייער פּרעסע. האָט ער דערפאַר געקענט אַרבעטן אין דער „וואַר-הייט", ווען אפילו איר רעדאַקטאָר האָט זיך געשטעלט אויף דער זייט פון דער ס. ל. פּ. און געליובט זיין אַלטן קעגנער דעליאָנען. בפרט, אַז אין יענער צייט האָבן דעבס און דעליאָן געאַרבעט האַנט אין האַנט פאַרן אינדוסטריעלן יוניאָניזם (וואָס דער „פאָר-ווערטס" האָט צוערשט איגנאָרירט און נאָכדעם באַקעמפט). עס זייען דעמאָלט אויך אָפּגעהאַלטן געוואָרן קאָנפערענצן צווישן די ס. פּ. און ס. ל. פּ. מיטן צוועק זיך צו פאַראייניקן אין איין פּאַר-

*) מ. ווינטשעווסקי, „פון אַ וואָרט אַ קוואָרט און נאָך עפּעס", „וואַרהייט", 3טן מערץ, 1906.

טיי. ווינטשעווסקי איז געווען קעגן יעדער פאראייניקונג מיט דע־ליאָנען. ער האָט עס אויך ארויסגעזאָגט אין דער „ווארהייט“ (24טן פעברואר, 1906). נאָר ווינטשעווסקי האָט ניט געקענט לאַנג מיטארבעטן אין א סאָציאַליסטישער צייטונג, וועמעס רע־דאַקטאָר טרעט אַליין ארויס פאַר א בירגערלאַכער פארטיי און פאַר א בירגערלאַכן קאַנדידאַט. דער אַלטער קעמפער קעגן דער „שעטנז־פּאָליטיק“ פון די סאָציאַליסטישע פשרה־מאַכער האָט בשום אופן ניט געקענט אראָפּשלינגען די „ביטערע סאָציאַל־קאַפּיטאַליסטישע איינגעמאַכטס“, מיט וועלכער זיי האָבן געקאָר־מעט דעם ראַדיקאַלן עולם. אזוי ווי אין דער „ווארהייט“ האָט געהערשט פרייע פרעסע, האָט ווינטשעווסקי דאָרט אויסגעלאַכט הוירסט'ס פאַרשפּראָכענע רעפאָרמען. ער האָט אויך אָנגעשריבן א בייסיקע סאַטירע קעגן הוירסטן, ווען יענער האָט דערקלערט, נאָך זיין דורכפאַל, אין 1906, אז ער „לויפט“ ניט מער פאַר קיין אמט. ווינטשעווסקי האָט אויף דעם געענטפערט מיט זיין ליד „דער קונה הכל“, *) וואו ער האָט אויך אָנגעגריפן הוירסט'ס „רויטלאַך־געלע“ העלפער. ער זינגט דאָרט אזוי:

| | |
|---|---|
| „ער לויפט ניט מער, | דער גרויסער קויפער |
| ער איז פאַרמאַטערט | קויפט ניט מער!“ |
| אונזער העלד; | „ער קויפט ניט מער |
| ער קויפט ניט מער, | קיין ליטעראַטן |
| ער האָט גע'פטר'ט | רויטלאַך־געל; |
| אוצרות געלט; | קיין דעמאָקראַטן |
| דער גרויסער לויפער | „צו־באַפּעלן!“ |
| לויפט ניט מער, | ער קויפט ניט מער!“ |

אזוי האָט דער וואַלקאַמף פון 1906 אויפגעשטעלט א וואַנט צווישן ווינטשעווסקין און דעם רעדאַקטאָר פון דער „ווארהייט“, און זיי האָבן ניט געקענט מער בלייבן צוזאַמען. ס'האָט זיך ארויס־געוויזן, אזוי ווי א צוואַנציק יאָר פריער אין לאָנדאָן, אז א פריי־

*) געזאַמלטע ווערק, באַנד 6, ז' 218—222.

וואָטע סאָציאַליסטישע צייטונג, וואָס האָט דעם צוועק צו ברייננען פּראָפיט צו יחידים, קען ניט דינען די אינטערעסן פון די ארבעטער-מאַסן.

מיט זיין ארויסטריט פון דער „ווארהייט" שליסט ווינטשעווסקי זיין קאַריערע פון גרינדן אָפּאָזיציע-צייטונגען, וועלכע ער מוז נאָכדעם פאַרלאָזן און ווערן זייער קעגנער. ווינטשעווסקי דערקלערט עס דורך זיין יוגנטלאַכן גראַנגל צווישן עקסטרעמער ערלאַכקייט און קרימינעלע נייגונגען, וואָס האָט זיך געענדיקט מיט זיין „ערלאַכקייט פאַנאַטיזם". אין אָט-דעם רעזולטאַט פון זיין גראַנגל זעט ווינטשעווסקי ליגן די שליסל צו זיין ליטעראַרישער קאַריערע בכלל און באַזונדערס צו דעם, וואָס ער האָט „ווי ער כביכול" זיך אויסגעצייכנט אין „בויען וועלטן און זיי פאַרניכטן", אין באַקעמפן דאָס, וואָס ער האָט אַליין אַמאָל געהאָלפן שאַפן.

זיין פאַנאַטישער שטרעבן צו זיין ערלאַך, צו וועלכן עס איז נאָך צוגעקומען דער „אַמאָליקער ניהיליזם, די אַלגעמיינע טיפע פאַראַכטונג צו קאַריערן, צו געלט-מאַכן". האָט ביי אים,—דערציילט ווינטשעווסקי,—ארויסגערופן אַ ווידערווילן אויך צום שרייבן פאַר געלט, אפילו ווען מען דינט דערמיט דעם אידעאַל. האָט ער דערפאַר אַלעמאָל „געמוזט פאַרדינען זיין חיונה פון אַנדערע זאַכן", ווי שרייבן. האָבן זיינע „ציפערן" (די בוכהאַלטעריע) „אויפגעגעסן אַ שיין ביסל פון זיין ליטעראַטור". און דערצו אים קיינמאָל (חוץ אין דעם פאַל פון דעם באָסטאָנער „אמת") ניט געלאָזט זיין קיין אינוויינוניקסטער מענטש. האָט ער דערפאַר „קיינמאָל ניט געהאַט קיין אמת'ע דעה" אין קיינע פון די ליטעראַרישע אונטערנעמונגען, וועלכע ער האָט געהאָלפן שאַפן, אין זיין שטרעבן צו האָבן „אַ אידעאַלע צייטונג, אַ אידעאַלע אָרגאַניזאַציע". איז ער געווען „איינער פון די גרינדער פון דאָס אָדער יענעם". אין אָנפאַנג גרויסער אַנטוזיאַזם, אין אַ ווײַלע אַרום הויבט אָן דער „אינוויינוניקסטער מענטש" צו ציען אין אַן אַנדער זייט. מאַכט דאָס אים, ווינטשעווסקי'ן, „גרעסערע אָדער

קלענערע ענוים". ער „האלט דאס אויס ביז א צייט, ענדלאך פּלאצט די געדולד. אראפּ פון מארק!" *)

דאך האט ווינטשעווסקי קיין חרטה ניט געהאט פאר זיין שייכות צו דער „ווארהייט", ניט געקוקט אויף דעם, וואס זיינע קעגנער האבן עם אויסגעלעגט אלס „א מין פארקויפן זיך פאר געלט". נאך פופצן יאר שפּעטער האט ווינטשעווסקי דערקלערט, אז ער איז „עד־היום שטאלץ" סאי אויף זיין אריינגיין און סאי אויף זיין ארויסגיין פון איר. ‡)

⁂

ווינטשעווסקי האט אין זיין איין יאר „ווארהייט" געשריבן מער און באדייטנדיקערס ווי אין זיינע פינף־זעקס יאר „פאר־ווערטס". ער האט דארט געשריבן א גאנצע ריי פעליעטאנען („צושלאגענע געדאנקען פון א משוגענעם פילאזאף"), לידער, פאבלען, אפאריזמען און נאטיצן. די לעצטע האט ער געוויינלאך פארעפנטלאכט אונטער די איבערשריפט „א רייד ברייגנט צו א רייד", נאר איניקע האט ער אנגערופן „פון א קווארט א ווארט", אן אנדייט אויף קאהאנס לאנגע אויסגוסן אונטערן נאמען „פון א ווארט א קווארט". דער גרעסטער טייל פון ווינטשעווסקיס שרייבן אין דער „ווארהייט" איז אריין אין זיינע „געזאמלטע ווערק".

אחוץ אין דער „ווארהייט" האט ווינטשעווסקי אין יענער צייט אויך אפט געשריבן אין די צענטראלע ארגאנען פונם „בונד", וואס זיינען ארויס אין ווילנע. פאר זיי האט ער אויך געשריבן זיין באוואוסט „ליד פון לוין־שקלאף" ⁂) (יאנואר, 1906), צו וועלכן פלאטאן ברונאף האט פארפאסט די מוזיק. ער האט אויך מיטגעארבעט אין דער „צוקונפט". ער האט אחוץ אנ־דערע זאכן אויך אנגעהויבן פארעפנטלאכן באלד נאך זיין יובילייי

---

*) „צוקונפט", אקטאבער, 1906.

‡) „נייע וועלט", 2טן דעצעמבער, 1921.

⁂) געזאמלטע ווערק, באנד 2, ז' 90—93.

(אין אָקטאָבער נומער) זיינע „זשורנאַליסטישע עראינערונגען“.

ווינטשעווסקי איז אויך געווען טעטיק, אַזוי ווי נאָך די פּאָג־ראָמען פון 1881, צו העלפן די אידישע מאַסן. נאָר דאָס מאָל האָט זיין גאַנצע הילף־טעטיקייט געהאַט אַן אויסגעשפּראָכענעם רעוואָלוציאָנערן סאָציאַליסטישן כאַראַקטער. ער האָט כסדר געפּאָדערט צו שאַפן געגנוג מיטלען פאַרן „בונד“, אַנצוהאַלטן באַוואַפנט די זעלבסטשוץ קעגן פּאָגראָמען. נאָר גלייכצייטיק איז ער אויך געווען שטאַרק פאַראינטערעסירט אין דער אַלגעמיינער פּאָליטישער לאַגע אין רוסלאַנד; ער איז אויך געווען פאָרזיצער פון אַ גרויסער פאַרזאַמלונג, וואו ס'איז דעבאַטירט געוואָרן די פראַגע וועגן באָיקאָטירן די וואַלן צו דער רוסישער דומע.*)

## .18
# 50-יאָריקער יובילײ

אַפּשאַצונגען אין 1898 און 1906. — יעקב גאָרדין דער חופּה־מחותן. — געזאַנג פון יהואש. — קעגנערשאַפט און ווערט. — „אַ דאַנק? יאָ און ניין“.

מאָריס ווינטשעווסקיס יובילייען זיינען קיינמאָל ניט געפייערט געוואָרן פון כל־ישראל; ניט אפילו פון דער גאַנצער ראַ־

---

*) אין פעברואַר פון יענעם יאָר, 1906, האָט ווינטשעווסקי זיך אויך באַטייליקט אין דער פייערונג פון דעם 60־יאָריקן געבורטסטאָג פון יאָהאַן מאָסט. די פּאָליציי האָט דעם אַלטן, שוין פיזיש שוואַכן רעבעל, ניט געלאָזט רעדן אויף דער פאַרזאַמלונג אים צו ערן. זיינען אַ גרופּע נאָענטע פריינט אַוועק צו דוד אַפּטייקער אינם הויז. דאָרט האָט ווינטשעווסקי פאָרגעלייענט זיין פעליעטאָן „דער דייטשער אחר“ (געזאַמלטע ווערק, באַנד 5, ז' 210—218), וואָס האָט דעם אַלטן מאָסט גערירט צו טרערן. ווינטשעווסקי האָט זיך אויך באַטייליקט, מיט פאָרלייענען זיינע שריפטן, אויף דער אונטערנעמונג, סוף מאַי 1906, לטובת זיין דעמאָלט קראַנקן קאָלעגע מאָריס ראָזענפעלד.

דיקאלער באוועגונג. ער איז געווען צופיל קעמפער צו האבן פריינט אין פרעמדע לאגערן. האט ער ביי זיין יעדן יובליי געהאט שונאים אויך צווישן סאציאליסטן.

זיין ערשטער יובליי, 25 יאר ליטעראַרישער שאפן (זינט ער האט פארעפנטלאכט זיין ערשטע קארעספאנדענץ אין „המגיד", 30טן יולי, 1873), איז אויסגעפאלן אינם רעכטן ברען פון ווינ־טשעווסקיס קאמף קעגן דער ס. ל. פ. דער צווייטער יובליי, זיין 50־יאריקער געבורטסטאג (9טן אויגוסט, 1906), איז פאר־געקומען אין דער צייט, ווען ווינטשעווסקי איז געווארן באיקא־טירט פון די פארווערטסיסטן. נאר זיינע קעגנער פון 1898 זיינען ניט געווען אזוינע בייזע רשעות־פולע קעגנער ווי די פון 1906.

אין 1898 האבן זיך געפונען ס. ל. פ. מיטגלידער (ווי ווינ־טשעווסקי האט דעמאלט געשריבן אין זיין „דאנקזאגונג", אינם „פארווערטס"), „וועלכע האבן געהאט דעם מוט ארויסצואווייזן פערזענלאכע פריינטשאפט צו א טאקטישן קעגנער". אין 1906, אבער, איז די ליניע געווען שארף געצויגן: אדער מיט ווינטשעווס־סקין, אדער מיטן „פארווערטס".

פון דער אנדערער זייט איז ווינטשעווסקי, אין 1906, שוין ניט געווען אזוי קריגעריש געשטימט ווי אין 1898. דעמאלט האט ער דערקלערט, אין זיין דערמאנטער „דאנקזאגונג", אז ער פילט זיך „שטאלץ און קאמפסלוסטיק, ווען ער ווערט געזידלט", ווייל ער פילט דערביי, אז ער „האט געטאן זיין פליכט". בעת „א קאמפלימענט אין די אויגן איז ניט אזוי לייכט אויסצוהערן ווי מענטשן, וועלכע האבן קיינמאל ניט פארזוכט דעם טעם דערפון, וואלטן פילייכט געקענט גלויבן". פארקערט, אין 1906 האבן אים די בייזקייט און רשעות שטארק ווי געטאן.

נאר ווינטשעווסקיס ליטעראַרישע טעטיקייט איז בעסער אפגעשאצט געווארן צו זיין 50־יאריקן געבורטסטאג ווי צום יו־בליי פון זיין 25־יאריקן ליטעראַרישן שאפן. אין 1898 האבן די מערסטע אידישע אינטעליגענטן געהאט וועגן דער אידישער לי־טעראטור און שפראך אזא פארשטעלונג ווי דער סאציאליסט

אראָנאָוויטש האָט עם ארויסגעזאָגט אין זיין באַגריסונג צו ווינ־טשעווסקיס יובילײ. אין אַן אַרטיקל „צו ווינטשעווסקיס יובילע־אום" שרייבט אראָנאָוויטש, אַז „דער אידישער זשארגאָן" האָט „קוים אַ פֿאַרגאַנגענהייט און גאָר קיין צוקונפֿט" און בעת אין יעד־דער אַנדער שפּראַך „איז 25 יאָר ניט מער ווי אַ מינוט איז דאָס פֿאַר דעם אידישן זשארגאָן פּילייכט אַ פערטל פֿון דער געשיכט־לאַכער עקזיסטענץ". דערפֿאַר „איז 25 יאָר טעטיקייט אַלס אי־דישער שריפֿטשטעלער אַ ניקאָלאַיעווסקי סלוזשבע פֿאַר די אַנט־וויקלונג פֿון דעם אידישן פֿאָלק". זיי, אָט די „ניקאָלאַיעווסקי סאָל־דאַטן", האָבן „אים אויסגעלערנט לעזען אַ צייטונג, זיי האָבן אין אים דערוועקט אַן אינטערעסע צו פּאָליטיק און סאָציאַליז־מוס". ווינטשעווסקי'ס פֿאַרדינסט איז, פּירט אויס זיין באַגריסער פֿון 1898, וואָס „אונטער די סאָלדאַטן פֿון דעם אידישן זשאר־גאָן איז ער אַ פֿעלדפֿעבל"...

גאָר אַנדערש האָבן גערעדט ווינטשעווסקיס באַגריסער און אָפּשאַצער אין 1906.

דער הויפּט־מחותן אויף ווינטשעווסקיס יובילײ־פֿייערונג איז ווידער, ווי אין 1898, געווען זיין פֿריינט יעקב גאָרדין. נאָר ער האָט זיך ניט מער באַנוגנט מיט אַ יובילײ־רעדע, ווי דעמאָלט, נאָר האָט רעדאַקטירט דעם יובילײ־נומער „װאַרהייט", וואָס איז ארויס צו ווינטשעווסקיס ערע, דעם 27טן סעפּטעמבער, 1906 (ווינטשעווסקיס יובילייען זיינען קיינמאָל ניט געפֿייערט געוואָרן אין דער ריכטיקער דאַטע. וואַרשיינלאַך, ווייל זיי פֿאַלן אויס אין די הייסע זומער־מאָנאַטן).

ווינטשעווסקיס 50-טער געבורטסטאָג איז, מיט דער אויס־נאַם פֿונם „פֿאָרווערטס", באַגריסט געוואָרן פֿון דער גאַנצער אידישער אַרבעטער פּרעסע. דער „בונד" פֿון רוסלאַנד האָט באַ־גריסט טעלעגראַפֿיש און אויך פֿאַרעפֿנטלאַכט אַ גרויסן זייער וואַרים געשריבענעם אַרטיקל (פֿון ק. פּרומין) אינם פּאַרטיי־אָרגאַן, די „פֿאָלקס־צייטונג", אין ווילנע. אין אָט־דעם אַרטיקל ווערט דערקלערט, אַז ס'איז ניטאָ קיין מער אָדער ווייניקער אַנטוויקל־

טער אידישער ארבעטער, וואָס ווייסט ניט דעם נאָמען פונם אויטאָר פון דער „אידישער מארסעליעזע“, פון דעם „זיידן“ פון דער אידישער סאָציאליסטישער ליטעראטור, פון דעם „משוגענעם פילאָזאָף“ און „ארבעטער־דיכטער ווינטשעווסקי“.

די „פאָלקס־צייטונג“ גיט דאן א באשרייבונג פון ווינטשעווסקי׳ס לעבן, דיכטונגען און טעטיקייט, און פירט אויס, אז זיין „יובילעאום יום־טוב איז א יום־טוב פון דעם אידישן פראָלעטאַריאט, פון דעם טרעגער פון אידישן סאָציאַליזם“.

א ביאָגראַפיע און אַן אָפּשאַצונג פון ווינטשעווסקי׳ן האָט אויך געגעבן די „צוקונפט“ (געשריבן פון איר רעדאקטאָר, ק. פאָרענבערג). נאָר דאָס פערזענלאַכסטע, אינטימסטע וואָרט האָט געשריבן יעקב גאָרדין, אין זיינע רעדאקציאָנעלע נאָטיצן, „מעניגא דיומא“, אין דעם ווינטשעוווסקי־נומער „וואר־הייט“. יעקב גאָרדין דערקלערט, אז ער איז רעדאקטאָר פון אָט־דעם יובילי־נומער, ווייל היינט פייערט מען דעם געבורטסטאָג פון א אידישן דיכטער, וואָס איז „א גוטער פריינט, א שיינער מענטש און א ערלאכער חבר“. גאָרדין טרעט אויך ארויס שאַרף קעגן די „טאַקטלאָזע, ברוטאַלע, שלעכטע מענטשן“, וואָס ווילן „צונעמען, באשמוצן, פארניכטן, צעטרעטן מיט די פיס“ דאָס „קליין שטיקל כבוד“, וואָס ער האָט זיך דערוואָרבן.

„מען צייגט אָן, — שרייבט גאָרדין, — אַז ווינטשעוווסקי האָט אַ שרעקלאַכן חסרון — ער היט אָפּ זיין כבוד צו שטאַרק. מיר מיינען, אַז דער חסרון איז, פאַרקערט, אַ גרויסע מעלה. אַ מענטש, וואָס היט ניט אָפּ זיין כבוד, איז קיין כבוד ניט ווערט. אין אונזער צייט, געראַדע ווי מען רויבט און מען גנב׳עט אַוועק דאָס פאַרדינסט פון דעם אַרבעטנדיקן פּראָלעטאַריער, גערא‍ַדע אַזוי באַרויבט מען און מען באַ׳גנב׳עט׳ דעם כשרן פאַרדינסט פון דעם אינטעליגענטן פּראָלעטאַריער. מיר האָבן אַ סך בעלנים אַ מענטשן צו קריטיקירן, אַראָפּרייסן, ערנידריקן, אָבער אַנערקענען זיין ווערט ליגט קיינעם ניט אין זינען. יענעמס פאַרדינסט און יענעמס

כבוד שעצן מיר זייער ביליק. בלאָטע גיט מען מיט אַ פולן האַרצן,
אַ קראַנץ קומט אָן מיט בלוט...

ס׳האָבן ווינטשעווסקי׳ן אויך באַגריסט די דיכ־
טער — פונם אַלטן אליקום צונזער, „איבער וועמעס לידעלאַך״
ווינטשעווסקי האָט „געוויינט אַלס קינד״, ביז דעם דעמאָלט יונגען
יהואש, וואָס האָט ווינטשעווסקין גערופן „זיידע״. אין זיין אַכט־
סטראָפיק ליד „צו מאָרים ווינטשעווסקי״ (אויף זיין 50־יאָריקן
יובילעאום) זינגט יהואש אַזוי:

„אַ גוטער טרייער זיידעניו,
דו יונגער גרייז, דו אַלטעס קינד,
ווער האָט נאָך מער ווי דו, דעם קראַנץ
פון ליעב און ליבע זיך פאַרדינט?
ווער איז, ווי דו, פון לעבנסזומפּ
אַרויסגעקראָכן ריין ווי גאָלד;
ווער האָט, ווי דו, דעם אידעאַל
מיט ערלאַכקייט דעם חוב באַצאָלט?
ווער האָט, ווי דו, געלעבט זיין טרוים,
יאָר איין, יאָר אויס, און טאָג פאַר טאָג,
און שטרענג געוואויגן וואָרט און טאַט,
אויף פליכט׳ס געוויכט, אויף וואַרהייט׳ס וואָג?
ווער האָט, ווי דו, אינם לעבנס פראָסט,
ניט אָפּגעקילט זיין הימל־פונק,
און אין אַ וועלט, וואָס פרי ווערט אַלט,
געבליבן אויף דער עלטער — יונג?״

ווינטשעווסקי איז אויך באַגריסט געוואָרן פון אַלע אידישע
אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס אין אַמעריקע, וואָס זיינען ניט קאָנ־
טראָלירט געוואָרן פונם „פאָרווערטס״. דערביי האָט זיך דעמאָלט
אָפּגעשפּילט אַט אַזאַ מין טראַגי־קאָמעדיע. פון איין זייט האָט
אַ ניו יאָרקער פּועלי־ציון־פאַראיין פאַרפעסטלאַכט זיין באַשלוס
„ווינטשעווסקין קיין באַגריסונג ניט שיקן, ווייל זיין
קעגנערשאַפט צו אונז איבערשטייגט פיל זיין ווערט

פאַר אונז אַלס אַרבעטער פּאָעט" (אָט די „קעגנערשאַפט" האָט הויפּטזאַכלאַך געמיינט זיין קאַמף פאַרן „בונד"). פון דער אַנדע־רער זייט האָבן די גענאָסן פונם בונדיסטישן פאַרבאַנד אין אַמע־ריקע ווינטשעווסקין ניט באַגריסט, ווייל זיין קעגנערשאַפט צום „פאָרווערטס" האָט פאַר זיי אַריבערגעשטיגן זיין ווערט אַלס אַר־בעטער פּאָעט און אַלס דער טיכטיקסטער קעמפער פאַרן „בונד" אין אַמעריקע.

⁂

אין אַן אַרטיקל „אַ דאַנק? יאָ און ניין" („װאַרהייט", 6טן אָקטאָבער, 1906) פרעגט ווינטשעווסקי:

„ווי ענטפערט מען אויף די פילע הערצלאַכע, ליבעפולע באַגריסונ־גען, וועלכע זיינען מיר אָנגעקומען אין די לעצטע עטלאַכע וואָכן פון נאָנט און פון ווייט, פון דענווער, קאָלאָראַדאָ, ביז ווילנע אין דער ליטע?"

און ער ענטפערט אַליין, אַז „מען קען ניט דאַנקען פאַר ליבע, פונקט אַזוי ווי מען קען ניט ליבן צוליב דאַנקבאַרקייט". טוט ער נאָך מירעלע אפרת און אין מיטן פון זיין „שמחה־אַרטיקל" מאַכט ער אַן „אל מלא רחמים" נאָכן רעוואָלוציאָנערן דיכטער וויליאַם מאָריס, צו זיין 10טן יאָרצייט, „אין ישראליס דעם אַר־בעטערס נאָמען". און נאָכדעם ווי ער דערמאָנט די באַגריסונגען פון זיין אַלטן קעגנער, מ בעער (דער דעליאָניסטישער רעדאַקטאָר פונם „אבענד־בלאַט"), די דיכטער צונזער, אימבער (דער פאַר־פאַסער פון „התקוה"), וועמען ווינטשעווסקי רופט אָן „זינגער פון ליבע און ווײַן", און אַ ריי אַנדערע קאָלעגן און פריינט, באַ־מערקט ווינטשעווסקי, אַז ער איז ניט קיין דיפּלאָמאַט און וועט ניט פאַרשווייגן, אַז דער צענטראַל פאַרבאַנד פון „בונד" אין ניו יאָרק האָט אים דורך דער גאַנצער צייט פון זיין שמחה „גע־האַלטן אין חרם"... נאָר „קיין חרם, קיין באָיקאָט", דערקלערט ווינטשעווסקי, וועט אים „ניט אויף איין אײנציקן שפּאַן אָפּ־טרייבן פון דעם „בונד", וועלכן ער האַלט פאַרן „בעסטן און ריכ־

טיקסטן אויסדרוק פון דעם אָרגאַניזירטן, קלאַסנבאַוואוסטן אידישן פּראָלעטאַריער".

ווינטשעווסקי שליסט זיין אַרטיקל, אויסדריקנדיק זיין פרייד, וואָס דער דיכטער פון „פּאַגאַנינים פידל"—יהואש—רופט אים „זיידע", און ער באַמערקט: „עס איז ווערט געווען צו דערלעבן צו האָבן אזא איינִיקל".

***

דאָס איינדרוקספולסטע וואָרט צו ווינטשעווסקיס 50טן געבורטסטאָג איז געשריבן פון אים אַליין (דעם 9טן אויגוסט, 1906). דאָס איז זיין ליד „מיין איינציקער פאַרלאַנג" (געווידמעט זיין פריינט יעקב גאָרדין), וואו דער 50־יאָריקער אַרבעטער־דיכטער און פרייהייט־קעמפער זינגט:

„מיין טאָג שטאַרבט אָפּ, מיין זון גייט אונטער,
דער אָוונט קומט און האַלט זיך אויף ניט לאַנג;
די נאַכט — איר וואָלט איך טרעפן מונטער,
איר טרעפן גייסטיק אַ געזונטער,
לאָז מיר דער טאָג נאָר געבן איין פאַרלאַנג:
אַ שיינעם, קלאָרן זונען־אונטערגאַנג.
אַ זונען־אונטערגאַנג מיט פאַרבן
אי העל, אי רויט: פון פלאַמען און פון בלוט;
אַן אונטערגאַנג, וואָס לעבט אין שטאַרבן,
קאָן טויטן, אָבער ניט פאַרדאַרבן,
און נעמט אייך, און איר גייט אַוועק, און רוט,
און קומט צוריק מיט פרישע בלוט און גלוט.
מיט בלוט די מענטשהייט צו באַנייען,
די אַלטע מענטשהייט דורך אַ נייעם דור;
מיט גלוט, צו שמידן כלי־זיין,
דעם גייסט, דעם ווילן צו באַפרייען,
און מיר אין טרוים צו ווייזן די וועלט קלאָר,
וואָס יענער דור וועט האָבן אויפן וואָר.
אַ וועלט באַזעצט מיט פריינט און ברידער,

מיט מענטשנליבע פאַר איר פונדאַמענט;
אַ גוף, וואו פעלקער זיינען גלידער,
קיין גליד דעם צווייטן ניט צו ווידער,
וואו גלייכהייט האַלט צוזאַמען פריוהייטס ווענט,
מיט ליבע איר איינציקן צעמענט.
אַ, דאַן וואָלט איך געבליבן מונטער,
מיר וואָלט ניט פאַר דעם טויטן טאָג זיין באַנג;
אַ גייסטיק פרישער, אַ געזונטער
וואָלט איך אַרויפגיין, ניט אַרונטער, —
וואָלט איך נאָר קענען האָבן דעם פאַרלאַנג:
אַ שיינעם העלן זונען־אונטערגאַנג.
אַ זונען־אונטערגאַנג אַ קלאָרן,
אַ שטערן־רייכן אָוונט אין זיין פּראַכט;
מיט פייגעלאַך, וואָס פּיפּצינען אין כאָרן,
באַגריסנדיק דעם טאָג, וואָס ווערט געבאָרן,
באַזיגנענדיק די מענטשהייט, וואָס ערוואַכט,
און דאַן — דו, ליבע, זיסע וועלט, גוט נאַכט!" *)

מאָרים ווינטשעווסקי האָט דעמאָלט, אין דער צייט פון פינ־סטערער רעאַקציע און פּאָגראָמען, זיך ניט געקענט פאָרשטעלן, אַז זיין פאַרלאַנג וועט דערפילט ווערן כפל־כפלים; אַז ער וועט זען אויפן וואָר, וואָס ער האָט געוואונטשן צו זען אין חלום; אַז ער וועט זען מיט זיינע אויגן דאָס, צו וואָס גאָר ווייניקע פּיאָנערן פון רעוואָלוציאָנערן סאָציאַליזם האָבן זוכה געווען — זיין לעבנס־אידעאַל פאַרווירקלאַכט אַ:ף אַ זעקסטל טייל פון דער ערד.

***

באַלד נאָך זיין יובילייַ האָט ווינטשעווסקי אָנגעהויבן פאַר־עפנטלאַכן זיינע עראינערונגען. מ'האָט זיי פון אים שוין יאָרן פריער דערוואַרט, נאָר ער איז ניט געווען גערן צו באַשרייבן זיין פאַרגאַנגענהייט, הגם ער האָט געננוי פאַרשטאַנען זיין ראָל אין דער

*) געזאַמלטע ווערק, באַנד 2, ז' 126—127.

געשיכטע פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. ער האָט עס אויך אַרויסגעזאָגט אין זיינעם אַ לאָנדאָנער פעליעטאָן, וואו ער רעכנט אויס אייניקע פון זיינע „דערמאָנונגען". מען דערמאָנט זיך, שרייבט ער דאָרט, אַז —



שאַרזש אין „קונדס" אויף ווינטשעווסקי'ס „עראינערונגען"

„מען איז געשטאַנען ביי דעם וויגעלע, ווען די נייע צייט איז געבוירן געוואָרן; אַז מען האָט איר איינגעשטילט, ווען דער ערשטער וויקלשנור האָט איר עפּעס ניט געפּאַסט און זי האָט זיך געוואָרפן מיט קולות; אַז מען האָט געשריען: „צו לאַנגע לעבעדיקע יאָר", ווען די דייטשע הייבאַם האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ און האָט געבורבעלט אַ פּאָר־צווייפלטן „גאָט ווייס"; אַז מען האָט צייטנווייז צוגעזונגען, צייטנ־ווייז אויך אונטערגעהאָטשקעט — — — און צייטנווייז זי איינגע־שטילט, ווען עס האָבן זיך געגומעז שניידן די ערשטע ציינדלאַך".

ער האָט אויך געקענט אָפּשאַצן, וואָס דאָס מיינט צו זיין איינער פון די ערשטע צוויי (ליבערמאַן און ער), וועלכע האָבן „איינגעפלאַנצט די רויטע פאָן אויפן שול־הויף". *)

*) דאָרט, באַנד 4, ז' 168.

נאָר קומענדיק קיין אַמעריקע, וואו אַז „מ'הערט אַ מענטשן איכנדיק, טראַכט מען גלייך: וואָס האָט ער, ווער וויים, צו פאַר־קויפן?", האָט ווינטשעווסקי ניט גערן געשריבן וועגן זיך. ער האָט זיך באַנוגנט מיט זיינע צוויי היסטאָרישע אַרטיקלען: „דער סאָציאַליזמוס אין העברעאיש", אין „צוקונפט", 1895, און „די אַנפענגע דער יידישן אַרבייטער באַוועגונג", אינם יובילײ־נומער פון דער דייטשער „פאָלקס־צייטונג", ניו יאָרק, 1903. בלויז איינ־מאָל, צום 25־יאָריקן יובילײ פון זיין ליטעראַרישער טעטיקייט, האָט ער געגעבן אַ קורצע רשימה פון „גליקלאַכע טעג אין אַ פערטל יאָרהונדערט", („פאָרווערטס", יולי 1898). ער האָט דער־ביי באַמערקט, אַז אַזאַ אַרטיקל „שרייבט אַ מענטש איינמאָל, העכסטענס צוויי מאָל אין לעבן".

אויך נאָכן יובילײ פון זיין 50־יאָריקן געבורטסטאָג האָט ווינטשעווסקי ניט געוואָלט געבן קיין פערזענלאַכע עראינערונגען, קיין אויטאָביגראַפישע מעמואַרן, נאָר בלויז „זשורנאַליסטישע ער־פאַרונגען". זיינע „אַלגעמיינע עראינערונגען" האָט ווינטשעווסקי אָפּגעלייגט אויף דער צייט, ווען ער וועט ווערן „אַלט און פריי גענוג זיי צו באַשרייבן". האָט ער דאָרט אָפּגע'פּטר'ט זיינע קינדער־יאָרן אין עטלאַכע שורות און באַלד איבערגעגאַנגען צו זיין ליטעראַרישער טעטיקייט אינם עלטער פון 19—20 יאָר. גע־נוי און אויספירלאַך באַשרייבט ער דאָרט בלויז זיין טעטיקייט אַלס רעדאַקטאָר פונם סאָציאַליסטישן העברעאישן זשורנאַל „אספּת־חכמים".

ווינטשעווסקיס 26 קאַפּיטלען עראינערונגען אין דער „צו־קונפט" (1906—1909) באַשרייינקען זיך אייגנטלאַך אויף אַ משך פון פינף־זעקס יאָר (1875—1880). זיי ענדיקן זיך פּאַקטיש מיט ליבערמאַנס טויט, אין נאָוועמבער 1880. ווינטשעווסקי דערקלערט דאָרט, אַז די דריי־פיר יאָר נאָכדעם זיינען געווען אין זיין לעבן, וואָס ער וואָלט רופן „פּריוואַט יאָרן". ווען ער וואָלט, זאָגט ער, געשריבן זיין „לעבנס־געשיכטע", אַנשטאָט „ליטעראַרישע און פּאָליטישע עראינערונגען", אַזוי וואָלט ער „געהאַט פיל, זייער

פיל, צו דערציילן וועגן יענע עטלאַכע יאָר". נאָר אזוי ווי אַט־די עפּאָכע (די יאָרן פון זיינע ליבע־ווייען) האָט זיך ניט אריינ־געפּאַסט אין יענע עראינערונגען, איז זי געבליבן ניט דערציילט. ער האָט כמעט אויך גאָרניט דערציילט פון זיין לעבן זינט 1884 און האָט בלויז באַשריבן זיין טעטיקייט אינם „פּוילישן אידל" (אין „די נייע וועלט", 1909) און אינם מאַנאַטלאַכן „ארבעטער פריינד" (אין „דאָס נייע לעבן", 1910). זיינע ווייטערדיקע 40 יאָר ליטעראַרישע טעטיקייט, זינט 1886, האָט ווינטשעווסקי ניט באַשריבן. דערציילן פּערזענלאַכע עראינערונגען האָט ער ניט געוואָלט און באַשרייבן יענע צייט ווי אַ היסטאָריקער האָט ער, לויט זיין מיינונג, ניט געקענט. ער האָט געהאַלטן, אַז אים פעלט דערצו די „אָביעקטיוויטעט פון אַ היסטאָריקער":

„איך קען ניט דערציילן" — דערקלערט ווינטשעווסקי — „מעשה־זייטיקער מענטש: אַזוי און אַזוי אַשטייגער האָט דאָס און יענעם פּאַ־סירט. איך מוז שטענדיק זיין אַ טייל פון מיין קעגנשטאַנד און אפילו ווען איך שטיי אָן אַ זייט, זעט זיך אַריבער מיין קאָפּ פון יענער זייט פּאַרקן; מען זעט מיך ווינקענדיק מיט דער לינקער אויג און מען הערט אַמאָל אַ זיפץ, אַמאָל אַ לאַך. אַזוי בין איך געבוים. צווייטנס, קען איך ניט זיין אומפּאַרטייאיש און לאָזן מיין האַרץ אין דערהיים בעת איך קום עפּעס דערציילן." *)

ערשט אַלס גרייז, נאָענט פון זיבעציק יאָר, האָט ווינטשעוו־סקי זיך געהאַלטן פאַר „אַלט און פריי גענוג" צו שרייבן זיינע „אַלגעמיינע עראינערונגען". נאָר אזוי ווי דעם פאָרשלאַג דערצו האָט ער געקראָגן פון אַ העברעאישער אויסגאַבע, האָט ער זיינע סקיצן פאַר אַט־דעם געפּלאַנטן ווערק געמאַכט אין העברעאיש. דאָס איז אים אויך געווען מער צו דער האַנט, מחמת דעם וואָס זיין ערשטער אָנהויב, אַלס ליטעראַט און סאָציאַליסטישער פּראָ־פּאַגאַנדיסט, איז געווען אין אַט־דער שפּראַך. ווינטשעווסקי האָט אַט־די סקיצן דערפירט ביז צו זיין טעטיקייט אַלס „פּראָפּאַגאַנ־

*) „פאָרווערטס"־יובילעאום אויסגאַבע, 1917, ז' 41.

דיסט אין לשון קודש", וואָס ער האָט שוין געהאַט באַשריבן אין זיינע עראינערונגען אין אידיש. אין 1927, שוין אין זיין 70טן יאָר, האָט ווינטשעווסקי געמאַכט אַ פּאַרזוך צו דערציילן זיינע עראינערונגען פון דער צייט זינט ער איז געקומען קיין אַמעריקע (אין אָקטאָבער, 1894). נאָר באַלד איז ער קראַנק געוואָרן און גע־מוזט אַרויסלאָזן די פּען פון האַנט.

די אַרום 700 זייטן פון ווינטשעווסקיס „עראינערונגען" (בענד 9 און 10 פון די „געזאַמלטע ווערק") זיינען פון גאָר גרויס באַדייטונג פאַר דער געשיכטע פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, און ניט בלויז צווישן אידן אַליין. זיי באַלייכטן די עפּאָכע פון די פּיאָנערן פונם קלאַסנקאַמף און לעבן אויף פאַר אונזערע אויגן אַ מאַסע אינטערעסאַנטע בילדער און געשטאַלטן פונם פאַרגאַנגענעם דור. זיי זיינען אַן אוצר ניט בלויז פאַרן אי־דישן, נאָר אויך פאַרן אַלגעמיינעם קולטור היסטאָריקער. זיי ציי־כענען זיך אויך אויס, אַזוי ווי זיינע פעליעטאָנען, מיט זייער קלאָרן און פינקלדיקן סטיל. ס'איז אַ גרויס ליטעראַריש ווערק פון הויכן קולטור-היסטאָרישן ווערט.

ניט געקוקט אויף דעם, וואָס ווינטשעווסקי האָט זיך דער־קלערט פאַר ניט קיין אָביעקטיוון היסטאָריקער, מעגן זיך ביי אים לערנען גענויאיקייט און פּינקטלאַכקייט אפילו פּראָפעסיאָנע־לע געשיכטע־שרייבער. יעדער געשעעניש, יעדער ציטאַטע און יעדער דאַטע, וואָס ווינטשעווסקי דערמאָנט אין זיינע עראינערונ־גען, האָט ער גענוי אונטערזוכט און זיך ניט פאַרלאָזן בלויז אויף זיין אויסערגעוויינלאַך שטאַרקן זכרון. „איך רעד אימער פון סידור" — האָט ווינטשעווסקי אַמאָל געענטפערט זיינעם אַ קרי־טיקער — „אפילו ווען איך שרייב עראינערונגען".*)

*) „דאָס נייע לעבן", סעפּטעמבער, 1910.

.19

# די „צוקונפט"

**רעדאַקטאָר און געלטזאַמלער. — פּרייע פּרעסע און זעלבסט־קריטיק. — שטעלונג צו ס. ל. פּ., ס. פּ., וואָלקאַמף, פּאָליטיק, „וואָרהייט" און „פּאָרווערטס". — אָרטאָגראַפישע קאָנפערענץ. — יאָרן פון שאַפן און זאַמלען. — „יהוה־אלהים".**

אינם יוני־נומער „צוקונפט", 1907, דערקלערט איר פאַר־וואַלטונגס־ראַט, אַז פונם קומענדיקן נומער אָן וועט דער זשור־נאַל רעדאַקטירט ווערן פון מאָרים ווינטשעווסקי, „וועלכער איז געווען רעדאַקטאָר פון דער „צוקונפט" מיט עטלאַכע יאָרן צוריק". אינם יולי־נומער דערקלערט ווינטשעווסקי, אַז ער נעמט זיך צו דער „צוקונפט", פילנדיק, אַז ער איז „ניט די פּאַסנדע פּערזאָן". ער גלויבט, אַז כדי צו ווערן „אמת רעדאַקטירט", דאַרף דער זשורנאַל האָבן „מער ווי איין מענטשן" ביי דער רעדאַקציע, בעת ער, ווינטשעווסקי, קען אים געבן בלויז אַ קליינעם טייל פון זיין צייט. ער נעמט דערפאַר אָן די רעדאַקציע אַלס אַ פּראָבע: וועט ער קענען אויספירן זיינע פּלענער, אין די פּאָר שטונדן אַ טאָג, וועלכע ער קען אויף דעם אָפּגעבן, וועט ער זיך פילן גליקלאַך צו בלייבן אויף ווייטער; ווען ניט, וועט „ער מאַכן פּלאַץ פאַר אַ רעדאַקטאָר, וועלכער האָט מער צייט".

ס'זעט אויס, אַז די פּראָבע האָט געלונגען. ער איז געבליבן רעדאַקטאָר פון דער „צוקונפט" ביזן סוף יאָר 1909. ער האָט ניט אָנגענומען ווייטער, ניט צוליב מאַנגל אין צייט, נאָר דערפאַר, ווייל ער האַלט, אַז „דריי יאָר זיין רעדאַקטאָר איז גענוג, לייגנער ווערט מען אָן עם־הארץ"...

זיין פּלאַן איז געווען צו קריגן די בעסטע מיטאַרבעטער, ניט אַכטנדיק אויף זיינע פּערזענלאַכע געפילן צו זיי. ער האָט דערקלערט, אַז „אַפילו פּאָליטישע קעגנערשאַפט שטייט ניט אין וועג, ווען עס האַנדלט זיך צו קריגן נוצלאַכע און פייאיקע אַר־

טיקלען". געפינען מיר טאקע אין די עטלאכע יאר „צוקונפט" פון זיין רעדאקציע די בעסטע אידישע שרייבער, וואס אמעריקע האט דעמאלט פארמאגט, ווי אויך א היבשע צאל אויסלענדישע מיט־ארבעטער. נאר גרינג איז דאס אים ניט אנגעקומען. דריי מאנאטן נאכדעם ווי ער איז געווארן רעדאקטאר פון דער „צוקונפט" מעלדעט ווינטשעווסקי שטאלץ, אז דער זשורנאל האט שוין דער־גרייכט די מדרגה פון „באצאלן זיך" און ווען ניט די „אלטע שווערע חובות", וואלט מען שוין געקענט אויסקומען אן בענע־פיטס. נאר די „בענעפיטס", צו דעקן די אלטע חובות, זיינען ניט געווען דערפאלגרייך און האבן געשאפן נייע שווערע חובות.

אומזיסט האט ווינטשעווסקי געמוסרט די גענאסן, זיי זאלן פארטיין: „ערשטענס, אז שרייבער לשם שמים ווערן וואס א טאג לייגנער אלץ ווייניקער — — צווייטענס, אז די אינגערע, פרא־פעסיאנעלע סאציאליסטישע שרייבער זאגן, אז א שרייבער, אזוי גוט ווי א זעצער אדער א דרוקער, האט א מאגן, אמאל עטלאכע (גרעסערע און קלענערע) מאגנס ארום זיך און — ווי שטייט אין פרקים? — אם אין קמח אין תורה".

האט זיך דער יאר 1908 אנגעהויבן פאר ווינטשעווסקין מיט שווערע זארגן פאר דער פינאנציעלער לאגע פונם זשורנאל און ער האט דערקלערט, אז „אונטער אזעלכע אומשטענדן וואלט געווען פראסטע שארלאטאנסטווע צו מאכן גרויסע פלענער און הויכע פארשפרעכונגען". ער נוצט אויס די שווערע לאגע פון דעם איינ־ציקן סאציאליסטישן חודש־זשורנאל צו אגיטירן פאר זיין ליב־לינג־אידייע — אן „אמעריקאניש אידישע סאציאליסטישע ארגאנ־ניזאציע". דאס וואלט, זאגט ער, נאטירלאך געווען איר זשורנאל און זי וואלט שוין פאר אים געזארגט. נאר די אידישע סאציא־ליסטן פון יענער צייט, צווישן וועלכע עס האבן זיך געפונען אזוינע עלעמענטן, וואס פלעגן דערקלערן, אז זיי זיינען „ניט קיין אידן", נאר „אידיש־שפרעכנדיקע גענאסן", זיינען געווען שטארק געגן יעדן פארזוך צו שאפן א סאציאליסטישע אידישע פעדעראציע, אדער אפילו א אידישע סעקציע. ווערט ווינטשעוו-

סקי אויסער זיך, זעענדיק, אַז זיין שווערע אַרבעט איז אומזיסט. דער זשורנאַל האָט אונטער זיין רעדאַקציע געהאַט אַ 10,000 אַבאָ־נענטן און געקענט עקזיסטירן אָן שום הילף. נאָר צוליב די אַלטע חובות האָט ער ניט געקענט צאָלן די שרייבער „אפילו פאַר אַזוינע אַרטיקלען, וואָס זיינען שוין לאַנג געווען געדרוקט". שליידערט ער די גענאָסן אינם פּנים דעם פאָרוואורף:

„ווערט איר ניט רויט פאַר בזיון, אַז דער יאָרגאַנג (1908), וועל־כער ענדיקט זיך מיט דעם דאָזיקן נומער, איז אָנגעפילט געוואָרן צו אַ גרויסן טייל מיט גע'גזל'טע, מיט גע'גנב'עטע, מיט אַרויסגעגנאַרטע אַרטיקלען? פילט איר ניט די שמאַך פון אייער רעדאַקטאָר, אַן אַלטער חבר און מיטאַרבעטער, וועלכן איר האָט געמאַכט פאַר אַ לומפּ אין די אויגן פון אַ טוץ שרייבער אין איראָפּע און אין אַמעריקע, ביי וועלכן איר האָט גערויבט, אַליין דאָס ניט מערקענדיק, זיין ערלאַכן נאָמען?"

ס'איז אויך געווען נאָך אַ מאָמענט, וואָס ווינטשעווסקי האָט אפּנים ניט געוואָלט דערמאָנען. דאָס איז די שנאה פונם „פאָר־ווערטס". אָט־די שנאה איז געווען אַזוי גרויס, אַז רעדנדיק וועגן דעם יערלאַכן יום־טוב פון דער „צוקונפט" און איר מאַרקס־נומער (וואו ווינטשעווסקי האָט דורכגעפירט אַ „סימפּאָזיום" וועגן מאַרקסן), האָט דער „פאָרווערטס" אונטערדריקט ווינטשעוו־סקים נאָמען.

ווינטשעווסקי האָט דערפאַר געמוזט אָפּגעבן דער „צוקונפט" אַ סך מער צייט, ווי ער האָט זיך פאָרגעשטעלט. אחוץ אַ רעדאַק־טאָר, האָט ער נאָך אויך געמוזט זיין אַ געלטזאַמלער. אינם „קונדס" פון אָנהויב פעברואַר, 1909, געפינט זיך אַ שאַרזש, וואָס שטעלט פאָר וויטשעווסקי'ן אין דעם הילוך פונם גריכישן פילאָזאָף דיאָגען (באָרוועס, און מיט אַ לאַמטערנע אין האַנט) און דערביי איז אויפגעשריבן: „דער גריכישער פילאָזאָף דיאָגען האָט געזוכט מענטשן; איך, משוגענער פילאָזאָף, זוך געלט פאַר מיין „צוקונפט"...

* * *

אחוץ זיינע „עראינערונגען", וואָס זיינען אריין כמעט אין

יעדן נומער, האָט ווינטשעווסקי פאַרעפנטלאַכט אויך אַ ריי פע־ליעטאָנען און לידער, ווי אויך פּובליציסטישע אַרטיקלען און „רע־דאַקציאָנעלע נאָטיצן", אין יעדן נומער „צוקונפט", אויסער ווען ער איז געווען קראַנק (ווי ס'ווערט געמאָלדן אינם נאָוועמבער־נומער, 1909).

אין זיינע „רעדאַקציאָנעלע נאָטיצן" גיט ווינטשעווסקי אָפּ אַ סך פּלאַץ דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין אַמעריקע און אין אייראָפּע, באַזונדער אין רוסלאַנד. רעדנדיק וועגן דער מרה־שחורה, וואָס עס רופט אַרויס די שרעקלאַכע רעאַקציע אין אָנ־הויב יאָר 1908, דערקלערט ווינטשעווסקי: „טרויעריק קענען מיר זיין; קיינמאָל ניט פאַרצווייפלט".

אַזוי ווי אין זיין „אמת" (אין 1895), אַזוי קעמפט אויך ווינטשעווסקי אין זיין „צוקונפט" (אין 1907, 1908 און 1909) פאַר פרייער פּרעסע און זעלבסט-קריטיק. באַלד אין זיינע ערשטע נאָטיצן טרעט ער אַרויס קעגן דער טראַגי־קאָמישער טאַקטיק פון זיין פּאַרטיי — די ס. פּ. — וועלכע האָט מורא אויפצודעקן אירע וואונדן. זי האָט פאַרלוירן סוף 1906 אַרום 150,000 פון אירע פריערדיקע 400,000 שטימען און קיינער שטעלט זיך ניט די פראַגע: „ווי אַזוי איז דאָס געקומען?"

אין אַ צווייטן נומער (אויגוסט, 1907) קריטיקירט ווינ־טשעווסקי זייער שאַרף דעם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל פאַר זיין שטעלונג צו דער אידנפראַגע. ער ווייזט אָן, אַז בעת דער צווייטער אינטערנאַציאָנאַל האָט אין זיין מאַניפעסט אויסגערעכנט גענוי אַלע עולות צו אַלע פעלקער פונם צאַריזם, האָט ער אָבער מיט קיין וואָרט ניט דערמאָנט די צאַרישע פּאָגראָמען אויף אידן. ווינ־טשעווסקי דערקלערט דאָס דערמיט, וואָס צווישן די סאָציאַליס־טישע פירער זיינען דאָ אַסימילירטע אידן, „וועלכע באַהאַלטן זייערע נעזער". ס'איז ביי אים „קיין צווייפל ניטאָ, אַז דער פאַר־פאַסער פון דעם מאַניפעסט איז געווען אַ איד, אַניט וואָלט אַזוינס ניט פאָרגעקומען".

צו זיין טעמע „זעלבסט-קריטיק" קערט זיך אום ווינטשעוו־

סקי אויך אין 1908. דערביי דערקלערט ער (אינם מערץ־נומער) די וויכטיקייט פון דיינקען פאר זיך, און פירט אויס, אז „דער סאָציאַליזם איז ניט קיין אמונה און זיינע לערן ניט קיין פאר־גליווערטע דאָגמען און זיינע שריפטן זיינען ניט הייליקע שמות, און זיינע טעאָרעטיקער זיינען ניט קיין אומפעלבארע פּאַבסטן — — — פּאַרטיי־דיסציפּלין הייסט נאָר פאָלגן דער מאַיאָריטעט, אָבער זי שליסט ניט אויס קעמפן קעגן דער מאַיאָריטעט, אַגיטירן קעגן איר“.

און אזוי ווי אין פעליעטאָן „מאָדע“ *) וואָרנט ווינטשעוו־סקי די יוגנט ניט צו לאָזן אַנדערע דיינקען פאר זיך, נאָר

„אַליין — אַליין אַליין — אַליין
דענק שכל'ע קליין צום אמת דערגייין...“

„לאָז מענטשן“ — זאָגט ווינטשעווסקי — „שרייבן פאר דיר, ערגעצוואו שטימען פאר דיר, אמאָל זאָגאר עסן — ווי ביי באַנקעטן — פאר און אָנשטאָט דיר, אָבער לאָז קיינעם ניט דיינקען פאר דיר. טרוי קיינעם ניט אויפן וואָרט אין עניני טעאָ־ריע און טאַקטיק: קארל מארקס וואָלט עס דיר דער ערשטער געזאָגט“.

גלייכצייטיק דערקלערט דאָרט ווינטשעווסקי, אז ניט געקוקט אויף דעם, וואָס די אַמעריקאַנער סאָציאַליסטן האָבן אזוי ביטער באַקעמפט דעליאָנען, פאָלגן זיי אים שטענדיק און גייען כסדר אין זיינע וועגן (קעגן זעלבסט־קריטיק) און ענטפערן „מע!“ אפילו ווען ער שרייט שוין ניט מער צו זיי: „צאָן קדשים!“ און ער קומט דערפון צו אַזאַ מין פּאַראַדאָקס: די ס. פּ. זאָל זיך פאַראיי־ניקן מיט דער ס. ל. פּ., ווייל אַנדערש וועט זי ניט פּטור ווערן פון דעליאָנס הערשאַפט.

פאר זיין גרייטקייט זיך צו פאַראייניקן מיט זיין אַלטן שונא, דאַניעל דעליאָן, אין איין פּאַרטיי האָט ווינטשעווסקי גע־האַט נאָך איין מאָטיוו, ווי ער האָט ער דערקלערט אין אַ נומער

*) „געזאַמלטע ווערק“, באַנד 5, ז' 81.

פריער. אזוי ווי דעליאָן איז געווען אין מינדערהייט און פאַר־לאַנגט פאַר זיין ריכטונג דאָס רעכט פון אַ באַזונדער אָרגאַן, האָט ווינטשעווסקי אין דעם געזען אַ זיג פאַר זיין שיטה פון „פרייער פּרעסע". לויט זיין מיינונג איז ניט מעגלאַך קיין לעבעדיקע פּאַר־טיי אין דער וועלט „אָן אַ רעכטן און אַ לינקן פליגל, אָפט מיט אַ צענטער צווישן ביידע". מוז דערפאַר יעדער פּאַרטיי האָבן אַ מינאָריטעט, „וואָס אונטערשיידט זיך אין טאַקטישע פראַגן פון דער מאַיאָריטעט". מוז אָט־די מינאָריטעט „האָבן דאָס רעכט און די מעגלאַכקייט אויסצודריקן איר מיינונג אין דער פּרעסע און אויף דער פּאַרטיי־פּלאַטפאָרמע". דערצו, דיינקט ער, מוז זי האָבן אַן אָרגאַן פאַר זיך, אָדער אַ פּלאַץ אין די מערהייטס־אָרגאַנען. ווינטשעווסקי איז דערפאַר געווען צופרידן, וואָס „די ס. ל. פּ., פאַרשלאָגנדיק פאַראייניקונג, פאַרלאַנגט מינאָריטעט־שוץ אין דער פּרעסע". „וואָרים דיסציפּלין", זאָגט ער, „איז נאָר דאַן מעגלאַך פאַר פרייע מענטשן, ווען מיט דער פליכט צו פאָלגן מאַיאָריטעט־באַשלוסן גייט האַנט־אין־האַנט דאָס רעכט צו אַגיטירן, אום צו מאַכן פון דער נעכטיקער מינאָריטעט די מאָרגנדיקע מאַיאָריטעט".

נאָר ביסלאַכווייז איז ביי ווינטשעווסקי'ן געוואָרן די פאַר־אייניקונג מיט דער ס. ל. פּ. אַ ציל פאַר זיך אַליין — די איינ־הייט פון דער באַוועגונג. ער רופט דאַן צו אייניקייט פּשוט דער־פאַר, ווייל די עקזיסטענץ פון באַזונדערע פּראָלעטאַרישע פּאַר־טייען, וואָס באַקעמפן זיך, איז „שעדלאַך פאַר די אינטערעסן פונם אַרבעטער־קלאַס און זיין באַפרייאונג" („צוקונפט", דע־צעמבער 1909). דערביי באַמערקט ווינטשעווסקי, אַז „דער שרע'ן פאַר איינצעלנע פּערזאָנען איז אַ קינדערשער". ער האָט שוין אַפּנים דעמאָלט איינגעזען, כאָטש ער גיט עס ניט צו, אַז דער חסרון פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין אַמעריקע איז ניט געלעגן אין „איינצעלנע פּערזאָנען", מעגן זיי זיין אַזוי איינ־פלוסרייך ווי דאַניעל דעליאָן, נאָר אין די גענאָסן גופא (וואָס ווערן וואָס ווייטער אַלץ מער באַלעבאַטיש און געל).

א טיפן איינדרוק האָט אויף ווינטשעווסקין אויך געמאַכט דער פאַקט, וואָס די אַריבערגעקומענע בונדיסטישע שרייבער, ווי אַלעקסאַנדראָוו א. ד. גל., וועלכע זיינען געווען איבערגעגע־בענע סאָציאַליסטן, זיינען געשטאַנען מיט דער ס. ל. פּ..

זיין רעדאַקציע פון דער „צוקונפט" שליסט ווינטשעווסקי מיט אַן אַרטיקל: „אַ וואָרט אין צייט". ער קריטיקירט דאָרט שאַרף די פּאָליטיק פון דער ס. פּ.. ער רעכנט אויס די רייכקייט פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין אַמעריקע, וואָס האָט צו איר דינסט אויך דעם אַרבעטער רינג און די געווערקשאַפטן, צייטונגען און זשורנאַלן, „מיט ראַדיקאַלע פּאַיאַצן אין דער פּרע־סע" און מיט אַנאַרכיסטן, „וואָס גלויבן שוין זאָגאַר אינם פּאָ־ליטישן קאַמף"... און ער פירט אויס, אַז מיט די אַלע „גוטע זאַכן" שטייט די באַוועגונג סוף 1909 „הינטער דעם יאָר 1895". ווינ־טשעווסקי באַשולדיקט אין דעם די ניט אויסגעהאַלטנקייט פון דער ס. פּ., ביי וועלכע די פאַרברייטונג פונם סאָציאַליזם איז געוואָרן „אַ מיטל צו דערוויילן געוויסע טשינאָווניקעס, ריכטער און אָל־דערמען" (ראַטמענער), אַנשטאָט דעם, אַז די פּאָליטישע אַק־ציע זאָל זיין אַ מיטל צו פאַרברייטן דעם סאָציאַליזם. ווינטשעוו־סקי פאָדערט אויף די סאָציאַליסטן „וואָס ווייניקער לויפן פאַר עקזעקוטיווע אָפּיסעס און וואָס מער, אומעטום, און מיט אַלע קרעפטן, פאַרברייטן אונזערע אידייען, וואָרפנדיק קערנער וואו מיר געפינען אַ פרוכטבאַרן באָדן". דערביי דערקלערט ער, אַז כאָטש ער איז נאָך אַלץ קעגן „פיוזשאָן", זיך פאַראייניקן ביי די וואַלן מיט אַן אַנדער פּאַרטיי, איז דאָס „ניט דערפאַר, ווייל פיוזשאָן איז טרייף", נאָר ווייל „עס לוינט ניט". וואָרום דאָ אין אַמעריקע, ווען די סאָציאַליסטן זאָלן זיך „אפילו נאָר אויף אַ ווײַלע פאַראייניקן, מיט אַן אמת'ער פּאַרטיי", וועלן זיי „זיך אין איר צעלאָזן ווי אַ שטיקל צוקער אין אַ גלאָז וואַסער".

גלייכצייטיק וואָרנט ווינטשעווסקי די סאָציאַליסטן קעגן דאָס אָנשטרייננגען זיך צו דערוויילן אַ סאָציאַליסטישן מעיאָר אָדער אַ גובערנאַטאָר אין אַ קאַפּיטאַליסטישן שטאַט. ווינטשעווסקי ווייזט

אָן, אַז „אַזאַ עקזעקוטיווע באַאַמטער קאָן אין פאַל פון אַ סטרייק און אין דעם פאַל פון ראַיאָטס (אומרוען) ביי אַזאַ געלעגנהייט געשטעלט ווערן אין אַ פאַלשער לאַגע: ער, זייענדיק דער הויפּט־באַאַמטער ניט פון זיין פּאַרטיי אַליין, נאָר פון דער שטאָט אָדער פונם שטאַט אַלס גאַנצע, קען געצוואונגען ווערן צו זיין פאַלש— ענטוועדער צו זיין קלאַס, אָדער צו זיין אמט"...

***

ווינטשעווסקי באַשריינקט זיך ניט אין זיינע „רעדאַקציאָנעלע נאָטיצן", אין דער „צוקונפט", בלויז אויף פּאָליטישע און סאָציאַלע פראַגן. ער רעדט אויך כמעט אין יעדן נומער איבער ליטעראַרישע און קולטורעלע ענינים; איבער שרייבער און ביכער, אַן איינהייטלאַכער אָרטאָגראַפיע, אמת'ער ליטעראַטור־קריטיק, אַ בעסערן טעאַטער*) א. ד. גל.

אין יעדן פון די יאָרגאַנגען „צוקונפט", אונטער זיין רעדאַקציע, טרעט אַרויס ווינטשעווסקי פאַר אַ אָ ר ט אָ ג ר אַ פ י ־ ש ע ר ק אָ נ פ ע ר ע נ ץ. אים דוכט זיך, זאָגט ער אין זיינע נאָטיצן פון סעפּטעמבער 1907, אַז „די צייט איז געקומען פאַר די אַמעריקאַנער אידישע שרייבער, אָן אונטערשייד פון פּאָליטישער ריכטונג, צונויפצוקומען און זיך דורכריידן וועגן אַן אוניפאָרמע שרייב־וויייזע — — — פיליייכט אויך וועגן דעם געברויך פון געוויסע אויסדרוקן".

„אַזאַ שרייבער־קאָנפערענץ, אין וועלכער עס וואָלט דאַרפן זיין רעפּרעזענטירט אויך די זעצער־יוניאָן, איז אַבסאָלוט נויטווענדיק און וואָלט דעם זעצער און דעם קאָרעקטאָר געגעבן אַ מעגלאַכקייט צו מאַכן, אַז אונזערע ביכער, זשורנאַלן און צייטונגען

---

*) אין דער „צוקונפט", מערץ 1909, דערקלערט ווינטשעווסקי, אַז אין דער ירידה פונם אידישן טעאַטער איז שולדיק דער אומשטאַנד, וואָס די אַרבעטער לעבן דורך אַן עקאָנאָמישן קריזיס. „איז דער קרעמער געוואָרן דער טאָן־געבער, דער בעל־דעה, וואָס זאָגט: אַט־דאָס וויל איך — — — ליטעראַטור פאַרדיי איך ניט".

זאָלן האָבן אַ פּנים".

אַ יאָר שפּעטער, אין אָקטאָבער־נומער, 1808, רעדנדיק וועגן דער „טשערנאָוויצער קאָנפערענץ", דערקלערט ווינטשעווסקי, אַז ס'איז ניט זיכער, אויב מ'האָט דאָרט אויפגעהויבן די פראַגע מכח דער אָרטאָגראַפיע „אין אונזער אָרימען לשון, שוין גאָר ניט רעדנדיק וועגן אַן אַלגעמיינער גראַמאַטיק, וועלכע זאָל זיין בינ־דענד פאַר אַלע שרייבער". ער הויבט דערפאַר אַליין אויף די פראַ־גע, ווייניקסטענס פאַר אַמעריקע. און כאָטש, זאָגט ער, זיין ער־שטער אויפרוף איז געבליבן אַ שטים אין דער מדבר, וועט ער „פּרובירן פון דאָס ניי" אַרבעטן פאַר אַ שרייבער־קאָנפערענץ, „זיך צו איינִיקן לכל־הפחות אויף דאָס אויסלייגן".

ווינטשעווסקי קערט זיך אום צו דער זעלבער פראַגע אויך אין 1909. איבערדרוקנדיק (אינם יאַנואַר־נומער) אַן פּירושים דעם אויפרוף פון דער „טשערנאָוויצער שפּראַך־קאָנפערענץ", וואָס שטרייכט אונטער די ווערטער וועגן „אָנערקענען אידיש פאַר אַ נאַציאָנאַלער שפּראַך פון אידישן פאָלק", באַמערקט דערצו ווינטשעווסקי:

„אונז שיינט, אַז וואָס פון דער דאָזיקער קאָנפערענץ זאָל ניט ווערן, דאַרפן מיר ווייניקסטענס דאָ אין אַמעריקע האָבן די מעגלאַכ־קייט צונויפצוקומען און זיך באַראַטן וועגן דער אידישער אָרטאָגראַפיע, ווען ניט וועגן אַנדערע ניט ווייניקער וויכטיקע זאַכן, וואָס האָבן אַ שייכות מיט אידיש אַלס אַ שפּראַך".

***

אינם משך פון די דריי יאָר, וואָס ווינטשעווסקי האָט רע־דאַקטירט די „צוקונפט", האָט ער אויסגעמידן דאָרט אָנצוגרייפן דעם „פאָרווערטס". ווען דער לעצטער איז באַגאַנגען אַ מיאוסן פאַרברעכן, האָט ווינטשעווסקי וועגן דעם געשריבן אַ „פאָלקסן שטימע" אין דער „װאַרהייט". אַזוי ענטפערט דאָרט ווינטשעווסקי אויף אַ בריוול צו אים פון זיין פריינט יעקב גאָרדין, למאי ער פּראָטעסטירט ניט קעגן אַ געוויסן ליגנערישן באַריכט אינם „פאָר־ווערטס". אין זיין ענטפער (דאַטירט דעם 16טן מערץ, 1908),

דערקלערט ווינטשעווסקי, .אז „פּראָטעסטירן דאַרף מען אין דער זעלבער צייטונג, וואס דער ליגן איז געדרוקט געוואָרן" (און אזא פּראָטעסט וועט דאָך דער „פאָרווערטס" ניט דרוקן). דערביי דער־ציילט ער, אַז די נעמען ווינטשעווסקי און זאַמעטקין ווערן אין „פאָרווערטס" אונטערדריקט.

כדי ניט אָנצורירן דעם „פאָרווערטס", האָט ווינטשעווסקי אויך אויסגעמידן צו רעדן וועגן דער „וואַרהייט". נאָר ווען זי האָט באַשולדיקט די ס. פּ. און איר קאַנדידאַט הילקוויט, אַז זיי זיינען קעגן דער אימיגראַציע פון אידן אין אַמעריקע, און דער אַרבעטער רינג האָט דערפאַר אַרויפגעלייגט אַ באָיקאָט אויף דער „וואַרהייט", איז ווינטשעווסקי אַרויסגעטראָטן קעגן זיי (אין דע־צעמבער־נומער „צוקונפט", 1908). ער האָט דערקלערט, אַז אַ באָיקאָט, אַ חרם, איז „אַ באַרבאַרישער קאַמפּמיטל". דאָס איז קעגן געדאַנקען־פרייהייט, פּרעס־פרייהייט און געוויסן־פרייהייט. דער באָיקאָט איז דערפאַר דערלויבט בלויז אינם קריג, אינם קלאַסנקאַמף, ווען אַ צייטונג זינדיקט קעגן די געזעצן פון דער יוניאָן, ווען זי אונטערדריקט אירע אַרבעטער. „מען מעג זי אַלזאָ באָיקאָטירן פאַר דאָס, וואָס זי  ט ו ט,  אָבער ניט פאַר דאָס, וואָס זי  ז אָ ג ט;  פאַר אַ האַנדלונג, ניט פאַר אַ מיינונג". דערביי פאַרשווייגט ווינטשעווסקי די ראָל פונם „פאָרווערטס" אינם באָיקאָט קעגן זיין קאָנקורענט; פאַרקערט, ער באַמערקט סאַרקאַסטיש, אַז דאָס האָט דעם עולם „געמעגט אויסטייטשן און קלאָר מאַכן די רעדאַקציע פונם „פאָרווערטס" גלייך אינם אָנ־הויב, הויפּטזאַכלאַך, ווייל געניטע זשורנאַליסטן ווייסן, אַז באָי־קאָטירן אַ צייטונג הייסט זי אַדווערטייזן (מאַכן רעקלאַמע) און איר געבן צוויי מאָל אַזוי פיל סירקולייש]אָן (טיראַזש) וויפיל מען נעמט פון איר. ווען ניט דער פּרינציפּ, האָט די נוצלאַכקייט דאָ געדאַרפט דיקטירן אַן אַנדער האַלטונג".

טריי צו זיין פּאָליטיק, ניט אָנצורירן דעם „פאָרווערטס", קריטיקירט ווינטשעווסקי די געווערקשאַפטן און ניט דעם „פאָר־ווערטס", ווען דער לעצטער שטייט אין קריג מיט זיינע שרייבער

און צביון ווערט דאָרט שטאַרק געקריוודעט. ווינטשעווסקי דער־קלערט ביי אַט־דער געלעגנהייט, אַז „ניט אַכטנדיק אויף פער־זענלאַכע געפילן", האָט ער „ריינגעהאַלטן די „צוקונפט" פון „פאָרווערטס"־טראָבלס", אפילו פון „פאָרווערטס"־קריטיק". — — — גראַדע דער פאַקט, וואָס דער רעדאַקטאָר פון דער „צו־קונפט" איז אַלגעמיין באַקאַנט אַלס אַ פּרינציפּיעלער קעגנער פון דער „פאָרווערטס"־רעדאַקציע, האָט אים צוריקגעהאַלטן פון אַזעל־כע באַמערקונגען וועגן אונזער טעגלאַכער צייטונג, וועלכע ער וואָלט זיך דערלויבט אַלס פּאַרטיי־גענאָסע און פּריוואַטמאַן".

זיין קריטיק פונם „פאָרווערטס", וועלכע איז געווען דער־מאָנט אין אַ פריערדיקן קאַפּיטל, האָט ווינטשעווסקי דערפאַר פאַרעפנטלאַכט ערשט נאָכדעם ווי ער איז געוואָרן אויס רעדאַק־טאָר פון דער „צוקונפט". אויך דעמאָלט, אינם זומער 1910, האָט ער עס געשריבן ניט ווי קיין קעגנער, נאָר ווי אַ פריינט, ניט אַלס קריטיק, נאָר אַלס פאָרשלאָגן, ווי אַזוי אויסצובעסערן די צייטונג, אויף וועמעס גרינדונג און עטאַבלירונג ער האָט אַזוי פיל כחות גע'פּטר'ט. ער שלאָגט פאָר צו מאַכן דעם רעדאַקטאָר פאַר אויס אַליינהערשער און די „דזשאַב־סאָציאַליסטן" פאַר אויס באַלעבאַטים פונם „פאָרווערטס". ער וויל, אַז אַלע די, וואָס זיי־נען פאַראינטערעסירט אין דער פּראָפיטן־מאַכעריי פונם „פאָר־ווערטס", זאָלן ניט האָבן קיין וואָלרעכט און קיין שטים אין דער אַסאָסיאיישאָן. ווינטשעווסקי פאָדערט אויף די פאָרווערטסיסטן דורכצופירן אָט־די און אַ ריי אַנדערע פון אים פאָרגעשלאָגענע רעפאָרמען, אפילו ווען דאָס איז שווער, און ער באַמערקט זיי, אַז ער און זיינע חברים, וואָס האָבן געהאַט צו קעמפן פאַר דער צייטונג צווישן 1897 און 1904, זיינען בייגעקומען גרעסערע שוועריקייטן.

ווינטשעווסקי ענדיקט זיין קריטיק פונם „פאָרווערטס" מיט דער דערקלערונג, אַז ווען ער וואָלט געווען אַזוי יונג, ווי אין 1895 (אין דער צייט פון זיין באָסטאָנער „אמת") וואָלט ער אויפ־געהויבן אַ קאַמף מיט אַלע זיינע כחות דורכצופירן זיין פּראָג־

ראם אינם „פאָרווערטס". ער באַמערקט אויך, אַז ער װאָלט „דעם קאַמף צוערשט אָנגעפאַנגען אין דער אַסאָסיאײשאָן גופא". נאָר אַזױ װי אײנגער קען ער ניט װערן און אַ מיטגליד פון דער „פאָרװערטס"־אַסאָסיאײשאָן קען ער אין זײן איצטיקער לאַגע אויך




„אַ בעזים און אַ קער!" — קײן שטות'עריי, קײן זנות'עריי, קײן שונ־דעריי ניט מער! (װינטשעװסקי'ס „דזשאָב" אַלס מיטגליד פון „פאָר־װערטס"־אַסאָסיאײשאָן). (שאַרזש אין „קונדס")

ניט זײן, האָט ער זיך דערפאַר אויף דעם אופן אויסגעשפּראָכן אין דער „צוקונפט".

נאָר װינטשעװסקי האָט אָפּנים געפילט, אַז ער רעדט „צו דער װאַנט". האָט ער צוגעגעבן, אַז אויב קײנער װעט זיך ניט אָפּרופן, װעט ער װיסן, אַז „די צײט איז נאָך ניט געקומען" און דערפאַר װאָלט זײן „פּערזענלאַכע אָנשטרײנגונג אויך װײניק־װאָס העלפן". האָט ער טאַקע עטלאַכע יאָר שפּעטער, װען ער

איז געוואָרן אַ מיטגליד אין דער „פאָרווערטס"־אַסאָסיאיישאָן, ניט דערפילט, וואָס מ'האָט פון אים דערוואַרט. אומזיסט האָט דער „קונדס" פאַרגעשטעלט דעם זיידן אין דער געשטאַלט פון אַ טיכטיקער באַלעבאָסטע, וואָס גיט „אַ בעזים און אַ קער" און רייניקט אוים דעם שמוץ פונם „פאָרווערטס". ווינטשעווסקי האָט ניט „אויפגעהויבן אַ קאַמף" צו מאַכן פונם „פאָרווערטס" אַ סאָציאַליסטישע צייטונג און פון זיין „אַסאָסיאיישאָן" — אַ פאָלקס־פאַרוואַלטונג.

***

די פיר־פינף יאָר נאָך ווינטשעווסקיס 50טן געבורטסטאָג זיינען פאַר אים געווען יאָרן פון שאַפן און זאַמלען צוגלייך. ער האָט אין יענער צייט ניט בלויז געשריבן זיינע „עראינערונגען", זיין בוך „אַ טאָג מיט יעקב גאָרדין" (פאַרלאַג מייזעל, נ. י., 1909, 112 זייטן) און אַ ריי פאַבלען און לידער, נאָר ער האָט אויך צוזאַמענגעשטעלט אין בוכפאָרם אַ באַנד פון זיינע ערשטע פעליעטאָנען: „דער משוגענער פילאָזאָף אין ענגלאַנד", וואָס די „צוקונפט" האָט ארויסגעגעבן אַלס איר פרעמיום (נ. י., 1908, 384 זייטן), און אַ זאַמלונג פון זיינע ענגלישע „דערציילונגען פונם קאַמף",*) וואָס זיינען געווען געדרוקט אין די סאָציאַליסטישע צייטונגען פון ענגלאַנד און אַמעריקע. אַרום יענער צייט איז אויך דערשינען אַ נייע פאַרבעסערטע אויפלאַגע פון זיין איבסען־איבערזעצונג: „נאָראַ, אָדער אַ ליאַלקעס הויז" (פאַרלאַג מייזעל, נ. י., 1909, 107 זייטן). די ערשטע אויפלאַגע איז אַרוים אין 1906 און ביז 1909 זיינען פאַרקויפט געוואָרן 4,000 עקזעמפּליאַרן. ער האָט אויך פאַרן זעלבן פאַרלאַג געגעבן אַ פאָררעדע צו איבסענס „בוימייסטער" (איבערזעצט פון א. גאָלדווין, 1910).

זיין בוך „דער משוגענער פילאָזאָף אין ענגלאַנד" האָט ווינטשעווסקי „מיט ליבע און דאַנקבאַרקייט געווידמעט" „דעם אַנ־

*) "Stories of the Struggle," by Morris Winchewsky, Chicago, Charles H. Kerr & Co., 1908, 170 pp.

דענקען פון קאָנסטאַנטין גאַלאָפּ, איינעם פון די ערשטע, דערגעבנסטע און פייאיקסטע פריינט און פאַרקעמפער פון דעם אידישן ארבעטער אין ענגלאַנד". אַלס מאָטאָ צו אָט־דעם בוך האָט ווינטשעווסקי געגעבן די ווערטער פונם משוגענעם פילאָזאָף און זיין פעליעטאָן „אינהאַלט: איך":

„עס איז אַ וואונדערבאַרע זאַך
מיט מיין געלעכטער און געוויין:
איך בין ניט לוסטיק, ווען איך לאַך,
איך טרויער בשעת איך וויין". *)

די אַלע ביכער, מיט דער אויסנאַם פון דער איבסען־איבער־זעצונג און די ענגלישע דערציילונגען, זיינען, מיט רעדאַקציאָנע־לע ענדערונגען, אריין אין די „געזאַמלטע ווערק". אַ טייל פון די ענגלישע דערציילונגען האָט ווינטשעווסקי אויך פאַרעפנט־לאַכט אין אידיש. איינע פון זיי „גרישקאַ'ס ראָמאַן", אָריגינעל געשריבן אין אידיש, איז אריין אינם זעקסטן באַנד פון די „גע־זאַמלטע ווערק". אין זיין ענגלישער זאַמלונג האָט ווינטשעווסקי אויך אַ קאַפּיטל וועגן אליקום צונזער. ער דערציילט דאָרט, ווי אַזוי ער האָט זיך אַלס חדר־אינגל באַקאַנט מיט צונזערס לידער און ער ציטירט, אין ענגלישער איבערזעצונג, דאָס קלאָגליד, וואָס דער אַלטער פאָלקס־זינגער האָט געזונגען נאָכן טראַגישן טויט פון זיין ערשטער פרוי און קינדער, אין 1871.

***

צווישן ווינטשעווסקיס שריפטן פון יענע יאָרן געפינט זיך אויך אַ ביבל־קריטישע פאָרשערישע אַרבעט, די איינציקע ביי אים פון אָט־דעם מין. אין אָט־דעם אַרטיקל: „יהוה־אלהים" („צור־קונפט", אויגוסט, 1911) דערציילט ווינטשעווסקי, אַז נאָך אַלס אינגל איז ער שוין געווויסערמאַסן געווען אַ ביבל־קריטיקער. ער האָט, למשל, דעמאָלט געזוכט צו לייענען אַנדערש דעם צווייטן

*) „געזאַמלטע ווערק", באַנד 4, ז' 94—97.

פּסוק אין „שיר השירים“ — „ישקני מנשיקות פּיהו“ (ער וועט מיך קושן פון די קושן פון זיין מויל), „ווייל זיין ליבע איז בעסער ווי ווײַן“ — איז אים „פאַרגעקומען האמעטנע, סאַי צוליב דעם ווילדן אויסדרוק: „קושן פון די קושן“, סאַי דורך דעם פאַרגלייך פון ליבע מיט ווײַן“. האָט ער באַשלאָסן, אַז „ישקני“ דאַרף מען ניט לייענען ווי אין פּסוק שטייט „ישאַקייני“, נאָר „יאַשקייני“, און ס'דאַרף הייסן: „ער וועט מיך אָנטרינקען, באַרוישן (שכור־מאַכן) מיט די קושן פון זיין מויל, ווייל זיין ליבע איז בעסער ווי ווײַן“...

אויפן זעלבן שטייגער לייענט ווינטשעווסקי אינם ערשטן פּסוק אין חומש: „אל־הים“ און „המים“ אָנשטאָט „אלהים“ און „השמים“, און ס'קומט אַרויס אַזוי: „אינם אָנהויב האָט דער ים־גאָט באַשאַפן דאָס וואַסער און די ערד“... דערמיט דערקלערט אויך ווינטשעווסקי דעם צווייטן פּסוק פונם חומש, וואָס דער־ציילט, אַז „אלהימ'ס גייסט האָט געשוועבט (אָדער געזעסן—ווי אַ הון „זיצט“ אויף אייער) איבערן וואַסער“. ס'מיינט, זאָגט ווינ־טשעווסקי, אַז דער „ים־גאָט“ איז געזעסן אויפן וואַסער און אויסגעבריט באַשעפענישן“...

באַלד אינם אָנהויב פון אָט־דעם אַרטיקל האָט ווינטשעווסקי דערקלערט, אַז ער האָט זיך לאַנג אָפּגעהאַלטן דאָס צו שרייבן, ווייל ער האָט „פּשוט מורא געהאַט אַרויסצוקומען פאַר דער וועלט מיט אַ זאַך, וואָס קען זיין ענטוועדער אַן אַלטע, לאַנג אַנטדעקטע „אַמעריקע“, אָדער אַניט אַ פּוסטע השערה, פון אַ ווייסנשאַפטלאַכן שטאַנדפּונקט“. ער האָט, זאָגט ער, דערפאַר פריער אַ סך געלייענט און געשטודירט אין דער פראַגע, ביז ער איז אַרויס אין דער עפנטלאַכקייט. נאָר צוויי מאָנאַטן שפּעטער („צוקונפט“, אָקטאָבער 1911) טיילט מיט ווינטשעווסקי, אַז זיינער אַן אַלטער גוטער פריינט האָט אים אויפמערקזאַם געמאַכט, אַז די זעלבע געדאַנקען זיינען אויסגעדריקט געוואָרן אין אַן ענגלישן זשורנאַל „דהי מאָניסט“. ער קומט דערפאַר צום שלום: „שוסטער, בלייב ביי דיין לאַיסט“, אַז אַזאַ מענטש, ווי ער, וואָס האָט זיך

באַשעפּטיקט כּמעט צוויי דריטל פֿון זיין לעבן מיט „משוגענע" פילאָזאָפיע דאַרף צוריקלאָזן די קלאָרע"...

.20

# די נאַציאָנאַלע פראַגע

אַ מער אידישער בליק אויפן לעבן. — בונדיסטישע אייני פלוסן. — אַ „אידיש־אַמעריקאַנישער סאָציאַליסטן־בונד". — ראַסע און קלאַס".

דאָ אין אַמעריקע, וואו דער דלות איז „ניט געווען אזוי נאַ־קעט, אָפן און עפנטלאַך, ווי אין ענגלאַנד", כאָטש „ער האָט אונטערן מלבוש געהאַט אופן לייב טראַנטעס, אונטער די טראַנ־טעס וואונדן, אַרום די וואונדן גיפט און טויט־מיקראָבן", איז ווינ־טשעוווסקי — ווי ער דערציילט — „געוואָרן אַ האַרעלע אַנדערש, הגם אין תוך דער זעלבער. אים האָבן אָנגעהויבן באַשעפטיקן אַנדערע ברואים חוץ די פּראָלעטאַריער; דער צוויי טויזנט יאָ־ריקער פראַגע־צייכן — דער קרומער און דער הויכשטרעבנדער, אויף אַ פינטעלע שטייענדיקער פראַגע־צייכן, וואָס ווערט אָנגע־רופן איד־פּראָבלעם, האָט אים גענומען זיך עפּטער אַרומדרייען פאַר די אויגן", און ס'האָט זיך ביי אים, אזוי ווי ביי זיין „אויס־געוואַקסענעם אייניקל", „גענומען אויסבילדן אַ מער אידישער בליק אויפן לעבן". *)

ווינטשעוווסקי איז זייער שפּאָרזאַם מיטן געבן עמיצן קרעדיט פאַר זיין סאָציאַליזם. אויף דער פראַגע, ווי אזוי, אַשטייגער, איז ער געוואָרן אַ סאָציאַליסט? — האָט ווינטשעוווסקי אַמאָל געענט־פערט, אַז ער איז עס געוואָרן פינף און צוואַנציק יאָר איידער ער איז געקומען אויף דער וועלט. ‡) ער האָט דערמיט געוואָלט

---

*) דער „משוגענער פילאָזאָף אין אַמעריקע", „פאָרווערטס"־פאַר־לאַג, ניו יאָרק, 1920, ז' 9.

‡) „געזאַמלטע ווערק", באַנד 9, ז' 12.

זאָגן, אז ער איז געבוירן געוואָרן אין אזא סביבה, וואו ער האָט געמוזט ווערן א סאָציאַליסט.

נאָך דערפאַר איז ווינטשעווסקי העכסט פרייגעביק, ווען עס קומט צו געבן קרעדיטן פאַר זיין נאַציאָנאַליזם. ער גיט דערפאַר קרעדיט דעם דיכטער א. ליעסין, דעם „בונד" און אפילו גאַנץ אמעריקע.

***

ווען דער „בונד" האָט זיך געגרינדעט אין 1897, דערקלערט ווינטשעווסקי, האָט דער „דאָפּלטער קאַמף" פאַר דער עקזיסטענץ פון „פאָרווערטס" און קעגן די פירער, „אידן און גוים", פון דער ס. ל. פּ., פאַרשלונגען זיין גאַנצע ענערגיע און דעם גרעסטן טייל פון זיין פרייער צייט. זיין חיונה האָט ער דאַן, ווי תמיד, „געצויגן פון די חשבונות און די ציפערן" זיינע. איז דער „בונד" פאַר ווינטשעווסקין געבליבן אומאַנטפּלעקט ביזן יאָר 1901. עפּעס, זאָגט ער, פלעגט ער הערן וועגן א נייער ארבעטער אָרגאַניזאַציע אין דער ליטע, אין פּוילן; אָבער גענוי וואָס אזוינס דאָס איז, האָט ווינטשעווסקי ניט געוואוסט. אפילו זיין „פריינט ליעסינס באַגייסטערטע רייד וועגן דעם „בונד", הגם זיי האָבן אים צוערשט אויפן „בונד" אויפמערקזאַם געמאַכט, זיינען ביז יענעם יאָר געבליבן אָן דער ווירקונג, וואָס זיי וואָלטן געדאַרפט אויף אים מאַכן. ערשט אין יאָר 1901 איז אים כמעט צופעליק אריינגעקומען אין האַנט דער 9טער נומער „אידישער ארבעטער" מיט א בילד, וואָס אילוסטרירט די ווערטער פון זיין „קאַמפּס-געזאַנג": *)

„איינציקערווייז נעמט זיי צונויף די צושפּרייטע,
זאָגט זיי: אונז רופט היינט די הייליקע זאַך".

ווינטשעווסקי האָט באַלד אָנגעשריבן אַן אַנטוזיאַסטישן אַרטיקל אין „פאָרווערטס" וועגן „אידישן ארבעטער", און פון דעמאָלט אָן האָט ער זיך אָנגעהויבן אינטערעסירן מיטן „בונד".

*) געזאַמלטע ווערק, באַנד 2, ז' 88—89.

ס'הייסט, זאָגט ער, אַז דער „אידישער פּולס" אין אים (ווינ־טשעווסקי'ן) האָט „ווידער אָנגעפאַנגען צו לאָזן זיך הערן". *)

דער אמת איז, אַז ווינטשעווסקי האָט אַלעמאָל געהאַט אַ „אידישן בליק" אויפן לעבן און דער „אידישער פּולס" אין אים האָט קיינמאָל ניט אויפגעהערט „צו לאָזן זיך הערן". ער איז גע־ווען טיף נאַציאָנאַל, זייענדיק אין אָריאָל, וואו זיין רוסישער פּאָלקיזם האָט אים ניט געשטערט צו זאַמ־לען געלט פאַר די הונגעריקע אידן אין ארץ־ישראל. ער איז עס געווען אין קעניגסבערג, ווען ער האָט באַ־שולדיקט די אידישע תבואה-סוחרים אין עקספּלואַטירן די ניט־אידישע פּויערים און פאַרשטאַרקן דערמיט דעם ראַסנהאַס קעגן אידישן פאָלק; ווען ער האָט פאַרדאַמט דעם באַלעבאַטישן משכילים'שן נאַציאָנאַליזם פון סמאָלענסקין, וואָס פאַרשוויינט די סאָציאַלע עולות קעגן די אָרימע מאַסן. נאָך מער נאַציאָנאַל איז ווינטשעווסקי געווען אין לאָנדאָן, ווען ער האָט דערקלערט, אַז די אידישע מאַסן זיינען די „שטיפקינדער פון דער וועלט" און יעדער טיראַן ביז צו דער סאַמע סאָציאַלער רעוואָלוציע וועט זוכן צו דערשטיקן די פרייהייט אין אידיש בלוט. ווען ווינטשעוו־סקי האָט אין לאָנדאָן געמאָלן אַ בילד פון דער צוקונפט, „ווען די פרייהייט וועט זיצן געקרוינט אויפן טראָן", האָט ער ראַרט גלייכצייטיק אויך געשילדערט —

„ווי אַ לאַנג-לאַנג פאַרשאָלטענע נאַציאָן,
וואָס איז אייביק געווען אין דער וועלט אָפּגעזונדערט,
האָט די פעלקער דערמונטערט צום ווירקן, צום טאָן
און איז ענדלאָך געוואָרן באַליבט און באַוואונדערט". ‡)

נאָר באַטש „ווינטשעווסקי איז איינער פון גאָר די ערשטע, וואָס האָבן זיך באַפרייט פון די „קאָסמאָפּאָליטישע" פראַזן—ער איז שוין געווען אַ איד אַ סאָציאַליסט, בעת דער „בונד" איז נאָך

*) דאָרט, באַנד 10, ז' 267—268.

‡) דאָרט, באַנד 2, ז' 116.

אויף דער וועלט ניט געווען", *) — פונדעסטוועגן איז ניטאָ קיין ספק, אַז אין ווינטשעווסקי'ס ארויסטריט קעגן דער „גאָר־ניט־אידיש" אידעאָלאָגיע פון די אידישע געגנאָסן אין אַמעריקע האָט מיטגעשפּילט זיין פּאַראינטערעסירן זיך אין „בונד". מיר זעען דאָס, ווען מיר פאַרגלייכן זיין שטעלונג צו אידישע קולטור־פּראָבלעמען מיט קנאַפּע צען יאָר פריער. דר. זשיטלאָווסקי דערציילט אונז וועגן דעם אזא פאַקט, וואָס האָט פּאַסירט אין הארבסט, 1893, ווען ווינטשעווסקי איז געקומען קיין ציריך אַלס דעלעגאַט פון די אידישע ארבעטער אין ענגלאַנד צום אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליסטישן קאָנגרעס. אַ דאַנק זיינע לידער און פעליעטאָנען אינם „ארבעטער פריינד" איז ווינטשעווסקי'ס נאָמען געווען איינגעבאַקן אין זשיטלאָווסקי'ס הארץ „און ארומגערינגלט מיט אַ שיין פון ליבע און שטאָלץ". האָט דר. זשיטלאָווסקי זיך צו אים געווענדט מיט אַ פּלאַן פון אידיש־סאָציאַליסטישע זאַמלביכער פאַר דער סאָציאַליסטישער פּראָפּאַגאַנדע אין רוסלאַנד און גאַליציע. „ווינטשעווסקי האָט איינגעשטימט אויף דעם פאַרשלאַג. ער האָט געדאַרפט איבעררעדן מיט קאַהאַנען", דעם צווייטן אידישן דעלעגאַט פון אידישע ארבעטער (אין אַמעריקע), און געבן דר. זשיטלאָווסקין אַ תשובה. די תשובה איז געווען אַ לאַקאָנישע און קאַלטע: „קאַהאַן האַלט דערפון ניט..." ⁑) און אויב ווינטשעווסקי איז קנאַפּע צען יאָר שפּעטער ארויסגעטראָטן פאַר אַ אידישער סאָציאַליסטישער אָרגאַניזאַציע, וואָס זאָל זיך ניט באַנוגן בלויז מיט פרעדיקן סאָציאַליזם אויף אידיש, נאָר זיך אויך אָפּגעבן מיט אַלע לעבנספראַגן און קולטור־פּראָבלעמען פון דער אידישער ארבעטערשאַפט, האָט אָן צווייפל מיטגעווירקט אין דעם אויך דער איינפלוס פון „בונד".

„ווען אין רוסלאַנד האָט דער „בונד" גענומען פירן זיין היס־

---

*) ש. ק. שנעפּאַל, אין ספּעקטאָרס „מאָמענט־פאָטאָגראַפיעס", ז' 72

⁑) „דאָס נייע לעבן", מאַי 1910.

טאָרישן קאַמף ניט בלויז קעגן צאַריזם, נאָר אויך קעגן אַלץ, וואָס איז אָפּגעלעבט און פאַרשימלט אין אונזער אידיש לעבן",—דער־ציילט ח' שכנא עפּשטיין,—„איז חבר ווינטשעווסקי געווען אין אַמעריקע איינער פון די ערשטע, וואָס האָט אָנגענומען דעם „בונד'ס" פּראָגראַם. ער איז דעמאָלט צוגעשטאַנען צו די אידישע סאָציאַליסטישע נאַציאָנאַל־געשטימטע שרייבער, וואָס האָבן אָנ־געוויזן, אַז בדי די אידישע אַרבעטער־באַוועגונג דאָ אין לאַנד זאָל קענען וואַקסן און געדייען, מוז זי זיך דורכדרינגען מיטן גייסט פונם „בונד" אין רוסלאַנד, מוז זי ווערן מער נאַציאָנאַל לויט איר פאָרם און אינהאַלט. ער האָט ניט אויפגעהערט צו פּריידיקן, אַז די אידישע אינטערעסן, די אידישע פראַגן טאָרן אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג ניט אַגנאָרירט ווערן; פאַר־קערט, ס'וועט זיין אַלץ געזינטער פאַר אונזער אַרבעטער־באַוועגונג, וואָס מער זי וועט זיך צופּאַסן ניט בלויז צו דער שפּראַך פון די אידישע אַרבעטער, נאָר אויך צו זייער פּסיכאָלאָגיע, צו זייערע גייסטיקע באַדערפענישן". *)

אָן אָפּקלאַנג פון אָט־דער טעטיקייט זיינער געפינט זיך אין ווינטשעווסקי'ס ווערטער וועגן א. ליעסין. ווינטשעווסקי דער־ציילט, אַז זיין נאָכפאָלגער אין דער „צוקונפט" „האָט געהאַט צו אַרבעטן אין אַ קאָסמאָפּאָליטישער, אַסימיליאַטאָרישער סביבה פאַר אידישקייט. ער האָט זיך גענומען צו דער שווערער אַרבעט פון מאַכן סאָציאַליסטישע אידן פאַר אידישע סאָציאַליסטן". וואָ־רים דאָ „אין אַמעריקע זיינען די מייסטע בונדיסטישע פירער פון ערשטן טאָג אָן אַרויסגעטראָטן שטאַרק קעגן דעם נאַציאָנאַ־ליזם". ‡) נאָר ווינטשעווסקי איז פונם אָנהויב אָן געשטאַנען מיטן נאַציאָנאַלן פליגל פונם „בונד". אין אָט־דעם זין איז אויך צו פאַרשטיין ווינטשעווסקי'ס דערקלערונג (אין זיין בריוו צום

*) „פריהייט", 3טן פעברואַר, 1924.

‡) מאָריס ווינטשעווסקי, „אַ פּאָר ווערטער צום הונדערטסטן נומער „צוקונפט" אונטער א. ליעסינ'ס רעדאַקציע" („צוקונפט", יוני, 1921).

„בונד'ס" 25טן געבורטסטאָג, אינם אַרבעטער־לוח, 1922), אַז דער „בונד" איז געווען אַ „פּייערדיקער זייל" אין זיין (ווינטשעווסקי'ס) „אייגענעם נאַציאָנאַלן לאַבירינט".

**
*

ווינטשעווסקיס נאַציאָנאַליזם איז נים ארויסגערופן געוואָרן דורך פּאָגראָמען און איז קיינמאָל ניט געווען אין ווידערשפּרוך צו זיין אינטערנאַציאָנאַליזם און איז געגאַנגען האַנט־אין־האַנט אַפילו מיט זיין קאָסמאָפּאָליטיזם. ווינטשעווסקי איז אַלעמאָל געווען איד און וועלטבירגער, און סאָציאַליסט צוגלייך. נאָר בעת זיין סאָציאַליסטישער „אני מאמין" *) איז ביי ווינטשעווסקין געווען אַ זעלבסטפאַרשטענדלאַכקייט, אַ טיפע איבערצייגונג, איז ביי אים זיין „נאַציאָנאַלער אני מאמין" ‡) בלויז אַ „געפיל־זאַך", אַ „גלויבן", וועלכער נויטיקט זיך אין פּירושים און דערקלערונגען.

טעאָרעטיש איז ווינטשעווסקי געווען איבערצייגט, אַז ער שטייט אויך אין דער נאַציאָנאַלער פראַגע אויפן פעסטן באָדן פון דער מאַרקסיסטישער וויסנשאַפט. ס'איז אים ניט שווער געווען צו באַווייזן, אַז דער ערשטער אינטערנאַציאָנאַל, אָנגעפירט פון קאַרל מאַרקס אַליין, האָט אַלעמאָל סימפּאַטיזירט מיט די נאַציאָנאַלע שטרעבונגען און האָפנונגען פון די אונטערדריקטע פעלקער. ער ציטירט אויך אַ בריוו פון קאַרל מאַרקס צו פרידריך ענגעלס, אין וועלכן ער לאַכט אויס יענע פראַנצויזישע ראַדיקאַלן, וועלכע האָבן גערעדט פון אָפּשאַפן די באַזונדערע שפּראַכן און קולטורן. מאַרקס באַמערקט דערצו סאַרקאַסטיש, אַז דאָס רעדט ניט אין זיי דער גייסט פונם אינטערנאַציאָנאַליזם, נאָר פונם פראַנצויזישן פּאַטריאָטיזם, וואָס וויל, אַז אַלע מענטשן זאָלן ווערן פראַנצויזיש. ⁂)

---

*) דאָרט, באַנד 6, ז' 248—250.

‡) דאָרט, באַנד 7, ז' 220—253.

⁂) דאָרט, ז' 258—259.

ווינטשעווסקים ספקות און וואקלענישן האָבן זיך אָנגעהויבן, ווען ער האָט געוואָלט דורכפירן זיין נאַציאָנאַלן פּראָגראַם אינם לעבן. ער איז געווען שאַרף און שניידיק, ווען ער האָט קריטי־קירט דעם גראָב־מאַטעריאַליסטישן אַסימיליר־שטרעבן פונם „אי־דיש־שפּרעכנדיקן" געגנאָסע. נאָר זיין אייגענער נאַציאָנאַלער וועג איז געווען פול געפאַרן. זיינע שונאים האָבן טאַקע אָפט געגלויבט צו דערלעבן אַ נקמה אָן אים. אַט־אַט, האָבן זיי געהאָפט, וועט זיך דער „זיידע" אויסגליטשן, ווי אַ סך אינגערע סאָציאַ־ליסטן און אַנאַרכיסטן, און וועט זיך פּאַקייקלען אינם לאַגער פון די קליינבירגערלאַכע נאַציאָנאַליסטן, אָדער ציוניסטן. נאָר שאַרף און קלאָר איז געווען די אויג פונם אַלטן וועטעראַן, און ער איז אַריבער בשלום די געפערלאַכסטע שטרויכלונגען.

שווער און גליטשיק איז אויך געווען זיין וועג צו שאַפן אַ אידישע סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציע, וואָס זאָל רעאַגירן אויף אַלע פראַגן פונם אידישן לעבן. זינט 1902 האָט ער אומדערמיד־לאַך געאַרבעט עס צו פאַרווירקלאַכן, נאָר זיך אַלעמאָל אָנגעשלאָגן אָן דער שטאַרקער אָפּאָזיציע פון די „אידיש־שפּרעכנדע", „אַלע — נאָר ניט־אידיש" געגנאָסן. שפּעטער, ווען ס'האָט זיך אָרגאַניזירט די „אידישע סאָציאַליסטישע אַגיטאַציאָנס־ביוראָ", האָט ווינטשעוו־סקי אַגיטירט, זי זאָל פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ פעדעראַציע, אָדער סעקציע, מיט ברייטער אַרבעטס־מעגלאַכקייט, און ניט באַשטיין בלויז פון אַן אידישן איבערזעצער אין דער סאָציאַליסטישער קאַנ־צעלאַריע.

אַזוי איז גאָרנישט געוואָרן פון דעם פּלאַן, וועלכן ווינטשעוו־סקי האָט פאָרגעשלאָגן פאַר אַ קאָנפערענץ פון אידישע אַרבעטער אָרגאַניזאַציעס (אָפּגעהאַלטן דעם 11טן יאַנואַר, 1902 אין ניו יאָרק), אַז די אידישע סאָציאַליסטישע באַוועגונג זאָל זיך ניט צוזאַמענגיסן מיט דער ס. פּ., נאָר זאָל בלייבן אויטאָ־נאָמיש. זיין אַרגומענט איז געווען, אַז די נאַציאָ־נאַלע אָרגאַניזאַציע, וואָס די רוסישע ווירקלאַכקייט האָט אויסגעאַרבעט אין רוסלאַנד, איז די איינציקע מעגלאַכע אויך

פאַר אמעריקע.*) ער האָט דערפאַר אויך אַגיטירט אין שפּע־טערע יאָרן. באַגריסנדיק דעם צווייטן יערלאַכן צוזאַמענפאָר פון דער „אידישער אַגיטאַציאָנס ביוראָ“ אין קליוולאַנד (סעפּטעמבער 1908), דערקלערט ווינטשעווסקי, אַז אין אַמעריקע, מער ווי אין דער אַלטער היים, דאַרפן די אידישע אַרבעטער זיין אָרגאַניזירט אין אַ באַזונדער פעדעראַציע. ער פירט אויס אַזוי:

„דער קליוולאַנדער צוזאַמענפאָר דאַרף קענען געפינען אַ וועג ווי אַזוי צו פאַראייניקן אין אַ אידיש־אַמעריקאַנישן בונד (דאָס וואָרט „בונד“ ווערט דאָ געבראַכט אַבזיכטלאַך) וויניקסטנס אַלע די פּריש־אַריבערגעקומענע מאַסן, וועלכע קענען נאָך צווישן אַמעריקאַנער ניט זיין און ווילן דאָך זיין פאַרבונדן אָדער פאַראייניקט מיט דער פּאַר־טיי. אַז דאָס דאַרף ניט זיין אַ „בונד“ בכל פּרטיו ודקדוקיו ווי דער „בונד“ אין רוסלאַנד, איז זעלבסטפאַרשטענדלאַך, ווייל די לאַגע איז דאָ אַן אַנדערע. אָבער פּונקט אַזוי זעלבסטפאַרשטענדלאַך איז עס, אַז דער אַמאָליקער קאָסמאָפּאָליטיזם, וועלכער האָט פאַרלאַנגט, אַז אידן — און טאַקע נאָר אידן—פון דער פּאַרטיי זאָלן בטל בששים ווערן, איז היינט אַ געוועזענע זאַך“.**)

ווען דער צוזאַמענפאָר פון אַט־דעם ביוראָ, אין פילאַ־דעלפיע (סעפּטעמבער, 1909), האָט באַשלאָסן צו פאַרבלייבן ביים אַלטן, איז ווינטשעווסקי אַרויס מיטן פאָרשלאַג (אינם אָקטאָבער נומער „צוקונפט“, 1909) צו גרינדן „אידישע סאָציאַליסטישע אַרבעטער בילדונגס פאַראייניגען“, לויט אַן ענלאַכן אַרבעטס־פּראָג־ראַם, ווי ס'זיינען אָרגאַניזירט די איצטיקע „אַרבעטער־קלובן“.

די אָפּאָזיציע פון די אַמעריקאַניזירטע גענאָסן אויך צו אַזאַ מילדער דאָזע אידישקייט, האָט ווינטשעווסקין געטריבן צו ווערן עקסטרעמער אין זיינע פאָדערונגען. צוויי יאָר שפּעטער (אינם נאָוועמבער-נומער „צוקונפט“, 1911) טרעט שוין ווינטשעווסקי אַרויס מיטן פאָרשלאַג צו גרינדן אַ „אידיש־אַמעריקאַנישן סאָ־

*) „פאָרווערטס“, 9טן יאַנואַר, 1902.

**) „צוקונפט“, אָקטאָבער, 1908.

ציאַליסטן־בונד", וועלכער זאָל באַשטיין פון קלענערע אָדער גרע־סערע פּראָפּאַגאַנדע־אָרגאַניזאַציעס איבערן גאַנצן לאַנד. זיין עובדה זאָל זיין: „צו שאַפן אַ פּלאַטפאָרם, פון וועלכער צו רעדן צו די נײַ אַריבערגעקומענע איבערן סאָציאַליזם און צו דיסקוטירן אידישע נאַציאָנאַלע פראַגן און אידישע צרות און נחמות".

אָט־דער סאָציאַליסטן־בונד, געגרינדעט הויפּטזאַכלאַך פאַר די נײַ־אַריבערגעקומענע, האָט, לויט ווינטשעווסקיס פּלאַן, זיך געדאַרפט „אײַניקן אויף אַ נאַציאָנאַל־אידישן פּראָגראַם בנוגע צו אַמעריקע", אויף איינעם פון אָט־די דריי יסודות: 1) זיך צו שטעלן אויף אַ געוויסן שטאַנדפּונקט, למשל, אויף דעם שטאַנד־פּונקט פון דעם „בונד" אין רוסלאַנד, אַרייננעמענדיק די נאַציאָ־נאַל־קולטורעלע אויטאָנאָמיע, אָדער 2) צו זאָגן, אַז נאַציאָנאַליזם, אַשטייגער, איז פּריוואַט־זאַך אַזוי ווי די רעליגיע, און צום נײַעם סאָציאַליסטן־בונד קען געהערן יעדער סאָציאַליסט, אָדער 3) אין דעם דאָזיקן פּרט צו פאַראייניקן נאָר אַזעלכע עלעמענטן, וועלכע קענען צוזאַמענגיין, אויסלאָזנדיק די אַנדערע. נאָר אונטער אַלע אומשטענדן זאָלן די מיטגלידער פון אָט־דער נײַער אָרגאַניזאַ־ציע — „וועלכע איז ניט און וויל ניט זיין קיין פּאָליטישע פּאַר־טיי" — אַנערקענען דער פּראָלעטאַרישן קלאַסנקאַמף.

אויף דער ס. פּ. — דערקלערט ווינטשעווסקי — קענען זיך אָט־די אידישע סאָציאַליסטן ניט פאַרלאָזן, ווײַל זי „פירט אָן איר אַגיטאַציע בלויז אויפן באָדן פונם קלאַסנקאַמף, און איר מאַכט ניט אויס, צי איר זייט אַ קישינעווער קרבן, אָדער קרושע־וואַנ'ס אַ תּלמיד, צי איר זייט אַ פריינט פון וועהיסקערס אָדער אַ וועהיסקער־צופער". פאַרקערט, די נײַ־אַריבערגעקומענע אידישע סאָציאַליסטן, „זיי אינטערעסירט זייער שטאַרק די אַלטע אידישע פראַגע. זיי זעען, וואָס די פּאַרטיי זעט ניט און קען ניט זען, היינו, יענע צוויי־טויזנט־יאָריקע וואונד, וואָס ווערט פאַרפּלאַס־טערט און בלײַבט פונדעסטוועגן רק אָפן און גיסט זיך כסדר אָפּ מיט בלוט... זיי קענען מיט זייער גאַנצער אמונה אין דעם נײַעסטן עוואַנגעליום פון אונזער מאַרקס ניט פאַרגעסן אָן די

שלאַכט פון אָדעס, אָן די רדיפות פון בוקאַרעסט און יאַסי, אָן די קרבנות פון דראָביטש. זיי זײַנען סאָציאַליסטישע אידן און די פּאַרטיי ווייס אפילו ניט פון אידישע סאָציאַליסטן: אַלץ, וואָס מען דולדעט, איז — אידיש־שפּרעכנדע פּאַרטיי־גענאָסן".

ווינטשעווסקיס נייער פאָרשלאָג האָט ניט געקראָגן קיין בע־סערן אויפנאַם ווי זיינע פריערדיקע מילדערע פאָרשלאָגן. אָנ־ווייזנדיק אויף דער ניט־מעגלאַכקייט צו גרינדן אַ אידישע סאָ־ציאַליסטישע אָרגאַניזאַציע אויף זיינע דריי יסודות, האָט מען אים אויך קריטיקירט פאַר זיין באַהויפּטן, אַז אין דער ס. פּ. איז פאַראַן פּלאַץ פאַר „קרושעוואַנס אַ תלמיד", אָדער אַ „וואַסערמאַן"־צופּער" (באָרד־רייסער)... *) קיין וואונדער, וואָס ווינטשעווסקי האָט צוויי יאָר שפּעטער, אין זיין אַרטיקל „ראַסע און קלאַס" (אינם נאָוועמבער־נומער „צוקונפט", 1913), דערקלערט, אַז ער איז שוין „גענוג אויסגעניכטערט, ניט צו מאַכן מער קיין פּלענער און ניט צו געבן מער קיין עצות". אָנשטאָט דעם האָט ער שאַרף קרי־טיקירט דעם אָקאָרשט אָפּגעהאַלטענעם צוזאַמענפאָר פון דער „אידישער סאָציאַליסטישער פעדערייישאָן", אין ניו הייווען, פאַר זיין פאַרשווייגן דעם פּוילישן באָיקאָט און קעגן דעם בלוט־בלבול, אין וועלכן „מענדעל ביילים איז דער באַשולדיקטער און זעקס מיליאָן רוסישע אידן די אָנגעקלאָגטע". ווינטשעווסקי פאַרגלייכט דעם צורקולאַר, וואָס דער סאָציאַליסטישער אינטערנאַציאָנאַל האָט אַרויסגעלאָזן וועגן דעם ביילים־פּראָצעס, מיטן שווייגן פון אי־דישע סאָציאַליסטן אויף זייערן אַ צוזאַמענפאָר, און ער באַמערקט דערצו סאַרקאַסטיש:

„ביין, געדעכט זיינען זיי. זיי און ניט איך. זיי זיינען טאַקע ניט מער און ניט ווייניקער ווי אַ אידישע שפּראַך־גרופּע פון דער סאָציאַ־ליסטישער פּאַרטיי. זייער עסק איז צו פאַרבריינן דעם סאָציאַליזם צווישן מענטשן, וואָס פאַרשטייען ניט קיין אַנדער לשון ווי אידיש.

*) ק. מרמר, „מ. ווינטשעווסקי אויפן האַלבן וועג" (אידישע אַר־בעטער וועלט, 24טן נאָוועמבער, 1911).

דאָס, וואָס זיי זיינען אידן, איז אַן אומגליקלאַכער צופאַל, פאַר וועלכן זיי זיינען ניט פאַראַנטוואָרטלאַך: זיי האָבן זיך זייערע טאַטעס ניט אויסגעקליבן. — — — — אַי פּאָגראָמען? אַי באָיקאָט? אַי בלוט־בלבולים? איז אויף דעם דאָ אַ „יאַהודי", — — — — אַ ציוניסט — — זיי שטייען אויף דעם באָדן פונם קלאַסנקאַמף און מיט נאַציאָנאַלע פראַגן אינטערעסירן זיי זיך ניט".

נאָר ווינטשעווסקי איז געווען פעסט איבערצייגט, אַז „פריער אָדער שפּעטער" וועט די אידישע סאָציאַליסטישע פעדעראַציע ווערן אַ לעבעדיקע קערפּערשאַפט און נעמען אַ שטאַרקן אָנטייל אין די נויטן און באַדערפעניש פון די ברייטע אידישע מאַסן. האָט ער „באַשלאָסן צו בלייבן אין דער פעדעריישאָן און צו העלפן" אין איר אַרבעט, אַזוי ווייט ווי זיינע כחות „וועלן סטאַיען". ווינטשעווסקי האָט אויך אָפּגעהיט זיין באַשלוס און איז געווען זייער טעטיק אין דער אידישער סאָציאַליסטישער פעדעראַציע מיט וואָרט און שריפט. ער איז אַרומגעפאָרן איבערן לאַנד פאַר אירע אינטערעסן און האָט אויך פיל געשריבן אין אירע אָרגאַנען: „דער אידישער סאָציאַליסט" און „די נייע וועלט". אחוץ איבער פּאַרטיי־פראַגן האָט ווינטשעווסקי דאָרט אויך געשריבן איבער אַלגעמיינע אידישע און וועלטלאַכע ענינים, זיינע עפּיגראַמענמעסיקע נאָטיצן „קורצע דבורים", פעליעטאָנען (צושלאָגענע געדאַנקען פון אַ משוגענעם פילאָזאָף) און לידער.

## .21
## אין מלחמה-צייטן

„די סאָציאַלע רעוואָלוציע" און דער וועלט־קריג. — פראָ־באָלשעוויזם.—„פאָרווערטס".—„וואָס מיר פעלט".—60־יאָריקער יובילײ. — די „גלייכהייט".—„שריפטן".—קאָנגרעס־באַוועגונג, ציוניזם, דעלעגאַציע צו דער פרידנס־קאָנפערענץ. — ביי אַנאַטאָל פראַנס. — „רעכטס אָדער לינקס".

דער אויסברוך פון דער וועלט־מלחמה האָט ווינטשעווסקין

פאַראורזאַכט מער צער ווי יאוש. דער פאַרראַט פון די מערסטע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פירער אין די מלחמה־לענדער, דער פאַנאַנדערפאַל פון דעם סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל, ווי די דערמאָרדונג פון זשאָרעסן, וועמען ער האָט באַקלאָגט אין זיין אַרטיקל „דורך טויט צום לעבן“ („אידישער סאָציאַליסט“, 15טן אויגוסט, 1914), האָבן אים, נאַטירלאַך, פאַרשאַפט אַ סך יסורים. נאָר גלייכצייטיק האָט די וועלט־מלחמה אויפגעוועקט אין ווינטשעווקין די האָפנונג אויפן באַלדיקן אָנקום פון דעם טאָג פון רעכענונג און באַצאָלונג. ער האָט עס אויך אַרויסגעזאָגט קלאָר און שאַרף אין זיין אַרטיקל „די סאָציאַלע רעוואָלוציע און דער וועלט־קריג“ („צוקונפט“, יאַנואַר 1916).

ווינטשעווסקי ווייזט דאָרט אָן, ווי אַזוי די פירער און רעגירער אין אייראָפּע, פול שרעק פאַר „דאָס געשפּענסט פונם קאָמוניזם“ און פאַר דער וואַקסנדיקער אַרבעטער־באַוועגונג, האָבן ביי זיך באַשלאָסן, אַז די צייט איז געקומען צו שפּילן אַ געוואַגטן שפּיל, שטעלנדיק אַלץ אין קאָן, ווייל וואָס צו פאַרלירן איז ניטאָ. זיי האָבן געהאָפט, דורך דער מלחמה, אָפּצושטעלן די באַוועגונג אין יעדער מדינה; „אויפצואַוועקן ביי די אַרבעטער דעם אָפּגעשוואַכטן שאָוויניזם; צו צערשטערן די אינטערנאַציאָנאַלע סאָלידאַריטעט. קורץ, צו דערטרינקען אין בלוט דעם רויטן געשפּענסט איידער די סאָציאַלע רעוואָלוציע קען אויסברעכן“. און ווינטשעווסקי דריקט אויס די האָפנונג, אַז גראַד אָט־דאָס געוואַגטע שפּיל „וועט זיין אַ פאַרשנעלערטער אונטערגאַנג פון דער קאַפּיטאַליסטישער הערשאַפט“.

ס׳פאַרשטייט זיך, אַז ער איז געווען באַגייסטערט פון די געשעענישן אין רוסלאַנד (1917). נאָר קיין גרויסע גליקן האָט ווינטשעווסקי פון דער בירגערלאַכער רעוואָלוציע ניט דערוואַרט. ער האָט אויך מורא געהאַט, אַז דאָס אידישע בירגערטום וועט פאַרכאַפּן צופיל מאַכט און אַרויסרופן אַ שטאַרקן ראַסנהאַס קעגן אידישן פאָלק. זיין האָפנונג איז געווען די אָרגאַניזאַציע פון אידישע האַרעפּאַשניקעס. ער איז געווען זיכער, אַז וואָס מעכטיקער ס׳וועט

זיין דער „פאראייניקטער אידישער פראָלעטאַריאַט“ „אַלץ ווייניקער וועלן זיך הערן די אַלטע ריידערייען וועגן אידישע „פיאווקעס“, אידישע האַבונעס, פּאַראַזיטן א. א. וו.“ *)

זיכער מיט דער פאַרווירקלאַכונג פונם סאָציאַליזם איז ווינטשעווסקי נאַטירלאַך ערשט געוואָרן נאָך דער אָקטאָבער רעוואָלוציע. ער איז קיינמאָל פריער, ווי די מערסטע אַמעריקאַנער סאָציאַליסטן, ניט געווען קיין צד אינם פּראַקטיאָנעלן קאַמף אין דער רוסלענדער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי. נאָר ווען די מענשעוויקעס האָבן אָנגעהויבן שטערן דעם גאַנג פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע, איז ווינטשעווסקי געוואָרן אַ צד און זיך געשטעלט גאַנץ אויף דער זייט פון די באָלשעוויקעס.

אין אַן אַרטיקל „דער סאָציאַליזם אין רוסלאַנד“ (אינם מערץ־נומער „צוקונפט“, 1918) טרעט אַרויס ווינטשעווסקי זייער שאַרף קעגן דער מענשעוויסטישער מיינונג, אַז רוסלאַנד איז נאָך ניט פאַרטיק פאַרן סאָציאַליזם. דער אַמאָליקער פאָלקיסט לאַכט זיך אויס פון דער מענשעוויסטעשער טענה, אַז די 80 פּראָצענט פּויערים „זיינען אַזוינע פאַרביסענע סאָבסטווענניקעס (וואָס דער אַלטער האַנס מאָסט פלעגט רופן אייגנטום־בעסטיעס), און מיט זיי און ביי זיי איינפירן קאָלעקטיוו אייגנטום איז אַ חלום“. ווינטשעווסקי ווייזט אָן, אַז גראַד דער רוסישער פּויער איז דורות־לאַנג געווען געוואוינט צו אַ קאָמונאַלער לאַנד־ווירטשאַפט און איז כּלל ניט קיין פאַרקאָכטער אינדיווידואַליסט. אדרבה, ער איז אויך היינט אַ קאָאָפּעראַטאָר: „ניט ווייניקער ווי ד ר י י צ ן מ י ל י אָ ן פ אַ מ י ל י ע ן זיינען פאַרבונדן מיט 64 טויזנט פאַראייניגן איבער גאַנץ רוסלאַנד, און דער גרעסטער טייל פון די קאָאָפּעראַטיוון איז פ אַ ר ב ו נ ד ן מ י ט ד י פּ ו י ער י ם.“ ווינטשעווסקי פירט אויס, אַז אַ באַפעלקערונגס־קלאַס, וואָס איז פּייאיק זיך אַזוי מעבטיק צו פאַרבינדן מיט דער אידייע פון אַרבעטער אַלס אַ ציבור, אַלס אַ קהל, אָנשטאָט אַלס אַ יחיד

---

*) „געזאַמלטע ווערק“, באַנד 7, ז' 269—270.

— — — אזא קלאס איז זיכער פייאיק צו ווערן סאָציאַליסטיש, אויף וויפיל עס לאָזט זיך".

„אויב ס'איז אמת", זאָגט ווינטשעווסקי, „אז רוסלאַנד איז איז ניט צוגעגרייט פאַרן סאָציאַליזם, איז די פראַגע: וועלכע מדינה איז?" אין ער ענטפערט אויף דעם, אז יעדעס לאַנד איז יע און זיין צוגעגרייט, „וועדליק ווי איר פארשטייט דאָס וואָרט סאָציאַליזם".

איז ביי אייך דער סאָציאַליזם, זאָגט ווינטשעווסקי, „אַ פיקס און פאַרטיקער פּלאַן", וואָס קען דעקרעטירט ווערן פון ערגעץ אַ געזעצגעבער אָדער פון אַן אוטאָפּיע־גרינדער, דאַן איז נאָך דער־ווייל קיין שום מדינה דערצו ניט „פאַרטיק". נאָך מער, ער האלט, אז די צייט דערצו וועט וועט גאָר קיינמאָל ניט קומען. „און טאָמער קומט זי על־פּי סיבה פאָרט, וועלן די פּראָפעסיאָנעלע, פּאַטענטירטע, וויסנשאַפטלאַכע סיסטעמען־בויער זיין די לעצטע דאָס צו פאַרשטיין. די וועלטגעשיכטע האָט שוין אַזאַ טבע: ביי איר קומט אַלץ אוים אביסל (אָפט אַ שיין ביסל) אַנדערש, ווי איר אַליין האָט זיך דעם עסק אויסגעמאָלט אין אייערע געדאַנ־קען". נאָר שטעלט מען זיך פאָר, אז „דאָ זאָל דער סאָציאַליזם מקוים ווערן אין איין פּרט און עטוואָס פריער, און דאָרטן אין אַן אנדער פּרט און עטלאַכע יאָר שפּעטער, — — — דאַן, רבותי, איז אין רוסלאַנד שוין פיל אויפגעטאָן געוואָרן און די מדינה איז אין אַ סך פּרטים נעענטער צו דעם מין סאָציאַליזם, ווי ערגעץ אַן אַנדער לאַנד אין אייראָפּע, אָדער אַנדערשוואו אין דער וועלט". נאָר ווינטשעווסקי גייט נאָך ווייטער און דערקלערט, אז אומעטום, סאי אין אַמעריקע און סאי אין אייראָפּע איז מעגלאַך שוין אָנצוהויבן איינפירן דעם סאָציאַליזם, כאָטש דער איינצעל־נער בירגער איז נאָך בטבע „אַ גאָטפאַרדאַמטער, אייגענננוציקער, זעלבסטזיכטיקער אייגענטומסמענטש". ווינטשעווסקי איז דער־פאַר געווען זיכער, אז די באָלשעוויקעס וועלן פיל אויפטאָן פאַר רוסלאַנד. וועט זיך לאָזן, זאָגט ער, וועט מען גיין ווייטער. ווען ניט, וועט מען טאָן וואָס מ'קען. און צורופנדיק זיי אַ דערמונטע־

רונגס־וואָרט, באַמערקט ווינטשעווסקי: „הלואי וואָלטן מיר געווען מיט אייך, וואָלטן מיר אייך געהאָלפן“.

***

ארום דער צייט פון ווינטשעווסקיס 60־יאָריקן געבורטסטאָג און ערב דעם 20־יאָריקן יובילײ פונם „פאָרווערטס“, האָבן איינ־פלוסרייכע געגאַסן דורכגעפירט א „שלום“ צווישן די ביידע „מחותנים“. „דער „זיידע“ האָט די באָבען גענומען“, האָבן דע־מאָלט ליצנים זיך געוויצלט. ווי אַזוי אָט־דער שידוך איז געשלאָסן געוואָרן, דערציילט יואל ענטין אין אַן ארטיקל „א חתונה אַן קלעזמער“, געשריבן צום „פאָרווערטס“־יובילײ („ווארהייט“, 22טן אַפּריל, 1917). ענטין שרייבט דאָרט אַזוי:

„דער גייסטיקער פאָטער פון דער אָפּאָזיציע (אין דער ס. ל. פּ.), וואָס האָט גענומען באַקעמפן דאָס „אַבענדבלאַט“, דער וואָס האָט גע־שאַפן דעם פּרינציפּיעלן באָדן פאַר דער אָפּשפּאַלטונג און וועלכער האָט דערנאָך, אַלס שריפטשטעלער און אַגיטאַטאָר, דעם „פאָרווערטס“ גע־האָלפן גרינדן, אים אַ פיזיאָנאָמיע געבן און ביים לעבן דערהאַלטן, איז מ. ווינטשעווסקי. ער, דער פאָטער פון דער אידיש־סאָציאַליסטישער פּובליציסטיק, האָט אין „פאָרווערטס“ אַ יאָר עלף קיין איינגעטונקטע פעדער ניט געהאַט. ערשט מיט אַ פּאָר חדשים צוריק, נאָך אַ ביטערן קאַמף אין דער „פאָרווערטס“־אַסאָסיאיישאָן און איבערן קאָפּ פון דעם „פאָרווערטס“־רעדאַקטאָר, האָט ער אין אים צוריק אָנגעהויבן שרייבן“.

ווינטשעווסקי האָט אַ לאַנגע צייט ניט געהאַט פּשוט וואו זיך צו דרוקן. ער האָט שפּעטער דערציילט, אַז ס'איז „געווען אַ צייט, ווען פאַר אים איז די גאַנצע אַמעריקאַנער אידישע פּרע־סע געווען פאַרמאַכט“, — אַ טייל, ווייל מ'האָט פאַר אים פאַר־שלאָסן, אַ טייל, ווייל ער האָט פאַר זיך פאַרשלאָסן. אפילו אין דער „צוקונפט“, וועלכע ער האָט יאָרן רעדאַקטירט און געהאָלפן זי־בערן איר עקזיסטענץ, דורך זאַמלען פאַר איר פאָנדן, „האָט

מען געדאַרפט האָבן אַ שיין ביסל מוט" צו דרוקן זיינע זאַכן, *) נאָכדעם ווי זי איז איבערגעגאַנגען אינם רשות פונם „פאָרווערטס". ס'איז דערפאַר קיין חידוש ניט, וואָס ווינטשעווסקי איז אַריינגע־טראָטן אין דער „פאָרווערטס"-אַסאָסיאיישאָן און געוואָרן אַ מיט־אַרבעטער אין רעדאַקציע פון „פאָרווערטס" — דעמאָלט (אין 1916) די איינציקע טעגלאַכע אידישע סאָציאַליסטישע צייַ־טונג. נאָר אָט־דער שלום־בית איז געווען אַ געקינסטלטער און האָט לאַנג ניט אָנגעהאַלטן. צוערשט האָט ווינטשעווסקי געשריבן אָפט און פיל. נאָר וואָס ווייטער האָט אים דער „פאָרווערטס"-רעדאַקטאָר אַלץ אייַנגער געמאַכט. אין 1918 שרייבט דאָרט ווינ־טשעווסקי ווייניק, ווייל ער האָט דעמאָלט זיין אייגענע צייטונג, די וועכנטלאַכע „גלייכהייט". דאָך באַגעגנט מען אים נאָך זעל־טענער אין „פאָרווערטס" פון 1919 און אין 1920 הערט אים קאַהאַן אויף צו דרוקן און איז אפילו ניט מסכים, אַז ווינטשעוו־סקי זאָל שרייבן בריוו פון ניו יאָרק אין דער שיקאַגאָער אויס־גאַבע פונם „פאָרווערטס". זיין טענה איז געווען, אַז ווינטשעוו־סקי איז ניט גענוג אינטעליגענט דערצו... ⁑)

אַ יאָר שפּעטער, אין 1921, ווען ווינטשעווסקי האָט גע־האַלטן אין מיטן שרייבן פון זיין גלענצענדיקער סעריע אַרטיקלען „רוסלאַנד און דייטשלאַנד, אַמאָל און היינט" („נייע וועלט", 11טן מערץ—10טן יוני, 1921), וואָס זיינען אַריין אַלס ביי־

---

*) מ. ווינטשעווסקי, „ליגזן, ליעסין און לייכטזין", „נייע וועלט", 2טן דעצעמבער, 1921. (ווינטשעווסקי האָט געדיינקט „מיט אַ געפיל פון דאַנקבאַרקייט", וואָס א. ליעסין האָט אים געדרוקט. און ניט געקוקט אויף דעם, וואָס יענער איז נאָכדעם געוואָרן זיינער אַ פּאָליטישער קעג־נער, פאַרטיידיקט אים דאָך ווינטשעווסקי קעגן דעם פאָרוואורף, אַז ער איז פאַרבליבן אין דעם רעכטן לאַגער בלויז צוליב מאַטעריעלע מאָטיוון.)

⁑) ק. מרמר, „מאָרים ווינטשעווסקי, צו זיין זיבעציק־יאָריקן געבורטסטאָג" („האַמער", אָקטאָבער, 1926).

לאַגעס צו זיינע „עראינערונגען“ (באַנד 9 און 10 פון די „געזאַמלטע ווערק“); ווען ער האָט געשריבן אין דער דייטשער „פאָלקס־ציַיטונג“, אַרום דער זעלבער צייט, זיינע גייסטרייכע הומאָריסטישע און סאַטירישע פעליעטאָנען („דער משוגענער פילאָזאָף, אונטערבראָכענע אונטערהאַלטונגען“) — אָט אין דער צייט האָט קאַהאַן דערקלערט, אַז ווינטשעווסקי קען ניט שרייבן... און אים ווידער געצוואונגען צו פאַרלאָזן דעם „פאָרווערטס“. ווי אַזוי דאָס איז געשען, געפינען מיר באַשריבן אינם ניו יאָרקער „טאָג“ פון יענער צייט (11טן יוני, 1921).

„ווי מען גיט אונז איבער פון זיכערע קוועלן — דערציילט דער „טאָג“ — האָט דער עלטסטער סאָציאַליסטישער שרייבער ביי אידן און זייער לערער אין שרייבן ניט פרייוויליק פאַרלאָזן די „פאָרווערטס“־רעדאַקציע. דער פאַרוואַלטונגס־ראַט פון דער „פאָרווערטס“־אַסאָסיאיישאָן האָט ווינטשעווסקי'ן אָנטזאָגט, דערפילנדיק דעם פאַרלאַנג פון „פאָרווערטס“־רעדאַקטאָר אב. קאַהאַן, וועלכער האָט פאַר זיין אָוועקפאָרן קיין אייראָפּע, אויף אַ שטורמדיקער זיצונג פון אַלע „פאָרווערטס“־מיטגלידער, געשטעלט דעם פאַרוואַלטונגס־ראַט אַן אולטימאַטום:

— אָדער ער, קאַהאַן, אָדער ווינטשעווסקי. איינער פון זיי מוז אַוועק.

כאַראַקטעריסטיש איז דער מאָטיוו, וואָס קאַהאַן האָט אָנגעגעבן פאַר זיין, מילד גערעדט, מאָדנער האַנדלונג געגן איינעם פון די באַשאַפער פון דער אידישער סאָציאַליסטישער פרעסע אין אייראָפּע און אַמעריקע. — — — — די אַלטע חשבונות מיט ווינטשעווסקי וואָלט ער, קאַהאַן, פאַרבויגן, האָט ער זיך געשוואָרן. נאָר וואָס דען? ווינטשעווסקי קען דאָך ניט שרייבן!

אָט־די אַלטע טענה זיינע געגן שרייבער, וואָס האָבן מיט עפּעס זיך פאַרזינדיקט געגן אים, האָט קאַהאַן אויך אָנגעווענדט אויף איינעם, וועלכער האָט דער ערשטער איינגעפירט סטיל אין אידישן שרייבן און וועמעס מוסטערן זיינען נאָכגעשריבן געוואָרן אפילו פון קאַהאַנ'ען אַליין“.

נאָר דערווייל איז פאָרגעקומען די צווייטע שפּאַלטונג אין דער ס. פּ., ווען זי ווערט פאַרלאָזן פון אַלע מער אָדער ווייניקער רעוואָלוציאָנערע עלעמענטן. די לעצטע ווערן דעמאָלט מעכאַניש אויסגעשלאָסן פון דער „פאָרווערטס"-אַסאָסיאיישאָן, וואָס בלייבט שטיין מיטן קעגן־רעוואָלוציאָנערן עלעמענט, און וואַרפט אפילו אַרויס פון „פאָרווערטס"־רעדאַקציע אירע באַדייטנדיקסטע מיט־אַרבעטער. דורכדעם פאַרשטאַרקט זיך נאַטירלאַך קאַהאַנ'ס צד און ער פירט לייכט דורך זיין באַשלוס ניט צו געבן ווינטשעווסקין קיין שום קאָמפּענסאַציע. דער סכסוך האָט געזאָלט דערגיין צום געריכטס־הויז, אין 1922. נאָר ווינטשעווסקי האָט ניט געוואָלט זיך משפּט'ן מיטן „פאָרווערטס" אין אַ קאַפּיטאַליסטישן געריכט און ער האָט געלאָזט פאַלן אַלע זיינע תביעות. ער האָט דערקלערט אין דער „פרייהייט", אַז נאָך אַ באַראַטונג מיט זיין פרוי און זיין פאַרגאַנגענהייט, האָט ער באַשלאָסן צו לאָזן דעם „פאָר־ווערטס" צו־רו, כאָטש זיינע אַדוואָקאַטן זיינען געווען גרייט צו גיין צום געריכט.



די „איראָניע פונם שיקזאַל" האָט געוואָלט, אַז מאָרים ווינ־טשעווסקי זאָל, אויף דער עלטער, אָנשרייבן איינעם פון זיינע בעסטע פּובליציסטישע ווערק, גראַד אין אַ צייטונג, וועמעס רע־דאַקטאָר האָט אַזוי בייזוויליק אים מבטל געווען, אים — דעם גלענצענדיקסטן אידישן סאָציאַליסטישן סטיליסט.

ווינטשעווסקים סעריע אַרטיקלען: „וואָס מיר פעלט", גע־שריבן אינם „פאָרווערטס", פונם האַרבסט 1916 ביזן פרילינג 1918, פאַרנעמען אַ פּאָר הונדערט זייטן אינם זיבעטן באַנד פון זיינע געזאַמלטע ווערק. אין אָט־דעם בוך ווענדט זיך ווינטשעווסקי אין דער ערשטער ריי צו דער אידישער אינטעליגענץ און צו דער אינטעליגענטער אידישער אַרבעטער־יוגנט. דער אַלטער קלוגער זיידע דעקט דאָרט אויף די קאָנווענציאָנעלע ליגנס, וואָס הערשן אין די אידישע ראַדיקאַלע קרייזן.

ווינטשעווסקים קריטיק פון די קאָנווענציאָנעלע ליגנס פונם

אידישן ראַדיקאַליזם רייסט אַרונטער די ראַדיקאַלע מאַסקעס פון די אַמעריקאַנער אידישע גענאָסן: סאָציאַליסטן, אַנאַרכיסטן א. ד. גל. ער ווייזט זיי אין זייער עכטער געשטאַלט אַלס קאָנסער־וואַטיווע, זעלבסטצופרידענע קליינבירגער. זייער אידעאָלאָגיע איז די זעלבע ווי פון דער הערשנדיקער בורזשואַזיע. זיי זיינען באַ־לעבאַטישע תכלית־זוכנדיקע אַסימילאַטאָרן, און אַ היבשער טייל פון זיי שטייט פאָרן וואולגאַרן אַמעריקאַניזם און פאַרשפּרייט קולטורלאָזיקייט, עם־הארצות און פּאָלקס־פּאַרראַט.

ווינטשעווסקי באַנוגנט זיך אויך ניט בלויז מיט קריטיקירן, נאָר ער שטעלט אַרויס פּאָזיטיווע פאָדערונגען. די מערסטע פון זיי זיינען ביי זיינע היינטיקע חברים אַ זעלבסט־פאַרשטענדלאַכ־קייט. ער האָט געפאָדערט, למשל, אַז זיין אַלטע פּאַרטיי זאָל זיך אָפּגעבן דירעקט מיט פראַגן פון קינדער־דערציאונג און קולטור־אַנגעלעגנהייטן, בעת זיין נייע פּאַרטיי—דורך איר אידישער סעק־ציע—עפנט אַליין אידישע לער־אַנשטאַלטן און אָרגאַניזירט די אי־דישע אַרבעטער ניט בלויז פאַר עקאָנאָמישע און פּאָליטישע צוועקן, נאָר אויך פאַר קולטורעלע צילן. נאָר פאַר די אַלטע גע־נאָסן זיינען ווינטשעווסקיס פאָדערונגען געווען „אוממעגלאַכע" און האָבן אַרויסגערופן אַ סך בייז בלוט. אַזוי אַז דער פאַרפאַסער פון דער ערשטער סאָציאַליסטישער בראַשור אין אידיש האָט אַ פערציק יאָר שפּעטער זיך געמוזט ווידער נעמען צום טייטל און קנעלן מיט די גענאָסן, וואָס איז סאָציאַליזם, וואָס מיינט אינ־טערנאַציאָנאַליזם און וואָס איז זייער שייכות צו קולטור, ליטע־ראַטור און קונסט.

ווי געוויינלאַך אין יעדן אידייען־קאַמף, איז ווינטשעווסקי צייטנווייז אַוועק צו עקסטרעם. באַקעמפנדיק די זעלבסטצופרידנ־קייט אינם ראַדיקאַלן לאַגער, האָט ער אַרויסגעזאָגט אַזוינע פּעסי־מיסטישע געדאַנקען וועגן דער צוקונפט פון דער אידישער שפּראַך און קולטור, וועלכע ער האָט פון גרונט אויס געענדערט זינט ער האָט געזען מיט זיינע אויגן זייער פאַריונגערונג אינם סאָוועטן־פאַרבאַנד.

נאָר בכלל אַנטהאַלט דאָס בוך „וואָס מיר פעלט“ דעם תמצית פון דאָס, פאַר וואָס ווינטשעווסקי האָט זיין לעבנלאַנג אַגיטירט און געקעמפט. אַזוי גיט ער דאָרט אויך אָפּ, נאָנט פונם סוף, אַ גאַנצן קאַפּיטל דער פראַגע פון „זעלבסטקריטיק אין פּאַרטייען“, פאַר וואָס ער טרעט אַרויס אַזוי שאַרף און אַנטשידן, ווי ער האָט עס געטאָן צוואַנציק יאָר פריער אין זיין אַרטיקל „פּאַרטיי־קריי־טיק“ („צוקונפט“, פעברואַר, 1897) און פאַר וואָס ער האָט אַמאָל אַזוי מוטיק געקעמפט איז זיין „אמת“.

***

ווינטשעווסקי'ס 60־יאָריקער געבורטסטאָג (דעם 9טן אוי־גוסט, 1916) איז, ווי זיינע פריערדיקע יובילייען (אויך דער פון זיין ט40־יאָריקן ליטעראַרישן שאַפן, אין 1913), געפייערט געוואָרן שפּעטער, און אין שיקאַגאָ פריער ווי אין ניו יאָרק.

אין שיקאַגאָ איז ווינטשעווסקיס יובילי געפייערט געוואָרן פונם אידישן סאָציאַליסטישן געזאַנג־פאַראיין (דער פאָטער פון די איצטיקע פרייהייט געזאַנג־פאַראיינען). ס'האָבן דעם „זיידן“ באַגריסט, אחוץ פאַרשידענע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס און קולטור־געזעלשאַפטן, אויך זיינע אין אַמעריקע געבוירענע אייניקלאַך פון דער אידישער סאָציאַליסטישער קינדער־שול אין שיקאַגאָ. דער אי־דישער סאָציאַליסטישער געזאַנג פאַראיין גופא האָט ווינטשעווו־סקין באַגריסט מיט אַ געזאַנג: „ברוך הבא“ (ווערטער פון י. ב.ביילין און מוזיק פון יעקב שייפער).

די אַרבעטער־באַוועגונג פון שיקאַגאָ האָט אויך איינגעאָרדענט לכבוד ווינטשעווסקין אַ טיי־אָוונט, אויף וועלכן ער האָט פאָרגע־לייענט פון זיינע נאָך ניט געדרוקטע דראַמען.

אין ניו יאָרק איז ווינטשעווסקי'ס 60־יאָריקער געבורטסטאָג געפייערט געוואָרן ערשט אַרום אַ פערטל יאָר שפּעטער, דעם 24טן מערץ 1917, נאָכדעם ווי ער האָט זיך צוריקגעקערט פון זיין לאַנגען טור אינם אינטערעס פון דער „צוקונפט“. דאָס מאָל איז ווינטשעווסקי דאָך געווען אַ מיטאַרבעטער אינם „פאָרווערטס“, וועמעס 20־יאָריקער יובילי איז געפייערט געוואָרן אַ חודש שפּע־

טער. האָט דער „בייזער מלאך געמוזט איבערגעוואָלט ענטפערן אָמן“. איז אויך דער „פאָרווערטס“ ארויס מיטן רוף (אין די נייס און אינם לייט־ארטיקל): „קומט באַגריסן דעם זיידן!“

נאָך די הויפּט־מחותנים זיינען נאַטירלאַך געווען דעם „זייר־דענס“ „אייניקלאַך“ פון דער אידישער סאָציאַליסטישער פעדעראַ־ציע. זייער אָרגאַן „די נייע וועלט“ האָט ווינטשעווסקי׳ס יוביליי דערקלערט פאַר אַ צווייפאַכן יום־טוב:

„ס׳איז אַ יום־טוב ביי די אידישע אַרבעטער דאָ אין לאַנד. אַ צווייאיקער יום־טוב. מאָריס ווינטשעווסקי איז אַלט געוואָרן 60 יאָר. עס איז געוואָרן 40 יאָר, זינט עס האָט זיך געלאָזט הערן דאָס ערשטע סאָציאַליסטישע וואָרט צו אידישע אַרבעטער אויף אידיש, 40 יאָר זינט עס איז געגרינדעט געוואָרן די ערשטע אידישע סאָציאַליסטישע אָרגאַ־ניזאַציע.ביידע יום־טובים גיסן זיך צונויף: 40 יאָר אידישער סאָ־ציאַליזם — דאָס זיינען אויך 40 יאָר ווינטשעווסקיס סאָציאַליסטישע טעטיקייט“.

***

אָנהויב 1918 איז ווינטשעווסקי צום לעצטן מאָל ווידער גע־וואָרן רעדאַקטאָר פון אַ צייטונג: „די גלייכהייט“ — דער אָרגאַן פון דער יוניאָן פון די בלוזן און קליידערמאַכערינס. ער האָט די צייטונג רעדאַקטירט פון 4טן יאַנואַר 1918 ביזן 11טן יאַנואַר 1919. ער האָט דאָרט זיינע קורץ־און־שאַרפע רעדאַקציאָנעלע נאָ־טיצן (אונטערן נאָמען „קורצע דבורים“), אַרטיקלען, לידער און דערציילונגען. אַלס רעדאַקטאָר האָט ער אַרויסגעפירט עטלאַכע נייע שרייבער און אויך דערמוטיקט דאָס ארויסגעבן אין בוך־פאָרם לאה קאַפּילאָוויטשעס קינדער־לידער, צו וועלכע ער האָט געשריבן דאָס פאָרוואָרט.

ארום יענער צייט האָט ער אויך פאַרעפנטלאַכט זיינע אָפּ־האַנדלונגען, דורכגעפלאָכטן מיט עראינערונגען, וועגן מאַרקס און לאַסאַל, דעבס, לעאָנאַרא מאַרקס א. ד. גל., וואָס זיינען אריין אינם אַכטן באַנד פון זיינע געזאַמלטע ווערק. ער האָט אויך אָנ־געהויבן צוגרייטן פאַרן דרוק אין בוך־פאָרם זיינע „שריפטן“,

פעליעטאָנען און דראַמען, וואָס זיינען אַרויס אינם „פאָרווערטס"־פאַרלאַנג (1920) אין דריי בענד: 1) „דער משוגענער פילאָזאָף אין ענגלאַנד" (384 זייטן), 2) „דער משוגענער פילאָזאָף אין אַמעריקע" (383 זייטן) — „דעם אָרגאַניזירטן אַמעריקאַנער אידישן פראָלעטאַריאַט מיט ליבע געווידמעט" — און 3) „דראַמאַטישע ווערק" (299 זייטן). די מערסטע פעליעטאָנען זיינען אַריין אין די „געזאַמלטע ווערק". פון די דראַמען זיינען אַריין אַ העלפט, כדי צו מאַכן פּלאַץ פאַר אַזוינע דראַמאַטישע ווערק, וואָס זיינען פריער נאָך קיינמאָל ניט געווען געדרוקט. (די אויסגעבליבענע העלפט, ווי אויך די קאָמעדיע „אסתר", וואָס געפינט זיך אין מאַנוסקריפּט, ווערט געפּלאַנט אַרויסצוגעבן אין אַ באַזונדער בוך).

***

טיף באַוועגט פון דער אידישער נויט אין מזרח־אייראָפּע, האָט זיך ווינטשעווסקי אַריינגעוואָרפן מיט באַנייטע כחות אין די באַוועגונגען זי צו לינדערן. ער האָט זיך באַטייליקט אין דער אידישער קאָנגרעס־באַוועגונג, אין די אַקציעס קעגן פּאָגראָמען, אין באַראַטונגען וועגן אידישער עמיגראַציע, קאָלאָניזאַציע, קולטורעלע און פּאָליטישע אויטאָנאָמיע, נאָר קיין ציוניסט אָדער טעריטאָריאַליסט איז מאָריס ווינטשעווסקי ניט געוואָרן. ער איז די גאַנצע צייט געבליבן ביי זיין מיינונג, וואָס ער האָט אַרויסגעזאָגט אינם פאָרוואָרט צו זיין בוך „דער משוגענער פילאָזאָף אין ענגלאַנד" (1908), אַז ער „גלויבט נאָך עד־היום ניט אין דער מעגלאַכקייט צו באַזעצן אידן אויף זייערע עלטערנס לאַנד, אפילו ניט אין דער מעגלאַכקייט פון דאָס, וואָס מען רופט היינט טעריטאָריאַליזם".

דאָס איז אויך געווען דער גרונט־טאָן פון זיין ליד „צו כנסת ישראל" (פאַר אַ. ליעסין — אַ מתנה):

„מיר דאַכט פאַלעסטינע איז ניט מער דיין מדינה,
און סתם „טעריטאָריע" — איך האַלט ניט דערפון".
„און פונקט ווי דו דאַרפסט ניט קיין האַר־באַנד, קיין שייטל,

קיין שנירלאַך פּערל, קיין צירונג, קיין שיין,
קיין גילדענע קויטל, קיין הערינג און קלויטל,
קיין ווינקעלע מיסט און שטוב — אידיש צו זיין,
אַזוי קענסטו בלייבן צו קינדער אַ מוטער,
אפילו ניט און די געצעלטן פון שם". *)

אויך אין זיין נאַציאָנאַלן אני מאמין, וואו ער האָט דער־קלערט, אַז אידן האָבן אַ רעכט צו האָבן אַן אייגענע היים ווי אַלע אַנדערע נאַציעס, האָט ווינטשעווסקי אונטערגעשטראָכן זיין גלויבן, אַז דער קיום פונם אידישן פאָלק איז פונדעסטוועגן ניט אָפּהענגיק פון קיין טעריטאָריע. ‡) דאָס גלייכן האָט ער דערקלערט אין זיין בריוו צו די אַרבעטער פון ארץ־ישראל: ער איז „ניט קיין ציוניסט" און לויט זיין מיינונג וועט זייער „ציוניסטישער אי־דעאַל ניט פאַרווירקלאַכט ווערן, ניט אין אונזערע צייטן און ניט אין אונזערע קינדערס צייטן, סיידן אינצווישן וועט פאַרענטפערט ווערן די סאָציאַלע פראַגע". ⁂)

נאָך אויסדריקלאַכער האָט עס ווינטשעווסקי אויסגעדריקט אין זיין בוך „וואָס מיר פעלט", אינם קאַפּיטל „פאַטערלאַנד". ער שרייבט דאָרט אַזוי: „איך זע ניט, וואו מיר קענען קריגן די טעריטאָריע צו קענען גרינדן אַ אידישע מלוכה, אפילו מיט אַ

*) „געזאַמלטע ווערק", באַנד 2, ז' 181—184.

‡) „יא) אני מאמין באמונה שלמה — — — אויך אין דער אַל־טער וועלט וועט מער ניט זיין קיין טעריטאָריאַלע נאַציע אין דעם פולן זין פון וואָרט". „יג) אני מאמין באמונה שלמה, אַז דער ניט־טערי־טאָריאַלער נאַציאָנאַליזם, וואָס גייט ניט אונטער ניט מיט דעם לשון, ניט מיט דער אמונה, איז ביי אונז דער איינציקער, וואָס וועט האָבן אַ קיום".

⁂) „האידיאל הציוני שלכם לפי דעתי לא יקוים לא בימינו ולא בימי בנינו ובלבד שבין כה תפתר השאלה הסוציאלית" („האחדות", 28טן נאָוועמבער, 1912).

קליינער מינאָריטעט פון דעם אידישן פאָלק, אלס אירע שטאָם־בירגער. נאָך וויניקער זע איך די מעגלאַכקייט צו קריגן צוריק ארץ־ישראל פאַר אונזער פאָלק." *)

און ניט געקוקט אויף דעם, וואָס ער האָט אין דער קאָנגרעס־באַוועגונג אָפט געאַרבעט צוזאַמען מיט די נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטן, האָט דאָך ווינטשעווסקי בפירוש דערקלערט אין זיין אַרטיקל: „ניט בעטלען — ניט שנאָרן" („פאָרווערטס", 20טן מאַי, 1913) אַז „זייער נאַציאָנאַליזם איז געוויינלאַך שטאַרקער ווי דער סאָציאַליזם"; אַז דער קלאַסן־קאַמף איז ביי זיי בלויז „אַ גלות־זאַך, מיט וועלכער מען באַשעפטיקט זיך צייטנווייז, אָבער דאָס הארץ איז ניט דערביי". ער האָט אויך באַמערקט, אַז ער קאָן בשום אופן ניט האַלטן קיין אידישע פאַבריקאַנטן, אפילו זיינע לאַנדסלייט: קאָוונער, ווילנער, מינסקער — פאַר זיין פאָלק... בפרט אין צייט פון סטרייקס. ‡)

ווי אַ סך אַנדערע אידישע סאָציאַליסטן און כמעט די גאַנצע בירגערלאַכע אידישע אינטעליגענץ, האָט ווינטשעווסקי געגלויבט אין דעם ערנסט פון דער „באַלפור־בלאָפער" דעקלאַראַציע. ביי אים האָט זיך אפילו דעמאָלט געלעגט אויפן שכל, אַז פּרעזידענט ווילסאָן וועט קומען צוריק פון אייראָפּע „אַן איבערצייגטער סאָציאַליסט." ♣) ס'איז דערפאַר ביי אים אויך רעכט געוואָרן, אַז דער ענגלישער אימפּעריאַליזם מיינט באמת אויסצובויען אַ אידישע מדינה. ס'איז געווען אַן אומגעוויינטלאַכע צייט און ס'האָט זיך אים געדוכט, אַז דאָס ניט־מעגלאַכע ווערט מעגלאַך. האָט ער דערקלערט: „מיר, וועלכע האָבן ניט פאַרשטאַנען קיין זיג אָן אַ קאַמף און האָבן ניט געגלויבט אין אַ גאולה דורך שתדלנות, האָבן איצט געזען, אַז אין אַן איבערגעקערטער וועלט איז דאָס אומ־

---

*) געזאַמלטע ווערק, באַנד 7, ז' 44.

‡) דאָרט, ז' 78.

♣) די „גלייכהייט", 15טן נאָוועמבער, 1918.

מעגלאכע מעגלאך געוואָרן". *) איז ווינטשעווסקי, אזוי ווי דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער חודש־זשורנאַל, „צוקונפט", געשטאַנען דעמאָלט נעענטער צום כל־ישראלישן אידיש־אַמעריקאַנישן קאָנגרעס אין פילאַדעלפיע, ווי צום אידישן אַרבעטער־קאָנגרעס אין ניו יאָרק. איז ער געווען ניט בלויז אַ דעלעגאַט צום אידיש־אַמעריקאַנישן קאָנגרעס אין פילאַדעלפיע, וואָס זיין (ווינטשעווסקי'ס) אידישע סאָציאַליסטישע פעדעראַציע האָט באָיקאָטירט, נאָר ער איז אויך געווען אַ מיטגליד פון דער קאָנגרעס־דעלעגאַציע צו דער פרידנס־קאָנפערענץ פון ווערסאַל.

אויך סוף 1920, ווען ס'איז שוין געווען קלאָר, אַז דער ציוניזם האָט קיין שום הילפסמיטל צו לינדערן די שרעקלאַכע אידישע נויט פון די מלחמה- און פּאָגראָמען־יאָרן, האָט ווינטשעווסקי גע'טענה'ט: „וואָס אַרט עס ועמען, אַז ווייניקסטנס אַ טייל פון דעם פאָלק אונזערן קען זיך טרייסטן פאַר דער שרעקלאַכער ווירקלאַכקייט פון לעמבערג, פינסק און פּראָסקוראָוו — צו גיין ניט ווייטער — מיט גאולה־חלומות? — — — וואָס קימערט עס ועמען, וואָס דער, וואָס טרינקט זיך, כאַפּט זיך אָן אַ שטרוי, אויב מען קען אים ניט ראַטעווען אויף אַ מער רעאַלן אופן? לאָז דער אומגליקלאַכער מיינען, אַז ער ראַטעוועט זיך". ‡) ער האָט דערפאַר געריסמט ליעסינס שטעלונג (אין „צוקונפט") קעגן יענע בונדיסטן, וואָס דאָס סאַמע וואָרט „ציוניזם איז פאַר זיי טרייף ווי דבר־אחר", וועלכע „מיינען זיכער גוט, אָבער זיי זיינען פאַנאַטישע אַנטי־ציוניסטן". ⁂)

נאַטירלאַך, דער וואָס זעט, אַז אַנדערע זיינען שכור, איז שוין אַליין ניכטער. נאָך 1920 האָט שוין ווינטשעווסקי ניט מער געגלויבט, אַז „ארץ ישראל, ביז ניט לאַנג ארץ ישמעאל, היינט

---

*) דאָרט, 20טן דעצעמבער, 1918.

‡) מאָריס ווינטשעווסקי, „דער ציוניסטישער באַנקראָט", („צוקונפט", דעצעמבער, 1920).

⁂) דאָרט, יוני, 1922.

כמעט ארץ אנגליא", *) קען אויך וועלכן ס'איז אופן העלפן די ברייטע אידישע מאַסן אין זייער נויט, עקאָנאָמיש אָדער קולטור־רעל.

***

אזוי ווי מיט קנאַפּע פערציק יאָר פריער, נאָך די פּאָגראָמען פון 1881, אזוי האָט מאָרים ווינטשעווסקי אויך אין 1919 גע־שריבן פאַר אידן „זכיות". ער איז געווען איינער פון די דריי אַמעריקאַנער מיטגלידער (ער, לואי מארשאַל און דר. נ. סירקין) אין דער קאָמיסיע פון זיבן, די „פּאָגראָם־קאָמיסיע" פון די אי־דישע דעלעגאַציעס צו דער פרידנס־קאָנפערענץ אין פראַנקרייך. ער האָט דאָרט אויך געשפּילט א באַדייטנדיקע ראָל. ווען די קאָ־מיסיע האָט באַשלאָסן ארויסצולאָזן אַן אויפרוף צום פּראָנצוייזישן פאָלק קעגן די פּאָגראָמען, האָט זי געוואָלט, אז די ערשטע אונ־טערשריפט אויף אָט־דעם אויפרוף זאָל זיין פון אנאַטאָל פראַנס און אז ווינטשעווסקי זאָל עס ביי אים פּועל'ן.

א דאַנק חבר שאַרל ראַפּאָפּאָרט, מיט וועמען ווינטשעווסקי איז באַקאַנט געוואָרן אויפן אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליסטישן קאָנגרעס אין ציריך (אין 1893), איז ווינטשעווסקי אויפגענומען געוואָרן פון אנאַטאָל פראַנסן, און זיי האָבן פאַרבראַכט צוזאַמען עטלאַכע שטונדן.

שאַרל ראַפּאָפּאָרט, א שטאַרקער אָנהענגער פון ווינטשעוו־סקיס פעליעטאָנען, האָט פראַנסן שטאַרק פאַראינטערעסירט אין דעם אַלטן אידישן ארבעטער־דיכטער. האָט ער, פראַנס, פאַרלאַנגט, אז ווינטשעווסקי זאָל פאַר אים עפּעס פאָרלייענען. נאָר ווינ־טשעווסקי האָט בלויז געהאַט ביי זיך א געשריבענעם ביכעלע אַפאָריזמען, האָט ער צוזאַמען מיט ראַפּאָפּאָרט'ן א טייל דערפון איבערזעצט פאַר פראַנסן.

אנאַטאָל פראַנס איז געווען צופרידן פון ווינטשעווסקיס הו־מאָר און האָט זיך אויך פאַראינטערעסירט אין זיינע מיינונגען

---

*) געזאַמלטע ווערק, באַנד 6, ז' 75.

וועגן מענטשן און פעלקער, אידייען און באוועגונגען. ער האט מיט אים פיל געשמועסט וועגן פארשידענע פראגן און אויך איבער דער באלשעוויסטישער רעוואלוציע און דער מעגלאכקייט פון א סאציאלער רעוואלוציע אין פראנקרייך אין דער נאענטער צוקונפט.

פון זייער לאנגען שמועס, וועלכן ווינטשעווסקי האט שפע־טער פארעפנטלאכט אין זיין סעריע ארטיקלען איבער זיין באַ־זוך ביי אנאטאל פראנס („פרייהייט", 10, 15, 22טן און 29טן יולי, 1922) איז צו זען, אז זיי האבן ביידע געגלויבט אין א באלדי־קער רעוואלוציע אין פראנקרייך.*) ביידע האבן אויך גערעדט מיט גרויס באגייסטערונג פון דער באלשעוויסטישער רעוואלוציע און אירע טרעגער. אזוי, אז פראנס האט זיך פאר ווינטשעווסקין ארויסגעוויזן אלס „פלאם־פייערדיקער" און „אמת'ער רעוואלו־ציאנער".

רעדנדיק וועגן דער אידישער לאגע, האט ווינטשעווסקי דער־קלערט פראנסן, אז אין סאוועט־רוסלאנד איז ניטא קיין מעגלאכ־קייט פאר אידנהאס. טריי צו זיין מיינונג, וואס ער האט ארויס־געזאגט, נאך אלס 21־יאריקער בחור, אינם „אספת־חכמים", האט ווינטשעווסקי דערקלערט, אז דער אידנהאס האט געוויינלאך אן עקאנאמישן אונטערשלאג און ער האט דערפאר קיין ארט ניט אין א לאנד, וואו די אידישע „עקספלואטאציע" איז א געוועזענע זאך. „אויף דעם אופן איז דער קוואל, פון וועלכן דער אלטער אידנ־האס האט געצויגן זיין יניקה, אויסגעטריקנט. און דא ווארפט זיך אריין דער אידישער יונגער דור, מיט זיין לייב און זעל, מיט זיין גאנצן כח, אין דער נייער ארדענונג, העלפט זי בויען,

*) זיי זיינען דעמאלט ביידע געווען אונטער דעם זעלבן איינדרוק פון דער גראנדיעזער פאריזער מאי־דעמאנסטראציע (1919), וועלכע ווינטשעווסקי האט באשריבן אין זיין סעריע ארטיקלען (אין דייטש): „אינם זוגרייבן פראנקרייך" („ניו יארקער פאלקס־צייטונג", יוני־יולי, 1919).

העלפט איר ווערן אַן אָרדענונג, אַ וועלט, אַ נייע וועלט... פון וואַנען זאָל זיך איצט נעמען אַ אידנהאַס?"

ווינטשעווסקי האָט געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק אויף אַנאַטאָל פראַנס. אין אַ סכסוך, באַלד נאָכדעם, מיטן אידיש־רוסישן פּערל־קעניג, לעאָנאַרד ראָזענטאַל, האָט צו אים אַנאַטאָל פראַנס אַזוי געזאָגט:

„זיבן מיליאָן! צען מיליאָן! איר אידן זייט בלויז ציפערן און ניט הערצער! צום גליק זיינען ניט אַ ל ע אידן ווי איר. ביי מיר איז געווען צו גאַסט אַן אַנדער סאָרט איד... אָ, איר האָט אים געדאַרפט הערן." *)

אַנאַטאָל פראַנס האָט אויך געגעבן ווינטשעווסקין צום אָנדיינק זיין נייסטן בוך: „קליינער פּיער", מיט עטלאַכע פריינטלאַכע ווערטער איבער זיין אונטערשריפט. דער „זיידע" איז אויף דעם שטאָלץ און ציילט עס צווישן זיינע אַנטיקן.

*
**

מאָרים ווינטשעווסקי איז ווי שוין פריער אַמאָל דערמאָנט, קיינמאָל ניט געווען צופרידן מיט דער פשרה־פּאָליטיק פון די פּאַרלאַמענטאַרישע סאָציאַליסטן. דער צווייטער אינטערנאַציאָנאַל איז אים נאָך אין 1893 ניט געווען געפעלן. מאָרים ווינטשעווסקי האָט אַלעמאָל אַגיטירט פאַר דער סאָציאַלער רעוואָלוציע און געוואָרנט, אַז דאָס קען ניט פאַרקומען אָן בלוטפּאַרגיסונג. ער האָט, נאָך אין לאָנדאָן זייענדיק, אַרגומענטירט:

„ווען אייער אייגענע געבורט, וואָס קיינעם איז דערפון ניט ליובער געוואָרן, האָט אייער מאַמען געקאָסט בלוט, ווי קענט איר זיך איינבילדן, אַז די געבורט פון דעם סאָציאַליזם, וועלכער וועט די וועלט איבערבויען, זאָל זיך באַגיין אָן אַ קליינעם בלוטשטורץ?"

„דאָס יזדנטום, דאָס קריסטענטום, דער גלויבן פון מתמד תאָבן, צוליב דעם הימל, רויט געפאַרבן די ערד; פּרעס־פרייהייט, רעדע־פרייהייט, פאַרזאַמלונגס־רעכט, נעגער־פרייהייט, דזשורים (געשוואָרענע גע־

---

*) „פרייהייט", 29טן יולי, 1922.

ריכטן), קאָנסטיטוציעס, טויזנטער אַנדערע זאַכן האָבן געקאָסט בלוט, און איר דערשרעקט זיך פאַר אַביסל בלוט, ווען מען רעדט אַרום אַ נייער וועלט?" *)

ער האָט אויסגעלאַכט די אַרבעטער, וואָס האָבן קיין האַרץ ניט צו „שפיכת־דמים" און באַנוגענען זיך מיט „וואַרפן גאַלקעס". ער האָט פאַרזיכערט, אַז סוף כל סוף וועלן די רייפן אַרום זייער געדולד „דאָך אַמאָל פּלאַצן און דאַן וועט מען פּאָרט מוזן ערגעץ־וואו עפענען אַן אָדער"... ‡)

און ווען ער האָט געביינקט אַהיים, איז דאָס ניט געווען סתם אַ בייגקעניש צום לאַנד, וואו ער איז געבוירן געוואָרן. מאָריס ווינטשעווסקי, „אַ געבוירענער אַ יאַנאָווער, אַ קאָוונער האָרעוואַ־ניס, אַ קיידאַנער נכתב, אַ לאָנדאָנער איידים און אַ ניו יאָרקער סיטיזן" (בירגער), „וואָס איז מגולגל געוואָרן אַזוי פּיל מאָל, וואָס איז געוואָרן—אָן גוזמאות—פון אַ לשון־קודש'דיקן בחור אַ רוסיפיצירטער העברעער, דערפון אַ פאַרטייטשטער רוס, דער־פון אַ פראַנצויזישער טייטש, דערפון אַן אַנגליזירטער פראַנצויז, דערפון אַ אידישער אַמעריקאַנער — דאָס אַלץ מיט דענישע, האָ־לענדישע, בעלגישע, שווייצאַרישע שטויב אויף די שטיוול" ☘)— האָט געמוזט זיין דורך און דורך אינטערנאַציאָנאַל. נאָר ווינ־טשעווסקי האָט געביינקט נאָך דעם נייעם לעבן, באַזונדער צו „ישראליס דעם קעמפער", צו „אידעלע גבר", וואָס קעמפט פאַר פרייהייט „מיט אַן אויסגעשטרעקטן אָרעם".

עס איז דערפאַר געווען גאַנץ נאַטירלאַך, אַז מאָריס ווינ־טשעווסקי זאָל זיך ניט פילן היימיש אין די סאָציאַליסטישע רייען, ווען יענע האָבן זיך אָפּגעזאָגט פון דער סאָציאַלער רע־וואָלוציע, ווען זיי האָבן דערזען איר אָנקום אין דערווירקלאַכ־קייט. דאָך איז געווען נויטיק אַזאַ רעבעלישער מוט, וועלכן ער

*) געזאַמלטע ווערק, באַנד 6, ז' 184.

‡) דאָרט, באַנד 4, ז' 93.

☘) דאָרט, באַנד 7, ז' 138; באַנד 5, ז' 28.

האָט אזוי שטאַרק באַוואונדערט ביים „דייטשן אחר“, יאָהאַן מאָסט, זיך אָפּצוזאָגן אויף דער עלטער פון דער אָרגאַניזאַציע, וואָס ער האָט אַליין געהאָלפן גרינדן און בויען, פון די גענאָסן, מיט וועמען ער האָט צוזאַמען געאַרבעט צענדליקער יאָרן נאָכ־אַנאַנד. נאָך מער מוט איז געווען נויטיק זיך ניט צו באַנוגן בלויז מיט אָפּזאָגן זיך פונם אַלטן, מיט וואָס מ׳איז געווען פאַרבונדן מיט אומצעליקע פעדים, נאָר זיך אויך אָנצושליסן אָן דער יונגער קאָמוניסטישער באַוועגונג, וואָס איז געווען געהעצט און פאַר־פאָלגט פון דער רעגירונג און פאַרלוימדעט און פאַרהאַסט אפילו פון די, וואָס האָבן זיך פון וייטן כלומר׳שט דערקלערט אין ליבע צו די רוסישע באָלשעוויקעס.

האָט אויך מאָרים ווינטשעווסקי אַ געוויסע צייט זיך גע־וואַקלט, ניט געקוקט אויף דעם, וואָס ער איז געווען פון די סאַ־מע ערשטע צו דערקלערן די ראָל פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע. ער האָט דורכגעלעבט יענעם אינערלאַכן קאַמף, וואָס ער שילדערט אין זיין ליד: „רעכטס אָדער לינקס“: *)

מיין גרייז־גרויער קאָפּ,
ער ווערט אַלע טאָג עלטער;
האָט געדעכטיקייט האַלט,
אָבער זיכערקייט העלטער.
דער אַלט־קלוגער קאָפּ
איז גענייגט צו גיין רעכטס;
ער אַליין איז שוין אַלט,
און זיין מח איז קאַלט.
לינקס זעט ער געפאַר,
לינקס זעט ער בלויז שלעכטס,
און ער גייט זיך דערפאַר
וואָס אַ טאָג אַלץ מער רעכטס,
גייט מיין קאָפּ...

מיין בלוט־יונגע האַרץ,
זי ווערט קיינמאָל ניט עלטער;
האָט זיך זיכערהייט האַלט,
אָבער פרייהייט נאָך העלטער.
מיין לינק־יונגע האַרץ
לאַכט זיך אויס פון סכנות,
לאַכט פון פיילן און בויגן,
געשליידערטע פלינק
פאַרביי אירע אויגן.
צו פרייהייטס קרבנות
אויף דעם טייוועלס אַלטאַר,
און זי ווערט זיך דערפאַר
וואָס אַ טאָג אַלץ מער לינק,
ווערט מיין האַרץ...“

*) דאָרט, באַנד 2, ז׳ 105—106.

נאָך מאָרים ווינטשעווסקי האָט אויסגעהאַלטן אויך אַמ־דעם שווערסטן נסיון פון זיין נסיונות־רייכן לעבן. ער האָט גובר געווען אַלע אינערלאַכע קווייטקעלנישן און אויסערלאַכע שטרויכלונגען און זיך געשטעלט אויף דער זייט, וואָס „לאַכט זיך אויס פון סכנות" און איז אַלעמאָל גרייט צו פאַלן אַלס „פרייהייטס קרבנות".

## 22.

# קאָמוניזם

קעגן צווייטן אינטערנאַציאָנאַל. — פאַר דיקטאַטור פונם פראָ־לעטאַריאַט. — „אמת" און „פרייהייט". — „צו מיינע ברי־דער". — איינלאַדונג פונם סאָוועטן־פאַרבאַנד. — „אַ נייַ ליד".

אינם פרילינג 1922 האָט ווינטשעווסקי אונטערגענומען אַ לאַנגע רייזע איבערן לאַנד. ער איז ווידער, ווי מיט 25 יאָר פריער, אַרומגעפאָרן אין די אינטערעסן פון אַן אָפּאָזיציע, וואָס האָט זיך אַרויסגעגאָסן פון די צאַמען פון אַ פאַרגליווערטער, „פויל, אָדער צוגעפוילטער" פּאַרטיי.

דער אַלטער קלאַסנקעמפער האָט באַלד דערשמעקט פולווער און אָנגעהויבן וואַרפן פיילן אינם שונא'ס לאַגער. אין אַ בריוו פון וועג (דאַטירט קענזעס סיטי, 19טן מערץ, 1922) שרייבט ווינ־טשעווסקי: „מיר דאַרפן לחלוטין פאַרגעסן אַן דער אַלטער, גיים־טיק לאַנג שוין טויטער פאַרטיי, אַזוי גוט ווי אַן אירע מאָראַליש־טויטע פרעסע־אָרגאַנען, וואָס זיינען ניט מער ווי קראָמען, וואו עס ווערט געהאַנדלט מיט איבערגעניצעוועטע, פאַרלאַטעטע, כלומר'שט סאָציאַליסטישע סחורה און מען מאַכט דערביי גאָר ניט קיין שלעכטע געשעפטן. — — — פון היינט אָן און ווייטער האָבן מיר מיט זיי קיין שום עסק ניט. לאָמיר בויען אונזער איי־גענעם בנין, מיט דעם רוסישן פרייהייטס־טעמפּל אַלס אונזער מוסטער און מאָדעל. לאָמיר פרייזיקן אונזער תורה: די דיקטאַטור

פונם פראָלעטאַריאַט לגבי דער דיקטאַטור פון ביזנעס־סאָציאַליסטן און יענע סאָציאַליסטישע טעאָרעטיקער, וואָס זיינען בורזשואַזע טאַקטיקער. מיר האָבן מיט זיי ניט וואָס צו טאָן" („פרייהייט", אַפּריל 3, 1922). אין אַן אַנדער בריוו לאַכט אויס ווינטשעווסקי די אַמעריקאַנער „ציוויליזאַציע", וואָס פאַרברענט נעגערם לעבעדיקערהייט, וואָס פאַראורטיילט אומשולדיקע מענטשן (סאַ־סאָ און וואַנזעטי) צום טויט און באַשטראָפט יונגע מיידלאַך מיט צוויי ביז זיבן יאָר טורמע פאַרן אויסטיילן העגטבילס (ציר־קולאַרן) פאַר אַ מאַי דעמאָנסטראַציע (דאָרט, 20טן מאַי). ער שוינט אויך ניט זיינע אַלטע גענאָסן, וואָס האָבן גע־לאָזט אָגנוואַקסן „בורזשואַזן ווילדפליַיש אויף דער פראָלעטאַרישער באַוועגונג" (דאָרט, 10טן יוני). ער לאַכט אויס די שיידע־מאַנס און וואַנדערוועלדעס, וואָס דרייען זיך נאָך אַלץ אַרום סבר פונם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל, וואָס „איז געשטאָרבן אַן אומ־נאַטירלאַכן טויט דעם 4טן אויגוסט, 1914", וואַרטנדיס ער זאָל אויפשטיין תחית־המתים (דאָרט, 15טן יולי). ער אילוסטרירט דורך בילדער דעם געדאַנק, וואָס ער האָט אויסגעדריקט אַ פיר יאָר פריער (אינעם מערץ־נומער „צוקונפט", 1918), פאַרוואָס די סאָציאַלע רעוואָלוציע אין רוסלאַנד איז פון פילע ניט דערקענט געוואָרן. ער שילדערט, ווי פלעכאַנאָוו, קראָפּאָטקין, ליבער, גאָץ א. אַנ. מענשעוויקעס, קאַוטסקיאַנער א. ד. גל. האָבן זיך די זאַך אַנדערש פאָרגעשטעלט, און ווען די רעוואָלוציע איז געקומען, האָבן זיי איר מיט אַ שרעקלאַכן גרימצאָרן דערקלערט: „דו ביזט ניט דו!" („פרייהייט", 29טן יולי, 1922).

באַזונדערס שאַרף טרעט אַרויס ווינטשעווסקי קעגן יענע סאָ־ציאַליסטן, וואָס רעדן פון אַ באָלשעוויסטישער טיראַניי. אין צוויי אַרטיקלען אונטערן נאָמען „אַ שמועס מיט וולאַדימיר מעדעם" („פרייהייט", 17טן און 20טן סעפּטעמבער, 1922) אַנאַליזירט ווינטשעווסקי די טענות פון די סאָציאַליסטישע אַנטי־באָלשעווי־קעס. ער לאַכט אויס זייער פאָדערונג פאַר אַ דעמאָקראַטיע, וואָס ער רופט אָן: „אָרים און רייך — אַלע גלייך"... „אַפשר אַ קעניג־

לאכע מלוכה מיט א בראנטינג אלס פרעמיער, מיט א וואנדער־וועלדע אלס יוסטיץ־מיניסטער, מיט אן עבערט אלס א פרעזידענט, וואס האט א קאטאליק ווירט אלס פרעמיער—בראנטינג, וואנ־דערוועלדע, עבערט! לויטער גוטע סאציאליסטן...“

און דער אלטער פאנאטישער קעמפער פאר „פרייער פרעסע“ דערקלערט זיין בונדיסטישן אייניקל, מעדעם, אז די דיקטאטור פונם פראלעטאריאט, כל־זמן זי איז נויטיק, פאדערט „א פרעסע, וואס זאל אויפקלערן דאס פאלק אויף א קאמוניסטישן אופן און זי קען דערפאר ניט צולאזן קיין קאנטר־רעוואלוציאנערע ליטערא־טור, באטראכטנדיק, ווי זי באטראכט, דאס פאלק ווי א קינד, וואס גייט נאך אין סקול (שול), וואס לערנט זיך ערשט און וואס מען דארף דערציען אויף א י י ן געוויסן אופן, מיט א י י ן גע־וויסן קוריקולום, מיט א י י ן סארט לערער, און מען קען ניט צולאזן קיין טומעלניש, קיין דור־הפלגה לשון, קיין צוויי תורות. א סקול איז א סקול“.

ווינטשעווסקי פירט אויס, אז דאס, וואס די קעגנער רופן „באלשעוויסטישע טיראניי“, רופט ער די „דיקטאטור פונם פרא־לעטאריאט“. די פראגע איז בלויז וויפיל לייגגער וועט אנהאלטן אט־די דיקטאטור? אפשר איז שוין צייט איינצופירן די דעמאקרא־טישע פרייע פרעסע? און ווינטשעווסקי ענטפערט אויף דעם, אז ער איילט זיך ניט; אז ער, דער אלטער, „קען ווארטן“... ער ליבט די פרייהייט זייער שטארק, נאר „דאס טאר ניט זיין די פרייהייט, נאך וועלכער עס לעכצן גזלנים, גנבים און עקספלואטאטארס“...

און פונקט אזוי ווי ער האט זיך ניט געשראקן צו רע־ווידירן זיין מיינונג וועגן פרייער פרעסע, אזוי האט אויך דער אלטער ווינטשעווסקי זיך ניט צוריקגעהאלטן צו ענדערן זיין שטע־לונג צו פארטיי־ארגאנען. ער איז אלעמאל געווען קעגן פארטיי־צייטונגען, ווייל ער האט געזען, ווי ער דערציילט, אז אנשטאט צו ווערן קאנטראלירט פון דער פארטיי, זיינען זיי געווארן אירע באלעבאטים. ער האט אבער באלד באמערקט, אז אזוינס קען ניט פאסירן אין אזא דיסציפלינירטער און צענטראליזירטער פאר־

טיי ווי די קאָמוניסטישע. האָט ווינטשעווסקי צום ערשטן מאָל אין זיין לעבן זיך ניט אַנטוישט באַלד אין זיין צייטונג. און באַגריסנדיק די „פרייהייט" צו איר 2טן געבורטסטאָג (יובילײ־נומער, אַפּריל, 1924), האָט ער דערקלערט, אַז „האמת" (ווין, 1877)—„דער אמת" (באָסטאָן, 1895)—„דער עמעס" (מאָסקווע, קעגנוואַרט) שטעלן אין זיין לעבן מיט זיך פאָר „דריי עטאַפּן אין דעם אַנטוויקלונגס־מאַרש פון אונזער אידעאַל", און אַז פאַר אים „גיסן זיך צונויף די דריי עטאַפּן אין דער „פרייהייט".

***

אחוץ פובליציסטיק האָט ווינטשעווסקי אין די ערשטע פאַר יאָר „פרייהייט" אויך פאַרעפנטלאַכט פעליעטאָנען (צושלאָגענע געדאַנקען פון א משוגענעם פילאָזאָף), עראינערונגען (וועגן אַנאַטאָל פראַנס, פיליפּ קראַנץ און אהרן זונדעלעוויטש) און א ליד (געשריבן אין אָקטאָבער און געדרוקט אין נאָוועמבער 1923): „צו מיינע ברידער", וואָס לייענט זיך אַזוי:

„פון גאַל און פון טרערן
קאָן באַלזאַם ניט ווערן,
דעם אַרבעטער'ס וואונדן צו היילן;
עס העלפט צו קיין שלעכטס ניט
דער זיפץ מיטן קרעכץ ניט,
וואָס טויג אייך די צרות דערציילן?
מיט קללות, מיט קלאָגן
ווערט ער ניט געשלאָגן,
דער דינגער, דער קויפער, דער צווינגער;
דאָס קרעכצן, דאָס זיפצן
איז גוט פאַר געשריפצן,
פאַר לידער פון קלאָגנדע זינגער.
אין קאַמף מיט כלי־זיין
ווערט איר זיך באַפרייען
פון בלוטיקע פיינט אַלערליי...
און ווען איר ווערט זיגן,

דאָן איז אייער ניגון
אַ זיגרייכער יובל־געשריי".

אין אַ פּאָר פעליעטאָנען טרעט ווינטשעווסקי ארויס קעגן דער נייער אָרטאָגראַפיע. ער אַליין האָט יאָרנלאַנג אַגיטירט פאַר אַן איינהייטלאַכער אויסלייגאַכץ און האָט אַפּעלירט צוזאַ־מענצורופן אַן אָרטאָגראַפּישע קאָנפערענץ. נאָר אים איז אויסגע־קומען, אַז די „לשון־רעפאָרמער" גייען שוין צו ווייט. ער האָט געמאַכט אַ פּאַראָדיע אויף זייער „שרייבאַכץ" און „ריידאַכץ" און געשריבן: בוכן, שוכן, טוכן און גרובן—אָנשטאָט: ביכער, שיך, טיכער און גריבער. ער האָט אויך אָנגעדייט, אַז די ארויסגעוואָר־פענע „ע" און „ה" זיינען ערטערווייז בכלל ניט געווען איבעריק. אלס ביישפּיל ברענגט ער דעם זאַץ: „איך פּ י ה ל, אַז איך פ י ל אָן פ י ע ל אויגן מיט טרערן", וואָס איז גענויער, ווי, למשל, „איך פיל, אַז איך פיל אָן פיל אויגן מיט טרערן"...

***

אָנהויב 1924 איז ווינטשעווסקי איינגעלאַדן געוואָרן צו קומען אין סאָוועטן־פאַרבאַנד. טעלעגראַמען פון מאָסקווע אין דער אמעריקאַנישער (ענגלישער) פּרעסע האָבן אויך געמאָלדן, אַז דער סאָוועטן־פאַרבאַנד האָט אויך באַשטימט פאַר ווינטשעווסקין אַ גע־וויסע פּענסיע. ער האָט אויך באַלד דערהאַלטן פון דאָרטן רייזע־קאָסטן און זיך אָנגעהויבן גרייטן אין וועג אריין. דאָס איז געווען פאַרבונדן מיט גרויסע שוועריקייטן פאַר אַן אַלטן שוואַכן מאַן פון 68 יאָר. ס'זיינען אויך געווען אַ סך אַנדערע מניעות, צוליב וועלכע ער איז אויך ניט געפאָרן אין 1922, ווי ער האָט דע־מאָלט געפּלאַנט. נאָר ווינטשעווסקי האָט דורכאויס געוואָלט, איידער זיין זון גייט אונטער, באַגריסן „דעם טאָג, וואָס ווערט געבוירן"... „די מענטשהייט, וואָס דערוואַכט". האָט ער גובר גע־ווען אַלע שטערונגען און זיך גענומען געזעגענען מיט זיינע צענדליקער טויזנטער איינציקלאַך.

צום עפנטלאַכן אָפּשייד אין ניו יאָרק (אין סענטראַל אָפּע־רא הויז), דעם 11טן מאַי, 1924, זיינען געקומען 3000 מענטשן.

נאָך די „פּאָר־געזונט“־רעדעס פון מ. ל. האַלפּערן, מ. האַלטמאַן, יהואש (שריפטלאָך), מ. כץ, ה. לייוויק, ק. מרמר און ש. עפּ־שטיין, האָט מאָריס ווינטשעווסקי דערקלערט, אז ער פאָרט ניט נאָך סאָוועט־רוסלאַנד צו ווערן דאָרט א פּענסיאָ־נער, הגם ער ווייסט וואָס פאַר א כבוד דאָס איז און ער איז שטאָלץ דערמיט. ער איז נאָך ניט גענוג אַלט פאַר דעם... ער וויל ניט קומען אויף אַלעם פאַרטיקן. די רוסישע רעוואָלוציע האָט זיך נאָך ערשט אָנגעהויבן. ער ווייסט, אז דאָרט איז נאָך ניט דער גן־עדן התחתון. ס'וועט נאָך נעמען יאָרן ביז דער קאָמוניזם וועט פאַרווירקלאַכט ווערן אינם סאָוועטן־פאַרבאַנד. ער פאָרט זיך שטעלן אינם דינסט פון דער אַרבעטער רעוואָלוציע און האָפט צו פאַרדינען זיין פּענסיע (ער האָט געזאָלט דאָרט מיטהעלפן אין דער אַרבעט צוזאַמעצושטעלן די אַלוועלטלאַכע געשיכטע פון דער רע־וואָלוציאָנערער אַרבעטער־באַוועגונג).

***

סוף מאַי 1924, נאָענט פאַר זיין אָפּפאָר פון אַמעריקע, האָט ווינטשעווסקי אָנגעשריבן „א ניי ליד“, וואָס איז געוויסערמאַסן זיין שוואַנען־געזאַנג.

ווידער, ווי מיט א 35 יאָר פריער, סוף מאַי 1890, האָט זיך דער אַרבעטער־דיכטער צעזונגען לכבוד דער נייער צייט. דעמאָלט האָט ער (אינם „אַרבעטער פריינד“) געזונגען:

„זינג־זינג־זינג זינגענדיק,
קומט אָן די נייע צייט,
קלינג־קלינג־קלינג קלינגענדיק,
טרעט אויף די פרייע צייט“.

נאָר איצט איז עס שוין ניט מער געווען קיין „טרייסט־געזאַנג“, נאָר א „למנצח“—„פאַרן קלינג מיט זיין קלאַנג“; ניט מער דער צוקונפט א הבטחה, נאָר דער קעגנוואַרט א ברכה. האָט ווינטשעווסקי אויך געענדערט דעם שלום פון זיין „ניי־ליד“, וואָס האָט זיך לכתחילה אויסגעלאָזן מיט אן אַלגעמיינעם וואונטש פאַר א לעבן

„מיט מוסקול־קראַפט,
מיט לעבנסזאַפט,
מיט פריידן אַלס שכנים,
אַרום און אַרום,
מיט לײדן פאַר קײנעם
אין מענטשנגעשטאַלט,
ניט יונג און ניט אַלט,
דאָ און אומעטום".

אַנשטאָט דעם האָט ער געענדיקט מיט אַ קלאָר פאָרמולירטן פראָגראַם צו מאַכן די וועלט „פאַר אײן־אײנציקן ראַטן־פאַרבאַנד". אַזױ, אַז דעם „זײדנס" לעצט געדרוקט ליד, געשריבן אינם על־טער פון 68 יאָר, לײענט זיך אַזױ:

## „פאַרן קלינג

זינג־זאַנג, קלינג־קלאַנג —
הערט, קינדער, איך זינג
אײך אַ ליד מיט אַ קלאַנג;
זינג אַ נײעם געזאַנג
פאַרן קלאַנג פון אַ קלינג,
פאַרן קלינג פון אַ שווערד,
פון אַ מעכטיקן דעגן,
וועלכער רײניקט די ערד,
אונזער מאַמעניו ערד,
ווי אַ שטורעם־שלאַקסרעגן,
פון די שרצים, וואָס צערן
איר מאַרך אויף, איר זאַפט,
זאָט קײנמאָל ניט ווערן,
זיך שטענדיק פאַרמערן,
פאַרצערן איר פרוכט,
מאַמע ערדס זיסע פרוכט,
מיט אַלץ, וואָס ער שאַפט,
מיט זײן מח, זײן קראַפט,
איר קנעכט פון אַ האַר,
איר פאַרשאַלטענער זון,
בעת ער בענטשט אָדער פלוכט,
בעת ער װײנט אָדער לאַכט,
ער, דער נאַר פראָלעטאַר,
זײנע אויגן פאַרמאַכט.
ווײל זײ שײנט ניט די זון,
ווײל זײ בלענדט בלויז די זון,
ווײל זײ ברענט בלויז די זון,
און ער ווײס ניט דערפון,
ווײס ניט מער ווי אַ קינד,
אַ געבוירענער בלינד.
איצט הערט, ליבע קינדער,
אַ ניגון אַ נײעם,
אַ ליד פאַרן גרינדער
פונם לעבן דעם פרײעם,
אַ שיר פאַרן פלאַנצער
פון אַ נײעם „עץ־חיים",
אַ „למנצח"־געזאַנג
פאַרן קלינג מיט זײן קלאַנג,
אַ מזמור פאַר זײ, פאַר די רויטע
חילים;
אַ קדיש נאָך זײ, נאָך די טויטע
טײוואָלים.

זינג־זאַנג, קלינג־קלאַנג!
זאָל לעבן דאָס לעבן,
באַגלייט פון געזאַנג;
זאָל לעבן דאָס שטרעבן
מיט ליבע, מיט לוסט;
זאָל לעבן און געבן
די פרייד אין דער ברוסט,
אין אויגן דאָס ליכט,
די פאַרב אין געזיכט.
די קראַפט אין דער האַנט,
צו בויען דאָס לעבן
מיט קונסט, מיט פאַרשטאַנד,
צו מאַכן די וועלט
פאַר אַ פרייהייטס־געצעלט,
פאַר איין־איינציקן ראַטן־פאַרבאַנד".

אין זיין ערשטן בריוו פונם וועג, געשריבן אויפן שיף, דעם 18טן יוני 1924, שרייבט ווינטשעווסקי, אַז „דער מער ווי פריינט־לאַכער „זיי געזונט", וואָס זיינע ניו יאָרקער חברים האָבן אים נעגעבן ביים אָפגיין פונם שיף, „האָט געהאַט פּאָלגן", וועלכע ער וואָלט זיך „קיינמאָל ניט פאָרגעשטעלט". ער האָט געצויגן אויף זיך די אַלגעמיינע אויפמערקזאַמקייט פון די פּאַסאַזשירן און איז געוואָרן אויפן שיף „אַ גאַנצער יאָ־טעבע־דאָס". די ערשטע עט־לאַכע טעג איז מען כסדר געקומען צו אים מיט אַלערליי שאלות, אשטייגער: וואָס און ווער ער איז, וואוהין ער פאָרט, צוליב וואָס און ווי לאַנג א. אַ. וו. מען האָט געוואָלט וויסן, וואָס ער דיינקט וועגן די באָלשעוויקעס, וועגן רוסלאַנד בכלל א. אַ. וו.

די ערשטע צוויי שטעט אין אייראָפּע, וואָס ער האָט באַ־זוכט, זיינען געווען אין דער מדינה, וועלכע האָט אים, ווי ער שרייבט, „מיט רעספּעקט צו מעלדן, אַרויסגעוואָרפן מיט אַ יאָר 45 צוריק: אין מערץ 1879". דאָס זיינען געווען האַמבורג און בערלין. פון דאָרט איז ער דעם 24טן יוני אָנגעקומען קיין ריגע, פאַרבייפאָרנדיק דריי פּלעצער, וואָס האָבן געשפּילט אַ באַדייטענדע ראָל אין זיין לעבן. דאָס זיינען קעניגסבערג (וואו ער האָט אַרום אַ האַלבן הונדערט יאָר פריער רעדאַקטירט אַ סאָציאַליסטישן זשורנאַל), קאָוונע (וואו ער האָט זיך דערצויגן און אָנגעהויבן זיין ליטעראַרישע טעטיקייט) און יאַנאָווע (וואו ער איז געבוירן גע־וואָרן). מאָנטיק, דעם 30טן יוני, איז ער אָנגעקומען קיין מאָסקווע.

.23

# אינם סאָוועטן-פאַרבאַנד

מאָסקווער סטיכישע באַגעגעניש. — אָפיציעלער קבלת־פּנים.— אין דער מאַלאַכאָווקער קינדער־קאָלאָניע. — אַ ווינטשעווסקי נומער „עמעס“. — התלהבות פונם נייעם לעבן. — אינם אָפּ־רו־הויז פאַר די וועטעראַנען פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע. — יעווסעקעס, אידישע קאָלאָניזאַציע.

ווינטשעווסקי האָט צו שפּעט געמאָלדן קיין מאָסקווע וועגן זיין אָנקום פון ריגע. ס׳איז קיין צייט ניט געווען צו מאַכן הכנות אים מקבל־פּנים צו זיין. די פּרעסע האָט אפילו ניט געהאַט די מעגלאַכקייט ברייט צו אינפאָרמירן וועגן דעם.

דאָך, דערציילט דער „עמעס“ (פונם 1טן יולי), האָט זיך פון זיך אַליין מאַנטיק אינדערפרי פאַרזאַמלט אויפן ווינדאַווער וואָקזאַל אַ גרויסער עולם: ארבעטער דעלעגאַציעס פון אייניקע פאַבריקן, פאַרטרעטער פון דער קאָמוניסטישער יוגנט, פון צענטראַלער אידישער בילדונג ביוראָ ביים פאָלקסבילדונג קאָמיסאַריאַט, פונם אידישן שרייבער פאַראיין, דער אידישער אָפּטייל פון מערב־אוניווערזיטעט, די רעדאַקציעס פון „עמעס“, „יונגוואַלד“ און „ארבעטער שטימע“, אַ פאַרטרעטער פון דער ניו יאָרקער „פרייהייט“ און „איבערהויפּט אַן עולם ארבעטער און קאָמוניסטן“.

ווען דער צוג איז אָנגעקומען, האָט אַ דעלעגאַציע באַגעגנט דעם גאַסט ביים וואַגאָן מיט אַ פאָן: „אַ גרוס דעם חבר ווינטשעווסקי“. מ׳האָט אים געפירט, ווי אונטער אַ חופּה, אונטער אַ רויטער פאָן, אויף וועלכער מיט גרויסע בוכשטאַבן איז געווען געשריבן: „אַ קאָמוניסטישער גרוס דעם וועטעראַן פון דער אידישער ארבעטער־באַוועגונג—מאָרים ווינטשעווסקי“. ביים וואָקזאַל אויפן פּלאַץ האָבן אים באַגעגנט אין רייען געשלאָסענע שטודענטן פון מערב־אוניווערזיטעט מיטן געזאַנג פון „אינטערנאַציאָנאַל“. דער עולם איז כסדר געוואַקסן און מ׳האָט זיך פאַרקליבן אין אַ גאַרטן

סעגן וואָקזאַל, וואו ס'האָבן ווינטשעווסקין באַגריסט צוערשט די יונגוואַרג, דאַן פּאָרשטייער פון מערב־אוניווערזיטעט (ירושלמי), שניידער (קאָזלאָוו), לעדער־אַרבעטער (לעוו), אידישע שרייבער (גאָדינער), צענטראַלער אידישער ביל־ד־ביוראָ פון פאָלקאָמבילד (לעוויטאַן), אַרבקאָרן פון „עמעס“ (פּאַווין), צענטראַל ביוראָ איד־סעקציעס ביים צ.־ק. פון דער רוסישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי און רעדאַקציע פון „עמעס“ (ליטוואַקאָוו).

דער אַקאַדעמיקער באַגריסט „דעם רעוואָלוציאָנערן צוזאַמענ־שלום פון רעוואָלוציאָנערע דורות אויפן באָדן פון באָלשעוויזם אינם לאַנד פון פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור“. דער שניידער—דעם „באַליבטסטן קעמפער פאַר דער באַפרייאונג פון די אַרבעטער“. דער גאַרבער דערמאָנט די פינסטערע צייטן, ווען די אַרבעטער האָבן זיך אין אונטערערדישן קאַמף געלאָזן מיט ווינטשעווסקיס רעוואָלוציאָנערן ליד „די רויטע פאָן“. דער קינסטלער באַגריסט דעם אַלטן אַרבעטער־דיכטער צו זיין קומען אינם לאַנד, וואו ס'איז פאַראַן „נייער, פרישער יונגער שטאָלץ פאַר דיכטונג“. דער יעווסעקישער קולטור־טוער פאַרזי־כערט דעם זיידן די מעגלאַכקייט צו זען ווי מ'שניידט אין דער אַרבעטער קולטור פונם סאָוועטן־פאַרבאַנד דאָס, וואָס ער האָט מיט יאָרנצענדליקער פאַרזייט. דער אַרבקאָר — אַז די הענט, וואָס האַלטן דעם האַמער, ווייסן אויך ווי צו פירן די פען און שאַפן קולטור־פאַבריקאַטן. דער רעדאַקטאָר פון „עמעס“ באַגריסט ווינטשעווסקיס „רעוואָלוציאָנערע יוגנט פון גייסט“.

ווינטשעווסקי איז געווען טיף גערירט פון די באַגריסונגען און פונם געזאַנג פון „אינטערנאַציאָנאַל“. ער האָט זיינע סאָוועטי־שע חברים דערציילט, אַז אויך אין אַמעריקע האָט מען אים ארויסבאַגלייט מיט אָט־דעם געזאַנג... ער האָט אויך געשילדערט זיין באַגייסטערונג, ווען ער האָט אין סעבעזש צום ערשטן מאָל געזען אויפן וואָקזאַל רוסישע אויפשריפטן: „אַ גרוס דעם קאָמינ־טערן, וועלכער קעמפט פאַר דער דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט“.

נאָך אָט־דעם סטיכישן און ניט־פאָרמעלן קבלת־פּנים איז

ווינטשעווסקי אוועקגעפאָרן אין שטאָט, באַגלייט מיט הילכיקן גע־זאַנג פון רעוואָלוציאָנערע לידער. זיין ערשטע מאָסקווער היים איז געווען אינם „פערווי ־ דאָם סאָוויעטאָוו" (ערשטן ראַטנהויז), דער פריערדיקער רייכער האָטעל „נאַציאָנאַל". נאָכדעם האָט ער זיך באַזעצט אינם „הויז פון אָפּרו פאַר די וועטעראַנען פון דער רע־וואָלוציע, אויף אילאַיטשעם (לענינס) נאָמען".

דעם זעלבן טאָג האָבן די רוסישע צייטונגען, מעלדנדיק זיין אָנקום, דערציילט, אַז די סאָוועט־רעגירונג האָט אים באַשטימט אַ פּענסיע פון פינף און זיבעציק רובל אַ חודש אחוץ אַן איינ־מאָליקער סומע פון 250 רובל. דערביי האָבן אים אַנדערע געגעבן דאָס עלטער פון 85 יאָר און באַוואונדערט זיין געזונט אין אַזאַ הויכן עלטער...

דער אָפיציעלער צוגעגרייטער קבלת־פּנים איז פאָרגעקומען פינף טעג שפּעטער, שבת דעם 5טן יולי, אין קלוב „קאָמוניסט". „ניט געקוקט אויף דער ניט־גינסטיקער זומער־צייט" — דערציילט דער „עמעס" (10טן יולי) — „איז דער קלוב געווען געפּאַקט מיט אַרבעטער און קאָמוניסטן". ס'האָבן ווינטשעווסקין באַגריסט פאָרשטייער פון פאַבריקן און אינסטיטוציעס. חבר אויסלענדער האָט באַגריסט „אַ שטיק ליטעראַרישן עבר, וועלכער וויל זיך אַריינפלעכטן אין דער נייער קעגנוואַרט". און חבר ליטוואַקאָוו האָט אָנגעוויזן, אַז ס'איז אַ טעות צו רופן ווינטשעווסקיין „זיידע", ווייל ער איז תמיד געווען, אין וואָרט און טאַט, אַ פּיאָנער.

נאָך די באַגריסונגען איז ווינטשעווסקי איינשטימיק אָנגענו־מען געוואָרן אַלס ערן־מיטגליד אין דער פאַרוואַלטונג פונם קלוב „קאָמוניסט". ווען ער האָט זיך אויפגעשטעלט צו ענטפערן, האָט אים דער עולם אויפגענומען מיט לאַנג דויערנדיקע אָוואַציעס און מיטן געזאַנג פון „אינטערנאַציאָנאַל". ווינטשעווסקי האָט געהאַלטן אַ לייַנגערע רעדע, אין וועלכער ער האָט דערציילט „פאַרשיידענע אינטערעסאַנטע עפּיזאָדן פון זיין סאָציאַליסטישער טעטיקייט אין פאַרשיידענע עפּאָכן פון זיין לעבן". דאַנקענדיק פאַר „די אויפריכטיקע ווערטער, וועלכע זיינען אים מחייב אויף

אַן אמת זיי ווערט צו זיין", האָט ווינטשעווסקי באַמערקט, אַז ס'איז ניטאָ וואָס צו לויבן אַ מענטשן דערפאַר, „וואָס ער איז ניט געוואָרן קיין פּאָסקודניאַק". דערבײַ האָט ער אויסגעדריקט זיין באַדויערן, וואָס פיל פון זיינע געוועזענע אידייען־חברים פון דער יוגנט האָבן אַף דער עלטער פאַראַטן זייערע יוגנט־אידעאַלן...

„דער פייערלאַכער אָוונט", פאַרענדיקט דער „עמעס" זיין באַריכט, „האָט זיך פאַרענדיקט מיט אַן אינטימען באַנקעט, וואו דער זיידע מיט די אייניקלאַך האָבן פאַרבראַכט אין אַ פרייליכער שטימונג אייניקע שעה".

***

אויף מאָרגן נאָך זיין קבלת־פּנים אין מאָסקווער קלוב „קאָמוניסט" איז ווינטשעווסקי געווען דער גאַסט פון דער מאַלאַכאָווקער קינדער־קאָלאָניע. דער גרויסער קינדער־ליבהאָבער איז פון דער יונגוואַרג אויפגענומען געוואָרן מיט אויסערגעוויינטלאַכער ליבע. אין זיין ענטפער אויף די האַרציקע באַגריסונגען פון די פּיאָנערן האָט ווינטשעווסקי צווישן אַנדערע זאַכן געזאָגט אַזוי:

„איר ווייסט, חברים, פאַרוואָס ניט אַלע סאָציאַליסטן זיינען פאַרבליבן טריי די אידייען פון קאָמוניזם און אַנדערע פון זיי זיינען אפילו געוואָרן פאַררעטער פונם אַרבעטער־קלאַס? דאָס איז דערפאַר, וואָס די דאָזיקע סאָציאַליסטן האָבן באַקומען זייער אַ שלעכטע דערציאונג אין די קינדער־יאָרן. מיר קענען זיך אָבער אויף נסים ניט פאַרלאָזן. מיר מוזן אַליין אויסשמידן קאָמוניסטישע קאַדרען פאַר די קומענדיקע שלאַכטן. אָט־דאָס זיינען די יונגע לעניניסטן. עס וואָלט געווען אפשר זייער גוט, ווען מען קען אויך אין אַמעריקע בילדן אַזעלכע קאָלאָניעס, ווי די מאַלאַכאָווקער" (דער „עמעס", 9טן יולי, 1924).

ווינטשעווסקי רעדט נאָך היינט, פיר יאָר שפּעטער, מיט גרויס באַגייסטערונג פון זיין באַזוך אין מאַלאַכאָווקע. ער האָט עס אויך באַשריבן אין זיין בריוו צו דער „פרייהייט" (10טן סעפּטעמבער, 1924). ער דערציילט דאָרט, אַז געבראַכט אַהין האָבן אים „צוויי 15־יאָריקע מיידעלאַך: טילבעטע און באַבעלע, זיסינקע, באַרוויסע קינדערלאַך". ער האָט דאָרט געפונען אַ הונדערט

קינדער און איז מיט זיי געוואָרן גוט באַפריינדעט. דאַן האָט אים „אַ באַגייסטערטע ליבענדע חברה קינדער" מער ניט אָפּגעלאָזן. ער איז מיט זיי געווען „ביים ווירטשאַפטן אין הויז, גיין אַר־בעטן אין פעלד, גיין שפּאַצירן, גיין אַרום און אַרום אין דאָרף".

זיין פּאָפּולאַריטעט איז ביי די קינדער געוואַקסן. זיי וואָלטן אים, זאָגט ער, „געטראָגן אויף די הענט", ווען ער „וואָלט גע־וואויגן אַ פונט 100 אָדער ווייניקער"... אין אַ וואָך אָדער צוויי שפּעטער איז באַבעלע צו אים ווידער געקומען מיט אַ יונגן דע־לעגאַט פון די קאָמסאָמאָלצעס, וואָס האָבן דאָרט אין מאַלאַכאָוו־קע אַ געמיינשאַפטלאַכע וואוינונג פון גרעסערע רוסישע און אי־דישע יוגנטלאַכע קאָמוניסטן. דאָס איז געווען, זאָגט ער, „אַ זייער אינטערעסאַנטער טאָג אין מאָסקווע, אָבער קינדער זיינען קינ־דער". איז ער מיט זיי אַוועקגעפאָרן אין האָט דעם אָוונט געהאַלטן זיין ערשטן פאָרטראָג אין רוסיש. זיינע יוגנטלאַכע צוהערער— ס'זיינען אויך געווען אָנוועזנדיק אַלע קינדער פון דער אידישער קאָלאָניע—האָבן געשלונגען זיינע ווערטער, „אַשטייגער אָט רעדט צו זיי אַ לאַסאַל, אַ זשאָרעס"... אויף מאָרגן זיינען זיי מיט אים געקומען צום וואָקזאַל. אין וואַגאָן לעבן אים איז געזעסן די פריער דערמאָנטע באַבעלע, וואָס האָט נאַאיוו דערקלערט, מיט אַ טאָן „פון אַ מאַמען, וואָס פאַרעט אַרום אַן עופה'לע", אַז זי קאָן דאָך אים ניט לאָזן פאָרן אַליין..."

לייענענדיק נאָכדעם וועגן דער וואונדערבאַרער סצענע ביים איבערגעבן דעם סאָוועטן־פאַרבאַנד די פאָן פון דער פּאַריזער קאָמונע, וואָס ער האָט „אָנגעוואָרן פאַרנדיק קיין מאַלאַכאָווקע", האָט דאָך ווינטשעווסקי „קיין חרטה ניט געהאַט". ער האָט געטראַכט: „אומעטום קען מען ניט זיין. און די קינדער זיינען ביל־כער, זאָגט זיך אייך וואָס איר ווילט".

דער „עמעס" פון 18טן יולי איז געווען אַ ווינטשעווסקי נו־מער. אחוץ זיין בילד (פאָטאָגראַפירט אין טאָג פון זיין קומען קיין מאָסקווע) און זיין ליד „פאַרן קלינג", האָט דער „עמעס" אַנטהאַלטן אַרטיקלען און גרוסן פון פּובליציסטן און דיכטער, ווי

אויך פון א ריי ארבקאָרן. מ. ליטוואַקאָוו האָט אָנגעוויזן, אז „ווינטשעווסקי האָט שטענדיק געשעפּט פון זיך, ער איז געווען זיין אייגענער אָנהויב. ער איז געווען דער פאָרגייענגער און פּיאָנער". אויך אויף דער עלטער איז ער געווען פון די ערשטע אָנצונעמען די באָלשעוויסטישע רעוואָלוציע. „אויך דאָ א פּיאָנער, א פאָרגעגנגער און ניט בלויז פאַר דער אידישער ארבעטערשאפט אין אמעריקע, נאָר אפילו פאר פיל פון אונז, אידישע ארבעטער־רעוואָלוציאָנערן אין רוסלאנד..." א. ווע־וויאָרקא האָט אים געשילדערט אלס „פּיאָנער פון נ י י ע ר ש י י נ ק י י ט אין אידיש", אלס דער, וואָס האָט אין לידער באזונגען די „פרעמדע" נעמען מארקס, ענגעלס, לאסאל, און „מיט דעם א נייעם ע ס ט ע ט י ש ן קוואל אין אי־דיש אויפגעבראָכן". דאניעל מייעראָוויטש האָט אים אויסגעמאָלט אלס דעם פּיאָנער, וואָס איז געווען דיכטער, אגיטאטאָר, זשורנא־ליסט, פובליציסט א. א. וו. און האָט „געוועבט און פארבונדן די אלע פעדים פון גרויסן אָנהויב. דער ערשטער געוויקלט דעם רויטן קנויל פון דער אידישער סאָציאליסטישער קולטור", וואָס „איז זיך פאנאנדערגעוואקסן, און יעדער פאָדים איז געוואָרן א קנויל פאר זיך". י. דאָברושין האָט כאראקטעריזירט דאָס קומען אינם אָקטאָ־בער־לאנד פונם „זיידע פון אונזער דיכטערישן פרייהייטס־וואָרט" אלס „א קינסטלערישער טאט, א געשעעניש — א דיכטונג". דאָס האָט דערפאר באגייסטערט „ארבעטער, וואָס שאפן איצט אליין שיינקייט־ווערטן, און קינדער, וואָס האָבן בטבע א חוש צו שיינ־קייט". א. קושניראָוו האָט לכבוד ווינטשעווסקיס אָנקום געזונגען:

„אין ווייטן לאַנד, אין לאַנד געטרוימטן
רוף פון פייערן אויף אַלע ברעגן
פאַר אַלטער שיף, וואָס האָט דורך ים געשוימטן
דערטראָגן אירע יוגנט־זעגלען.
אין אַלע שטורעמס איינס נאָר ניט פאַרלירן —
העלע שיין פון אומרו און פון שטרעבן..."

און אַבע לעוו, חיים גילדין און י. כ. האָבן דערציילט עראינערונגען

פון דער גרויסער ראָל, וואָס ווינטשעווסקי'ס ליד האָט געהאַט אינם אַנטוויקלען פון דער אידישער אַרבעטערשאַפט, און וואָס די יוגנטלאַכע אַרבעטער פּילן פאַרן וועטעראַן פון דער רעוואָלוציאָנערער אידישער פּאָעזיע. *)

***

אין זיינע בריוו אין דער „פרייהייט" שרייבט ווינטשעווסקי מיט התלהבות פונם נייעם לעבן אין מאָסקווע. ער איז אַנטציקט פון דעם חבר'שן באַנעם פון די קאָנדוקטאָרן, סאָלדאַטן און פּאָליציילייט (מיליציאַנער), צו וואָס אַן אַמעריקאַנער איינוואוינער איז כלל ניט געוואוינט. ער איז מיטגעריסן פון דער אומבאַגרעניצטער ליבע, וואָס דאָס פאָלק ווייזט אַרויס דעם „אומפאַרגעסלאַכן פירער" לענין. ער פאַרגלייכט זי מיט דער ליבע, וואָס פּאַריז האָט אַרויסגעוויזן צו וויקטאָר הוגאָ חדשים נאָך זיין טויט, און קומט צום שלוס, אַז די ליבע און אַנטוזיאַזם פאַר לענין „שטייגט אַריבער פיל, פיל מאָל דעם פּאַריזער פאַל פון 1885. אויב אַ טויטער האָט ווען עס איז געלעבט, גערעדט צום פאָלק און פּשוט באַהערשט די מוחות, איז דאָס לענין, דער אומשטערבלאַכער נפטר" („פרייהייט", 2טן אויגוסט). ער באַוואונדערט אויך דעם אופן, ווי אַזוי די באָלשעוויקעס באַהאַנדלען זייערע קעגנער. אַלס ביישפּיל נעמט ער דעם „רעוואָלוציאָנערן מושב־זקנים", אין וועלכן ער געפינט זיך.

---

*) י. כ. האָט דערציילט, ווי אַזוי די „אַרבעטער־יוגנט־אָרגאַניזאַציע" אין ווילנע (אָרגאַניזירט דורכן „בונד" אין 1915) האָט געעפנט פאַר איהרע 300 מיטגלידער אַן אָוונט־שול אויפן נאָמען „מאָריס ווינטשעווסקי". אין 1920 האָבן זיך די יונגע כחות פון דער אַרבעטער־יוגנט אין ווילנע „אַריינגעריסן אין קאָמוניסטישן יוגנט־פאַרבאַנד". די בונדיסטן האָבן איר פאַרגעוואָרפן, אַז זי טראָגט נאָך זייערע שילדן. האָבן די יונגע זיי פון זיך אַראָפּגענומען. נאָר מיטן נאָמען „מאָריס ווינטשעווסקי" איז ניט געווען קלאָר פאַר זיי, ביז זיי האָבן זיך דערוואוסט, אַז „דער זיידע איז ניט אָפּגעשטאַנען פון די אייניקלאַך"...

דאָס אָפּרו־הויז פאַר די וועטעראַנען פון דער רעוואָלוציע,— שרייבט ווינטשעווסקי אין דער „פרייהייט" (אויגוסט 24)— „שטייט אין א פּאַרק, כמעט א וואַלד פון בוימער און גרינס". יע־דער באוואוינער האָט פאַר זיך א היבשן צימער. „די ריינלאַכ־קייט אין דעם גאַנצן בנין און אַרום איז מוסטערהאַפט. אַלץ בלאַנקט און אַלץ גלאַנצט. ריין ווערן אויך געהאַלטן די מענטשן אינעווייניק". פאַראַן דאָקטוירים, פעלדשער, פעלדשעריןס, נויר־סעס (וואַרטאָרינס), סאַניטאַרן א. א. וו. קורץ, דאָס אָפּרו־הויז ווערט אויסגעהאַלטן מיט דער רחבות פון א רייכן סאַניטאַריום.—

„פון די 75 זקנים זיינען בלויז 30 קאָמוניסטן און מיטגלידער פון דער פּאַרטיי. די איבעריקע 45 זיינען מייסטנס אויסגעשפּראָכענע קעגנער פון די באָלשעוויקעס... אַלטע נאַראָדאָוואָלצעס, אַלטע מענשעווי־קעס און עס־ערן, וואָס די פּאַרטיי האַלט דאָ אויס בכבוד, האַלט זיי אין אַ הויז, וואָס ניט בלויז עס רופט זיך אויף לעני'נס נאָמען, נאָר האָט לעני'נס בילד (אונטער מאַרקס'עס, צווישן קאַלינין און טראָצקי) אין דער מזרח־וואַנט פון אונזער גרויסן זאַל; אונזער מוזיק־צימער האָט לעני'נס „געבאָטן", אַ לעני'ן־סטאַטועטע, לעני'נס ווערטער און ווערטלאַך. איך וואָלט ניט געהאַט דעם מוט צו וואוינען אין אַזאַ איג־סטיטוט מיט אַנטי־באָלשעוויסטישע געפילן אין האַרצן..."

און ווינטשעווסקי פירט אויס:

„**אָט אַזוי האַנדלען** די בייזע באָלשעוויקעס! **אַזוי באַהאַנדלען זיי זייערע קעגנער!"** („פרייהייט", 17טן אויגוסט).

א דריי מאָנאַטן שפּעטער, אין א בריוו פון מאָסקווע, דאַטירט דעם 7טן נאָוועמבער, דערעציילט ווינטשעווסקי, אז אַן אַלטער מענשעוויק האָט היינט דאָ, אינם אָפּרו־הויז, אויף איליאיטשעס (לעני'נס) נאָמען, אויפן קויל דערקלערט, אז דער 7טער נאָוועמ־בער 1917 איז געווען „אַן אומגליקלאַכער טאָג פאַר רוסלאַנד". און ווינטשעווסקי באַמערקט דערצו סאַרקאַסטיש: „דאָס דער־לויבט מען זיך צו זאָגן אונטער דער טיראַניי פון די באָלשעוויקעס מיט זייער טשע־קאַ!"

ווינטשעווסקי, וואָס האָט עטלאַכע יאָר פריער, אין זיין פּאַ־

לעמיק קענן די מענשעוויקעס, שטארק פארטיידיקט די דיקטאטור פונם פּראָלעטאריאַט, איז געווען באַזונדער צופרידן, ווי אַזוי זי ווערט דורכגעפירט אינם לעבן. אין אַ בריוו צו דער „פריי־הייט“ (נאָוועמבער 15) רעכנט ער אויס אַ ריי ביישפילן דערפאר און אונטערשרייבט זיין איבערצייגונג, אַז מ׳קאָן זיך נאָך אין סאָוועטנפארבאַנד ניט „פארגינען דעם פּארלאַמענטאַרישן שפּיל אין כלומר׳שט־דעמאָקראַטיע“. אין אַן אַנדער בריוו („פרייהייט“, אָקטאָבער 1) דריקט ער אויס זיין גרויס פרייד, וואָס אומעטום, וואו ער איז אויסגעווען, האָט ער געפונען „די גרויספּראָדוקציע אין די הענט פונם פאָלק, דאָס פאָלק גופא צופרידן מיט דער מדרגה, וועלכע איז פאָרלויפיק דערגרייכט געוואָרן; אומעטום דער סאָוועטנפארבאַנד פעלזנפעסט. די דיקטאטור פונם פּראָלעטאַריאַט אַ פּאָזיטיווער פאַקט און דאָס גאַנצע לעבן אין פולן גאַנג, מיט אַ פעסטן שריט צום קאָמוניזם אינם לעבן, צו דער פולשטענדיקער קאָמוניסטישער געזעלשאַפט“.

אין אַ בריוו „איבער קאָלאָניזאַציע און אידישע קלאַגען“ („פרייהייט“, 27טן נאָוועמבער) רעדט ווינטשעווסקי פון דער נויט פון די דעקלאַסירטע אידן. ער באַמערקט דערצו: „אַ רעוואָ־לוציע איז אַ רעוואָלוציע און ווען זי ווערט דורכגעפירט ניט אויף צופּליישן, נאָר אין פולן, אמת׳ן ערנסט, ווי דאָ ביי אונז, מוז דער קלאַס, קעגן וועלכן מען האָט רעבעלירט, נאַטירלאָך ליידן (הגם אין יעדן איינציקן פאַל קאָן זיין אַ טראַגעדיע, וועל־כע זאָל אַרויסרופן אייער סימפּאַטיע)“. די איינציקע הילף פאַר אָט־די ליידנדיקע אידן זעט ווינטשעווסקי אין דער קאָלאָניזאַציע. ער איז אויך אָנוועזנדיק געווען אויף זיצונגען פון די יעווסעקן וועגן קאָלאָניזאַציע־פּראָבלעמען און איז אויך איינער פון די גרינ־דונגס מיטגלידער פונם „געזערד“.

ווינטשעווסקי׳ן איז ניט געפעלן געוואָרן די אויפפירונג פון שלום עליכמ׳ס „גרויסער געווינס“ אינם „קאַמער־טעאַטער“. נאָר אין דער זעלבער צייט איז ער אַנטציקט פון דעם „פאַקט גופא,

אַז אין מאָסקווע איז דאָ אַ מלוכישער (גאָסודאַרסטווענער) אידי־שער טעאַטער". דערביי באַמערקט ער איראָניש:

„די באָלשעוויקעס מיט זייערע ספּעציעלע אידישע מחבלים פון דעם אידנטום, די „יעווסעקעס", די „קאָמוניסטלאַך", דאגה'נען ניט בלויז פאַר דעם אידן מאַטעריעל, פּרואווגדיק אים באַזעצן אויפן לאַנד, נאָר זאָרגן פאַר אים אויך גייסטיק. חוץ צייטונגען, חוץ פאַרשיידענע בי־כער אין אידיש, גיט מען דען אידן אויך אַ טעאַטער. — — — בקיצור, די שרעקלאַכע יעווסעקעס זיינען פאַר אידן און אידישקייט ניט גע־פערלאַך. איר האָט אפילו די מעגלאַכקייט צו דאַווגען, אויב איר האָט חשק, און אויב איר זייט ניט קיין מיטגליד פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. פון אַ פּאַרטיי־מאַן פאַרלאַנגט מען נאַטירלאַך, ער זאָל ניט מער שרייען ניט „שמע ישראל" און ניט „האָספּאָדי פּאָמילוי", ער זאָל ניט גיין ניט אין קלויז און ניט אין קירך" („פּרייהייט", 1טן דעצ.).

.24

## טריאומף-צוג

מינסק, האָמעל, באָברויסק, מאָהילעוו, וויטעבסק, אָרשאַ. — רויטע אַרמיי, יוגנט. — אין לעגינגראַדער סאָוועט. — קיעוו, בערדיטשעוו, וויניצאַ, אָדעס. — יהל"ל. — די העכסטע אָנער־קענונג. — העלד פון זיין צוקונפט־בילד.

ווינטשעווסקי'ס אָנקום אין מאָסקווע האָט אַרויסגערופן גרויס אויפזען אינם סאָוועטן־פאַרבאַנד. באַזונדער ביי דער אידי־שער אַרבעטערשאַפט, ביי וועלכער ער איז שוין לאַנג געוואָרן אַ לעגענדע און אַ סימבאָל. האָבן אָנגעהויבן קומען איינלאַדונגען פון אַלע טיילן לאַנד. זיי זיינען געשיקט געוואָרן מערסטנס דורך די אָרטיקע מלוכה־אַנשטאַלטן אָדער דורך דער אידסעקציע.

אין אַ סך אַנדערע ערטער האָבן די אידישע אַרבעטער ניט געהאַט קיין געדולד צו וואַרטן ביז זייערע אָפיציעלע אָרגאַנען וועלן איינלאַדן דעם זיידן, האָבן זיי איינגעאָרדנט ווינטשעווסקי־

אוונטן און אנגענומען רעזאָלוציעס, אַז זייערע מלוכה־אַנשטאַלטן זאָלן אַננעמען אַלע געהעריקע מיטלען, כדי ווינטשעווסקי זאָל באַזוכן זייער שטאַט.

פרייטיק, דעם 8טן אויגוסט, איז ווינטשעווסקי אָנגעקומען אין מינסק, וועלכע ער האָט אָנגערופן, אין זיינעם אַ בריוו, „די אידישע מאָסקווע פונם סאָוועטן־פאַרבאַנד". זיין אָנקום ווערט באַשריבן פון אַ ריי אַרבעטער אינם „מינסקער וועקער" און אין אַנדערע צייטונגען אַזוי:

דער יום־טוב האָט זיך אָנגעהויבן נאָך ביי דער אַרבעט. אידישע אַרבעטער זינגען דעם זיידנ'ס לידער, אייניקע דערציילן וועגן דער זיידע איז. די ניט־אידישע אַרבעטער דערהערן, אַז מ'רעדט וועגן זיידן חבר ווינטשעווסקי'ן, זאָגן זיי: „ער איז דאָך אונזער זיידע, אונזער אַרבעטער־זיידע". פאַרנאַכט קלייבן זיך די אַרבעטער צוזאַמען אין זייערע פאַך־קלובן. ס'קומען אויך זייערע פרויען. מ'צעשטעלט זיך אין געשלאָסענע רייען און מיטן אָרקעס־טער פאָראויס לאָזט מען זיך אין גאַנג. ציט זיך אַ לאַנגער צוג פון טויזנטער אַרבעטער פון אַלע פּראָפעסיאָנעלע פאַראייניגן און אָרגאַניזאַציעס מיט אָרקעסטרעס און מיט פאָנען. פאָראויס מאַרשירט די יונגוואַרג, קאָמסאָמאָלצעס (קאָמיוגן) און פּיאָנערן פון עטלאַכע נאַציעס. אייניקע טראָגן לאָזונגען מיט פּלאַקאַטן. אויף איין פּלאַקאַט איז אויסגעמאָלט, ווי דער זיידע שטייט מיט אַ בעזים אין האַנט און קערט די קאַפּיטאַליסטישע וועלט (אָן אָנדייט אויף זיין ליד „אַ בעזים און אַ קער").

פיל אַרבעטער האַלטן אין די הענט „בראָשורקעס", נאָר־וואָס באַקומענע פון דרוק „קאַמפּס־געזאַנגען" — דאָס זיינען דעם זיידנ'ס לידער, ספּעציעל אָפּגעדרוקט צו זיין אָנקום אין מינסק.

אויפן בריסקער וואָקזאַל שטייט שוין פון פריער די רויטע־אַרמיי אויף די פערד, מיליציע אויף פערד און אָן פערד, ווי אויך די באַן־אַרבעטער, וועלכע זיינען אַלע געקומען מקבל־פּנים זיין דעם זיידן. די פיל־טויזנט־קעפּיקע פּראָלעטאַרישע מחנה צע־

שטעלט זיך ביי דער פּלאַטפאָרם אין געשלאָסענע רייען. אַלע וואַרטן אויף דעם אָנקום פון צוג. ווען ס'דערהערט זיך אַ נאָענטער פייף פונם לאָקאָמאָטיוו, הויבן אָן די אָרקעסטערס שפּילן דעם „אינטערנאַציאָנאַל". און ווען דער צוג שטעלט זיך אָפּ און דער זיידע באַווייזט זיך, מיט אַ רויטן באַנד אויפן האַלז (אַ מתנה פונם מאָסקווער קאָמסאָמאָל), הערן זיך אויסגעשרייען: „זאָל לעבן דער זיידע", „זאָל לעבן דער טייערער גאַסט—ח' ווינטשעווסקי"! „הור־ר־ר־אַ!" מ'זינגט זיינע לידער צוזאַמען מיטן אָרקעסטער. ער ווערט באַגריסט אינם נאָמען פון דער פּאַרטיי (יאַנקעל לעווין), פון דער רויטער אַרמיי (גאַי, קאָמאַנדיר פון דער קאַ־וואַלעריע) און פון אַנדערע קערפּערשאַפטן. ס'בייטן זיך רוסיש, דייטש, פּויליש, ווייסרוסיש. ס'באַגריסט אַשעראָוויטש, אינם נאָמען פונם „וועקער", אַ יונגער פּיאָנערל, בעריל מעדרעש, אינם נאָמען פון אַלע ווייסרוסלענדישע פּיאָנערן, וואָס טיילט אים מיט, אַז זיי זינגען זיינע לידער. ס'באַגריסן אויך אַנדערע רעדנער, און דער אַנטוזיאַזם שטייגט: „אַ קליינקייט! פופציק יאָר פון רעוואָלוציאָנערן קאַמף און רעוואָלוציאָנערער פּאָעזיע— אַ מורא'דיקער סטאַזש". ס'פאַרענדיקן זיך די באַגייסטערונגען און אין דער לופטן קלינגט דעם זיידנ'ס ווערטער:

„ווען עס וועט דער שטרייט באַגינען,
פאַר דער פרייהייט, קעגן געלט,
וועט איר אפשר מיך געפינען
אין די רייען, אויפן פעלד". *)

צולעצט נעמט דאָס וואָרט דער זיידע אַליין. ער רעדט שטיל, פריער אויף אידיש, נאָכדעם אויף רוסיש. ער איז באַזונ־דערס גערירט מיטן קבלת־פּנים פון די רויט־אַרמייער. ער זאָגט, אַז ער איז ניט ווערט דעם כבוד, וועלכן מ'האָט אים דאָ געשאַפן, נאָר ער האָפט נאָך צו אַרבעטן און עס פאַרדינען... נאָכדעם איז ער דורכגעגאַנגען באַגריסן אַלע אָרגאַניזאַציעס, מיליציע און

*) געזאַמלטע ווערק, באַנד 2, ז' 67.

רויט־ארמייאישע, וועלכע זיינען אים געקומען באַגעגענען.

די מינסקער ארבעטערשאַפט האָט אויך איינגעאָרדנט אַ באַנקעט לכבוד ווינטשעווסקין און דער „וועקער" (איצט „אָק־טאָבער") האָט פארעפנטלאַכט אַן אונטערערדונג מיט אים וועגן דער פּאָליטישער לאַגע אין אַמעריקע און האָט איבערגעדרוקט זיין ליד „רעכטס אָדער לינקס".*)

נאָך מינסק האָט ווינטשעווסקי באַזוכט אַ רייי אַנדערע סאָ־וועטישע שטעט און אומעטום איז ער באַגעגנט געוואָרן מיט גרויס ליבע און התלהבות. אומעטום האָבן די רוסישע צייטונגען פאַר־עפנטלאַכט וועגן אים ארטיקלען, אמאָל אויך געגעבן—ווי, למשל, דער באָברויסקער „קאָמוניסט"—אַ ספּעציעלן אידישן אָפּטייל, לכבוד זיין אָנקום. אומעטום האָט אים באַגעגנט מיט באַזונדער ליבע די יוגנט פון פארשיידענע נאַציעס, און איר געשריי „דאַ זדראַוו־סטוואָר־יעט וועָ־טע־ראַן רע־וואָ־לו־צי־אי! (זאָל לעבן דער וועטעראַן פון דער רעוואָלוציע) הו־ר־ר־ר־אַ!" האָט פארהילכט די גאַסן. אין האָמעל האָבן אים באַגריסט די פאָרשטייער פון דער גובערניאַלער און שטאָטישער ר. ק. פּ. אָרגאַני־זאַציע, פּראָפעסיאָנאַלער ראַט, רויטע ארמיי, גובערניאַלער מלוכה־מאַכט, 6000 אייזנבאַן-ארבעטער, אידסעקציע און פּיאָנערן. די רויטע קאַוואַלעריע האָט אים געשיינקט איר היסטאָרישן זאַטל־בוך מיט אַ הארציקער אויפשריפט פונם קאָמאַנדיר לכבוד דעם אַלטן סאָלדאַט פונם קלאַסנקאַמף. די האָמלער רוסישע צייטונג האָט לכבוד ווינטשעווסקי'ס אָנקום געגעבן זיין בילד און זיין ליד „אין קאַמף", **) איבערזעצט פון לייע קאַזשדאַן.

פייערלאַך און פול התלהבות זיינען אויך געווען די באַגעג־

---

*) דאָרט, ז' 105—106.

**) דאָרט, ז' 67. (לויט אַ צייטונג־באַריכט, האָט מען ווינטשעווו־סקין אין האָמעל געטראָגן אויף די הענט פון וואָקזאַל ביז צום קאַרל מאַרקס פּלאַץ. נאָר דער זיידע זאָגט, אַז דאָס איז איבערגעטריבן. די רויטע אַרמייער האָבן אים צוגעטראָגן בלויז צום אויטאָמאָביל...)



ריס ווינטשעווסקי אויפגענומען פון דער רויטער אַרמיי אין מינסק. (אויגוסט, 1924.)

גענישן אין באָברויסק (וואו ס'האָט אים אויך באַגריסט אַ פּאַר־טרעטער פון די פּויערים אין גאַנצן אָקרוג), מאָהילעוו און וויטעבסק. די וויטעבסקער „איזוועסטיאַ" איז געווען פינף טעג (24—28טן אויגוסט) פול מיט אַרטיקלען און באַשרייבונגען וועגן ווינטשעווסקין. זי האָט אויך געגעבן זיין בילד און זיין ליד „אַ בעזים און אַ קער", איבערזעצט אונטערן נאָמען „פּראָלעטאַרישער בעזים", פון ל. לייטמאַנאַ.

אויפן וועג פון מינסק קיין באָברויסק, האָט ווינטשעווסקי שפּעטער דערציילט, האָט ער, אָנקומענדיק אויף אַ סטאַנציע דריי אַזייגער ביינאַכט, דערהערט אַ שפּילן פון מיליטערישע אָרקעסטרעס, „אינטערנאַציאָנאַל"־געזאַנג פון הונדערטער העלזער, הורא־אויסגעשרייען. —

„וואָס קען דאָס זיין אין מיטן נאַכט? נאָך אַ פּראָטעסט דערצו, אַז אמת רוסישער פּראָסט. איך גיב אַ קוק דורכן פענסטער: אַלץ אַרום איז שוואַרץ פון מענטשן. איך רוק אַרויס דעם קאָפּ: אַהאַ, פון מיין כבוד וועגן. אַן איינפאַל אַביסל, וואָס שקצים קענען? און די פּיאָנערלאַך מיט רויטע טיכלאַך אויף די העלזלאַך. אַט קנדוסים, דאַרפן גאָר שלאָפן, און זיי זיינען דאָ מיט טאַטע־מאַמע, מיט דערוואַקסענע שוועסטער און ברידער..." („פרייהייט", 30טן מאַי, 1925).

ענלאַכע אויפנאַמען האָט ווינטשעווסקי געקראָגן אין אַלע אַנדערע שטעט, וואָס ער האָט באַזוכט. אַ ווינטשעווסקי־יום־טוב האָט געוויינלאָך געהאַט אַזאַ פּראָגראַם. ערשטער טאָג — קבלת־פּנים. צווייטער טאָג אַ פּאָרטראַג אינם ארבעטער־קלוב, אָדער ארבעטס־פּאַלאַץ. דריטער טאָג—אַ רעדע פאַר די קאָמיוגיסטן און פּיאָנערן. פערטער טאָג—אַן אינטימער אָוונט, אָדער באַנקעט. נאָר צווישן אָט־די פיר הויפּט־פּונקטן פונם פּראָגראַם האָט מען אים כסדר אַרומגעפירט איבער די פאַרשידענע דערציאונג, קולטור און הילפס־אַנשטאַלטן. אַזוי, אַז אין אַנדערע טעג איז ער געווען כסדר פאַרנומען און גערעדט פינף־זעקס מאָל אַ טאָג.

אומעטום האָט מען אים אויפגענומען, ווי אַ גאַסט פון דער סאָוועט רעפּובליק, ווי אַ העלד פון דער רעוואָלוציע. מ'האָט אים

באַגעגנט מיט מיליטערישע פּאַראַדן, מיט מוזיק און געזאַנג. עס האָבן אים באַגריסט די פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציעס, די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, די מלוכה־מאַכט, די רויט־אַרמייער און די יונג־וואַרג — קאָמיוגן און פּיאָנערן. מ'האָט פאַר אים איינגעאָרדנט גרויסע מאַסנפאַרזאַמלונגען, רייכע קאָנצערטן און פאָרשטעלונגען, צום אָפּשייד, מיט אינטימע צוזאַמענקונפטן. מ'האָט אים געטראָגן אויף די הענט, געמאַכט פאַר ערנבירגער, ערנמיטגליד פון שטעט, שולן, פאַבריקן און מאַסטערסקאַיעס. און אומעטום זיינען די הויפּט־מחותנים געווען די קינדער — די לענינסטישע פּיאָנערן.

„אַט קום איך אין אַ שטאָט“ — האָט ער שפּעטער דערציילט — „ערשט די קליינטשינקע לעניניסטלאַך, אַלע מיט רויטע טיכלאַך אַרום די העלזלאַך, מיט די באַראַבאַנען, פאָנען, געזאַנג פון „אינטערנאַציאָנאַל“. גרייט? אַלעמאָל גרייט! — קלינגען שיין ווי מחנות סאָלאָוויטשיקלאַך, די שטאָלענע קעלכעלאַך, און איך בין שוין אויך אַ פּיאָנער מיט דער רויטער טיכעלע אויפן האַלז, און ס'אַראַ שמחה, ס'אַראַ פרייד“ („פרייהייט“, 30טן מאַי, 1925).

אין אָרשאַ האָט מען ווינטשעווסקי'ן אויסגעקליבן פאַר אַן ערנמיטגליד פון דאָרטיקן „אָקרוזשני סאָוועט“ און ער האָט טייל־גענומען אין זיין זיצונג. אין לענינגראַד האָט מען אים פאָרגעשטעלט פאַר דער פּלענאַר־זיצונג פונם סאָוועט, אויף וועלכן ס'איז אויך אָנוועזנדיק געווען ח' קאַלינין, דער פּרעזידענט פון דער סאָוועט רעפּובליק.

אַט־די גרויסע געשעיייש אויף זיין רייזע אינם סאָוועטן־פאַרבאַנד האָט ווינטשעווסקי באַשריבן אין אַ בריוו צו דער „פרייהייט“ (אָקטאָבער 27) אין אַט־די ווערטער:

„מיט אַמאָל הער איך מיין נאָמען. דאָס האָט מיך דער פאָרזיצנדער ח' זינאָוויעוו פאָרגעשטעלט פאַרן גרויסן עולם. צווישן אים פון דער רעכטער האַנט און חבר קאַלינין פון דער לינקער שטיי איך אין דעם וואונדערבאַרן זאַל, פאַר אַ וואונדערבאַרער פאַרזאַמלונג.“

„רעדט אידיש“, — זאָגט צו מיר ח' גאָרדאָן, — „מען וועט דאָס איבערזעצן“. דאָס וואָלט געווען די ערשטע אידישע רעדע אין דעם



מאָריס ווינטשעווסקי אויף אַ זיצונג פונ'ם סאָוועט אין אָרשאַ, אַלס ערנמיטגליד

אַמאָליקן „טאַווריטשעסקי דוואָרעץ״. איך באַקלער אָבער, אַז דאָס וועט אַרויסקומען אַ געמאַכטע, געקינסטלטע זאַך, און איך רעד רוסיש. דעם שכל האָב איך געהאַט ניט צו רעדן צו לאַנג און מיין „ספּיטש״ איז געווען אַן ערפאָלג״.

ווינטשעווסקי באַמערקט דערצו, אַז ס'האָט אים גענומען מער ווי אַן אכטאָג זיך צו אַנטשיידן דאָס צו דערציילן אין דער „פרייהייט״. דאָס איז, זאָגט ער, „דער גרעסטער כבוד״, וואָס מ'האָט אים געגעבן אין סאָוועטן־פאַרבאַנד.

***

אָנהויב דעצעמבער איז ווינטשעווסקי אַרויסגעפאָרן פון מאָסקווע קיין קיעוו. ער איז אַרויסגעפאָרן מיטן פעסטן באַשלוס צו שרייבן אין דער „פרייהייט״ פון יעדער שטאָט אין אוקראַי־נע. נאָר ער האָט זעלטן געהאַט אַ פרייע מינוט, ווי ער האָט עס באַשריבן אין דער „פרייהייט״ (18טן יאַנואַר, 1925), אויף זיין אָריגינעלן אופן אָט אַזוי:

„„דער מענטש דענקט און די ליבע לענקט. די ליבע האָט ניט גע־לאָזן. די פאָלק־ליבע, נאַטירלאַך. ווער וועט ליבן אַז אַלטן מאַן אין מיינע יאָרן? איבערהויפּט, ווייל מען האַלט מיך נאָך פאַר עלטער ווי איך בין, הגם איך פּראָטעסטיר דאַגעגן.

אין קיעוו, דערציילט ער דאָרט, האָט ער געהאַט 4—5 „אַרויסטרעטונגען״, דאָס הייסט געהאַלטן רעדעס כמעט אַלע טאָג; דערצו —

„פריינד צווישן די מיטינגען און ביינאַכט, נאָך די מיטינגען, אָפט גייענדיק שלאָפן אַרום 2 אַזייגער פאַרטאָג, און אַרום עלף אינ־דערפרי, דעם קומענדיקן טאָג, איז שוין געקומען אַן אויטאָמאָביל, אָדער אַ שליטן, צום פאָרן אין ערגעץ אַ שול, אַ קינדער־היים, אָדער ערגעץ אַ פאַבריק, — נאָך אין צווישן אָט־די מיטינגען טוט מען אַ דרעמל. מיטאָמאָל — אַ קלאַפּ אין טיר. עס דערשיינט אַ דעלעגאַציע פון קינדער, פריינט, חברים; עס קומט אַ פאָטאָגראַף מיט זיין גאַנצן אַפּאַראַט, מיט זיין דרייפוס, זיין טוך און זיין הייסן וואונטש צו מאַכן פון מיין פּנים עטלאָכע רובל. אַמאָל קומט אַ דעלעגאַציע פון העברעאישע לערער,

וואָס ווילן, אַז איך זאָל זיך אָננעמען זייער קריוודע ביי דער שמאָט־ביבליאָטעק אין דעם פּרט פון אַרויסגעבן לשון־קודש'דיקע ספרים".

אַ 5—6 טעג איז ווינטשעווסקי געווען אין קיעוו און אומגע־פער אַזוי פיל צייט אין בערדיטשעוו און וויניצאַ (די גובערניאַלע שטאָט פון פּאָדאָליע). אין קיעוו איז ער געקומען מיטן געדאַנק, אַז ער מוז אויפזוכן דעם העברעאישן דיכטער יהל"ל, וועלכער האָט פאַרעפנטלאַכט אין 1876 אַ לאַנגע פּאָעמע „כשרון המעשה" (אַרבעט און לוין). ווינטשעווסקי האָט געוואוסט, אַז יהל"ל איז שוין אַלט 80 יאָר. האָט ער שטאַרק מורא געהאַט: „אַ מאָלע וואָס קען זיך טרעפן, ווען אַ מענטש גייט אַריין אין די 80־קער יאָרן". זיין שמחה איז דערפאַר געווען זייער גרויס, ווען מ'האָט צו אים אין האָטעל אַריין געבראַכט דעם 80־יאָריקן דיכטער און יענער האָט דערקלערט, אַז ער איז טריי געבליבן זיין יוגנט־אידעאַל און סימפּאַטיזירט מיט דער סאָוועטן־מאַכט. די



יהל"ל און ווינטשעווסקי. (קיעוו, דעצעמבער, 1924)

צוויי פּיאָנערן, וואָס האָבן זיך ביידע געקענט פון שרייבן מיט אַ האַלבן יאָרהונדערט צוריק, אַלס בן-נץ און יהל"ל, נאָר זיך קיינמאָל ניט געטראָפן פּנים-אל-פּנים, האָבן זיך איבערגעביטן עראַינערונגען, געגעסן מיטאָג און זיך געלאָזט פאָטאָגראַפירן צוזאַמען.

אין קיעוו, דערציילט ווינטשעווסקי, איז דער עולם געווען פּונקט אַזוי „פריש און געזונט און משוגע" ווי אין אַלע אַנדערע שטעט, וועלכע ער האָט באַזוכט אינם סאָוועטן־פאַרבאַנד. מ'האָט אים געמאַכט פאַר אַן ערנמיטגליד ניט נאָר פון די „זיסע יונגע פּיאָנערן און פּיאָנערקעלאַך", נאָר אויך פון די עלטערע קינדער, די קאָמיוניסטן (קאָמסאָמאָלצעס), פון די אַרבעטער־קאָרעספּאָנ־דענטן און דאָרף־קאָרעספּאָנדענטן (אַרבקאָרן און סעלקאָרן); חוץ דעם אַן ערנשניידער פון דער מלוכה'שער פאַבריק, אַ מאַשיניסט און אַ מיטגליד פון זייער יוניאָן. דערצו האָט די ביבליאָטעק אין קאָמוניסטישן קלוב אָנגענומען זיין נאָמען. זיי האָבן אויך אַרויסגעגעבן אַ ביכל מיט זיין ביבליאָגראַפיע און זיין לעבן.

אין בערדיטשעוו האָט ווינטשעווסקי צווישן אַנדערע באַ־זוכט דעם אידישן געריכט. ער איז געווען אַנטציקט פון די ריכ־טער — פּשוט'ע אידישע אַרבעטער — ביי וועמען, לויט זיין מיי־נונג, די אַמעריקאַנער ריכטער, געשטודירטע אַדוואָקאַטן, מעגן פּעטשערעס הייצן... אין וויניצע, פּאָדאָליע, איז ער באַגייס־טערט געוואָרן פון דאָרטיקן מעטאַל־זאַוואָד, וואו די אַרבעטער זיינען געווען אידן, „באַיבאַקעס איינער אין איינעם, אַז דאָס האַרץ שפּרינגט פון פרייד".

אָדעס, וואו ווינטשעווסקי האָט פאַרבראַכט גאַנצע אַכט טעג, סוף יאָר 1924, האָט אים געגעבן זייער אַ האַרציקן קבלת־פּנים. ער איז דאָרט אויך אויפגענומען געוואָרן מיט גרויס התלהבות פון דער שטודירנדער יוגנט. אַחוץ די פּראָפעסאָרן און שטודענטן פונם אידישן אָפּטייל אין אָדעסער אוניווערזיטעט, זיינען אויך געקומען צו אָט־דער באַגעגעניש אַלע אינטעליגענטע כוחות פון אָדעס. אַזוי ווי אין קיעוו, אַזוי אויך אין אָדעס האָט ווינטשעוו־

סקי זעלטן געהאט א ליידיקע מינוט. ער האט באזוכט אלע גע־זעלשאפטלאכע און קולטורעלע ארגאניזאציעס. און ווי אומעטום, איז ער ארומגערינגלט געוואָרן מיט דער אומבאגרעניצטער ליבע פון דער יונגוואַרג. חבר מ. ציפין, וואָס האט דעמאָלט געוואוינט אין אָדעס, שילדערט אין א בריוו צו דער „פרייהייט" (21טן יאנואר, 1925), ווי אזוי מ׳פלעגט דאָרט אויפנעמען ווינטשעווסקי׳ן אויף א פארזאמלונג.

אלס ביישפּיל נעמט ציפין ווינטשעווסקי׳ס ארויסטריט אין דער אידישער „צענטראלער ארבעטער ביבליאָטעק", וואָס איז געווען איינער פון א גאנצער קייט מיט ווינטשעווסקי׳ס ארויס־טרעטונגען. דער גרויסער זאל איז געפּאקט מיט אידישע ארבעטער און מיט אידישער „לאכנדיקער, קלינגענדיקער, שטיפערישער יוגנט". די יונגע האלטן, אז דער „זיידע" איז זייער גאסט „מער ווי אלעמענס" און זיי פילן און האנדלען ווי אף „זייער שמחה". זיי דערלאנגען אים מתנות: זייערע וואנט־צייטונגען, זיינע פּאָר־טרעטן, וואָס זיי האבן געמאָלן; לידער, וואָס זיי האבן לכבוד אים געשריבן; רויטע פּאטשיילקעס פון די קעפּלאך אראָפּ, רויטע האלזטיכלאך פון די העלזלאך ארונטערגענומען, שטערנדלאך פון די ברוסטן אפּגעשפּיליעט".

די פארזאמלונג עפנט זיך מיט א גוטער זאכלאכער לעקציע וועגן ווינטשעווסקי׳ן און זיין ראָל, און דערנאָך באגריסונגען פון אָרגאניזאציעס. ווען דער זיידע הויבט זיך אויף צו ענטפערן, פליען היטלען אין דער הויך, שיינען פּנימ׳ער, מישן זיך אוים יונגע און אלטע קולות פון פרייד. נאָכדעם קומט א גוטער כאָר פון פּיאָנערן; פריילאכע, קאמפּסלוסטיקע, האפנונגספולע לידער, צווישן זיי א פּאָר זיינע (ווינטשעווסקי׳ס) און דערנאָך קושן און האלזן דעם זיידן...

„ביים זיידן אינם „נומער" — דערציילט מ. ציפין — איז א גאנ־צער „סקלאד" פון רויטע טיכלאך, האלזטיכער, אָפּצייכנס, וואנט־צייטונ־גען, לידער און וואָס ניט? דאָס איז די „קאָנטריבוציע", וואָס ער האט צונויפגעזאמלט אויף דעם לעצטן טור, און ביכלאך. ס׳איז ניטאָ קיין

מלאכה, קיין פּראָפעסיע, קיין קערפּערשאַפט, וואו דער זיידע איז ניט קיין מיטגליד, קיין ערנמיטגליד, ערנמיטגליד פון אומצייליקע פּיאָנערן־אָרגאַניזאַציעס אויף די ערטער, קאָמסאָמאָלסקע, רויט־אַרמייער, שוסטערשע, שמידישע, שניידערשע, סטודענטישע, פּראָפעסאָרישע, וואָס ניט? און פאָטאָגראַפיעס. אַלע ווילן זיך אַרונטערנעמען מיטן זיידן. ער האָט געוואָלט צופאָרן צו מיר, פאַרברייננגען אַביסל. האָט מען אים פון איזוואָזשטשיק אַראָפּגענומען, ווייל מ'דאַרף זיך אַרונטערנעמען אין אַ גרופּע. ווי זאָגט דער זיידע אין שפּאָס: מ'נעמט מיך אַזוי פיל אַרונטער, אַז עס וועט שוין באַלד ניט זיין וואָס אַרונטערנעמען".

די אידישע אַרבעטערשאַפט אינם סאָוועטן־פאַרבאַנד האָט זיך אויך ניט באַנוגענט בלויז מיטן מאַכן דעם זיידן פאַר אַן ערנמיטגליד פון אירע פּראָפעסיאָנעלע, מלוכה'שע, פּאַרטייאישע און קלוטורעלע אָרגאַניזאַציעס. זי האָט אויך פאַרקערפּערט זיין נאָמען דורך אַ גאַנצער ריי קולטורעלע און געזעלשאַפטלאַכע אינסטיטוציעס (שולן, ביבליאָטעקן, קלובן א. אַ. וו.), אידישע לאַנדווירטשאַפטלאַכע קאָלאָניעס, קאָלעקטיוון, שטאָט־גאַסן א. אַ. וו. נאָר די העכסטע אָנערקענונג האָט ער געקראָגן אין סאָוועטן־פאַרבאַנד פון דער רוסלענדישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. זי האָט אים (אין אָקטאָבער, 1924) געגעבן אַ פּאַרטיי־בילעט (נומער 690567), ניט פאַרלאַנגענדיק פון אים אפילו „קיין „טרענספער" פון דער אַמעריקאַנער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, קיין רעקאָמענדאַציע פון רוסלענדער חברים. ער האָט ניט געדאַרפט דורכמאַכן די פאָרמאַליטעט פון אַ „קאַנדידאַט". זיין בעסטע רעקאָמענדאַציע איז געווען „זיין לאַנגיאָריקע טעטיקייט פאַר דער רעוואָלוציאָנערער דערוואַכונג פון די אידישע אַרבעטער־מאַסן". קומענדיק צוריק אין אַמעריקע, האָט ער טאַקע דערקלערט: „אַט־דאָס איז מיין גרעסטער שטאָלץ". ער לאָזט עס ניט גערן אַרויס פון די הענט, און ביי זיין קבלת־פּנים אין ניו יאָרק האָט ער עס געוויזן פאַרן עולם, אַלס די העכסטע אויסצייכענונג, וואָס ער האָט געקראָגן אין זיין לעבן. ער האָט אויך דערמיט אָנגעהויבן אין יאַנואַר, 1927, זיין געפּלאַנטע נייע סעריע עראינערונגען.*)

*) דאָרט, באַנד 10, ז' 233—235.



דער „זיידע" און זיינע „אייניקלאך"—לענינסטישע פּיאָנערן
(באָברויסק, 1924)

ווינטשעווסקי'ס העכסטער און „איינציקער פאַרלאַנג“ איז מקוים געוואָרן שענער ווי ער האָט זיך פאָרגעשטעלט. ער האָט באַגריסט „דעם טאָג, וואָס ווערט געבאָרן“ און האָט געזען אויפן וואָר דאָס, פון וואָס ער האָט פופציק יאָר גע'חלומ'ט. ער איז געווען אַ מיטגליד פון די יונגינקע פּיאָנערן פון צוקונפטיקע דורות. דער העלד פון זיין צוקונפט־בילד „אויף אונזערע קברים“, *) געמאָלן מיט אַ דור צוריק (אין 1891). ער האָט דאָרט געשילדערט די נאָכן זיג פון דער רעוואָלוציע.

„דאָן וועט זיצן אַמאָל אין אַ ליבלאַכן קרייז
פון צופרידענע קינדער, געבאָרן אין פריידן,
אַ געלערנטער מאַן, אַן ערפאַרענער גרייז,
וועלכער וועט זיי דערציילן פון אונזערע ליידן“.
„ווי עס האָבן געראַנגעלט זיך אייניק די הענט
מיט דעם קאַפּיטאַליסטישן שרעקלאַכן מאַגן
און צו מאַכן פון רויב און באַדריקונג אַן ענד,
וואָס זיי האָבן געטאָן און אַריבערגעטראָגן“.
„און די גליקלאַכע קינדער, פאַרזאַמלט אין קרייז,
— — — — — — — — — — — — — — —
וועלן דריקן די הענט דעם געאַכטעטן גרייז“.

נאָר ווי ליב ווינטשעווסקי'ן איז געווען דאָס נייע לעבן אינעם סאָוועטן־פאַרבאַנד און ווי גליקלאַך ער איז געווען צו זען פאַרווירקלאַכט זיין שענסטן חלום, האָט ער דאָך שטאַרק געביינקט ווידער צו זען זיין קליינע פאַמיליע אין ניו יאָרק. ס'האָט זיך אים אויך שטאַרק געוואָלט טיילן זיין פרייד און גליק מיט זיינע אַמעריקאַנער אייניקלאַך. דערביי האָט ער איבערגעשעצט זיינע כוחות. ער האָט געגלויבט, אַז ער וועט זיין בכוח צו באַרייזן די גאַנצע פאַראייניקטע שטאַטן און קאַנאַדע און אומעטום דערציילן פון דעם וואונדערבאַרן בנין, וואָס בויט זיך אויף אַ זעקסטל פון דער ערד. נאָכדעם וועט ער זיך אומקערן צוריק אהיים, צו דער

*) דאָרט, באַנד 2, ז' 115—116.

ארבעטער און פויערים רעגירונג. ער האט אויך געהאט גרויסע פלענער, אויף וועלכן אויפן זיך צו באטייליקן אין דער בוי־ ארבעט און ניט מער פארברייינגען אלס א גאסט, ווי פריער. איז ווינטשעווסקי אינם פרילינג, 1925, אפגעפארן פונם סאוועטן־ פארבאנד נאך אמעריקע.

## .25

## ווידערקום אין אמעריקע

קבלת־פנים. — גרוס פונם סאוועטן־פארבאנד. — אינטערוויו. — פארזיכער־פאנד. — 70־יאריקער יובילוי. — לעצטער עפנט־ לאכער אויפטריט. — די קעגנער. — „דעם זיידנ׳ס ווינקל“. — קראנקהייט. — 72טער געבורטסטאג.

ווינטשעווסקי׳ס טריאומף־צוג איבערן רעוואלוציאנערן לאנד האט ארויסגערופן גרויס פרייד אינם רעוואלוציאנערן לאגער אין אמעריקע. מיט זיין כבוד האבן זיך געפילט געערט אלע זיינע אמעריקאנער חברים און מיטקעמפער אין דער קאמוניסטישער פארטיי און אין דער לינקער באוועגונג בכלל. דאס האט די בא־ וועגונג ארויסגעוויזן, ווען ער איז צוריקגעקומען אין אמעריקע, דעם 15טן מאי, 1925.

באגריסנדיק דעם זיידנ׳ס ווידערקום אין אמעריקע, האט די „פרייהייט“ אין א לייט־ארטיקל: „דער זיידע ווינטשעווסקי צוריק מיט אונז“ (מאי 16) דערקלערט, אז די „איינלאדונג פון דער ערשטער ארבעטער רעפובליק אין דער וועלט צום עלטסטן אידישן ארבעטער־דיכטער און וועטעראן פון דער אידישער רעוואלוציאנע־ רער ארבעטער־באוועגונג איז דער גרעסטער כבוד פאר דעם גאנצן אידישן ארבעטער־קלאס“.

די פארשידענע שונאים פון סאוועטן־פארבאנד האבן געזוכט אויסצוטייטשן דעם זיידנ׳ס צוריקקער אלס טאדל צו איר הער־ שאפט. נאר די רעוואלוציאנערע אידישע ארבעטערשאפט האט

בעסער געוואוסט, און אים אָנגעהויבן גרייטן אַ גראַנדיעזן קבלת־פּנים. און ניט קוקנדיק אויף דער מורא'דיקער היץ, וואָס האָט יענעם טאָג (דינסטיק, דעם 2טן יוני, 1925) געהערשט אין ניו יאָרק, זיינען „העכער פון דרייסיק הונדערט מענטשן" געקומען צו זיין קבלת־פּנים, אין סענטראַל אָפּערא־הויז, און אים אויפגענומען „מיט אומבאַשרייבלאַכער באַגייסטערונג און אָוואַציעס".

נאָך די באַגריסונגען פון אַ גאַנצער ריי אָרגאַניזאַציעס האָט ווינטשעווסקי געשילדערט די לאַגע אינם סאָוועטן־פאַרבאַנד. אויסגעמאַטערט פון וועג און פון די גרויסע היצן, האָט ער גערעדט מיט אַ שוואַכן קול, נאָר מיט שטאַרקער באַגייסטערונג. ער האָט דערקלערט, אַז די אַרבעטער און פּויערים רעגירונג געפינט זיך אין זיכערע הענט און „דאָס ערשטע מאָל" אין זיין לעבן האָט ער „געזען און געפילט ווי די אַרבעטער בכלל און די אידישע אַרבעטער בפרט לעבן פריי און צופרידן אין סאָוועטן־פאַרבאַנד, ווייל זיי זיינען באַפרייט געוואָרן פון פאַבריקאַנטן, פּאָגראָמשטשיקעס און שווינדלער". ווינטשעווסקי האָט אויך דערציילט, ווי אַזוי די סאָוועטן־רעגירונג „העלפט די אידישע מאַסן צו באַפרייען זיך פון זייערע שטעקל־דרייערישע פּרנסות און גיט זיי די מעגלאַכקייט צו קאָלאָניזירן זיך". צולעצט האָט ער אויסגעשריען:

„פאַר מיר איז ניט וויכטיק צו לעבן לאַנג. עס איז אָבער וויכטיק ווי אַזוי מען לעבט. און דאָס האַרץ ווערט אָנגעפילט מיט פרייד, ווען מען זעט, ווי די אַרבעטנדיקע מאַסן פון סאָוועטן־פאַרבאַנד האָבן אויסגעקערט מיטן בעזים דאָס אַלטע און פאַרשימלטע לעבן און שאַפן אַ ניי לעבן".

אַ פּאָר וואָכן שפּעטער האָט אים אויך געגעבן אַן אַנטוזיאַסטישן קבלת־פּנים די אַמעריקאַנער קאָמוניסטישע יוגנט (י. וו. ל.), וואָס האָט אים אויפגענומען אַלס ערנמיטגליד. ער האָט דערביי איר אָפּגעגעבן אַ גרוס פונם לעצטן צוזאַמענפאָר פון די קאָמיוניסטן (קאָמסאָמאָלצעם). ער האָט געמאָלן בילדער פון זיינע באַגעגענישן מיט דער סאָוועטישער יוגנט. ער האָט אויך פאָרגעשלאָגן,

אַז די אַמעריקאַנער יונגע קאָמוניסטן זאָלן, אַזוי ווי זייערע חברים אין סאָוועטן־פאַרבאַנד, זיך אָנרופן לעניניסטישע.

אַ קבלת־פּנים פאַר ווינטשעווסקי'ן האָט אויך איינגעאָרדענט דער י. ל. פּרץ שרייבער־פאַראיין, וועמעס קאַסירער ווינטשעווסקי איז געווען פאַר זיין אָפּפאָר אינם סאָוועטן־פאַרבאַנד. *)

***

גענויער און אויספירלאַכער ווי אין זיינע רעדעס אויף די צוויי קבלת־פּנים'ס האָט ווינטשעווסקי געשילדערט אין אַן אונטעררעדונג מיט שכנא עפּשטיין פאַר דער „פרייהייט" (30טן מאַי, 1925). ער האָט דערציילט אַ סך עפּיזאָדן פון זיין רייזע איבערן סאָוועטן־פאַרבאַנד. ס'פאַרשטייט זיך, אַז דער זיידע, וועמעס כלל איז „קינדער איבער אַלעס", איז באַזונדער אַנטציקט פון די „טייערע קינדערלאַך", די „פּיאָנערלאַך", נאָך וועלכע ס'בייִנקט זיך אים אַזוי שטאַרק. זייערע „רויטע טיכעלאַך", מיט די אויסגענייטע גילדערנע אידישע אותיות: „אַ מתנה דעם ליבן זיידן" פון דער אָדער יענער קינדער־היים, אָדער קינדער־אָרגאַניזאַציע זיינען אים „טייערער ווי אַלץ". נאָר ער איז אויך שטאַרק באַגייסטערט פון די דערוואַקסענע פון דער סאָוועטן־רעגירונג בכלל און פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי בפרט.

„ניטאָ און ניט געווען אַזאַ פּאַרטיי, — זאָגט ער, — וואָס זאָל זיין אַזוי באַליבט ביי די פאָלקס־מאַסן, אפילו ביי די אומפּאַרטייאישע"— —

„ס'איז דעם אַרבעטער'ס, דעם פּויער'ס רעגירונג, הלואי שוין אויף אונז געזאָגט געוואָרן אַזאַ רעגירונג, וואָס זאָל אַזוי דערפילן דעם ווילן פון דעם פאָלק".

---

*) ווינטשעווסקי איז אויך געווען פּרעזידענט פון „אידישן ליטעראַרישן קלוב" (1912). ער האָט דעמאָלט אויך מיטגעשפּילט אין פּינסקי'ס קאָמעדיע „דער אוצר", וואָס דער קלוב האָט אויפגעפירט. (ער האָט גענומען די ראָל פונם צווייטן בקור־חולים'ניק. ער האָט פאַרגעסן, דערציילט ער, זיין פּראָזע, האָט ער עפּעס סתם אַזוי „געבורבעלט", דאָך האָט די קריטיק געלויבט זיין שפּילן...)

ער האָט אויסגעלאַכט די באָבע־מעשות, אַז די באָלשעוויקעס פאַרפאָלגן די אָנהייגער פון די פאַרשידענע אמונות און זיינען אומטאָלעראַנט צו די „אַזוי־גערופענע סאָציאַליסטן". וועגן די לעצטע האָט ער אָנגעוויזן, אַז לעוו דייטש, פּלעכאַנאָוו'ס פרוי, ספּירידאָנאָווא, וועמען מ'האָט שוין אין אמעריקע 80 טויזנט מאָל אויפגעהאַנגען און דערשאָסן אינם נאָמען פון די באָלשעוויקעס, זיינען אויף פּענסיע ביי דער רעגירונג, און „וואָס עס פעלט זיי", דערקלערט ער, „הלוואי אויף אַלע אמעריקאַנער אַרבעטער גע־זאָגט געוואָרן".

ווינטשעווסקי האָט אונטערגעשטראָכן, אַז „פאַר קריטיקירן, פּלאַפּלען, אפילו טרייבן רכילות אַף די באָלשעוויקעס באַשטראָפט מען ניט: מען באַשטראָפט פאַר גאַנץ דירעקטע קאָנטער־רעוואָלו־ציאָנערע מעשים, און די אַזוי־גערופענע סאָציאַליסטן, וואָס זיינען אין די טורמעס, פאַרדינען כשר זייער שטראָף; נאַטירלאַך, זיינען אַ פּשוט'ער בלאָף די אַלע מעשיות, אַז מען פייניקט די דאָזיקע סאָציאַליסטן, אַז מען איזדעקעוועט זיך איבער זיי".

מיט באַזונדער באַגייסטערונג האָט ווינטשעווסקי גערעדט פון דער רויטער אַרמיי. „סאָלדאַטן", זאָגט ער, „זיינען עס, וואָס זייער פּראָפעסיע אין אויסצו'הרג'ענען מענטשן? שקר וכזב! דאָס זיינען די גרעסטע מענטשנפריינט, די איבערגעבנסטע קעמפער פאַר פרייהייט, אידעאַליסטן פון העכסטן גראַד". די בילדער, אויף וועלכע ער איז פאָטאָגראַפירט צוזאַמען מיט די רויט־אַר־מייער, זיינען אים טאַקע ביז היינטיקן טאָג ליב און טייער.

גאָר אַ שטאַרקען רושם האָט אויף ווינטשעווסקי'ן געמאַכט דער אופן, ווי אַזוי ס'בויט זיך אַ נייַ אידיש לעבן אינם סאָוועטן־פאַרבאַנד און די גרויסע ראָל, וואָס די יעווסעקן שפּילן אין אָט־דער בוי־אַרבעט. —

„מיין קליינטשינקע שוואַכקייט צום ציוניזם" — האָט ווינטשעוו־סקי דערקלערט — „האָט זיך אַזוי אויסגעוועבט, אַז עס איז קיין שפּור ניט געבליבן. — — — דער אמת'ער ארץ־ישראל איז פאַר אידן בלויז אין סאָוועטן־פאַרבאַנד. די אידישע בורזשוקעס בורטשען, שפּייען

מיט גאל; אידן האָבן געליטן, שטאַרק געליטן. און ווער האָט ניט געליטן? געוויס, די אידן מער, ווייל זיי זיינען באַשטאַנען פון מנחם־מענדעלס, פון ווינט־מענטשעלאַך, — — — בורזשוקעס. די סאָוועט־רעגירונג מענטשעלט אָבער אויס די מנחם מענדעלס, מאַכט זיי פאַר פּראָדוקטיווע בירגער, און מען קען זיך דאָ גאָר ניט פאָרשטעלן, וואָס עס באַדייט די איצטיקע מאַסן־קאָלאָניזאַציע אין דער סאָוועטן־רעפּובליק. דאָס איז דער גרעסטער נס אין דער אידישער געשיכטע, אמת'ע משיח־צייטן. — — — גראָד די געוועזענע מנחם מענדעלס, וואָס האָבן אַם מערסטן געליטן צוליב די זינד פון די בורזשוקעס אין די אַלטע צייטן, זעען דאָס איין, האָבן זיי אַזוי פיל צוטרוי צו דער סאָוועט־רעגירונג. און ווי זאָלן זיי ניט האָבן קיין צוטרוי? ערד גיט מען זיי, עפּעס צו ערד אויך, לויט די כוחות, אידישע שולן, אידישע קינדער־היימען, אידישע אוניווערזיטעטן. — — — אַלץ אויפן חשבון פון דער מלוכה, וויפיל עס פאָדערט זיך נאָר, אפילו אידישע געריכטן".

וועגן זיין אייגענער פּערזענלעכקייט און שוואַכקייט האָט ווינטשעווסקי באַמערקט, אַז דאָס איז ניט פון זיינע 69 יאָר, נאָר —

„אַזוי פיל איינדרוקן, אַזוי אָנגעשטרענגט די נערוון. אומעטום דאַרף מען זיין, אַלץ הערן. שמחות, פּאַראַדן, אָן אַ שיעור. אויף אינגיכן ווירקט אויך אַזאַ אינטענסיווע ברויזיק לעבן. דערפאַר איז דער גייסט אינגער געוואָרן".

ווינטשעווסקי האָט פאַרענדיקט זיין אונטעררעדונג מיטן פּאַראַויסזאָג, אַז אין פופציק יאָר אַרום וועט דער סאָוועטן־פאַרבאַנד זיין דאָס וואונדערבאַרסטע לאַנד, דער מוסטער פאַר אַלע לענדער, און אומעטום וועלן שוין דאַן זיין סאָוועטן־רעפּובליקן...

***

די אידישע אַרבעטערשאַפט אין אַמעריקע האָט ניט געקענט אויפנעמען איר זיידן דורך מלוכה־פאַרשטייער און מיט רויט־אַרמייאישע פּאַראַדן, ווי דאָס איז געווען אינם לאַנד פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע. נאָר דערפאַר האָבן זיינע פאַרשקלאַפּ־

טע אייניקלאַך אין אַמעריקע אים אויפגענומען מיט אַזאַ באַגייסטערונג און התלהבות ווי זייערע שוועסטער־קינדער אינם רויטן לאַנד. ליידער האָט ווינטשעווסקי ניט געקענט פאַרווירקלאַכן דעם פּלאַן פון דער אידישער סעקציע וו. פּ. דורכצורייזן דאָס לאַנד און אָפּגעבן אַ מינדלאַכן גרוס פונם סאָוועטן־פאַרבאַנד זיינע אייניקלאַך אין יעדער שטאָט. ער איז אפילו געווען צו שוואַך איבערצוגעבן זיינע איינדרוקן שריפטלאַך, אין דער „פרייהייט“, ווי זיינע חברים האָבן געוואונטשן. פון דער אַנדערער זייט האָט ער צוליב זיין שוואַכן געזונט, ווי אויך מחמת ריין פאַמיליע־אַנגעלעגנהייטן, אויך ניט געקענט דורכפירן זיין וואונטש זיך צוריקצוקערן אינם סאָוועט־פאַרבאַנד און דאָרט פאַרבלייבן.

ווינטשעווסקי'ס מאַטעריעלע לאַגע איז דערווייל געוואָרן אַלץ ערגער. נאָר די קאָמוניסטישע באַוועגונג איז געווען אָרים און פאַרוויקלט אין אַ שאַרפן קאַמף קעגן די פאַראייניקטע כוחות פון יוניאָן־ביוראָקראַטיע און געלע סאָציאַליסטן. איז זי ניט געווען אימשטאַנד צו שאַפן אַ פאָנד פאַר דעם וועטעראַן פון דער אידישער רעוואָלוציאָנערער אַרבעטער־באַוועגונג. האָבן עס אונטערגענומען „אַ פּאָר אַלטע פריינט זיינע, וועלכע האָבן זיך געווענדט צו דער אַרבעטערשאַפט, זי זאָל קויפן זיינע דריי בענד „שריפטן“ (1920), כדי דורכדעם שאַפן פאַר אים אַ פאָנד. נאָר אַזוי ווי די פריינט זיינען געווען פונם רעכטן לאַגער, האָט מען געזוכט „אויסצונוצן זיין שווערע לאַגע צו שלאָגן פּאָליטישן קאַפּיטאַל קעגן דער באַוועגונג, וואָס איז אים ליב און טייער“. דאָך האָט די ביוראָ פון דער אידישער סעקציע וו. פּ. „אַרויסגעשיקט אַ בריוו צו אַלע אידישע בראַנטשעס, זיי זאָלן זיך אַריינוואַרפן אין דער אַרבעט פאַרן פאָנד“. די ביוראָ האָט אויך „אַפּעלירט צו אַלע אידישע אַרבעטער, צו זען, אַז דער פאָנד זאָל פאַרזיכערן דעם זיידן פון דער אידישער אַרבעטער־באַוועגונג אַ בכבוד'יקע מאַטעריעלע עקזיסטענץ“ („פרייהייט“, 20טן נאָוועמבער, 1925).

⁂

ווי אלע זיינע יובילייען, איז אויך דער 70־יאָריקער יובילײ פון מאָריס ווינטשעװסקי ניט געפּייערט געוואָן אינם באַשטימטן טאָג (דעם 9טן אויגוסט, 1926). צוליב די זומער־היצן האָט מען עס אָפּגעלייגט אויף ווינטער. נאָר שריפטלאַך האָט מען אים אָנגעהויבן פּייערן ערב דעם 9טן אויגוסט. די „פרייהייט" (8טן אויגוסט) און דער „האמער" (אויגוסט און אָקטאָבער) האָבן פאַר־עפנטלאַכט אָפּהאַנדלונגען איבער ווינטשעװסקי'ס לעבן און שאַפן און אויך איבערגעדרוקט זיינע לידער פון אַמאָל: אַ פראַגמענט פון „דאָס געשפּענסט" און „די צוקונפט". דער „טאָג" (5טן סעפּטעמבער) האָט געהאַט אַ קריטישע אָפּשאַצונג פון ש. ניגער; די סעפּטעמבער־נומערן „צוקונפט" און „פריינד"— פון א. ר. מלאכי און א. ליטוואַק. די אָרטאָדאָקסישע און ציוניס־טישע פּרעסע (מיטן אויסנאַם פון העברעאישן „הדואר", וואָס האָט אַ באַזונדער ליבע פאַרן אַמאָליקן רעדאַקטאָר פונם „אספת־חכמים") האָבן פאַרשוויגן אָדער אָפּגעפּטר'ט מיט אַ פּאָר שורות דעם 70־יאָריקן יובילײ פון דעם, וואָס איז געווען לכל־הדעות איינער פון די ערשטע בויער פון אַ אידישער פּרעסע און ליטעראַ־טור אין די ענגליש־רעדנדיקע לענדער.

סוף יאָר 1926 האָט זיך אָרגאַניזירט אַ יובילײ־קאָמיטעט צו פּייערן ווינטשעװסקי'ס 70־יאָריקן געבורטסטאָג. אינם קאָמיטעט זיינען אריין, ווי די „פרייהייט" האָט געמאָלדן, „די וויכטיקסטע פאַרטרעטער פון דער אידישער ליטעראַטור, די וויכטיקסטע קינסט־לער פון אידישן טעאַטער, די וויכטיקסטע קולטור און געזעל־שאַפטלאַכע טוער, סײ אין אַמעריקע און סײ אין אויסלאַנד". די „פרייהייט" האָט אויך געמאָלדן, אַז ס'איז באַשטימט געוואָרן ארויסצוגעבן דעם ריידן ווינטשעװסקי'ס געזאַמלטע ווערק און דער רעדאַקטיר־קאָמיטעט, וואָס באַשטייט פון די צוויי עפּשטיינס און מרמר, האָט באַשטימט דעם לעצטן פאַרן רעדאַקטאָר פון דער אויסגאַבע. צוויי בענד, 2 און 4, זיינען שוין געווען פאַרטיק צום יובילײ־יום־טוב אין ניו יאָרק, דעם 13טן פעברואַר, 1927.

פון די פילע יובילײ־פּייערונגען, וואָס דער זיידע האָט אויף

זיין לעבן דורכגעמאַכט, איז זיין 70־יאָריקער יובּילײ געווען אָן ספק דער אימפּאָזאַנטסטער. אין ניו יאָרק איז דער יום־טוב פאַר־געקומען אינם גרויסן מעקאַ־טעמפּל, באַגלייט פון אַ קאָנצערט פון ערשט־קלאַסיקער מוזיק. ס'האָבן דעם זיידן באַגריסט: אָלגין, מרמר, ניגער, מ. עפּשטיין און רייזען. פאָרזיצער איז געווען ש. עפּשטיין. וואַרדי און יאָעליט האָבן פאָרגעלייענט און דעקלאַמירט פון זיידנ'ס שריפטן.

ווען ווינטשעווסקי איז פאַרגעשטעלט געוואָרן צו געבן זיין וואָרט, האָט אים דער אינטעליגענטער אַרבעטער עולם אויפגענו־מען מיט אַזאַ יראת־הרוממות, מיט אַזאַ ערפורכט, ווי קיינער האָט עס נאָך דאָ, אין דער נייער וועלט, דערצו ניט זוכה געווען. ס'האָט אויסגעזען, ווי דער גאַנצער עולם וואָלט דערפילט, אַז ס'לעבט דורך אַ גרויסע היסטאָרישע געשעעניש, ס'וואָוינט ביי דעם לעצטן אויפטריט פונם לעצטן וועטעראַן פון דער פּיאָנערן־עפּאָכע פונם קלאַסנקאַמף ביי אידן. אין זיין ווייסן קאָפּ האָט מען געזען די לעבעדיקע בריק, וואָס פאַראייניקט די דורות—די אַלטע מאַרקסיסטישע זיידעס פון די זיבעציקער יאָרן פונם נײַנ־צענטן יאָרהונדערט מיט די יונגע לענינסטישע אייניקלאַך פונם דריטן צענדליק אינם צוואַנציקסטן יאָרהונדערט.

מיט אַ הייליקן אַנטציקן האָבן די פאַרזאַמלטע טויזנטער געהאָרכט צום זיידנ'ס וואָרט. נאָר שוואַך איז געווען זיין שטים און ניט געקענט דערגרייכן ווייט אינם גרויסן טעמפּל. דאָך פּלוצ־לונג האָט אויפגעבליצט אין זיינע אויגן אַ יונגטלאַכער גלאַנץ, און דער אַלטער, שוואַכער מאַן האָט אויסגערופן הויך, מיט אַ שטים, וואָס האָט עלעקטריזירט זיינע פּראָלעטאַרישע צוהערער:

— „ווער ס'איז קעגן סאָוועט־רוסלאַנד, דער איז מיין שונא!"

דער איינדרוק פון אָט־די ווערטער איז געווען זייער שטאַרק.

ס'האָט זיך געפילט, אַז דאָס האָט זיך אַרויסגעריסן ביים אַלטן קעמפּער זיין טיפער פּראָטעסט קעגן די ביייזוויליקע שונאים, וואָס טייטשן אויס זיין שווייגן, מחמת קראַנקהייט, כדי צו פאַר־לוימדן אַלץ, וואָס איז ביי אים הייליק און טייער. האָבן די איי־



ווינטשעווסקי צו זיין 70־יאָריקן יובּילעי
געצייכנט פון יעפים ה. שערמאַן

גיקלאַך געמאַכט דעם זיידן אַזאַ אָוואַציע, אַט ווי אַ באַגייסטער־טע יוגנט איז דערצו בכח.

לכבוד דעם יובילײ־יום־טוב אין ניו יאָרק האָט די „פריי־הייט" אָפּגעגעבן דעם יובילאַר כמעט דעם גאַנצן נומער פון יע־נעם טאָג (13טן פעברואַר, 1927). א חוץ אַ וואַרימען לייט־אַרטיקל זיינען דאָרט אויך געווען ווען אים אַרטיקלען פון אברהם רייזען, שכנא עפּשטיין און קלמן מרמר, און אַ באַלאַדע „דריי וואַנדערער"—אַ מתנה דעם זיידן פון מאַני לייב. „איך", דערציילט דאָרט איינער פון די וואַנדערער, בין „אין מיין לאַנד פון קייטן" — „פריי געגאַנגען ליבע צו פאַרשפּרייטן. —

האָט פון לאַנד פאַרטריבן מיך דער בייזער פיינט...
און דער גאַנצער הימל אויף זיין פּנים שיינט.
— האָסט שוין אַלץ געפונען אויף דער גאָרער ערד...
שמייכלען שטיל די וואַנדערער, גלעטן זיך די בערד".

די „פרייהייט" האָט אחוץ ווינטשעווסקי'ס בילד אויך פאַר־עפנטלאַכט אַ שאַרזש, וואָס שטעלט פאָר צוויי ווינטשעווסקיס, דעם זיבעצן־יאָריקן און דעם זיבעציק־יאָריקן, און דער יונגער בחורל באַגריסט דעם אַלטן מאַן מיט די ווערטער: „האָסט ניט פאַרשעמט מיין יוגנט!"...

גלייכצייטיק, פריער און שפּעטער ווי אין ניו יאָרק, איז אויך געפייערט געוואָרן ווינטשעווסקי'ס 70־יאָריקער יובילײ אין אַלע אַנדערע ערטער, וואו ס'געפינען זיך רעוואָלוציאָנערע אידישע אַר־בעטער. די אידישע אַרבעטער־פּרעסע פון אַלע לענדער האָט פאַר־עפנטלאַכט אַרטיקלען און באַגריסונגען לכבוד דעם 70־יאָריקן געבורטסטאָג פון אָט־דעם אַרבעטער־דיכטער און קלאַסנקעמפער.

אין אַמעריקע זיינען אויסער די אָרטיקע באַגריסער (צווישן זיי אויך דר. חיים ספּיוואַק) אָפּט אויך אַראָפּגעבראַכט געוואָרן די חברים, וואָס האָבן אים באַגריסט אין ניו יאָרק. אין דער נייער וועלט, אין די פאַראייניקטע שטאַטן און קאַנאַדע, אין אַרגענטינע און בראַזיל, אין מעקסיקאָ און קובאַ האָבן אַרבעטער געזוכט צו פאַרקערפּערן זיין נאָמען אין קולטורעלע און געזעל־

שאַפּטלאַכע אינסטיטוציעס: שולן, ביבליאָטעקן, אונטערשטיצונגס־פאַראייגען, קולטור־קלובן א. ד. גל.

מיט באַזונדער ליבע האָבן געפייערט דעם זיידנ׳ס 70־יאָריקן יובילײ די שול־קינדער. דער גרעסטער קינדער־ליבהאָבער האָט אַ מעכטיקע פעסטונג אין די שולן, וואו קינדער ווערן דערצויגן אין דער שפּראַך, אויף וועלכער ער האָט געשאַפן.

אָט־די אַלע יובילייען זיינען מערסטנטעם פאַרשוויגן געוואָרן אין דער אידישער באַלעבאַטישער פּרעסע. זי האָט זיין יובילײ „באַוואוסטזיניק איגנאָרירט. יאָ, דער 70־יאָריקער יובילייאום פון ווינטשעווסקי׳ן, וואָס איז געפייערט געוואָרן אין מעקאַ־טעמפּל, איז איגנאָרירט געוואָרן פון אַלע ניו יאָרקער אידישע צייטונגען, אויסער דער „פרייהייט". *) ס׳זיינען אויך געווען פאַלן פון אָפענער שנאה. **) די באַלעבאַטישע וועלט קאָן, נאַטירלאַך,

*) ב. סמאָליאַר אין זיין קאָרעספּאָנדענץ פון יענער וואָך צו דער יט"א.

**) אין דער „פרייהייט" פון יענער צייט זיינען פאַרעפנטלאַכט פּראָטעסטן קעגן די רעכטע, וואָס שטערן ווינטשעווסקי׳ס יובילײ־פייערונגען און דעם פאַרקויף פון זיינע ווערק. אַזוי געפינען מיר אין דער „פרייהייט" אַ פּראָטעסט־בריוו פון ניו־בראַנזוויקער „קולטור־קלוב" קעגן די רעכטע אַרבעטער ריגג פירער, די פאַרוואַלטער פונם דאָרטיקן לייבאָר־לייסעאום (אַרבעטער־טעמפּל), וואָס האָבן זיך אָפּגעזאָגט פון צו פאַרדינגען דעם זאַל פאַר דער פייערונג פון מאָרים ווינטשעווסקי׳ס זיבעציק־יאָריקן יובילײ. אַנדערע פּראָטעסט־בריוו דערציילן, ווי אַזוי „דאָס רעכטע געזינדל" האָט ניט דערלאָזן, אַז דער אָדער יענער „ברענטש" (צווייג) פון אַרבעטער ריגג „זאָל קויפן ווינטשעווסקי׳ס ווערק". איין בריוו אַזאַ („פרייהייט", 13טן פעברואַר, 1927) רעכנט אויס, ווער זיינען געווען די, וואָס האָבן געקעמפט קעגן ערן ווינטשעווסקי׳ן. דאָס זיינען געווען אַ רייכער בוי־אונטערנעמער, אַ לענדלאָרד, אַ קליידער פאַבריקאַנט א. ד. ג. פּערזאָנען, צו וועלכע ווינטשעווסקי האָט געהייסן די אַרבעטער באַנוצן „אַ בעזים און אַ קערן"...

ניט פילן דעם טעם אין זיינע קאמפאָזיציעס, וואס עס פילט דערביי די ארבעטערשאפט, וועלכע איז אונטער זייערע טענער געגאנגען אינם שלאכט און אין זייערע ווערטער געפונען טרייסט און האָפענונג, ווען זי איז א ווייל באזיגט געוואָרן. נאָר דער באַלעבאטישער „באוואוסטזיניק איגנאָרירן" און דעם רעכטנס רשעות האָבן נאָך שארפער און בולט'ער ווי אלע יובליי־רעדעס אונטערגעשטראָכן ווינטשעווסקי'ס אָנגעהעריקייט צום רעוואָלוציאָנערן טייל פון דעם ארבעטער־קלאס. איז ווינטשעווסקי'ס 70־יאָריקער יובליי, אזוי ווי זיינע אלע פריערדיקע יובלייען, געווען בלויז א פראָלעטארישער, נאָר דערפאר אָן אלוועלטלאכער, אומעטום, וואו ס'קלינגט די שפראך, אין וועלכער ער האָט גערופן די מאסן אין די גאסן.

***

אָנהויב יאָר 1927 האָט ווינטשעווסקי זיך דערפילט געזונט שטארק ווידער צו נעמען זיין פעדער אין האנט. ס'איז געבליבן, אז ער זאָל עס אויסנוצן צו שרייבן זיינע עראינערונגען, פון וועלכע ער פארמאָגט אן אוצר, וואס האָט ניט קיין גלייכן אין דער אידישער ארבעטער־באוועגונג און אין דער אידישער ליטעראטור. ער האָט אָנגעהויבן פון זיין אָנקום אין אמעריקע, אין 1894, און געפּלאנט צו פארענדיקן מיט זיין באזוך אינם סאָוועטן־פארב[illegible]נד, אין 1924—1925. מ'האָט אים אויף דעם אָפּגעגעבן א באזונדער אָפּטייל — „דעם זיידנס ווינקל" — וואס איז באלד געוואָרן זייער באליבט. ליידער האָט א קראנקהייט ווידער ארויסגעריסן די פעדער פון זיין האנט. די קראנקהייט האָט אים אויך ניט געלאָזן מיטהעלפן אין צוזאמענשטעלן און רעדאקטירן זיינע „געזאמלטע ווערק". ס'איז אים אפילו שווער געווען אויפצוזוכן די וויכטיקע מאטעריאלן, וואס ער האָט יאָרנלאנג געזאמלט. דערפאר האָט זיך אויך אזוי לאנג פארצויגן דאס צוזאמענשטעלן פון זיינע צען בענד, וואס זיינען פארטיק געוואָרן ערשט איצט, אָנהויב אָקטאָבער 1928.

די קראנקהייט—א פאראליז—איז געקומען פּלוצלונג. דאס

איז געווען אַ פּאָר טאָג נאָך דער פייערונג פון ווינטשעווסקי׳ס זיבעציק־יאָריקן יובילײ, אין מעקאַ טעמפּל. ער האָט געהאַט אײַנגעלאַדן אַ גרופּע נאָענטע חברים צו פאַרברענגען מיט אים אַן אינטימען אָוונט. נאָר נאָך אײדער מיר זײַנען צו אים צוגע־פאָרן האָט דער זײדע פּלוצלונג דערפילט, אַז ער קען זיך ניט אױפהײבן פון זײַן שטול, כאָטש ער האָט ניט געפילט אין ערגעץ קײן װײטאָג. דער הויז־דאָקטאָר האָט גלײַך געהײסן אים אַרײַנ־לײגן אין בעט און באַשטעלט אויף מאָרגן אַ ספּעציאַליסט.

מיר האָבן אים געטרײסט, אַז דאָס איז אפשר בלויז אַ לונק און ס׳וועט באַלד איבערגײן. נאָר ווינטשעווסקי האָט מיט אַ טרויעריקן שמײכל באַמערקט, אַז דער פאַקט, וואָס ער פילט ניט קײן פּײן, איז פאַר אים אַ צײכן, אַז דאָס איז אַ רוף פון „יענער זײט“....

אויף מאָרגן איז דער פּאַראַליז געוואָרן ערגער. ווינטשעווסקי האָט מער ניט געקענט באַוועגן מיט קײן גליד. אים איז אויך גע־וואָרן זײער שווער צו רעדן. פון גרוים אויפרעגונג איז אויך קראַנק געוואָרן זײַן פרוי, און זײער הײם האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ שפּיטאָל. נאָר כאָטש זײַן קראַנקהײט איז געווען אַ האַרט־נעקיקע, איז דאָך פאָרגעקומען אַ לאַנגזאַמע בעסערונג.

די ערשטע צװײ בענד פון זײַנע „געזאַמלטע ווערק“ האָט ווינטשעווסקי געבלעטערט ליגענדיק אין בעט. נאָר ער האָט שוין געקענט מיר מאַכן באַמערקונגען און דערצײלן אַלערלײ עפּיזאָדן און אַנעקדאָטן פון זײַן לעבן. אַ פּאָר חדשים שפּעטער האָט ער שוין אויך געקענט ווידער באַוועגן זײַנע פיס און אפילו אַרונטערגײן פון בעט. אײן אָוונט, ווען אַלע אין הויז, כדי אונז ניט צו שטערן, זײַנען געזעסן אין עס־צימער, זאָגט ווינטשעווסקי צו מיר:

— לאָמיר זײ מאַכן אַ סורפּריזש און אַרײַנמאַרשירן אין עס־צימער.

אונזער „מאַרש“ האָט געדויערט דרײַ פערטל שעה... נאָר ס׳איז כדאי געווען. דער זײדע האָט זיך געשטעלט אויף זײַנע

אייגענע פיס און אין אַ וואָך אָדער צען טעג אַרום האָט שוין דער זעלבער וועג אים געדויערט אַ דריטל צייט.

אַ סך האָט געוויס מיטגעהאָלפן צו ווינטשעווסקיס בעסערן זיך זיין פילאָזאָפישע נאַטור, צו קענען שמייכלען איבער אייגענע שוואַכקייטן, איבער פיזישע אַזוי ווי גייסטיקע. האָט ער אַלץ באַטראַכט פילאָזאָפיש. ער האָט געשפּאַסט איבער זיין הילפּס־לאָזיקייט און זיך געוויצלט, אַז ער איז איצט אויף דער זעלבער מדרגה פון זיין ערשטן אייניקל.

ביזן זומער 1927 איז ווינטשעווסקי געווען רייך, זייער רייך אין גייסטיקע אייניקלאַך, געזעלשאַפטלאַכע און ליטעראַרישע. נאָר אַ פיזישער אייניקל, אַ קינד פון זיין אייגן בלוט און פלייש, איז אים געבוירן געוואָרן ערשט אין די טעג פון זיין קראַנקהייט. איז דאָס ניי־געבוירן אייניקל געוואָרן פאַרן זיידן אַ קוואַל פון פרייד און אויך פון אַפאָריזמען, גלייכווערטלאַך און שפּאַסן.

דעם זומער 1927 האָט די גאַנצע פאַמיליע ווינטשעווסקי, פונם זיידן ביזן ניי־געבוירן אייניקל, געוואוינט ביים אַטלאַנטישן ים, אין סי־גייט. פלעגט ווינטשעווסקי אָפּזיצן שעהן־לאַנג אויף דער וועראַנדע פון זיין הויז, איינאָטעמען ים־לופט און זיך באָדן אין זונשטראַלן. זיינע אייניקלאַך האָבן שוין דערפאַר אָנגעהויבן האָפן, אַז ער וועט באַלד אינגאַנצן געזונט ווערן און זיך ווידער נעמען צו זיין פעדער. נאָר ליידער איז די האָפנונג ניט מקוים געוואָרן און פאַרלויפיק איז דאָס, וואָס ער האָט פאַרעפנטלאַכט אינם „זיידנס ווינקל" אין דער „פרייהייט" — זיין לעצט גע־שריבן וואָרט.

***

לכבוד ווינטשעווסקי'ס 72טן געבורטסטאָג (9טן אויגוסט, 1928) האָט די „פרייהייט" אָנגעהויבן פאַרעפנטלאַכן אָט־די לעבנסגעשיכטע זיינע, געשריבן לכתחילה אַלס אַן אריינפיר צו זיינע צען בענד „געזאַמלטע ווערק", אַרויסגעגעבן פונם „פריי־הייט"־פאַרלאַג. די „פרייהייט" האָט אויך פאַרעפנטלאַכט משה נאַדיר'ס אַ פעליעטאָן: „געדאַנקען פון אַ משוגענעם פילאָזאָף"—

„אין סטיל פון אונזער גרויסן סטיליסט און טייערן זיידן מאָריס ווינטשעווסקי לכבוד זיין געבורטסטאָג“. דער לינקער עלעמענט אינם אמאַלגאַמייטעד קאָאָפּעראַטיוו הויז, וואו ווינטשעווסקי וואוינט, האָט אויפגעהאַנגען איבערן הויף אַ פּלאַקאַט „72—לאַנג לעבן זאָל דער זיידע ווינטשעווסקי“. מ'האָט אים געבראַכט מתנות: ביכער, בלומען (רויטע רויזן). ער איז באַגריסט געוואָרן פון שולן און אָרגאַניזאַציעס, וואָס טראָגן זיין נאָמען. די שול פונם פּאַראייניקטן אַרבעטער קאָאָפּעראַטיוו האָט געשיקט אַ קינדער־דעלעגאַציע מיט בלומען. ווי זייער לערער, י. א. ראַנטש, האָט איבערגעגעבן אין דער „פרייהייט“, האָט דער זיידע, ווי אַלעמאָל, אויפגענומען די קינדער מיט פיל ליבע. ס'איז אים נאָך אַלץ שווער צו רעדן, דאָך האָבן זיך די קינדער מיט אים צוזאַמענגערעדט און געוואָרן היימיש. ווען די טאָכטער האָט אים אויפמערקזאַם געמאַכט ער זאָל רעדן העכער, כדי די קינדער זאָלן אים קענען בעסער הערן, האָט דער זיידע זיך צעלאַכט:

— איך וויל, נאָר איך קען ניט...

ווינטשעווסקי האָט די קינדער געוויזן אַלע זיינע אַנטיקן: די מתנות פון אהרן ליבערמאַן, אַנאַטאָל פראַנס א. א. און דער עיקר אַלץ, וואָס ער האָט געבראַכט פונם סאָוועטן־פאַרבאַנד: ערנמיטגליד־ביכלאָך, פאָטאָגראַפישע בילדער, גענומען מיט קינדער—לעניניסטישע פּיאָנערן און קאָמיוגיסטן—רויט־אַרמייער א. א. וו. ער האָט זיי דערקלערט יעדעס בילד, און זיינע אויגן האָבן געגלאַנצט. מיט אַ באַזונדער שטאָלץ האָט ער זיי געוויזן זיין מיטגליד־ביכל פון דער רוסלענדער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. ער האָט אויך געשיינקט זייער שול אַ מתנה—אַ רויט פּיאָנערן־טיכל, אויף וועלכן ס'איז „אויסגענייט מיט גאָלדערנע בוכשטאַבן אין אידיש פון איין עק: „דעם ערן־פּיאָנער מ. ווינטשעווסקי אַ מתנה“ און פון אַנדערן די איניציאַלן פון דער אָרגאַניזאַציע אין וויניצע“. ווען די קינדער האָבן אים געדאַנקט, האָט ער זיי געדריקט צו זיך און זיי געקושט, און אין זיינע אויגן זיינען געשטאַנען טרערן. ער האָט געוואָלט וויסן וועגן דער קאָאָפּעראַ־

טיווער שול, וויפיל קינדער זי האָט, וואָס פאַר אַן עלטער א. אַ. וו. ער האָט אויך צוגעזאָגט די קינדער:

„ווען איך וועל פילן שטאַרקער, וועל איך קומען צו אייך אין שול, איצט בין איך שוואַך".

אינם אָוונט האָבן ווינטשעווסקין באַזוכט זיינע נאָענטע פריינט, צווישן זיי אויך יעקב גאָרדינ'ס קינדער, וועלכע האַלטן אַן די אינטימע פריינטשאַפט, וואָס האָט געהערשט צווישן אים און זייער פאָטער. פון זיינע אַמאָליקע פיל פריינט צווישן די אַל-טע גענאָסן איז קיינער ניט געקומען. ס'איז קריגסצושטאַנד, און דער שוואַכער זיידע איז אַ שטאַרקער צד.

## .26

## 50 יאָר אידישע פּאָעזיע

קיין קונסט צוליב קונסט. — „פאָלקס־לויד־פּאָעט". — אַרבע־טער לידער אין אידיש". — טעכניק, פערז־קונסט, פאַרשידנ־אַרטיקע מעטריק. — מיטלייד און קאַמף. — לידער פון ליבע און לוסט. — איינפלוסן. — איבעראַרבעטונגען.

אַלס פּיאָנער פון דער אידישער סאָציאַליסטישער ליטעראַ־טור, האָט מאָרים ווינטשעווסקי געמוזט צעטיילן זיין שריפט־שטעלערישע טעטיקייט אויף אַלע געביטן: פּובליציסטיק, פע־ליעטאָנען, דערציילונגען, ראָמאַנען, דראַמען, לידער, פאַבלען, עפּי־גראַמען א. אַ וו. זיינע צען בענד „געזאַמלטע ווערק" אַנטהאַלטן דאָס בעסטע, וואָס ווינטשעווסקי האָט אויף יעדן געביט געשאַפן. נאָר ווען מ'זאָל צונויפזאַמלען אַלץ, וואָס ער האָט געשריבן, קען מען לייכט צונויפשטעלן נאָך צען בענד, אחוץ זיינע מאַסן אי־בערזעצונגען פון פראַנצויזיש, דייטש, רוסיש און ענגליש און אחוץ זיינע שריפטן אין העברעאיש און אַנדערע שפּראַכן.

אין די צען בענד געזאַמלטע ווערק גייען אריין אחוץ זיינע סאַמע ערשטע שריפטן, וואָס האָבן הויפּטזאַכלאַך אַ היסטאָרישן

ווערט, אויך אַ באַנד לידער, אַ באַנד דראַמען, צוויי בענד פאַבלען, עפּיגראַמען, פּאַראָדיעס אַ. ד. גל., אַ באַנד פּובליציסטיק, אַ באַנד לעבנסבאַשרייבונגען און צוויי בענד עראינערונגען. די ליטעראַטור־קריטיק האָט כמעט איינשטימיק געשטעלט זיין פּראָזע פיל העכער ווי זיין פּאָעזיע. נאָר ווינטשעווסקיס אַלוועלטלאַבע פּאָפּולאַריטעט איז באַגרינדעט אויף זיין ראָל אַלס אַרבעטער־דיכטער.

מאָריס ווינטשעווסקי איז דער ערשטער אידיש־פּראָלעטאַרישער דיכטער. גלייכצייטיק הויבט ער זיך אַרויס איבער די אידישע דיכטער, וואָס זיינען אַרויסגעטראָטן פאַר אים (צונזער, גאָלדפאַדען, מיכל גאָרדאָן א. אַ. וו.) ניט בלויז דורך זיין רעוואָלוציאָנערן אינהאַלט, נאָר אויך דורך זיין קינסטלערישער פאָרם.*) ער איז דער מייסטער פון ריטם, וואָס האָט געמאַכט פון זיין קונסט אַ וואָפן אינם קלאַסנקאַמף פון דער אידישער אַרבעטער־שאַפט.

ווינטשעווסקי האָט קיינמאָל ניט געשאַפן קיין קונסט צוליב קונסט, נאָר אַלעמאָל געטראַכט ווי צו זיין נוצלאַך צום כלל. זינגען מחמת זינג־לוסט איז אים געווען פרעמד. ער האָט אויך זייער זעלטן געזונגען פון זיין פּערזענלאַכן לעבן. וואָס פאַר אַ ווירדע האָבן ביי אים געהאַט די איבערלעבונגען פונם יחיד אינם פאַרגלייך מיט די קאָלעקטיווע, וואָס ער האָט געזען אַרום זיך? איז ער געוואָרן דער שופר פון פרייהייט־גייסט, געוועקט און גערופן די מאַסן אין די גאַסן, געוויינט מיט זיי צוזאַמען אויף זייערע ליידן, זיי געטרייסט און געמאָלן בילדער פון דער שיינער גליקלאַכער צוקונפט, וואָס דערוואַרט זיי אין די „לעצטע טעג" פון אַרבעטער'ס נצחון. איז זיין יעדעס ליד געוואָרן אַ טאַט. ס'האָט

---

*) ווינטשעווסקי האָט זיך באַנוצט כמעט מיט אַלע פאָרמען פון דער פערז־קונסט, נאָר אַ באַזונדער נייגונג האָט ער אַרויסגעוויזן אין דער דאַקטילישער פאָרם, די פון זיין ליד „אַ בעזים און אַ קער".

אויפגעקלערט מוחות, אָנגעפילט הערצער מיט מוט און ענערגיע, מושטירט אַרמייען און זיי געפירט אין קאַמף.

ווינטשעווסקי'ס ליד האָט אַריינגעדרונגען אין אַלע לענדער, וואו נאָר ס'זיינען פאַראַן קליינע אָרימע הייזלאַך, וואו מ'נייט און מ'האַמערט, וואו מ'זעגט און מ'הובלט. זיינע לידער זיינען געוואָרן דאָס אייגנטום פונם פאָלק. מען האָט צו זיי צוגעפּאַסט מעלאָדיען, מען האָט זיי דעקלאַמירט און געזונגען אין שטוב און אין פאַבריק, אין וואַלד און אין גאַס, ביים פאַרוויגן דאָס קינד און ביים גיין אינם קאַמף.

זיינע לידער זיינען טענדענציעז, נאָר אַ דאַנק זייער איינפאַכקייט, דירעקטקייט און טיפער ליבע צום אַרבעטער־פאָלק האָבן זיי געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק אויף די, פאַר וועמען ער האָט געזונגען. ניט געקוקט אויף דעם וואָס ווינטשעסקי'ס אַ קענער פון 1889 האָט געזאָגט, אַז עס „שרייבט זיין האַנט וואָס ניכט פילט זיין הערץ", און זיינע אַ קריטיקער פון 1926 געפינט אין זיין פּאָעזיע „אויסגערעכנטקייט און אינעווייניקסטע קאַלטקייט", בלייבט דאָך דער פאַקט, אַז דריי דורות אידישע אַרבעטער האָבן זיך דורך ווינטשעווסקי'ס לידער רעוואָלוציאָניזירט. זיי האָבן זיינע קאַמפּסלידער געזונגען ניט בלויז אין דער פרייהייט, אין שטוב און אין פאַבריק, וואו זיי האָבן געוועקט צום קלאַסנקאַמף, נאָר אויך אין דער געפאַנגענשאַפט, אין טורמע און אין פאַרשיקונג, וואו זיי האָבן געגעבן טרייסט און האָפענונג. אונטער זייערע טענער איז דער רעוואָלוציאָנערער פּראָלעטאַריאַט געגאַנגען אינם בלוטיקן שטרייט קעגן צאַר און קאַפּיטאַל, און ניט אומזיסט איז ווינטשעווסקי אויפגענומען געוואָרן אין דער פּויערים און אַרבעטער רעפּובליק ווי אַ זיגרייכער העלד.

„ס'איז ניטאָ קיין אידישער סאָציאַליסט", האָט דערקלערט דער בונדיסטישער פירער ב. מיכאַלעוויטש (יוסף איזביצקי), „וועמען ס'זיינען פאַרבליבן אומבאַקאַנט די שטורמישע און קאַמפּסלוסטיקע לידער פון דעם אייביק־יונגן זיידן. גאַנצע דורות אַר־

בעטער־קעמפער זיינען באגייסטערט געוואָרן צום קאמף דורך זייַ־נע לידער".*) ווינטשעוסקים לידער, דערקלערט אן אנדער בונ־דיסט, א. ליטוואק, „האָבן איינגעזאפּט אין זיך א גרויסע מאסע רעוואָלוציאָנערע ענערגיע און נאָך היינט בעת אלטע ארבעטער זינ־גען זיי, ציטערט אין זיי אויף זייער לאנג איינגעשלאָפענע רעוואָלוציאָנערע יוגנט".⁑) און אין א רעצענזיע איבער ווינטשעווסקי׳ם בוך „לידער און געדיכטע" (1910) דער־קלערט איינער פון די דעמאָלטיקע „יונגע", דוד קאזאנסקי, אז „קיין גלייכן אין אונזער אידישער ליטעראטור, וואָס זאָל זיך קאָנען פארמעסטן מיט ווינטשעווסקי׳ן, איז גאָר ניט צו געפינען. אפילו מ. ראָזענפעלד, וואָס זיין סאָציאַלע ליריק האָט אים אזוי בארימט געמאכט, שטייט דאָך אויף גאנצע מיילן אָפּ פון ווינ־טשעווסקי׳ן. די סאָציאַלע ליריק ביים „זיידן" איז טיף, ערנסט און אָריגינעל" („דאָס נייע לעבן", סעפּט. 1911).

מאָרים ווינטשעווסקי ווערט אָנגערופן ארבעטער־דיכטער, נאָר באמת פּאסט אים בעסער זיין אייגענע באצייכענונג: „פאָלקס־לייד־פּאָעט". ניטאָ ביי אים דער געזאנג פונם ארבעטער אינם ווארשטאט אָדער אין דער פאבריק. אפילו זיין איין־איינציק ליד, וואָס שילדערט די נויט ביי דער ארבעט, „דאָס ליד פונם העמד", איז פריי איבערזעצט פון ענגליש. ווינטשעווסקי שילדערט דעם עלנט פון דער סלעק-צייט, די אָרימקייט אין גאס, נאָר דער שאפּ איז אים פרעמד. ער קען אים ניט אפילו ווי עדלשטאט און באָוושאָווער, וועלכע האָבן פארזוכט זיין טעם, און אינם פאר־גלייך מיט מאָרים ראָזענפעלד, דעם עכטן עמיגראנטישן שאפּ־ארבעטער, איז מאָרים ווינטשעווסקי א זייטיקער באאבאכטער.

לויט שכנא עפּשטיין, איז ווינטשעווסקי׳ם ניט־קענען די אידיש פאבריק־ארבעטער גראָד געווען די סיבה פון זיין שטארקן איינפלוס. ווינטשעווסקי׳ן, זאָגט ער, איז נאָך אפילו אין 1899

*) „אונזער פאָלקס־צייטונג", ווארשע, 1924, נומער 193.

⁑) „פריינד", סעפּטעמבער 1926.

געווען ניי דער אידישער פאַבריק־אַרבעטער, געשילדערט אין מאָריס ראָזענפעלד'ס ליד. „ווינטשעווסקי'ן האָט זיך דעריבער בלויז אין דער פאַנטאַזיע געמאָלן אַ מאָדערנער אידישער אַר־בעטער אין דער צוקונפט. צוליב דעם זיינען די מאָטיוון פון ווינ־טשעווסקי'ס שאַפן ניט אַרויסגעדרונגען פון דער קאָנקרעטער ווירקלאַכקייט, נאָר האָבן אין זיך אָפּגעשפּיגלט די פאָרשטעלונג פון אַ ווירקלאַכקייט, ו ו אָ ס ד אַ ר ף ז י י ן. דער פּועל־יוצא איז געווען, אַז, שילדערנדיק דעם קאַמף פון דעם אַרבע־טער־קלאַס, נאָר ניט האָבנדיק פאַר זיך קיין פ אַ ק ט י ש ע אידישע אַרבעטער-סביבה, האָט ווינטשעווסקי פאַרפאַסט אַרבע־טער־לידער א י ן א י ד י ש, נאָר ניט קיין טיף־דורכגעדרונ־גענע א י ד י ש ע א ר ב ע ט ע ר־ל י ד ע ר. — — —

אין ערשטן פּעריאָד איז ווינטשעווסקי געווען הויפּטזאַכלאַך אַגיטאַטאָריש. ער האָט מער קאָפּירט דאָס לעבן, ווי אַ ז י י ט י־ק ע ר ב אַ אָ ב אַ כ ט ע ר, איידער ווי אַזאַ, וואָס איז צו־נויפגעגאָסן אינערלאַך מיטן אַרום. דאָס האָט געפירט דערצו, אַז ווינטשעווסקי זאָל זיין צוגיינגלאַך פאַר די ברייטע פאָלקס־מאַסן, וואָס זיינען נאָך ניט דערוואַקסן, צוליב זייער נידעריקער קולטור־רעלער מדרגה, אויפצונעמען עכטע קונסט".

פאַרקערט, ווינטשעווסקי'ס לידער פון דער צווייטער תקופה, געשריבן אין די עלטערע יאָרן, האַלט שכנא עפּשטיין פאַר „ראַ־פינירטער, אייגנטימלאַכער סאַי לויטן מאָטיוו, סאַי לויט דער טעכניק. — — — דאָס אַלגעמיין מענטשלאַכע איז שוין מער ניט אָנגעוויעט פון דרויסן, ווי אַ נאָכאַמונג, נאָר איז איבערגע־קאָכט אין זיך, אין דער אייגענער נשמה און ס'וואַקסן אויס ניט בלויז א ר ב ע ט ע ר ל י ד ע ר א י ן א י ד י ש, נאָר דורכגעדרונגענע אידישע לידער„. און גראָד „מיט צען יאָר צוריק, ווען מ'האָט אים שוין געגומען האַלטן בלויז פאַר אַ היס־טאָרישע פערזענלאַכקייט, האָט ער כמעט ניט געשריבן קיין קאַמפס-לידער, נאָר ריין־לירישע לידער, וואָס באַזינגען די ליבע, דאָס לעבנסלוסט. ווען מען זאָל ניט וויסן, אַז יענע לידער זיינען

ארויסגעגאנגען פון אונטער דער פעדער פון אונזער ערשטן און עלטסטן אידישן ארבעטער־דיכטער, וואָלט מען זיי געקענט אָנ־נעמען, ווי שאפונגען פון די אינגסטע צווישן די יונגע. אזא פרישקייט האָט זיך אין זיי געשפירט, אזא בויגזאמקייט..."
(„פרייהייט", 13טן פעברואר, 1927.)

דאָך ניט געקוקט אויף דער „פרימיטיווער פאָלקסטימלאכ־קייט" פון ווינטשעווסקי'ס ערשטע לידער, זיינען זיי געווען פון גרויס באדייטונג פאר דער אידישער פּאָעזיע. „ווינטשעווסקי",— דערקלערט ש. ניגער,—„האָט אויסגעאיידלט און רייכער גע־מאכט די טעכניק, אויב ניט די נשמה פון דעם אידישן פערז. ניט נאָר ביי וועלוועל זבארזשער און ביי מיכל גאָרדאָן — אפילו ביי דעם שפּעטערדיקן און אפילו ביי דעם ניט אין ערך קרעפטי־קערן און מער לירישן מאָריס ראָזענפעלד איז ניטאָ אזא פאר־שידנארטיקע מעטריק, ווי אין די לידער פון מאָריס ווינטשעווו־סקי". „ווינטשעווסקי",—זאָגט ווייטער ש. ניגער,—„האָט, דוכט זיך, דער ערשטער איינגעפירט ביי אונז דעם אינעווייניקסטן גראַם און ער האָט זיך בכלל ניט באנוגנט מיט די פרימיטיווע פאָלקסימלאכע האריץ־שמאַרץ גראַמען. ער האָט רייכער און קאָמ־פּליצירטער געמאכט אויך דעם לעקסיקאָן פון דער אידישער פערז־קונסט. ער האָט נייע ווענדונגען, ניט נאָר נייע ווערטער געבראכט. ער האָט בכלל געהאָלפן שאפן אין דער אידישער פּאָע־זיע דעם איבערגאַנג פון פאָלקס ליד און פון רויען ברחנישן ליד צום קונסט־ליד". באזונדער האָט ער באוויזן אויפצוטאָן עפּעס קינסטלערישעס אויפן געביט פון דעם סאטיריש־עפּיגראמישן ליד.
(„טאָג", 5טן סעפּטעמבער, 1926.)

***

מאָריס ווינטשעווסקי האָט נאָך יונג שוין „פּרובירט אויס־דריקן געפילן און געדאַנקען אין א ריטמישער פאָרם". נאָך זיין ערשטע ליד אין אידיש האָט ער געשריבן, ווען ער איז אַלט געווען 21 יאָר, אין אָקטאָבער 1877. דאָס איז ניט געווען א ליד פאר זיך, נאָר „איינציקע פערזן" אריינגעפלאָכטן אין א „סאטירישן

ארטיקל״: „די גרענדע פירער״, אינם קעניגסבערגער „קול לעם״, די אידישע ביילאַגע צום העברעאישן „הקול״. ער האָט דאָס גע־טאָן אויפן זעלבן שטייגער ווי אין זיינע העברעאישע „פאַנטאַ־זיעס״ פון יגלי דעם פאַנטאַזיאָר.

אָט דער „שיר׳על״, דעם זיידנס „מוזעס ערשטלינג״ אין אידיש, שילדערט די „בריות אין רעדן״ און לייענט זיך אזוי:

„זיי זיינען נאָר אַלע גבורים אין רעדן,
אָבער פליגן אין טאָן;
זיי מיינען מען קאָן יסורים פאַררעדן,
פאַררעדן אַ שלעכטן צאָן!
ביין, מיינע ברידער, איר זייט אין טעות,
אין טעות, אויף מיינע נאמנות!
צו אַ שלעכטן צאָן העלפט קיין המצאות,
רייסט אַרויס אָן רחמנות!
אָבער כל־זמן איר גייט מיט סבלנות,
ווען קיינמאָל ניט ווערן אָן ענדע;
ביי די באַריסענע בלייבט די קבצנות,
און ביי ש—קן די גרענדע״.

אין ווינטשעווסקי׳ס ערשט ליד אין אידיש, געשריבן מיט איבער אַ האַלב יאָרהונדערט צוריק, איז דער ריטם נאָך ניט ריכ־טיק, נאָר דער טאָן איז שוין דאָרט פון זיינע שפּעטערע „קרעכץ־זיפץ־קלאָג און וועקלידער״.

ווינטשעווסקי האָט געשריבן אויך לירישע לידער, ליבע־לידער, נאָר זיין גאַנצע נשמה האָט ער אַריינגעגעבן אין זיינע לי־דער פון מיטלייד און קאַמף. „לידער פון ליבע, פון לעבן, פון לוסט״ האָבן ניט געפונען קיין אָפּקלאַנג אין זיין ברוסט. „לידער פון הערלאַכקייט אין דער נאַטור״ זיינען פאַרבייגעגאַנגען זיין אויער „אָן אַ שפּור״.

„לידער געזונגענע מיט אַ געוויין,
לידער געיאָמערטע מיט אַ געזאַנג,
לידער פון פאָלקסליידן — נאָר די אַליין,

האָבן אַ זין פאַר מיר, האָבן אַ קלאַנג;
נעמען געפאַנגען מיין אויער, מיין ברוסט,
דרינגען אַריין אין מיין האַרץ, מיין נשמה,
און איך אַליין זינג מיט ליבע, מיט לוסט
לידער פון קאַמף, פון טריאומף, פון נקמה". *)

די האַרציקסטע לידער ווינטשעווסקי'ס זיינען דערפאַר געשריבן אין לאָנדאָן, אין די אַכציקער יאָרן. זיי זיינען דער אָפּקלאַנג פון דעם לעבן פון די אָרימע מאַסן אין לאָנדאָן, און זייענען דורכגעדרונגען פון טיפן מיטלייד און אומבאַגרעניצטער מענטשענליבע. זיינע „לאָנדאָנער סילועטן" און אַ טייל פון די „קליינע ליריקס" מאַכן נאָך היינט אַ טיפן איינדרוק, אפילו ווען מיר זעען ניט ארום אונז אזוינע נאַקעטע ליידן: „אייביק פאַרצרה'טע, אייביק פאַרמאַטערטע, היער אָפּגעריסענע, דאָ אָפּגעשליסענע". ⁑)

זיינע לידער „לאָנדאָן ביינאַכט", „דאָס ליד פונם העמד" (נאָך טאָמאַס הוד), „דריי שוועסטער", „אָן ערלאַכע באַטרעגערין", „דער עופה'לע אין וואַלד", „צוויי געסלאַך" זיינען אַ סך מאָל איבערגעדרוקט געוואָרן. אנדערע זיינען ארוים אין לאָנדאָן אויף באַזונדערע פּאַפּירלאַך און פאַרשפּרייט געוואָרן אין מאַסן נאָך אין ערשטן צענדליק פון איצטיקן יאָרהונדערט.

אין די אַכציקער יאָרן האָט דער „פאָלקס־ליד־פּאָעט ווינטשעווסקי אויך פאַרעפנטלאַכט זיינע בעסטע קאַמפּלידער. נאָך זיי קומען די פון אָנהויב פון די ניינציקער יאָרן, אין לאָנדאָן.

ווינטשעווסקי'ס לאָנדאָנער קאַמפּלידער „אין די גאַסן, צו די מאַסן", „איך הער דיין שטימע, די שטימע פון דער וואַרהייט", „הערט, קינדער, ווי עס רירט זיך", „וויקלט פאַנאַנדער די פאָנע די רויטע" זיינען געוואָרן פאָלקלידער אינם פולן זין פונם וואָרט.

---

*) געזאַמלטע ווערק, באַנד 2, ז' 10.

⁑) דאָרט, ז'' 77.

מ׳זינגט זיי נאָך היינט, ארום פערציק יאָר נאָכדעם ווי ער האָט זיי געשריבן. דאָס איז ניט געווען דער פאַל מיט זיינע אַמעריקאַנער קאמפּלידער, ווי „דאָס ליד פון לוינשקלאַף“ (געווידמעט דעם „בונד“), „פאָרווערטס, פאָרווערטס!“ א. אַ. וו.

די סיבה דערפון דערקלערט אונז ווינטשעווסקי דירעקט און אומדירעקט. ווען ער האָט זיך צום ערשטן מאָל, אין יאָר 1891, פאַרטראַכט וועגן דעם כאַראַקטער פון זיינע לידער, האָט ער דערקלערט:

„זיי זיינען דער אָפּקלאַנג פון טעגלאַכע,
פאַרשטיקטע געשרייען פון פאָלק“. *)

און ער האָט פאַרזיכערט, אַז אַזוי לאַנג ווי „די קנעכטשאַפט וועט דויערן“, וועט זיין ליד „טרויערן“ מיט זיין „טרויער־געזאַנג“. נאָר ניינצן יאָר שפּעטער, אין 1910, איז ער שוין ניט געווען מער זיכער, אויב זיין מוזע „וועט ווירקלאַך אַזוי לאַנג טרויערן“.

„דער אמת איז—דערקלערט ווינטשעווסקי אין יאָר 1910—אַז דאָ אין אַמעריקע, וואו דער דלות איז טיילווייז קלענער, טיילווייז ווייניקער בלויזגעשטעלט פאַר דער גאַנצער אַרומיקער וועלט, ווי אין ענגלאַנד און אין אַלט־איראָפּע בכלל, איז דער אָפּקלאַנג פון דעם אָרעמאַנ׳ס שמערצגעשריי שוואַכער און זעלטענער אין מיין האַרצן און געפינט דערפאַר ווייניקער און זעלטענער אויסדרוק דורך אַ פעדער ווי מיינע. די מייסטע פון די „קליינע ליריקס“ און די „לאָנדאָנער כילועטן“ זיינען געשריבן געוואָרן אונטער דעם איינדרוק פון דעם שרעקלאַכן דלות אַרום מיר, — פון דעם דלות אין זיין גאַנצער נאַקעטקייט, אָפּגעריסנקייט, פאַרשלאָגנקייט, ווי מען קען אים זען נאָר אין לאָנדאָן, צוגלייך דער רייכסטער און דער אָרימסטער שטאָט אין דער וועלט, טאַקע דורך די קאָנטראַסטן פון די מיליאָנען פונט שטערלינג קעגן די ביליאָנען פוד צרות“. ‡)

*) דאָרט, ז׳ 9.

‡) לידער און געדיכטע, ניו יאָרק, 1910. ז׳ 7—8

אין ווינטשעווסקי'ס אַמעריקאַנער לידער פעלט דערפאַר יענער טאָן פון מיטלייד, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר זיינע לאָנדאָנער לידער. די וועלט האָט אויפגעהערט צו זיין פאַר אים „אַ מוזיק־אינסטרומענט מיט סטרונעס, דורכגעווייקטע פון טרערן", וואָס וואו ער דערלאַנגט „נאָר אַ ריר מיט די הענט, לאָזט גלייך זיך אַ טרויער־קלאַנג הערן".*) האָט ער אָנגעהויבן זינגען יענע לידער, וועלכע האָבן אין דער יוגנט ניט אָפּגעהילכט אין זיין „ליידנדער ברוסט": „לידער פון ליבע, פון לעבן, פון לוסט". עס זיינען אויך געקומען „אויף להכעיס צו חלום די קוסן פון יאָרן צוריק"... ער האָט אָנגעהויבן באַדויערן, וואָס אים „פעלט צום אַלטן גן־עדן איצט די פאַרלוירענע פאַר צענדליק יאָר"... „אַ לעבן אָן ליבע" האָט ער פאַרגליכן צו אַ פאַס „אָן משקה, אָן רייפן" און ער האָט דערקלערט די ליבע פאַר וויכטיקער ווי מזל און שכל, פאַר וועלכער ער איז „זאָגאַר די אומשטערבלאַכקייט מוחל"... „איך ווייס", האָט ער אויף דער עלטער געזונגען, אַז „עולם־הזה פאַרגייט ווי אַ שאָטן, און ווער עס איז גוט, לעבט ווי גאָט האָט געבאָטן" —

„„נאָר איך — איך ליב!
און קלוג ווי איך זאָל ניט די דומהייט באַדענקען,
קען איך מיין געפיל ניט באַהערשן, באַשרענקען,
איך ליב, איך ליב!
און זע איך די ליבסטע, איר שמייכל דעם שיינעם,
פאַרגעס איך אָן לייטן, אָן קרובים, אָן שכנים —
איך ליב, איך ליב.
איך פיל נאָר דעם חן פון איר בליק, איר הענויה,
איך ליב זי און פרעג ניט: בחמת צי תיה —
איך ליב, איך ליב!
כ'באַגער זי אַלס מיינע! ניט גזלה, ניט צדקה,
וואָס אַרט מיר, צי האָט אויף איר ווער אַ חזקה —

*) געזאַמלטע ווערק, באַנד 2, ז' 11.

איך ליב, איך ליב!
און פירט אַזאַ ליבע דירעקט אינם גהינום,
ווייל זי, מיין געליבטע, דאַרף לעבן פאַר יענעם —
דאַן — ברען איך און ליב". *)

און אין זיין סאַמע לעצטן ליד, געשריבן מיט פיר יאָר צו־ריק, וואָס איז געוויסערמאַסן זיין שוואַנען־געזאַנג, רופט אויס ווינטשעווסקי: „זאָל לעבן דאָס לעבן, זאָל לעבן דאָס שטרעבן מיט ליבע, מיט לוסט..."

***

אין ווינטשעווסקי'ס ליד קרייצן זיך דורך די איינפלוסן פון פאַרשיידענע ליטעראַטורן. אין דער יוגנט — פון רוסיש און דייטש. ער האָט אויך אין זיין אָנהויב, אין העברעאיש, איבער־זעצט און נאָכגעמאַכט נעקראַסאָוו, שילער א. אַ. אויך זיינע ער־שטע לידער אין אידיש זיינען באַאיינפלוסט פון אנדערע שפּראַכן. „לאָנדאָן ביינאַכט"—פון אַ רוסיש ליד, „דאָס ליד פון העמד" איז פריי איבערזעצט פון ענגליש, „אַ מיידעלע אין דער סיטי" איז באַאיינפלוסט פון קאַרל הירש'עס ליד „קויפט פּיילכן, קויפט פּיילכן!"‡) „טיף אין וואַלד" און „דאָס ליד פונם לוין־שקלאַף" האָבן ענגלישע מאָטאָס, אין וועמעס גייסט זיי זיינען געזונגען. ער האָט אויך פריי איבערזעצט אייניקע לידער פון פראַנצויזיש און האָט, אַ צווייפל, געלערנט ביי הערוועג און פרייליגראַט, ביי הוגאָ און פּאָטיע, ביי הוד און מאָריס, אחוץ ביי זיינע אַלטע רוסישע מייסטערס. ווייניקער איז קענטיק אין זיין ליד דער איינפלוס פון אידישע אָדער העברעאישע דיכטער, און דאָס אויך בלויז אין זיינע לידער פון נאָך זיין פופציקסטן יאָר.

אין זיינע עפּיגראַמישע און סאַטירישע לידער פילט זיך דער איינפלוס פון זיין היים־געליבטן בערנע, וועמען ער האָט האַלט געהאַט ניט בלויז אַליין צו לייענען, נאָר אויך פאָרצולייענען פאַר

---

*) דאָרט, ז' 143—144.

‡) דאָרט, באַנד 10, ז' 105.

אנדערע איבער א האלב יאָרהונדערט נאָכאַנאַנד. נאָר בערנע'ס איינפלוס געהערט שוין מער צו זיין פּראָזע, צו זיינע פּעליעטאָ־נען און אפאָריזמען. מ'קען אויך געפינען, ווי כמעט ביי יעדן אַנ־דערן אידישן דיכטער, שפּורן פון היינע'ס איינפלוס אין זיינע ליבע־לידער. דירעקטער זיינען די איינפלוסן פון די אַלטע פאַבל־מייסטער אזאָפּ, לאַפאָנטען און קרילאָוו אין ווינטשעווסקי'ס פאַב־לען. נאָר דאָרט איז אויך שטאַרקער דער איינפלוס פון אַלט־אידישע קוועלן.

***

ניט געקוקט אויף דעם, וואָס ווינטשעווסקי האָט זיינע לי־דער לכתחילה געשריבן נאָר צוליב סאָציאַלע צוועקן, האָט ער זיי דאָך א סך געפיילט און געשליפן. ער האָט אָפט געענדערט אין זיינע לידער ניט בלויז די אָרטאָגראַפיע, די פּונקטואירונג א. ד. גל., נאָר אויך ווערטער, שורות און גאַנצע סטראָפן. אָט זיינען עטלאָכע ביישפּילן:

אינם „ליד פון העמר“ האָט ווינטשעווסקי געשריבן אין 1884 (פערז 2): „ביז איך דורכם צובראָכענע דאַך זע די שטערן“ און אין 1910 געענדערט אזוי: „ביז איך זע דורך די לעכער אין דאַך שוין די שטערן“. אין 1884 (פערז 8): „אים ליבליכסטן פרילינג, וואָס געבן נור קאָן“, און אין 1910: „אים ליבליכסטן מאַי, וואָס איז ערגעץ פאַראַן“. אין 1884 (פערז 9):

„וואו ראָזען און ליליען שמעקן זאָ זיס,
די בלומען, צו וועלכע די פויגעלע רופט!“

און אין 1910:

„וואו ראָזן און ליליען ליבלאַך און זיס —
געפינען זיך דאָרט, וואו די פויגעלע רופט!“

אינם ליד „דער יתומל“ איז דאָס אינגל אין 1884 געווען אַלט „פון אכט ביז ניין יאָר“. אין 1895 האָט ווינטשעווסקי עס געענדערט צו „צען ביז עלף יאָר“ און אין 1910 אויסגעלאָזן א גאַנצע סטראָפע, אין וועלכער דאָס קינד האָט פאַלעמיזירט

קענן דיכטער און גערעדט ניט ווי אַ קינד, נאָר ווי אַ דערוואַקסענער.

אין „דאָס מיידעלע אין דער סיטי" פרעגט דער דיכטער אין 1884: „ווי לאַנג קען זי בלייבן געזונט?" און אין 1910— „ווי לאַנג בלייבט אַ גאַס־קינד געזונט?" אין 1884, ווען „זי" ווערט קראַנק, טראָגט איר סחורה עמיץ אַנדערש, „בעטנדיק זאָ ווי זי", און אין 1910 — „פונקט ווי זי שרייענדיק".

אַנדערע ענדערונגען זיינען שוין געמאַכט אינם ערשטן ביכל: בן־נצ'ס „יידישע פאָלקס־געדיכטע" (1885). אַזוי מאַכט ער דאָרט איבער אינם ליד „צו די רייכע"—„אייך קימערט ניט" אַנשטאָט „אייך צעפּעט ניט", ווי ער האָט געשריבן אינם „פּוילישן אידל" א. ד. גל.

אין זיין סאָנעט: „וויקטאָר הוגאָ" שרייבט ווינטשעווסקי אין 1885 „איז ניט מער אַם לעבן" און אין 1910 — „איז אַרויס פונם לעבן". אין 1885 — „מיט זיינער זיסן שטימע צו ערהויבן" און אין 1910 — „מיט זיין קול דעם מעכטיקן ערהויבן". אין 1885 —

„אין מזרח איז די זון ניט אויפגעגאַנגען
דעם טאָג, וואָס מען האָט אים באַגראָבן!"

און אין 1910 —

„דעם טאָג איז גאָר קיין זון ניט אויפגעגאַנגען,
ווען צום בית־עולם אים האָט מען געטראָגן".

אין דער „„מאַרסעליעזע" זאָגט ווינטשעווסקי צו די אידישע אַרבעטער, אין 1887, אַז זיי וואָלטן בלייבן שקלאַפן „זעלבסט אינם לאַנדע דער העברייער" און ער הייסט זיי ווייזן דער וועלט, אַז זיי שטאַמען אָפּ פון די „מאַקאַבייער". אין 1910 ענדערט ער עס צו „אפילו אין ירושלים" און „חשמנאים".

אינם ליד „די רויטע פאָן" שרייבט ווינטשעווסקי, אין 1889: „אין די צייטן פון רויב און טיראַנישער וואוט" און אין 1895— „אין די צייטן פון רויב און פון מאָרד און פון וואוט", און ענ־

דערט „רעספּאָטן" אין „טיראַנען". אינם ליד „אַ טרויסט־געזאַנג" שרייבט ער אין 1890:

„זינג—זינג—זינג זינגענדיק
קומט אָן די נייע צייט.
קלינג—קלינג—קלינג קלינגענדיק
טרעט אויף די פרייע צייט.
ווערט, זאָגט זי, פריי!"

און אין 1895 ענדערט עס ווינטשעווסקי אַזוי:

„לוסטלידער זינגענדיק,
קומט אָן די נייע צייט.
זינגענדיק, ברייענדיק
גוטס, קומט די פרייע צייט,
זייט, זאָגט זי, פריי!"

דאָס באַקאַנטע ליד „צום אַרבעטער פריינד" האָט אַרום צוואַנציק ענדערונגען. אַט זיינען בלויז אַ פּאָר ביישפּילן: אין 1885 רעדט זיך דאָרטן פון יענע —

„וואָס שפּינען די וואָלע, און נייען די קליידער,
וואָס בויען די הייזער מיט שווייס און מיט מי".

און אין 1895 האָט עס ווינטשעווסקי געענדערט אַזוי:

„וואָס נייען און טראָגן אַליין ניט די קליידער,
וואָס בויען פאַר אַנדערע הייזער מיט מי".

אין 1885 רעדט דאָס ליד וועגן די אַרבעטער, וואָס האָרעוועט „צו מאַכן די גבירן אַלץ רייכער און רייכער, אַלץ רייכער אין געלט, אום זיי זאָלן קענען די אַרבעטער פירן", און אין 1895 — „אַלץ רייכער דורך דעם, וואָס דעם אָרעמען פעלט, און לאָזן זיך קירעווען, טרייבן און פירן". אין 1885 רופט אוים ווינטשעווסקי:

„פריש אויף און ענטפאַלטע מיט שטאָלץ דיינע פאָנע,
די פאָנע די רויטע, שריי: „ברידער, ערוואַכט!"
און ווייז זיי דעם אויפגאַנג דער ליכטיקן זאָנע".

און אין 1895 ענדערט ער עס אַזוי:

„האַלט הויך און האַלט ריין דיין פּרינציפּ און דיין פאָנע,
האַלט בײדע זײ הויך און שרײ: „ברידער, ערוואַכט!“
פאַרקינדיק דעם אויפגאַנג דער ליכטיקן זאָנע“.

אַזוינע מינים ענדערונגען געפינען זיך אין ווינטשעווסקי׳ס לידער אין מאַסן. פאַראַן בײ אים ענדערונגען ניט בלויז אין די לידער פון די אַכציקער און נײנציקער יאָרן. פאַראַן אויך לידער און פּאָעמען, דראַמאַטישע, וואָס ער האָט אינגאַנצן איבערגעאַרבעט, ווי, למשל, „פערדינאַנד לאַסאַל“, „דער שטן מקטרג“ (פאַרפולקומט ערשט אין 1921), „פּאַרט ניט געכאַפּט“ (אַנטוויקלט צו אַ דרײ־אַקטיקער דראַמע — „דער לעצטער נאַבאַר“).

## .27

# אידישע שפּראַך און ליטעראַטור

הויפּטפּאַרדינסט. — פּראָפּאַגאַנדע. — דער „מאַמעס־לשון“.— „זשאַרגאָן“. — אידיש, העברעאיש, אידישיזם. — ווערטערשפּיל, שפּראַך־קונצן, אַפאָריזמען, „חיים ברבורים׳ס ווערטערבוך“. — דראַמאַטישע ווערק. — סך־הכל: אײנפלוס אויף אידישע שרײבער.

מאָרים ווינטשעווסקי איז ניט געווען דער ערשטער צו ברײנגען אידן די בשורה פונם מאָדערנעם סאָציאַליזם. דאָס האָט שוין געטאָן פריער דער עלטערער אהרן ליבערמאַן, וועלכער האָט, לויט ווינטשעווסקי׳ס אויסדרוק, „אײנגעפלאַנצט די רויטע פאָן אויפן שול־הויף און זיך אַרויסגע׳גנב׳עט פון דער וועלט“. נאָר דערפאַר איז ווינטשעווסקי געווען דער ערשטער צו פּראָפּאַגאַנדירן דעם סאָציאַליזם אין אידיש. דאָך איז ער ניט געוואָרן קײן מאַסנפירער אינם ברײטן זין פון אָט דעם וואָרט. ער איז „געשטאַנען בײ דער וויגעלע, ווען די נײע צײט איז געבאָרן געוואָרן“. ער האָט איר „צײטנווײז צוגעזונגען, צײטנווײז אונטערגעוויגט, צײטנווײז אויך אויפגערעגעהאָטשקעט און צײטנווײז זי

איינגעשטילט, ווען עס האָבן זיך גענומען שניידן די ערשטע ציינדלאך". *) שפּעטער, ווען זי איז אויסגעוואקסן, האָט זי גע־האט אנדערע לערער און מדריכים, כאָטש ער איז איר געווען ליב און טייער, און זי האָט ביי יעדער געלעגנהייט געזונגען זיינע לידער.

ווינטשעווסקי'ס הויפּט־איינפלוס איז דערפאר געווען מער פון א דיכטער, ווי פון א טעאָרעטיקער, מער פון א שריפטשטע־לער ווי פון אן אָרגאניזאטאָר. „חבר ווינטשעווסקי'ס הויפּט־פאַרדינסט ליגט אין זיין ליטעראַרישער ארבעט" — האָט דער־קלערט די רעדאקציע פונם „האַמער" (ח' אַלגין) אין אין איר באַגריסונג צו ווינטשעווסקי'ס 70־יאָריקן יובילײ — „א מענטש מיט א נייגונג צו פּאָעזיע, אן עסעאיסט—א מפונק אין פרט פון שפּראַך, א שרייבער פון וויציקע און פארבנרייכע מעמוארן—האָט ער זיינע גאנצע באַדייטנדיקע ליטעראַרישע פעיאיקייטן געשטעלט אין דינסט פונם ארבעטער־קלאַס, אין דינסט פון דער רעוואָלו־ציאָנערער ארבעטער־באַוועגונג, — שטענדיק געוועקט, שטענדיק געמונטערט, שטענדיק געהויבן, שטענדיק פאַרשענערט".‡) זיין רעוואָלוציאָנער־סאָציאַליסטישע פּראָפּאַגאַנדע האָט דערפאר נאָך היינט א ווערט. נאָך א סך דערפון וואָס ווינטשעווסקי האָט געשריבן מיט א פערציק יאָר צוריק איז אזוי פריש און אייג־דרוקספול, ווי דאָס וואָלט ערשט היינט ארויס פון זיין פעדער. אָט זיינען א פּאָר מוסטערן פון זיין פּראָפּאַגאַנדע פון יענער צייט:

„איז דאָס ניט אידיאָטסטווע, צו גלויבן אין טייוול אין א צייט, ווען מען הערט שוין ביסלאַכווייז אויף צו גלויבן אין גאָט; צו לאַכן פון א גיהנום אויף יענער וועלט און אונטערשטיצן א גיהנום אויף דער וועלט; אָפּצושאַפן פּיאַווקעס און בלוט־לאָזן ביי קראַנקע און

*) דאָרט, באַנד 4, ז' 169.

‡) „האַמער", אויגוסט 1926.

זיי אויפצוהאַלטן פאַר געזונטע; צו רעדן פון פרייהייט און שווייגן פון באַדריקונג?"

„איז דאָס ניט אידיאָטסטוואָ, צו וויסן דורכן טעלעגראַף ווער עס שטאַרבט אין אויסטראַליען און ניט צו זען מיט די אויגן, ווער עס קומט אום—לעבן אונז; צו פאַראַכטן שאַרלאַטאַנעס און זיי צו לאָזן פירן די גרענדע; צו באַשטראָפן פאַרן כאַפּן געלט פון קעשענע און צו לויבן פאַרן כאַפּן דעם ביסן פון מויל; צו הייגנען דעם, וואָס גיט דעם טויט, און צו באַזינגען דעם, וואָס לאָזט ניט לעבן?" *)

און מיט אזוינע אן ענלאַכע ציטאַטן קאָן מען פאַרנעמען הונדערטער זייטן.

א באַזונדער חן שוועבט אויך איבער ווינטשעווסקי'ס פריי־דיינקערישער פראָפּאַגאַנדע. ער פּאָלעמיזירט ניט מיט גיפטי־קער גאַל ווי די משכילים, נאָר לאַכט אוים גוטמוטיק, דאָך פאַר־ניכטנדיק. זיינע סאַטירעס איבער דער אַלטמאָדישער אידיש־קייט, די אַלטע דערציאונג, די אַלטע זיטן און מנהגים מוזן ארויס־רופן געלעכטער אפילו ביי די פרומע אידן. נאָר נאָך אזא גע־לעכטער איז שוין שווער צוריקצוגיין אין די אַלטע דרכים.

***

ניט געקוקט אויף דעם, וואָס ווינטשעווסקי איז געוועזן דער ערשטער צו פּראָפּאַגאַנדירן דעם סאָציאַליזם אין אידיש, האָט ער דאָך אין אָנהייב פון זיין שריפטשטעלעריטער טעטיקייט וויי־ניק געהאַלטן פון דער אידישער שפּראַך. ווינטשעווסקי דער־ציילט, אז אין יאָר 1877, נאָכדעם „ווי ער האָט שוין געהאַט געשריבן א שיין ביסל העברייאישע שירים פאַר דער וועלט בכלל און א סך רוסישע געדיכטע פאַר באַקאַנטע מיידלאַך אין זייערע אלבומס בפרט", האָט ער „פּרובירט א שטיף טאָן" אין זיין „מאַמע לשון", דאָס הייסט — זאָגט ער „טאַקע נאָר אירן, ניט מיינעם, מחמת ווי קום איך, איך, אן איינגייער בא די רוסן, די טייטשן און אין די אהלי שם, צום... מיט רעספּעקט צו

*) געזאַמלטע ווערק, באַנד 4, ז' 122—123.

מעלדן... צום זשארגאָן?*) אויך צוויי יאָר שפּעטער, אין אַ בריוו פון פּאַריז אינם „קול לעם“ (20טן יולי, 1879) שרייבט דאָרט בן־נץ (ווינטשעווסקי) אזוי:

„איך רעד ניט פון דעם לשון, וואָס מיר רעדן, פון דער שפּראַכע, וואָס מיר האָבן פון דעם דור־הפלגה — אין אים איז ניט צו פאַרלאַנגען אַ ריכטיקע גראַמאַטיצנע שרייבפאָרמע, איין אופן ווי מען קען ניט פאַרלאַנגען, אַז אַ רב זאָל קענען עברי, אָדער אַן אָרעם־בחור אַ מלאכה, דאָס איז ניט מעגלאַך און דאַהער אויך ניט צו פאַרלאַנגען. ווער דאָס פאַרלאַנגט, קען היינט טאַקע פאַרלאַנגען, אַז איין טעג־פרעסער זאָל גיין צו אַ שמיד“.

אמת, קיין גרויס רעספּעקט ווייזט ער דאָרט ניט ארויס אויך צו העברייאיש. ער באַצייכנט זיך אליין אלס „אַ לשון־קודש פאַצקון“ און דערציילט, אַז ביי די העברייאישע שרייבער „טרעפט זיך זייער אָפט חוץ נאַרישע מעשיות, חוץ פּוסטע מאמרים צייטנ־ווייז שרייבעריי, וואָס דאַרין איז ניטאָ אַ גאַנצער וואָרט“. דאָך פילט זיך ניט אזא גרינגשעצונג ווי צום „לשון וואָס מיר ריידן“.

גאָר אַן אנדער באַציאונג צום מאַמע־לשון ווייזט ווינטשעווסקי ארויס פינף יאָר שפּעטער, ווען ער לייגט דעם פונדאַמענט פאַר דער אידישער פּרעסע און דער אידישער ליטעראַטור אין די ענגליש־רעדנדע לענדער. דאָרט דערקלערט ער שוין, אַז כאָטש אידיש איז אַ מין אלטע איבערגעניצעוועטע טייטש, די אונטערשלאַק פאַרלאַטעט מיט רוסיש, פּויליש און ליטוועש, און די אויבערשלאַק אביסל פאַרפּוצט מיט לשון־קודש־דיקע „טאַסמעס“... איז עס „פונדעסטוועגן אַ לשון ווי אלע לשונות“ און אזא מיוחס ווי ענגליש. (דאָס „פּוילישע אידל“, 8טן אויגוסט, 1884). און אין פינף יאָר ארום, אין זיין סאַטיריש ליד „אַרבעטער און פּוילענצער“ (אונטערגעשריבן „יאַנקעלע טראַשקע“, אין „אַרבעטער פריינד“, נומער 48, 1889) דערקלערט

*) „לידער און געדיכטע“, ז' 5—6.

דער אַרבעטער שטאָלץ: „איך רעד אידיש, ווי מיך האָט געלערנט מיין מאַמע“, וועלכע „פלעגט רעדן גאַנץ גלאַט הגם זי איז ניט גע־וועזן קיין געבילדעטע דאַמע“... נאָך שטאַרקער שטעלט זיך ווינ־טשעווסקי איין פאַר אידיש אין דער „פרייע וועלט“ (1892), ווען ער לאַכט אויס די קעגנער פון „זשאַרגאָן“ אין אַ סאַטיריש לידל מיט אַט־דעם נאָמען, וואָס לייענט זיך אַזוי:

„דאָ שטייט אַ מאַן, וואָס הערט מיין ליד
און שמייכלט צו דערביי;
זיין פּנים זאָגט: ווי קומט אַ איד
צו פּערזן־שרייבעריי?
ער מיינט, אַז דיכטן אין זשאַרגאָן
איז היילע פאַנטאַזיע.
„ווי קומט דער לשון פון סמאַרגאַן
— פרעגט ער — צו פּאָעזיע?“
איך ענטפער אים: אַ מענטש קען זיין
אַ דיכטער אין זשאַרגאָן,
פּונקט ווי מען קען אין ריין לאַטיין
אַ דומען שמייכל טאָן“. *)

אזוי איז ווינטשעווסקי, אליין ניט פילנדיק, ביסלאַכווייז אַלץ מער צוגעבונדן געוואָרן צו אידיש. ער האָט געלייגט גרויס געוויכט אויף דער ריינקייט, פיינקייט און איינהייטלאַכן אויס־לייג פון דער שפּראַך. ער האָט כסדר אגיטירט פאַר אַן אָרטאָ־גראַפישער קאָנפערענץ און געפאָדערט פון די אידישע שרייבער מער רעספּעקט פאַר דעם לשון אין וועלכן זיי שאַפן. ער האָט פאַרגעוואָרפן די אידישע ליטעראַטן, אַז זיי „אַליין באַווייזן מיט זייער גלייכגילטיקייט צו דער שפּראַך — — — ווי ווייניק זיי גלויבן, אין דער טיפעניש פון זייער הארצן, אז זיי בויען אַן אייביקן בנין פאַר קינדער און קינדס־קינדער און פאַר די קו־מענדיקע דורות נאָך זיי“. ער האַלט, אז מענדעלע, פּרץ, פרוג,

*) דאָרט, באַנד 2, ז' 205.

שלום עליכם, אש און אַנדערע רוסיש־אידישע שרייבער האָבן ארויסגעוויזן גאָר ווייניק אמונה אין דער צוקונפט פון אידיש. אברהם רייזען, זאָגט ווינטשעווסקי, „איז דער אויסנאם וואָס באַווייזט דעם כּלל". נאָר די אידישיסטן אין אַלגעמיין גלויבן נאָך ווייניקער ווי אַנדערע אידישע שרייבער „אין אונזער לשונס אומשטערבלאַכקייט".*)

ווינטשעווסקי איז געווען זיכער, אז מיט דער צייט וועלן די אידן אומעטום זיך אויסדריקן אין זייערע לאַנד־שפּראַכן און זייער אינטעליגענץ וועט זיך באַנוצן אויך מיט העברייאיש. אָננעמענדיק, אז אידיש וועט שוין דאַמאַלט ניט זיין מער קיין נויטווענדיקייט, „ניט פיל מער ווי לשון־קודש היינט", וועט די „אינטערנאַציאָנאַלע אידישע שפּראַך", פאַר אַלגעמיין־אידישע ענינים און פאַר אידישע קולטור־אוצרות זיין אין יענער שפּראַך וואָס פאַרבינדט זיי מיט זייער נאַציאָנאַלער פאַרגאַנגענהייט.‡) נאָר די אָקטאָבער־רעוואָלוציע און זיין רייזע איבער די אידישע געגנטן פונם סאָוועטן־פאַרבאַנד האָט ווינטשעווסקין איבערצייגט, אז אידיש האָט אַלע מעגלאַכקייטן צו פאַרבלייבן די שפּראַך פונם אידישן פאָלק. ער האָט איינגעזען, אז מיט דער ענד פונם גלות ענדיקט זיך ניט די ממשלה פון אידיש צווישן די ברייטע אידישן מאַסן. אדרבה, די סאָציאַלע רעוואָלוציע גיט איר אַלע מעגלאַכקייטן צו וואַקסן און בליען ווי אַלע אַנדערע שפּראַכן. און בעת די שפּראַך פון דער ווייטער נאַציאָנאַלער פאַרגאַנגענהייט איז באַשרענקט בלויז אין די גרענעצן פון דעם אידישן ישוב אין פּאַלעסטינע, בלייבט אידיש אַ שפּראַך פון מיליאָנען, גערעדט פון אַלע טיילן וועלט. ווינטשעווסקי האַלט דערפאַר מער פונם היינטיקן אידיש ווי פון דעם מאָדערנעם העברייאיש. „אמאָל", זאָגט ער, „האָבן מיר געהאַט אַ העברייאישע שפּראַך

*) דאָרט, באַנד 7, ז' 215—217.

‡) דאָרט, ז' 239—241.

און א אידישן זשארגאָן, הײנט האָבן מיר א אידישע שפּראך און א העברייאישן זשארגאָן".*)

דאָך האַלט זיך ניט ווינטשעווסקי פאר קיין „אידישיסט". ער איז כלל ניט מסכים מיט יענער „אידישיסטישער לאָגיק", ביי וועמען „אידישיזם" מיינט, אז „דער לייבל" (עטיקעט) איז וויכטיקער ווי די פלאַש, די פלאַש וויכטיקער ווי איר אינהאַלט". ווינטשעווסקי גלויבט נאָך הײנט אויך, אז דער קיום פון דער אידישער נאַציאָנאַליטעט איז ניט אָפּהענגיק פון שפּראַך טעריטאָריע אָדער אמונה. ער שטייט דערפאר נאָך פעסט ביי זיין אמאָליקער פאָדערונג, אז די אמעריקאנער ענגלישע פאָלקס־שול זאָל אָנשטעלן לערער, צו לערנען מיט די אידישע קינדער פון די העברעע קלאַסן די אידישע געשיכטע, „ספּעציעל די היסטאָריע פון זייערע עלטערן און עלטערנס עלטערן אין מזרח־אייראָפּע.**) קאָנען מיר ניט, זאָגט ער, אריינקריגן אָט די אידישע קינדער אין אונזער ארבעטער־שול, מוזן מיר זוכן זיי אויפצוקלערן אין דער לאנדשפּראך.

***

מאָרים ווינטשעווסקי דערציילט, אז ווען ער און די אנדערע אידישע סאָציאַליסטן פון די אכציקער יאָרן האָבן אָנגעהויבן שרייבן אידיש פאר אידן, האָבן זיי עס „אין גרונט הארצן איינגנטלאך גאָרניט געהאַלטן פאר א לשון". זיי זיינען געקומען צו די אידישע מאסן ווי די מיסיאָנערן קומען צו די ווילדע פעלקער און מוזן צו זיי רעדן אין זייער אייגענעם לשון". צוליב דעם זעלבן טעם האָבן א טייל אידישע סאָציאַליסטישע שרייבער „זיך צוגעפּאסט, אָדער געפּרופט זיך צופּאסן צום פאָלק און האָבן אַלץ וואולגאריזירט, בכדי צו ווערן פארשטאנען פון „אַלעמען". אונזער לשון איז אויף דעם אופן געווען דער לשון פון דעם

*) דאָרט, באַנד 6, ז' 160.

**) דאָרט, ז' 103—105.

אומוויסנדסטן פונם גרעבסטן טייל פונם פאָלק, ווייל „אלעמען" טייטשט דער מצודת דוד: ועמי הארצים בכלל.*)

נאָר מאָרים ווינטשעווסקי האָט זיך קיינמאָל נישט אראָפּ־געלאָזן צום געשמאק און צו דער שפּראַך פונם מארק. ער האָט אים צוגעצויגן צו זיך מיט זיין הומאָר און סאַטירע, מיט זיין באַהאַרצטקייט און מיט דער פאָלקסטימלאַכקייט פון זיין ליד.

מאָרים ווינטשעווסקי האָט געשריבן א ריינעם אידיש נאָך מיט 50 יאָר צוריק. ער האָט כסדר געשאַפן נייע ווערטער אין אידיש און האָט אויסגעמידן אנגלאַציזמען. ער שרייבט: „הלואי וואָיטערניקעם" אנשטאט „אָלרייטניקעם", „געלטניקעם" אנשטאט „געלטמאַכער" א. ד. ג. פון דער אַנדער זייט איז ער אויך „גע־ווען פריי פון דעם טייטשמעריש, וואָס איז געווען דאַן שטאַרק אין מאָדע אפילו אין רוסלאַנד (דיק, שמ"ר, אפילו דינעזאָן אין זיינע ערשטע ראָמאַנען). ער האָט געשריבן שוין גאָר אין אנ־הייב א ריינעם פאָלקסטימלאַכן ליטווישן אידיש".*) ווינט־שעווסקי האָט אריבערגעטראָגן פון העברייאיש צו אידיש זיין גאַנצע משכילישע ליבע צום „לשון". ער האָט געשטיפּט און זיך געשפּילט מיט דער שפּראַך ווי א דור שפּעטער משה נאַדיר. ס'פאַרשטייט זיך, אז דער „זיידע" האָט זיך קיין רגע ניט גע־שפּילט מיטן לשון סתם זיך צו שפּילן. דער עיקר איז פאַר אים געווען דער סאָציאַליסטישער מוסר השכל. דאָך האָט גאָר אָפט פּאַסירט, אז אין מיטן וועקן דעם עולם צום קלאַסנקאַמף, רופן צו רעוואָלוציאָנערע מעשים, באוויינען די ליידן פון די אָרימע, זיי טרייסטן און מאָלן צוקונפט־בילדער, האָט זיך ווינטשעווסקי פלוצלונג גענומען שפּילן מיט די ווערטער גופא:

אַלטערמאַן, קאַלטערמאַן, הונגערמאַן, מיטלמאַן, טיטלמאַן, קיטלמאַן, פּלאַפּערמאַן, כאַפּערמאַן, קלאַפּערמאַן, אדלמאַן, טאדל־

---

*) דאָרט, באַנד 5, ז' 199—200.

*) ש. ניגער, „טאָג", 5טן סעפּטעמבער, 1926.

מאַן א. ד. ג. אָדער פראַזן־קלייבער, קלויסטער־ווייבער, פּיקל־היי־בער א. א. וו.

ער רעדט פון פעלקער־פלעקער, פענסטער־פינסטער, בילדונג־פארווילדונג, שילדן־שילטן (אין קראָמען). דער לעגענדאַרישער העלד נאַרציסוס ווערט ביי אים נאַר־ציסוס; אלכסנדר דער דרי־טער — אלכסנדר דער דריקער (דאָס איז, זאָגט ער, ניט קיין דרוקפעלער, ווייל „ביי אלכסנדרן פּ ע ל ט ניט קיין ד ר ו ק“...) ער רעדט פון „שיטערע געדיכטע און געדיכטע ליטעראַרישע בלאָ־טעס“; פון „פרייהייט־קעמפער“ וואָס קעמפן קעגן פרייהייט“; „פּרייזיניקע“, וואָס האָבן ניט קיין זין פאַר פרייהייט; אנטלאָפענע סאָציאַליסטן“, וואָס זיינען אנטלאָפן פון סאָציאַליזם; „לייט־אַרטיקל“ — אַן ארטיקל וואָס ליידט פון זיין שרייבער“. ער רעדט פון „א זעצער, וואָס איז צייטנווייז א פאַרזעצער“ און דערציילט, „אַז די מאַשין זעצט אַרויס דעם זעצער פון דער זע־צעריי“. ער באַמערקט, אַז נטילת ידים“ פאַרהיט פון דלות, נאָר דאָס מיינט ניט וואַשן די הענט“, נאָר „נעמען מיט די הענט“... ער דערקלערט, אַז „דודי“ איז דער טייטש: „מיין פּע־טער“, ניט מיין פעטער איז אַ טייטש. אין אמעריקע, זאָגט ער, שאַפט ניט די מוזע, נאָר דער מוז... „אָרעם—הייסט די זרוע נטויה קעגן פּרעה און זיינע שרי מסים, און אָרעם—דער דלות, איבער וועלכן זיי וואָיעווען...“ ער באַמערקט, אַז די „פּאונטען־פּען“ איז ניט קיין לוין־שקלאַפין, וועלכע מ׳קאָן צווינגן צו אַר־בעטן מיט אַ פּוסטן מאָגן“. זי זאָגט: „ווילסטו, איך זאָל פאַר דיר פאַרשוואַרצט ווערן, טאָ פיל מיך ווייניקסטנס אָן...“ דער קינעמאָטאָגראַף, זאָגט ער, געהערט צו יענעם סאָרט גראַפן, וואָס די באָלשעוויקעס האָבן נאָך דערווייל ניט אָפּגעשאַפט...

אָט איז א מוסטער פון מאָרים ווינטשעווסקיס שפּילעווודי־קער פּראָזע, פון די אַכטציקער יאָרן (אין זיין פעליעטאָן „אָ ווי ווערט מען א דיכטער!“):

„איך וואָלט, למשל, קאָנען צוזאַמענפּאָרן... „געלט“ מיט „פעלט“; „„פּאָרטעפּיאַנעס“ מיט „באַראַבאַנעס“... „תכשיטין און צירונג“ מיט

„דעם אידישן פירונג"... „היפאָקריטן" מיט „פּאַראַזיטן"; „דרשנים" מיט „בטלנים"; „העברעאישע שרייבער" מיט „נדבות־קלייבער"... „דעם פערד דעם איינגעשפּאַנטן" מיט „דעם אַרבעטער ביי פּאַבריקאַנטן"... „פּאַלעסעטינצעס" מיט „קאַלטע בלינצעס"; „פּאָליטיקער ליבעראַלע" מיט „איך צוערשט, נאָכדעם אַלע"; „צייטונג־שרייבער" מיט „רכילות־טרייבער"; „דעם רוסישן קנוט" מיט „מענטשלאַכע בלוט"... „נאַרישער שטאָלץ" מיט אַ „קאָפּ פון האָלץ"... „שפּיאָנען" מיט „סקאָרפּיאָנען"; „אויס סאָציאַליסט" מיט „אַן עגאָאיסט"; „באַנקיר" מיט „וואַמפּיר"; „גרויסע דאַמע" מיט „נישט הייסע מאַמע"... דעם „אַבערגלויבן" מיט „אַ מיטל צו רויבן"; „סאָלדאַטן" מיט „מאָרדטאַטן"; „פּאַרלאַמענטאַריש" מיט „העפלאַך און נאַריש"; „פּאָליטיק" מיט „האַלט אין צוויק"; „אומאייניקע סאָציאַליסטן" מיט „צופרידענע קאַפּיטאַליסטן"; „די רייד פון אַן אַדוואָקאַט" מיט „אַ צונג אויף פּראָקאַט"; „די ימים־נוראים" מיט „אַ בייטש פּאַר נאַראָים"; „האָבן געלט אויף פּראָצענט" מיט „די פרוכט פון אַרבעטער־הענט"; „פּירן פּאַרן נאָז" מיט „די וואָס עסן גראָז"; „אויסהאַלטן אַ קייזער" מיט „גיין איבער די הייזער"; „פון דרויסן פּוץ" מיט „אינעווייניק שמוץ" א. אַ. וו." *)

פון העברייאיש האָט מ. ווינטשעווסקי אויך אריבערגענומען אין אידיש דעם שפּיל אין גימטריאות, דעם „דרוש פון אַלפן (אַ פּאַראָדיע אויף בדרשי הפּנינים'ס "תפלה פון טויזנט ממ'ען), „אַן אַלף־בית פּאַר אַרבעטער־קינדער", פון וועלכן די ערשטע פיר בוכשטאַבן לייענען זיך אַזוי:

אַלף איז דער
אויס־אַרבעטער, וואָס לעבט פון אונזער מי;
בית דאָס איז דער
בלוט־זויגער, וואָס זויגט אונז שפּעט און פרי;
גימל איז דער
גאָרגל־שניידער, וועלכער אונז באַטריגט;

*) געזאַמלטע ווערק, באַנד 4, ז' 43—44.

דלית איז דער
דלות, וועלכער אייביק ביי אונז ליגט.*)

ס'פאַרשטייט זיך, אַז אין העברייאיש וואָלט מ. ווינטשעווסקי געקאָנט באַווייזן אַזוינע „קונצן" ווי די בעסטע משכילימשע וואָרטשפּילער. זיינע יוצרות, תפלות, קאַפּיטלאַך תנ"ך און שטיקלאַך גמראַ‡) — העברייאישע און אַראַמעאישע פּאַראָדיעס באַווייזן, אַז ער וואָלט לייכט געקאָנט אויפשרייבן אַזוינע קונצ־שטיק ווי „מסכת אמעריקא", „מסכת פּורים" א. ד. ג.

ווינטשעווסקי צייכנט זיך אויס אַלס עפּיגראַמיקער. אָט איז אַ מוסטער פון זיינע אַפאָריזמען (אין זעקסטן באַנד פון זיינע „געזאַמלטע ווערק"):

„לאָז זיין!" איז לייכטער ווי „לאָז ווערן!"

„דער איד אין אַמעריקע — אַ נאַציע אָן אַ לאַנד אין אַ לאַנד אָן אַ נאַציע".

„דער טויט קען מאַכן אַ לומפּ אויס לומפּ, אָבער קיינמאָל ניט פּאַר אַ פיינעם מאַן".

„מיטן רוקן צום עולם שטייען ניט בלויז דיריגענטן פון אָרקעסט־רעס, נאָר אויך הערשער פון פעלקער".

„דו שענע, גרין־באַדעקטע ערד! היינט מיין קאָרפּעט אונטער די פיס, מאָרגן מיין קאָלדרע איבערן לייב".

עפּיגראַמיש און וואָרטשפּילעריש איז אויך זיין „חיים ברבורימ'ס ווערטערבוך", ווי ס'איז צו זען פון אָט־די עטלאַכע מוסטערן (דאָרט):

„א מ ת — אַ מת אין די מייסטע לענדער, — אַ מת, וואָס וואַרט אויף תחית־המתים".

„מ ו ט ע ר ש פּ ר אַ ך — מיט וואָס דער איד שעמט זיך, בעת זי, זיין מוטערשפּראַך, שעמט זיך מיט אים".

„פ ע ל ד — וואָס אידן מעסטן און גוים באַאַרבעטן".

---

*) דאָרט, באַנד 5, ז' 249.

‡) דאָרט, באַנד 6, ז' 233—257.

„ר ו ט — מיט וואָס מען קערט די שטוב און מען שמייסט דעם אינגל, אויב ער קערט די וועלט".

„ת כ ר י כ י ם — „אייביקע קליידער", וואָס ווערן צעפוילט אין אַ גאַנץ קורצער צייט".

ווינטשעווסקי'ס הומאָריסטיש-סאַטיריש ווערטערבוך איז טאַקע שטאַרק עקספּלואַטירט געוואָרן פון אַ סך אידישע רעדאַקציעס און איז אויך נאָכגעמאַכט געוואָרן פון פּראָפעסיאָנעלע הומאָריסטן.

*
**

„דער ע ר ש ט ע ר אידיש-פּראָלעטאַרישער דיכטער" און „דער שעפער פון דעם אידישן פעליעטאָן", מאָרים ווינטשעווסקי, האָט אויך פאַרעפנטלאַכט אַ ריי דראַמען, קאָמעדיעס, איינאַקטערס און דראַמאַטישע פּאָעמען.

דיאַלאָגן און דראַמאַטישע סיטואַציעס געפינען זיך אויך אין אַ היבשן טייל פון זיינע אַנדערע שריפטן אין פּאָעזיע און פּראָזע, פאַר די לעצטע פופציק יאָר. נאָר ווינטשעווסקי איז מער טראַכטער ווי פאַרטראַכטער. איז אין זיינע דראַמען דאָ מער וואַרהייט ווי דיכטונג, מער לעבנס-חכמה ווי פאַנטאַזיע. אַן אויסנאַם דערפון זיינען די דראַמאַטיזירונגען פון פרעמדע סוזשעטן.

כאַראַקטעריסטיש פאַר ווינטשעווסקין איז אויך וואָס זיין ערשטע דראַמאַטישע שאַפונג איז געווען אַ קאָמעדיע — „דער מירער עילוי" — געשריבן מיט איבער פערציק יאָר צוריק. זיין הומאָר און סאַטירע רייסן זיך אויך דורך אין זיינע אַנדערע דראַמען. זיי ווייזן, אַז זיין ריכטיקער געביט איז די קאָמעדיע, ניט די טראַגעדיע.

ווינטשעווסקי האָט דערפאַר אויך רעכט געהאַט, ווען ער האָט פאַרנדיק פון ענגלאַנד קיין אמעריקע געלייגט האָפנונג אויף זיין דריי-אַקטיקע קאָמעדיע „דער מירער עילוי", כאָטש זי איז נאָך ביז היינט ניט אויפגעפירט געוואָרן. נאָך איצט האַלט דער זיידע, אַז אין אָט דער יוגנט פּיעסע זיינע, איז דאָ „אינהאַלט",

געגוג „האנדלונג“ און אויך גוטער אידיש, ספעציעל אלס א דראמאטישע זאך געשריבן מיט פערציק יאר צוריק“.*)

ווינטשעווסקים „לעצטער נאבאר“, א דראמע אין דריי אקטן און אן עפילאג, ליידט פון איבערוואקסן. צוערשט איז זי געווען אן איינאקטער.*) אלס אזעלכע, האלט ווינטשעווסקי, „וואלט זי געווען ניט שלעכט“. נאר ביי אים „האט זיך געיאוועט אן אמביציע צו באשרייבן א ביסעלע דייטלאכער און בולטער א פעריאדע אין דער אידישער געשיכטע, וואס בלויז די עלטערע שרייבער האבן דערפון געהאט עטוואס פערזענלאכע עראינערונ־גען“. איז „דער לעצטער נאבאר“ מער אידישע געשיכטע, פון דער צייט פון די כאפערס, ווי דראמאטישע דיכטונג.

דאך האט „דער לעצטער נאבאר“ א סך דראמאטישע שטאף. די פערזאנען זיינען געצייכנט טריי צום לעבן און זיי רעדן גענוי דעם ליטווישן אידיש פון די זיבציקער יארן. „דער לעצטער נא־באר“ איז דערפאר אויך א זעלטענער אוצר פאר שפראכפארשער און פאלקלאריסטן. אלנפאלס קאן מען פון אים מאכן צוויי אויסגעצייכנטע איינאקטערס. דער עפילאג איז לכתחילה גע־שריבן, און שוין אמאל (לכבוד ווינטשעווסקי'ס 60טן געבורטס־טאג) געשפילט געווארן, ווי אן איינאקטער. די ערשטע דריי אקטן קאנען עם לייכט ווערן.

אויך די פיר אקטיקע קאמעדיע „כלומר'שט א חתונה“ איז באגרינדעט אויף א פאקט: די כלומר'שטע חתונה צווישן אים און זיין קאוונער פריינדין.***) ער האט דעם זעלבן סוזשעט אויך אויסגענוצט פאר זיין סקיצע „מארטינעלים חתונה“, אין אידיש („אמת“, 1895) און ענגליש („סאשל דעמאקראטיק הערالד“, 1899, און אין זיין בוך דערציילונגען, 1908). „נאר זיך נע־מענדיק צום שרייבן פון אט־דער פיעסע, האט ווינטשעווסקי,

*) געזאמלטע ווערק, באנד 10, ז' 246—247.

*) זע אויבן, ז' 124.

***) זע אויבן, ז' 56.

ווי ער דערקלערט אין זיין פאָרוואָרט צו איר, פאַר זיך געהאַט די פאָלגנדע דרייפאַכע אויפגאַבע: ערשטנס, ארויפצוברייגגען אויף די בינע א גרופע אינטעליגענטע יונגעלייט אין זייערע לעבן און זייערע באַציאונגען צווישן זיך". צווייטנס — „ארויסברייען דעם אויפכאַפּן זיך פון שלאָף, מיט אלע זיינע אסימילאַטאָרישע חלומות פונם אידישן פאָלק ארום די לעצטע יאָרן פון 19טן יאָר־הונדערט" (דער בונדיזם צווישן ארבעטער און דער ציוניזם צווישן מיטלקלאַס). דריטנס — „ארויסברייגגען, כמעט פארבייגייענדיק, דעם מאָדערנעם קוק אויף די פרוי אלס מענטש".

אין אָט די דריי פּיעסן האָט ווינטשעווסקי געוואָלט דראַמאַטיזירן דריי עפּאָכן פון דער אידישער געשיכטע: „די אויפקלערער" (דער „מירער עילוי"), די „כאַפּערס" (דער לעצטער נאַבאָר") און די אידנפראַגע" („כלומר'שט א חתונה").

ווינטשעווסקי דערקלערט אין זיין דערמאַנטן פאָרוואָרט צו „כלומרשט א חתונה", אז ביידע פראַגן (אידן און פרויען) „ווערן באַרירט אין דער פּיעסע אין קורצע דיאַלאָגן, וואָס נעמען ניט מער ווי א פּאָר מינוט דאָ, א פּאָר מינוט דאָרטן, כדי ניט צו שטערן די דראַמאַטישע האַנדלונג דורך טענדעציעזע לאַנגע דרשות". דאָך איז ניטאָ אין אָט דער קאָמעדיע גענוג האַנדלונג פאַר פיר אַקטן. נאָר דערפאַר זיינען דאָרט פאַראַן בילדער און סצענעס, וואָס זיינען פול מיט לעבן. באַזונדער איז ווינטשעווסקין געלונגען דאָס בילד פון דער ליטעראַרישער קאַפּע, מיט איר רעס־טאָראַטאָר, קעלנער, דאָמינאָ־שפּילער א. א. וו.

זיין דריי אַקטיקע דראַמע „אסתר" (אין מאַנוסקריפּט), האָט מער טעאַטער־שטאָף ווי דער „לעצטער נאַבאָר" און „כלומרשט א חתונה". זי איז אַדאַפּטירט פון פראַנצויזיש און האָט אלע מעלות פון דעם לייכטן פראַנצויזישן רעפּערטואַר. נאָר דערפאַר פעלט איר דער אידיאָמאַטישער אידיש און די אַלטע היימישע סביבה וואָס אין „„מירער עילוי" און אין „לעצטן נאַבאָר".

ווינטשעווסקים דריי איינאַקטערע קאָמעדיעס — „דער מזרח ווינט", „א געהרג'עטער עדיטאָריעל" און „מאַן און ווייב" אַדאַפּ־

טירט פון פראַנצויזיש, פון אברהם דרייפוס — קאָן מען אויס־פירן אַזוי ווי ער האָט זיי געשריבן. די לעצטע איז געשפּילט געוואָרן מיט אַ 25 יאָר צוריק אין אַ ניו יאָרקער טעאַטער.

דער „שטן מקטרג", אַ סצענע אין הימל, איז אַ דראַמאַטישע פּאָעמע מיט אַ סאָציאַלן אינהאַלט. זי איז, ווי שוין אין אַ פריער־דיקן קאַפּיטל דערמאָנט, איבערגעאַרבעט געוואָרן אין 1921. איר הויפּט־טענדענץ איז, אַז דאָס אידישע פאָלק האָט אַ רעכט צו עקזיסטירן בלויז אינעם זכות פון אירע קלאַסנקעמפער, די העלדן, וואָס „בויען, אין איינעם, אַ בעסערע וועלט, אַ פרייערע וועלט, אָן רציחות, אָן גזלות..."

„אַ חתונה און אַ לויה" איז פאַרענדיקט געוואָרן סוף נאָוועמ־בער, 1921. ס'איז געשריבן אין דעם קלוגן טאָן און מיט דער גוטמוטיקער איראָניע, וואָס דאָס בוך „וואָס מיר פעלט". עס שילדערט די קאָנווענציאָנעלע ליגענס, אין וועלכע די מענטשן זיינען פאַרזונקען און בלויז דער „שד" אין אונז באַמערקט זיי... *)

***

ווינטשעווסקי ווערט, אַזוי ווי מענדעלע, שטאַרק געריממט פאַר זיין אייגנטימלאַכן סטיל. ס'ווערט אַלגעמיין אָנער־קענט, אַז ער איז שוין אין די אַכציקער יאָרן געווען פולשטענדיק „מאָדערן, רייך און בונט, פול מיט אייגנאַרטיקייט". ווינטשעוו־סקי'ס סטיל, דערקלערט שבנא עפשטיין, איז לייכט צו דערקענען. „ער איז ז י י נ ע ר אַן אייגענער, ניט נאָכגעמאַכט, ניט אָנגעהויכט, אפילו דעמאָלט, ווען ער נעמט אין זיך אַריין די נייסטע שאַטירונגען. דער זיידע האָט ליב צו שלייפן זיין סטיל. ער איז אַ גרויסער מקפּיד אויף אַ קוצו של יוד אין דער שפּראַך..."

---

*) „דער מירער עילוי", „דער לעצטער נאָבאָר", „דער שטן מקטרג" און „אַ חתונה און אַ לויה" געפינען זיך אין די „געזאַמלטע ווערק", באַנד 3; „אַ גע'הרג'עטער עדיטאָריעל"—אין באַנד 6; „כלומרשט אַ חתונה", „„דער מזרח־ווינט" און „מאַן און ווייב"—אינעם בוך „דראַמאַטישע ווערק" (1920).

נאָר אָט־די ענלאַכקייט צו מענדעלע איז בלויז אַ פאָרמעלע. אי־נערלאַך זיינען זייערע סטילן פון גרונט אויס פאַרשידן. מענדעלע איז געבליבן ביי זיין זיידישן סטיל און איז, לויט ב. מיכאַלע־וויטש׳עס אויסדרוק, ניט אוועקגעפאָרן מיט זיין פערד און וועגל ווייטער פון דעם קאַבצאַנסקער שטייגערלעבן פון זיין יוגנט... נאָר ווינטשעווסקי איז כסדר מיטגעגאַנגען מיט זיין דור, פון השכלה ביז קאָמוניזם. איז ווינטשעווסקי׳ס סטיל תמיד געווען מאָדערן אייראָפּייאיש הגם ער איז צוגלייך אַלעמאָל געווען „דער אידיש־סטער פון אונזערע ראַדיקאַלע שרייבער“.

אַלס „דער אָריגינעלסטער אידישער סטיליסט אין אַמעריקע, ביי וועלכן פיל אידיש־אַמעריקאַנישע שרייבער האָבן זיך שרייבן געלערנט...“ *) האָט מאָרים ווינטשעווסקי באַאיינפלוסט אַ היב־שע צאָל אידישע שרייבער אין די ענגליש־רעדענדיקע לענדער. ווינטשעווסקי׳ס איינפלוס פילט זיך שטאַרק אין דער פּאָעזיע און פּראָזע פון אפילו אַזאַ מייסטער ווי מאָרים ראָזענפעלד!

מאָרים ראָזענפעלד׳ס אַרבעטער־לידער, איבערהויפּט די, אין וועלכע ס׳קומען פאָר פראַגן און ענטפערס, אָרעמקייט־סצענעס, אַרבעטער־קינדער, זיינען דירעקט באַאיינפלוסט פון מאָרים ווינ־טשעווסקי׳ס לידער. דאָס גלייכן פילט זיך ווינטשעווסקי׳ס פאָרם און שפּראַך אין מאָרים ראָזענפעלד׳ס פעליעטאָנען, סאַטירישע אַרטיקלען, דורכגעפלאָכטן מיט פערזן.⁂)

ווינטשעווסקי האָט דירעקט באַאיינפלוסט די שפּראַך פון די טאַלאַנטפולסטע אַרבעטער־דיכטער און הומאָריסטן אין אַמע־ריקע. אינדירעקט איז קענטיק זיין איינפלוס אויך אין דער אי־דישער אַרבעטער פּאָעזיע פון אויסלאַנד, וואו זיינע לידער זייי־

---

*) ש. ק. שנעעפּאַל, אין ספּעקטאָר׳ס „מאָמענט־פאָטאָגראַפיעס“, ז׳ 73

⁂) מאָרים ראָזענפעלד האָט עס קענטיק גוט געפילט. ער האָט אַמאָל געזאָגט צו ווינטשעווסקי׳ן, ווי דער לעצטער האָט מיר דערציילט: „איר שרייבט בעסער פאַר מיר, נאָר איך בין אַ גרעסערער דיכטער פון אייך“...

נען געווען די ערשטע צו ווערן געזונגען אין רעוואָלוציאָנערע אַר־בעטער־קרייזן.

*
**

פירט מען אונטער א סך־הכל פון ווינטשעווסקי'ס ליטע־ראַרישן שאַפן, אַזוי פילט מען ניט, אַז ער האָט אונטערדריקט זייַנע שאַפונגס־כוחות, ווי דר. זשיטלאָווסקי באַדויערט אים אומ־זיסט. דר. זשיטלאָווסקי דערקלערט, אַז ווינטשעווסקיס „ערשטע אידישע שריפטן טראָגן אויף זיך אַזוי קלאָר די סמנים פון אַן אמת אָריגינעלן פובליציסטישן טאַלאַנט און פון אַן אייגענער רייכער נשמה, אַז מען האָט געקענט דערוואַרטן פון דעם „זיידן" עפּעס אַזוינס, מיט וואָס דער אידישער סאָציאַליזם וואָלט געמעגט שטאָלצירן פאַר דער וועלט". נאָר „די אייביקע נויט ניט צו טראַכ־טען דאָס, וואָס דער גרויסער עולם וועט ניט פאַרשטיין, דאָס אייביקע זיך צופּאַסן צו דעם עם־הארץ, האָבן געמוזט ביסלאַכווייַז דערשטיקן אין דער נשמה אַלץ, וואָס דאָרטן איז געווען אָריגי־נעל, וואָס האָט ניט געקענט אַרויסגעבראַכט ווערן מיט דער הילף פון דעם בעלי־עגלה'שן עברי־טייטש. — — — סוף־כל־סוף האָט איין בלום נאָך דער אַנדערער געמוזט פאַרוויאַלן, איין וואָרצל נאָך דעם אַנדערן אָפּשטאַרבן און פאַר'חלש'ט ווערן, און ווינ־טשעווסקי • איז איצטער אַ פאַרשנייטער גאָרטן, וואָס האָט קיינמאָל קיין רעכטן פרילינג ניט געזען, און האָט ניט געהאַט די מעגלאַכקייט אַרויסצוברייינגען זיין שפע"... און אויסדריקנדיק די האָפנונג, אַז די „נייע נאַציאָנאַליסטישע פּאַזע" אין ווינטשעוו־סקי'ס לעבן וועט אים מעגלאַך נאָך „באַשערן אַ צווייטן פרי־לינג", פירט אויס דר. זשיטלאָווסקי, אַז דערווייל מאַכט ווינ־טשעווסקי אויף אים „דעם איינדרוק פון אַ קרבן, געפאַלן אויף דעם מזבח פון פרינציפּיעלער עם־הארצות". *)

מאָרים ווינטשעווסקי, וואָס איז ווי יעדער שעפערישער

*) דר. ח. זשיטלאָווסקי, „אַ פּאָר ווערטער וועגן אינטעליגענץ און עם־הארצות", „דאָס נייע לעבן", מאַי 1910.

מענטש, קיינמאָל ניט געווען פולשטענדיק צופרידן מיט זיין ליר טעראַרישן שאַפן, האָט נאַטירלאַך מקבל באהבה געווען דר. זשיט־לאָווסקי׳ס גזר־דין. בפרט אַז יענער האָט איינגעוויקלט זיין קריטיק אין אַזוינע שטאַרקע קאָמפּלימענטן. נאָר דער אמת איז, אַז מאָרים ווינטשעווסקי האָט זיך כלל ניט צוגעפּאַסט צום עם־הארץ, ספּעציעל אין זיין פּראָזע. אין זיינע פעליעטאָנען און מע־מואַרן — געשריבן פאַר 1910 — האָט ווינטשעווסקי „געהאַט די מעגלאַכקייט אַרויסצובריינגען זיין שפּע...“ זיי האָבן אים געקענט גאַראַנטירן אַ חשובן פּלאַץ אין דער אידישער ליטעראַטור, אפילו אָן דער הילף פון זיינע לידער, דראַמען, פאַבלען, עפּיגראַמען א. אַ. וו.

פון דער אַנדערער זייט דערקלערט אב. קאַהאַן, אַז ווינטשעוו־סקי׳ס שפּראַך „איז פאַר די גאַנץ איינפאַכע אידישע אַרבעטער — — — געווען אביסל צו הויך... אב. קאַהאַן האַלט, אַז „אי־דיש האָט ווינטשעווסקי געשריבן גלענצענד און ער האָט געהאַט אַ שיינעם אידישן הומאָר, אָבער דאָס רוב פּלעגט דיזער הומאָר זיינער אויך פאָדערן אַ געוויסן גראַד אַנטוויקלונג ביי דעם לע־זער“ („בלעטער“, באַנד 3, ז׳ 21).

נענטער צום אמת איז דערפאַר ש. ק. שנעעפּאַל איידער דר. זשיטלאָווסקי. אָנווייזנדיק אויף דעם שווערן גורל פון ווינ־טשעווסקין אַלס עמיגראַנט־אינטעליגענט, — וואָס איז „גע־צוואונגען געווען פאַנאַנדערצואוואַרפן זיך, צו צעברעקלען זיין טעטיקייט אויף די פאַרשידנסטע געביטן“, פירט אויס ש. ק. שנעעפּאַל, אַז „דאָך נאָך אַלעמען זעען מיר אַ מערקווירדיקע איינהייטלאַכקייט אין דעם שאַפן און ווירקן פון מאָרים ווינ־טשעווסקי, ער איז קאָנזעקווענט פון אָנהויב ביזן סוף, ווייל דאָס גאַנצע לעבן איז געווידמעט געוואָרן דעם אידישן אַרבעטער, אָדער ריכטיקער, ד ע ם א י ד ן א ו ן ד ע ם א ר ב ע־ט ע ר; ווייל תמיד איז דער איד, דער איד, דער אונטער־דריקטער און דער געפּלאָגנער, פאַר זיינע אויגן געשטאַנען. ער

האָט פאַר אים גערעדט, פאַר אים געשריבן און פאַר אים גע־דיכטעט".

ש. ק. שנעעפאַל האָט אויך ריכטיק אָנגעוויזן, אַז „ווינטשעווסקי דער מענטש, ווי ווינטשעווסקי דער כלל־טוער; ווינטשעווסקי דער ליטעראַט, ווי ווינטשעווסקי דער דיכטער, איז תמיד אָריגינעל און אייגנאַרטיק". דער „מענטש" אין אים איז ניט דער היפּך פון דעם „שרייבער" און דער „שרייבער" פון דעם „כלל־טוער". — „אַ דעמאָקראַט מיטן קאָפּ און מיטן האַרץ, איז ער דאָך פון תמיד אָן דער אַריסטאָקראַט אין דער באַוועגונג. ער איז דער פאַרביסענער קעגנער פון דעם וואולגאַרן, שרייענדיקן דעמאָקראַטיזם, וואָס מאַכט די מאַסע פאַר אַ גאָט. דער שטענדי־קער ליבלינג פון דער אידישער מאַסע, האָט ער זיך קיינמאָל ניט אַ ר אָ פּ ג ע ל אָ ז ן צו דער מאַסע, אפילו דאַן ווען די מאַסע האָט עס ג ע פּ אָ ד ע ר ט. דער אמת'ער גוטער ברודער, דער פריינט און דער חבר, איז ער דאָך תמיד פּ אַ ר ט י פּ ט אין זיך. — — — אַ פערטל יאָרהונדערט איז ער אין די קלאַ-סישע לענדער פון פּראַקטישקייט — איז ער תמיד מקפּיד ניט נאָר דערויף ו ו אָ ס ער שרייבט, נאָר זאָגאַר ו ו א ו ער שרייבט. — — — ער איז איינער פון די ווייניקע אין דער נייער וועלט, וואָס האָט דורכגעמאַכט די אַנטוויקלונג פון דער אידישער פּראָ־לעטאַרישער אינטעליגענץ ביזן סוף. — — — ווינטשעווסקי איז איינער פון גאָר די ערשטע, וואָס האָבן זיך באַפרייט פון די „קאָסמאָפּאָליטישע" פראַזן. ער איז שוין געווען אַ איד אַ סאָ־ציאַליסט, בעת דער „בונד" איז נאָך אויף דער וועלט ניט גע־ווען". *)

---

*) ס. ק. שנעעפּאַל, אין ספּעקטאָר'ס „מאָמענט־פאָטאָגראַפיעס", וואַרשע, 1911.

# בין-השמשות

זיך דערנענטערנדיק די עלטערע יאָרן, האָט ווינטשעווסקי אָנגעהויבן זינגען בין-השמשות לידער. ער האָט דערציילט, אַז

„עס קומען געדאַנקען פון טויט אויף דער עלטער,
ווי ס'קומען אין אָוונט געדאַנקען פון שלאָף,
ווי ס'קומען אין הערבסט, בעת די נעכט ווערן קעלטער,
געדאַנקען פון ווינטער מיט פרעסט אָן אַ סוף". *)

און ווען עס האָט זיך אים געדוכט, אַז דאָס האַרץ איז „אין חלשות", דער שכל—דרעמלט, דער „זונענשטראַל מאַכטלאָז באַ־רוישונג צו געבן" און „די ליבע, די שנאה, ניט קאַלט און ניט הייס", האָט ער אַ ווייל געצווייפלט:

„איז דאָס שוין דער אָנהויב פונם אויסלאָז, ווער ווייס?
איז דאָס אין דער לופטן די פלעדערמויז שוין,
וואָס מעלדעט די נאַכט מיט אַ שטומען געוויין,
און קומט מיט די פליגלען באַדעקן מיין גוף?
איז דאָס שוין דער ערשטער געשעפּטשעטער רוף
פון אים מיט די טויזנטער גיפטיקע אויגן,
מיט בליקן, וואָס מאָרדן ווי פיילן פון בויגן?
איז דאָס די התראה פון יענער זייט לעבן?
ווער ווייס..." **)

נאָר לאַנג האָט ווינטשעווסקי'ס צווייפל ניט אָנגעהאַלטן. דער אַלטער דיכטער פון קאַמף און טרויסט־לידער ווייס פון ערפאַרונג, אַז „יונג" איז ניט דער, וואָס האָט ווייניק יאָרן גע־לעבט, נאָר דער, וועלכער האָט פאַר זיך אַ סך שטרעבונגען און האָפענונגען; אַז „אַלט" איז ניט דער, ווועמעס האָר איז ווייס און די אויגן טריב, נאָר דער וואָס האָפט ניט און שטרעבט ניט צו בעסערע צייטן. זינגט דערפאַר דער זיידע שטאָלץ און מוטיק:

---

*) געזאַמלטע ווערק, באַנד 2, ז' 248.
**) דאָרט, ז' 122.

„נישט־קשה!
אין פענסטער ביי מיר שיינט די זון נאָך אריין,
באַלייכט נאָך מיין פּנים, דערוואַרימט די גלידער.
מיין לירע פאַרמאָגט אומגעשפּילטע מוזיק,
און מאַנכע כמעט ניט באַוואויגענע סטרונעס;
מיין בליק גייט ניט אימער אַהינטער, צוריק,
און שטעלט זיך ניט אָפּ ביי מצבות און טרונעס.
איך האָב נאָך פאַר עלנטע, שוואַכע אַ וואָרט,
פאַר מענטשן אָן האָפנונג אַ פרייליכע בשורה“.*)

און אַזוי ווי צו ווייזן, אַז ער נעמט דעם גאַנצן ענין טויט זייער לייכט, האָט ווינטשעווסקי געשילדערט הומאָריסטיש, ווי אַזוי ער וויל באַזיצן „ביידע וועלטן“: ער וויל זיין „חלק עולם־הבא“ — אויף יענער וועלט — „אַ פיינעם ברייטן ברוך־הבא“, „ווי פאַר אַ רב, ווי פאַר אַ גבאי“, און ער וויל אויך זיין עולם־הזה — „אַ שיינע קבורה“... ער וויל אויף יענער וועלט זיין בעכער ווייַן, פונם „יין־המשומר“, זיין פּאָרציע פון „לויתן“ און זיין „גאַנצן חלק שור־הבר“ און אויף דער וועלט — „שערב־לאַך אויף די אויגן פון אַ געליבטער פרויען־האַנט...“ און צו זיין לויה זאָל מען שפּילן „שאָפּענ’ס טרויער־מאַרש“ און אויף זיין קבר „זאָל, יאָר יערלאַך“, אַרונטערטריפן אַזאַ טרער, וואָס זאָל דעם טויט כמעט באַגערלאַך אין לעבן מאַכן — אומגעפער“.**)

און וואָס עלטער ווינטשעווסקי איז געוואָרן, אַלץ ווייניקער האָט ער זיך געשראָקן פאַרן טויט. ער האָט ניט געלאָזט פון אים באַאיינפלוסן זיין „לעבן, ליבן, זינגען“ און האָט דערקלערט שטאָלץ:

„פאַר דיר האָב איך קיין מורא ניט,
ליב־לעבנס בין־השמשות;

*) דאָרט, ז' 120.
**) דאָרט, ז' 124—125.

דו האָסט פאַר מיר קיין שרעקן ניט,
אַ שאָטן אָן ממשות". *)

דאָס שטאַרקסטע געפיל, וואָס דעם ליב־לעבנס בין־השמשות האָט אויפגעוועקט אינם אַלטן דיכטער, איז געווען צו פאַרלאַנגען פונם לעבנסבוים „גאָר די זאַפט" און פון יעדן זונענשטראַל „גאָר דעם שיין" און „יעדע איינציקע מינוט אין לעבנס ראַשן גאַנג" זאָל די ליבע אים, „די לוסט באַגלייטן מיט געזאַנג". —

„און אַ זיסער טרוים בייננאַכט
זאָל פאַרבן רויט דעם שלאָף...
קומען מעג דאַן ווער עס וויל,
און ווי ער וויל — דער סוף.
לאָז ער קומען, קינד דו מיינס,
און ענדיקן דעם שפּיל:
לעבן לאַנג קען יעדער לומפּ,
אַ קונץ איז לעבן פיל..." **)

***

מאָרים ווינטשעווסקי איז אַ שטאַרקער ליבהאָבער פון קינדער. אַזוי לאַנג ווי ער קען געדיינקען — דערציילט ער — האָט ער זיי „ליידנשאַפטלאַך געליבט — עפּה'לאַך, ברעקלאַך, קינדערלאַך און קינדער, דאָס הייסט יונגוואַרג, פון צוויי, פון פינף און אַזוי ווייטער ביז צוועלף". אַ באַקאַנטשאַפט מיט אַ קינד פלעגט ביי אים ווערן, דערציילט ער, אין פינף מינוט, און פון דער באַקאַנטשאַפט אַ פריינטשאַפט אין נאָך פינף מינוט און אין גיכן פלעגט די פריינטשאַפט פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ ליבע, וואָס פלעגט אַמאָל אָנהאַלטן שיינע עטלאַכע יאָר. מערסטנס פלעגט ער איינגעמען די קינדערשע הערצלאַך מיט מעשיות. קינדער פון צען ביז צוועלף יאָר פלעגט ער באַצויבערן מיט אַלט־אידישע לעגענדעס און מיט זיינע אייגענע פאַרפאַסונגען, פון

*) דאָרט, ז' 119.
**) דאָרט, ז' 123.

וועלכע די מעשה מיט „די גרויסע איי“ איז געווען באַזונדער באַליבט. ביי די „פּיצלאַך־ברעקלאַך“ האָט ער באַזונדערס אויס־גענומען מיט זיין מעשה׳לע „דער קריסטאַלענער פּאַלאַץ אונטער דער ערד“.*) קורץ, ער איז געווען ביי זיי אַ גאַנצער אַנדער־סאַן. ער פּלעגט די קינדערלאַך אויך וויגן, טראָגן, מאַכן לאַבנדיק א. א. וו. נאָר דער אמת איז, זאָגט ער, אַז „קיין שום מעשיות, קיין קונצן, קיין אַרבעטן פאַר קינדער וועט אייך ניט געווינען זייערע הערצער, סיידן אייער האַרץ גייט אויס צו זיי“...

האָט ווינטשעווסקי גאַנצע אוצרות מיט פאָטאָגראַפישע ביל־דער גענומען צוזאַמען מיט קליינוואַרג, אין אַלע טיילן לאַנד. נאָר באַזונדער פון די זומער־פּלעצער, וואו ער פלעגט כסדר שליסן נייע באַקאַנטשאַפטן, פריינשאַפטן און זיך קעגנזייטיק פאַרליבן, ניט געקוקט אויף דעם אונטערשייד צווישן זיי אין פינף־זעקס צענדליק יאָר... מ׳קען זיך דערפאַר פאָרשטעלן, ווי שטאַרק ווינטשעווסקי׳ס ליבע איז צום אייניקל פון זיין אייגן בלוט און פלייש. שיינט זיין פּנים פאַר נחת פון יעדער „חכמה“, וואָס דאָס אַנדערהאַלב־יאָריק עופה׳לע ווייזט אַרויס. איז ביי ווינטשעווסקין אַ גאַנצער יום־טוב יעדער צערטלאַכקייט, וואָס ער קריגט פון אָט־דעם אייניקל זיינעם.

ערב זיין 72־יאָריקן געבורטסטאָג האָט מיר ווינטשעווסקי דערציילט אַזאַ פאַל: ער האָט זיך פּלוצלונג דערמאָנט אָן זיין פריינט יהואש (אויף וועמעס פריצייטיקן טויט ער האָט פאַר־גאָסן „עטלאַכע טרערן, עטלאַכע טראָפּנס טינט“, אין זיין „ווינקל“ אין דער „פרייהייט“). טראַכטנדיק וועגן יהואש׳ן, האָט דער זיידע פאַר זיך דערזען אַ גאַנצע גאַלעריע געשטאַלטן פון זיינע פאַר־שטאָרבענע חברים, פריינט, קאָלעגן; צווישן זיי אַ היבשע צאָל, וואָס זיינען געווען אַ סך אינגער פאַר אים... איז אים באַפאַלן אַ מרה־שחורה, דאָס לעבן האָט פאַר אים פאַרלוירן יעדן חן, און

*) דאָרט, באַנד 7, ז׳ 88—98. (זע אויך זיין ליד „זיין וואָלט איך אַ קינדער־קעניג“, באַנד 2, ז׳ 142.)

ער איז געוואָרן אָנגעפילט מיט יאוש... נאָר ווען מ'האָט צו אים אין ביבליאָטעק אַריינגעטראָגן זיין אייניקל, וואָס האָט צו אים אַ שמייכל געטאָן, זיינען תיכּף פאַרשוואונדן אַלע שאָטנס פון טויט און ער איז ווידער געוואָרן פול מיט לעבנסלוסט.

***

אַלע וואָס האָבן באַשריבן ווינטשעווסקין אין זיינע זעכציקער יאָרן, האָבן אונטערגעשטראָכן זיין אייביק־יונגקייט. זיי האָבן ניט געקענט פאַרבייגיין דעם פאַקט, אַז די יאָרן האָבן ניט געלעגט קיין שטעמפּל אויף ווינטשעווסקיס גייסט. ער איז אין זיינע זעכציקער יאָרן געווען אַזוי ווי אין זיינע פופציקער: „אַ הויכע שטאָלצע אַריסטאָקראַטישע פיגור, וואָס וויל זיך קיינמאָל ניט בויגן. אַ גוטמוטיק אָפן פּנים מיט אָפענע אויגן, וואָס גלעטן און קוקן גלייך אין אייערע אויגן אַריין, תמיד העפלאַך, און די העפלאַכקייט איז אַן איינפאַכע און אַ נאַטירלאַכע פון אַן אמת'ן דזשענטלמען. קיינמאָל קיינעם ניט אָנגעטראָטן אויפן הינעראויג, סיידן יענער שפּאַרט לכתחילה אונטער זיין פוס... און אַזוי ווי ער שרייבט, אַזוי רעדט ער: ער האַלט אַ קנויל אין האַנט און וויקלט עם פאַנאַנדער".*) אויך היינט, ווען זיין קערפּער איז זייער שוואַך, איז דאָך זיין גייסט פריש ווי אַמאָל. דער געצ־ברעכער און ווידערשפּעניקער פון 50 יאָר צוריק פילט זיך סאָלידאַריש מיט דער יוגנט, וואָס צעשטערט דאָס אַלטע און בויט אַ נייעם לעבן. ער איז נאָך פול התלהבות פאַר אַלץ, וואָס איז ניי און רעוואָלוציאָנער.

ניט געקוקט אויף זיין שוואַכן געזונט, ווייס ניט ווינטשעווסקי פון זיצן ליידיק. ער פאַרברענגט די מערסטע צייט אין זיין ביבליאָטעק־צימער.

מאָרים ווינטשעווסקי'ס ביבליאָטעק איז אַ קאַפּיטל פאַר זיך אַליין. פאַראַן געוויס אין אַמעריקע פּריוואַטע ביבליאָטעקן, וואָס זיינען רייכער אין בעלעטריסטיק, פילאָזאָפיע, און מעגלאַך

---

*) ש. ק. שנעעפּאַל, ספּעקטאָר'ס „מאָמענט־פאָטאָגראַפיעס", ז' 73.

אויך אין סאָציאַלע ווערק אין זעקס שפּראַכן (אידיש, העברעאיש, רוסיש, דייטש, ענגליש און פראַנצויזיש). מעגלאַך, אַז ס׳זיינען פאַראַן אויך אַנדערע פּריוואַט־ביבליאָטעקן אין אַמעריקע, וואו ס׳געפינען זיך, ווי ביי ווינטשעווסקי׳ן, דעם באַזיצער׳ס אייגענע שריפטן אין פינף שפּראַכן. נאָר זיכער איז, אַז בלויז אין ווינ־טשעווסקי׳ס ביבליאָטעק קען מען געפינען די וויכטיקסטע דאָקו־מענטן פון דער געשיכטע פון קלאַסנקאַמף, דעם עקאָנאָמישן און דעם פּאָליטישן, פאַר די לעצטע זיבעציק יאָר. אין זיידנ׳ס ביב־ליאָטעק זיינען פאַראַן די פּראָטאָקאָלן פון די אינטערנאַציאָנאַלע קאָנגרעסן און פון פאַרשידענע לאַנדס־קאָנפערענצן; די ערשטע סאָציאַליסטישע און קאָמוניסטישע אויפרופן, פלוג־בלעטער, צייט־שריפטן, בראָשורן, ביכער, פּלאַקאַטן א. א. וו.

ליבט ווינטשעווסקי זייער שטאַרק זיין ביבליאָטעק און קען זיך פון איר ניט שיידן. און אפילו אין די לעצטע יאָרן, ווען זיין פערזענלאַכע הכנסה האָט צייטנווייז ביי נול און זיין הוצאה (מחמת זיין קראַנקהייט) דערהויבט זיך זייער הויך, און ער איז געוואָרן וויליק צו פאַרקויפן זיין ביבליאָטעק, שטעלט ער אָבער צוויי באַדינגונגען: ערשטנס, דער קויפער זאָל איר נעמען אין גאַנצן און ניט קיין איינציקע שטיקער; צווייטנס, זי זאָל בלייבן אין זיין (ווינטשעווסקי׳ס) רשות ביזן ענד פון זיין לעבן.

זיצט דער זיידע אין זיין ביבליאָטעק און שילדערט פאַר מיר זיינע צוקונפטס־פּלענער.

ווען ער וועט פילן בעסער און קענען ווידער שרייבן מיט זיין אייגענער האַנט, דיינקט ער, אַחוץ דאָס פאָרטזעצן זיינע עראינערונגען, אָנצושרייבן אַ בוך איבער 300 זייטן, וואָס זאָל הייסן „אַ רייזע אין מיין ביבליאָטעק“. ער האָט אַ סך ביכער, וואָס יעדער פון זיי האָט אַן אינטערעסאַנטע לעבנס־געשיכטע, ווי, למשל, די, וועלכע ס׳האָט אים געשיינקט אהרן ליבערמאַן, באַשליסנדיק זיך צו נעמען דאָס לעבן...

דער זיידע האָט עס פאַר זיין פליכט צו באַשרייבן ליבער־מאַנ׳ס לעבן און ווירקן. ציטערט ער איבער יעדן דאָקומענט,



מאָריס ווינטשעווסקי און קלמן מרמר (האַרבסט, 1928)

וואָס האָט אַ שייכות צו ליבערמאַנ׳ען. ער האָט עס אפילו ניט געוואָלט געבן פאַר דעם צוועק עס צו באַנוצן אין זיין אייגענער ביאָגראַפיע. „וועגן ליבערמאַנ׳ען שרייב איך אַליין“, האָט ער אויסגעשריען מיט אַן אויפגערעגטער שטים און געקלאַפּט מיט דער רעכטער האַנט אָן זיין שרייבטיש, אונטערצושטרייכן נאָך שאַרפער זיין באַשלוס...

ער האָט אויך אַ ריי אַנדערע ליטעראַרישע פּלענער, צווישן זיי אויך אַ ראָמאַן פון זיין אייגענעם לעבן. ער פּלאַנט אויך צו איבערזעצן פון אַנדערע שפּראַכן אין אידיש אַ גאַנצע ריי וויכטיקע סאָציאַלע ווערק. ער וויל זיי איבערזעצן אי צוליב זייער וויכטיקן אינהאַלט, און אי צוליב דעם, ווייל ער קען צו זיי צוגעבן אינטערעסאַנטע קאַפּיטלען. ער האָט אויך אויסגעאַרבעט אַ פּלאַן פון אַ „ווינטשעווסקי פאַראיין“, וואָס זאָל זיך אָפּגעבן מיטן אַרויסגעבן פון אַזוינע ביכער, ווען ער וועט זיי האָבן פאַרטיק.

נאָר פאָרלויפיק איז דעם זיידן שווער צו שרייבן אפילו בלויז עטלאַכע שורות. איז ער דער עיקר אַ לייענער און, לויט מיין איינדרוק אין די לעצטע צוויי יאָר, לייענט ער מערסטנס מיט אַזאַ סדר: אין אידיש און ענגליש — צייטפּראַגן און טאָג-נייעס; אין רוסיש און דייטש — וועגן דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג פון אַמאָל; אין העברעאיש — יהודה שטיינבערג׳ס חסידישע דער־ציילונגען און אין פראַנצויזיש — מאָדערנע בעלעטריסטיק.

פון די צייטפּראַגן איז ווינטשעווסקי באַזונדער פאַראינטע־רעסירט אין דאָס, וואָס קומט פאָר אינם סאָוועטן-פאַרבאַנד. אויף זיין שרייבטיש קען מען אָפט געפינען דאָס נייסטע בוך אָדער דעם נייסטן זשורנאַל-אַרטיקל איבער דער סאָוועטישער לאַגע, פּאַרטיי-סכסוכים א. א. וו.

אַמאָל דוכט זיך אים, אַז אויף דעם אָדער יענעם אָנגריף קעגן סאָוועטן-פאַרבאַנד אָדער קעגן באָלשעוויזם האָט די „פּריי־הייט“ גאָרניט אָדער צו ווייניק רעאַגירט. אין אַזאַ פאַל פּלאַנט דער זיידע צו נעמען אַליין די פעדער אין האַנט און זאָגן דאָס

נויטיקע שטאַרקע וואָרט, נאָר זיין האַנט פאָלגט ניט און דיקטירן איז אים צו שווער.

און ווערט דער זיידע מיד צו לייענען אָדער בלעטערן זיינע ליבע ביכער, האָרכט ער צו דער ראַדיאָ, הויפּטזאַכלאַך צו אירע מיטטיילונגען וועגן די רעזולטאַטן פון „בייסבאָל"־שפּיל. ער מוז יעדן טאָג וויסן גענוי, צי די „יענקים", די גרופּע בייסבאָל־שפּי־לער, מיט וועלכער ער סימפּאַטיזירט, האָבן געוואונען אָדער, חלילה, פאַרלוירן. ער איז געוואָרן אַ בייסבאָל־אַנטוזיאַסט—דער־ציילט מיר דער זיידע—צו זיין 50טן יאָר. ער האָט געזען ווי די אַמעריקאַנער יוגנט איז פאַרקאָכט אין בייסבאָל־שפּיל און ער האָט זיך פאַרטראַכט וועגן דעם. נאָר אַ באַזונדער איינדרוק האָט אויף אים געמאַכט אַ סצענע, וואָס ער האָט געזען אין אַ זומער־פּלאַץ.

די קינדער האָבן זיך דאָרט אויפגעפירט ווי די שלעכטע דערוואַקסענע און אַזוי ווי יענע זיך אַריינגעלאָזן אין קאָרטן־שפּיל. ווינטשעווסקי, דער שטאַרקער קינדער־ליבהאָבער, האָט געקוקט מיט פאַרדרוס, ווי אַזוי די יוגנט ווערט דעמאָראַליזירט. דערווייל איז געקומען עמיץ, וואָס קען בייסבאָל־שפּילן, האָבן די קינדער פאַרלאָזן די קאָרטן און זיך אינגאַנצן אָפּגעגעבן מיט „בייסבאָל". זיי זיינען אויך געוואָרן ריינער, אָנשטענדיקער און בעסער ווי פריער.

ווינטשעווסקי, וואָס איז פריער געווען קעגן, לְמאַי זיינע קינ־דער זיינען אַזוי אַריינגעטאָן אין „בייסבאָל", האָט פון דעמאָלט אָן געביטן זיין מיינונג וועגן ספּאָרט. נאָר באַזונדער אין בייס־באָל האָט ער זיך שטאַרקער פאַראינטערעסירט פון זיינע קינדער, וועמעס אַנטוזיאַזם דערפאַר האָט זיך שוין לאַנג אָפּגעקילט. ער איז געוואָרן שטאַרק באַהאַוונט אין אַלע כללים פון בייסבאָל און ווערט ביז היינט נתפּעל, ווען ער הערט די יונגוואַרג רעדן מכוח דעם, ווי אַזוי דער און דער מעכטיקער שלאָגער, פּילקע־קלאַפּער (בעטטער) האָט אין נעכטיקן „גיים" (שפּיל) געטאָן

נסים ונפלאות מיט זיין מעכטיקן קלאַב (שטעקן).*) אזוי אַז צו אַלטער בקיאות אין דער סאָציאַליסטישער ליטעראַטור איז צו־געקומען די בקיאות אין ספּאָרט און אין זיינע גדולים. ווינ־טשעווסקי׳ס געווינסן איז אויך דאָרט געווען וואָך. ער האָט געזוכט יושר אויך ביים בייסבאָל־שפּיל און אזוי ווי די „יענקים“ זיינען דעמאָלט געווען די געקריוודעטע, האָט ער גענומען זייער צד...

ווינטשעווסקי איז דער איינציקער פון זיין דור, אין וועלכן ס׳זיינען פאַראייניקט „אין איין האַרמאָנישעם גאַנצעם“ דער אי־דישער תלמיד־חכם, דער אייראָפּעאישער אינטעליגענט און דער אַמעריקאַנישער שפּילמאַן. אַט גריבלט ער זיך אין אבן־עזרא און אַט איז ער פאַרטיפט אין דער קאָרעספּאָנדענץ צווישן מאַרקס און לאַסאַל, אַט לייענט ער אַ מאָדערנע פראַנצויזישע נאָוועלע און אַט בלעטערט ער דעם נייעם אַמעריקאַנישן ספּאָרט־אַלמאַנאַך.

אַ ליבהאָבער פאַרצולייענען (אפילו היינט, ווען ס׳איז אים אזוי שווער זיך צו מאַכן פאַרשטענדלאַך, האָט ווינטשעווסקי עטלאַכע מאָל מיר וואָס פאָרגעלייענט), פלעגט ער פאַר אַלט און יונג פאָרלייענען אַ חוץ דעם פון זיין יוגנט אָן באַליבטן לודוויג בערנע, אויך אזוינע אַמעריקאַנער דערציילער און הומאָריסטן ווי ברעט־האַרט, אַרטעמוס וואַרד א. ד. ג., פון וועלכע די מערסטע אידישע שרייבער אין אַמעריקע האָבן אפילו די נעמען ניט גע־הערט. און כל־זמן דער זיידע האָט געקאָנט לייכט באַוועגן זיי־נע פיס, איז ער אויך געווען אַ מואווי (קינאָ)־ליבהאָבער און גע־האַלטן אַן עולם־ומלאה פון טשאַרלי טשאַפּלין. אין יענער צייט פלעגט דער זיידע זיך אויך ניט באַנוגן, ווי איצט, מיטן לייענען די רעזולטאַטן פון ספּאָרט. ער האָט געזוכט צו זיין אַנוועזנדיק דערביי. באַזונדער, נאַטירלאַך, ביים בייסבאָל־שפּיל, וואו ער פלעגט אַרויסווייזן ניט ווייניקער התלהבות ווי די אַמע־ריקאַנער געבאָרענע יוגנט. נאָר איצט, אלס שטוב־זיי־

*) דאָרט, באַנד 7, ז׳ 18—19.

צער, מוז ער זיך באַנוצן מיט דער דאָמינאָ־שפּיל אין וועלכער ער איז אַ מושלם. און האָט ניט דער זיידע קיין באַזוכער, וואָס קאָן אָט־די שפּיל, אַזוי שפּילט ער סיי־ווי... ער שפּילט מיט בן־נצן, מיט יגלי'ן, מיטן „משוגענעם פילאָזאָף" א. ד. ג.

***

דער זיידע פון דער סאָציאַליסטישער ליטעראַטור אין איִדיש, איז ניט געוואָרן אויף דער עלטער פרום, ווי דער זיידע פון דער אַלגעמיינער אידישער ליטעראַטור.*) מאָריס ווינטשעווסקי איז איצט אַלס שוואַכער גרייז דערזעלבער אויסגעהאַלטענער פרייידיינקער, ווי אין זיינע יאָרן פון שטורם און קאַמף. און אין דער צייט, וואָס אַ סך אינגערע אידישע ראַדיקאַלן זיינען געוואָרן בעלי־תשובה און מאַכן חנ'דלאָך צו דער אידישער רעליגיע, באַטראַכט ווינטשעווסקי נאָך היינט, אַזוי ווי מאַרקס, די רעליגיע פאַר אָפּיום. און ניט געקוקט אויף זיין שטאַרקן אידישן געפיל האָלט ער פאַר זיינע ימים־טובים, ניט די אידישע, נאָר די פּראָלעטאַרישע, ווייל, ווי ער האָט עס אַמאָל געגעבן דערקלערט:

„מיר פייערן ניט די פאַרגאַנגענהייט מיט אירע קברים (אפילו ניט די הייליקסטע), ווייל מיר לעבן אין דער צוקונפט מיט אירע האָפנונגספול־גרינע בלעטער, וועלכע צייגן אָן דעם קומענדיקן הערבסט מיט זיינע פולע פאָלעס פרוכט פאַר דער גאַנצער מענטשהייט. — — — אונזערע אויגן בליקן אימער אין דער צוקונפט, ניט אין דער פאַרגאַנגענהייט. נאָך אונזער יציאת מצרים וועט שוין מער קיין גלות און קיין חורבן ניט זיין"**)

ווינטשעווסקי קאָן היינט זאָגן פון זיך נאָך מער ווי מיט אַ צען יאָר צוריק (אין דער צייט פון זיינע נאַציאָנאַליסטישע שטימונגען), אַז ניט געקוקט אויף זיין ליבע צו די אַלטע אידישע ספרים פון זיין יוגנט, איז ער פונם רעליגיעזן אידן „ווייט־

*) ב. עפּלבוים, „זכרונות וועגן מענדעלען פון פאַרשידענע שריפט־שטעלער (20טער באַנד פון מענדעלע'ס ווערק, ז' 104—105).

**) „אונזערע ימים־טובים", „צוקונפט", מאַי 1908.

טער ווי אמאָל״; אז זיין (ווינטשעווסקיס) „אידישקייט״, זיינע געדאַנקען, שטרעבונגען, האָפנונגען, ליבע און האס זיינען ניט יענעמס״*)

ווינטשעווסקי האָט בכלל ניט קיין סימפּאַטיע פאַרן וואָרט „אמונה״. ער אונטערשטרייכט אַלעמאָל, אז ער גלויבט ניט, נאָר ער איז איבערצייגט. נאָר אויב מ׳וויל אים ניט הערן און מ׳רופט אָן זיין זיכערקייט אינם זיג פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע מיטן נאָמען אמונה, קאָן מען זאָגן, אז ס׳איז שוין פינף און פופציק יאָר ווי ווינטשעווסקי שטייט פעסט ביי אָט־דעם גלויבן זיינעם. ער האָט ניט פאַרצווייפלט מיט א האַלבן הונדערט יאָר צוריק, ווען די אידישע מאַסע איז געווען צופיל אומוויסנדיק און נידערגעשלאָגן צו קאָנען אויפנעמען די מאַרקסיסטישע לערן, און ער האָט אויך ניט געצווייפלט אין צייט פון וועלט־קריג און אידייען־צוזאַמענברוך אין דעם זיג פון זיין יוגנט־אידעאַל.

אין זיינע עראינערונגען מאָלט אוים ווינטשעווסקי א בילד. ווי אזוי ער און זיינע צייט־חברים, א קליינע צאָל „רוסיש אידי־שע גן־עדן־זוכער״ האָבן אויסגעפּלאָכטן „א פּראָסטן ליטווישן פּליט״ און זיך אוועקגעלאָזט „אין ווייטע וועלטן — די ערשטע אין זייער נאַציע״. נאָר קומענדיק ווייטער, ארויף־שטראָם, האָבן זיינע חברים זיך אָפּגעטיילט מיט זייערע באַלקנס פונם פּליט און זיך ארויפגעכאַפּט אויף דער נאַציאָנאַליסטישער שיפל, ביז ער, ווינטשעווסקי, איז געבליבן „איינער אליין״, אויף זיין איינ־זאַמען באַלקן...‡) ענלאַכם איז פאָרגעקומען א פערציק יאָר שפּעטער.

נאָר דאָס מאָל איז דער פּליט געווען שטאַרק געבויט און

*) געזאַמלטע ווערק, באַנד 7, ז׳ 32.

‡) דאָרט, באַנד 10, ז׳ 231—232.

באַזעצט פון אַ קרעפטיקער יוגנט, אַזוי אַז דער אַלטער ווינ־טשעווסקי איז ניט געבליבן „איינער אַליין“ אויף זיין באַלקן, ווען זיינע אַלטע צייט־חברים האָבן זיך ארויפגעכאַפּט אויף נאַציאָנאַליסטישע און קאַפּיטאַליסטישע שיפן. דאָך איז דער נסיון ווידער געווען גרויס און ס'איז נויטיק געווען דעם אַלטן ווינ־טשעווסקין אפשר נאָך אַ שטאַרקערער גלויבן ווי אין דער יוגנט צו בלייבן פעסט אויף זיין פּלאַץ און זיך אַוועקלאָזן אויף דער עלטער ווידער ארויף־שטראָם, זוכנדיק „דעם גן־עדן אויף דער וועלט“.

מאָריס ווינטשעווסקי דיינקט היינט וועגן גאָט פּונקט ווי מיט אַ צוואַנציק יאָר צוריק, ווען ער האָט צוריקגעוויזן זיין פריינט יהואָשעס אָנגריף אויפן פרייען געדאַנק. יהואָש האָט געזוכט צו באַווייזן, אַז אין מאָמענטן פון יאוש און מרה־שחורה קאָן דעם מענטשן ניט העלפן זיין „שכל במקום גאָט“. ווינ־טשעווסקי האָט אויף דעם געענטפערט יהואָשן מיט אַ ליד „גאָט במקום שכל“,*) וואו ער האָט אָנגעוויזן, אַז זיין פריינט נאַרט זיך מיט זיין „נחמה־שמייכל“, זיך באַרימענדיק, אַז ער האָט אַ גאָט, ווען ס'באַנקראָטירט זיין שכל. און אָנדייטנדיק אויף די גרויזאַמקייטן פון דעם ראַכעגאָט, מבול־גאָט און קריסטנ־גאָט, פירט אויס ווינטשעווסקי:

„זאָג, ברודער, וועלכער גאָט קומט דאָן
אַ טרייסט אונז צו פאַרשאַפן?
און קומט אַ גאָט — זאָג, האָט ניט אים
דיין במקום־גאָט באַשאַפן?“

דער אַלטער ווינטשעווסקי טראַכט דערפאַר היינט מער פון מענטשן ווי פון גאָט, מער פון דער ערד ווי פונם הימל. און פאַנטאַזירט דער זיידע פון אַנאַדער וועלט, איז עס ניט פון

*) דאָרט, באַנד 2, ז' 179—180.

„יענער", אין די וואַלקנס, נאָר פון „דער", וואָס — ווי ער איז טיף־איבערצייגט — וועט ווערן דער גן־עדן, וואָס זיינע איי־ניקלאַך שטרייזנגען זיך אָן צו פּלאַנצן אויף אַ זעקסטל פון דער ערד. דער זיידע איז אין דעם היינט מער איבערצייגט, ווי מיט אַכצן יאָר צוריק, ווען ער האָט זיך פאַרגעשטעלט „יענע שטונד", און ווילבער ער שיידט זיך פונם לעבן: אין זיין „קרעכצפּולן חדר" זעט ער ארום זיך זיינע „אַלטע געליבטע" — „אומשטערב־לאַכע טויטע": הלל הזקן, בערנע, ביעלינסקי, היינע, וויליאַם מאָריס, „ליבלינגע פול פון דער תורה" מיט „בן־עמרם אין מיטן", סערוואַנטעס, שעקספּיר, ישעיה בן אמוץ, וויקטאָר הוגאָ, שילער און געטע, לאַסאַל, איבסן, מארקס און באַקונין („זיי לעבן אין פרידן, דער שפּיז שוין לאַנג פאַרראָסט, און אין ווינקל דער שילד"), לעסינג מיט מענדלסזאָן, הערצן („דער רוסישער עמוס"), ריש־לקיש („דער לערנער פון תורה, וואָס ווייס וואָס אַ שווערד איז" און וואָס „ליבט שיינקייט און פרויען"), יעקב גאָרדין (וואָס שטייט צו אים „נענטער ווי אַלע"), גאַלאָפּ און — „הערצלאַך ווילקאָמען! — אַ ליבלאַכע, הערלאַכע פרויענגעשטאַלט".*)

ס'ווערט דעם אַלטן דיכטער „דושנע" צווישן זיינע גרויסע געסט... ער פילט זיך „צווישן די מייסטער, אינם קרייז פון די ריזן, אַ מילבעלע קליין". ס' ווילט זיך אים ניט שיידן פונם לעבן אָן ווערטער; ער וויל געבן „ישראַליק דעם פועל" אָן „אָטיעזדנע" — „אַ לידעלע, עפּעס אַ וואָרט", נאָר מיט די גרויסע גייסטער ארום זיך קאָן ער ארויסברייינגען בלויז „אַ זיפץ אָן אַ טעקסט". און אָט דער זיפץ, האָט ווינטשעווסקי געמיינט, וועט שוין בלייבן זיין „שוואַנענגעזאַנג".‡)

---

*) ווינטשעווסקי האָט ניט אויסגערעכנט אַלע „אַלטע געליבטע". ס'פעלן לאַוראָוו, יאָהאַן יאַקאָבי, מאַסט א. ד. גל., וואָס ער האָט דער־מאָנט אין אַנדערע פּלעצער.

‡) געזאַמלטע ווערק, באַנד 2, ז' 248—250.

נאָר דאָס לעבן האָט דעם זיידן פון דער אידישער אַרבע־טער באַוועגונג בעסער באַלוינט ווי ער האָט זיך אַליין פאָרגע־שטעלט. דער „פאָלקס־לייד־פּאָעט“ איז אינם גרויען עלטער גע־וואָרן א „פאָלקס־פרייד־זינגער“. ער האָט געזען ווי די מאַסן וועלכע ער האָט גערופן אין די גאַסן האָבן געוואונען א זיג נאָך א זיג. איז זיין שוואַנענגעזאַנג ניט דאָס ליד פון צער, נאָר פון נחמה, ניט קיין „זיפץ אָן א טעקסט“ נאָר —

א ניגון א נייעם,
א ליד פאַרן גרינדער
פונם לעבן דעם פרייעם,
א שיר פאַרן פלאַנצער
פון א נייעם „עץ־חיים“.



# אינהאַלט:


פאָרוואָרט — — — — — — — — — — — — — — — — — 4

באַמערקטע דרוק־פעלערן — — — — — — — — — — — — — — 7

1. אַריינפיר — — — — — — — — — — — — — — — — 11

2. קינדער־יאָרן. דער זיידע, די באָבע, די עלטערן.—יאַנאָווע, קאָוונע, ווילנע.—לימודים, בערנע, גערשגל. — — 18

3. פאָלקיזם. אָריאָל, טשערנישעווסקי, דאָס „גיין אין פאָלק“.—ליבערמאַנ'ס פראָקלאַמאַציע.—פאָרט, ליליענבלום. 28

4. סאָציאַליזם אין העברעאיש. קעניגסבערג, „האמת“, „אספת־חכמים“.—יגלי'ס פאַנטאַזיעס, בן־נצ'ס שירים.—„נייע געשטאַלטן“, יוגנטלאַכע ליבעס. — — — 40

5. טורמע און גלות. אינטערנאַציאָנאַליזם, פאָלקס־ליבע, אידנפראַגע.—ערשטע שרייבעריי אין אידיש.—אויס־נאָם־געזעץ קעגן סאָציאַליסטן.—אַרעסט, אויסווייז.—קאָפּענ־האַגן, לאָנדאָן, פאַריז.—פעטער לאַווראָוו.—אָפּאָזיציע צו בעבעל און ליבקנעכט.—מאָסט, פרוי העס, טשערקעסאָוו, וויקטאָר דאַווע.—קאַרל מאַרקס. — — — — — — — — — 57

6. צווישן אידישע אַרבעטער. לאָנדאָנער משכילים.—אינם דייטשן קאָמוניסטישן אַרבעטער ביל־דונגס־פאַראיין.—שפּראַך־פראַגע.—פרואוון צו אָרגאַניזירן אידישע שניידער.—ליבערמאַנ'ס לעצטע טעטיקייט.—פאָגראָ־מען, שתדלנות, „פריוואַט“־יאָרן. — — — — — — — — 75

7. „פוילישער אידל“. מאַרקסיזם אָנשטאָט פאָל־קיזם.—קולטורלאָזיקייט.—סטאָון, קראַנץ.—פאַר אידיש.—אַלאַרמיזם.—„שטיפקינדער“, פאָגראָמען־שרעק.—סאָציאַליס־טישע שטעלונג צו דער אידנפראַגע.—יחוס פון אַרבעט. — 94

8. מאַסנבאַוועגונג. ערשטע סאָציאַליסטישע בראָשור אין אידיש.—יהי אור!—דרייצן עיקרים פונם סאָציאַליזם.—„מאָרים“ דער „שרויפער“.—ערשטע אַרבעטער־לידער אין אידיש. — — — — — — — — — — — — — — 111

9. „אַרבעטער פריינד“. גרוס פון „וויטן“.—„באַראַבאַנטשיקעס“.—אידנפראַגע, פאַלעסטינע, האָום־רול, סאָציאַלע פראַגן.—„דאָס יאָר פון אומרואיקע מאַסן“.—„עס רירט זיך“.—קאָאָפּעראַטיווע פאַראיינען. ליטעראַרישע טע־טיקייט.—פסעוודאָנימען. — — — — — — — — — — 126

10. דער „משוגענער פילאָזאָף“. „אַ דיינקער מיט אַ טרער אין אויג“.—נאַרן און שופטן.—די ביאָגראַפון דעם אָרעמען אידישן אַרבעטער.—דוד עדלשטאַט׳ס ליד.—דריי אין איינעם.—באַליבטקייט. — — — — — — — — — — 145

11. קאַמף צווישן אַנאַרכיסטן און סאָציאַליסטן. אַלפאַרטייאישקייט.—שפּאַלטונג אין „אַרבעטער פריינד“.—„פרייע וועלט“, פאַרצווייפלונג, „דער פוקסל“, גאַלאָפּ׳ס טויט.—נייע סעריעס לידער.—אַן ענטפער עדלשטאַט׳ן.—דער „וועקער“.—ערשטע טרייד־יוניאָן בראָשור אין אידיש.—איבסענ׳ס „נאָראַ“.—„לידער און געדיכטע. — — — — — — — — — — — — — — — 156

12. אַמעריקע. חורבן, קאָרופּציע, אַסטמאַ.—אַפּן שיידוועג. „אַבענדבלאַט“.—יעקב גאָרדין.—געשיכטע פון סאָציאַליזם צווישן אידן.—פראַקציאָנעלער קאַמף, דאַניעל דעליאָן, באָסטאָנער געגנאָסן. — — — — — — — — — — — — 180

13. דער „אמת“. מיטאַרבעטערשאַפט, ליטעראַטור.— „פויל אָדער צוגעפוילט“, „מער לופט, מער ליכט!“, „באַרג אַרויף“.—די אַליאַנץ פון סאָציאַליסטישע טרייד־יוניאָנס.—צוזאַמענפאָר פון אידישע סעקציעס ס. ל. פּ.—פּאַרטיי־געריכט.—אינם „אַבענד־בלאַט“. — — — — — — — — — — — — — 194

14. דער „פאָרווערטס“. אָפּאָזיציאָניסטן און לאָיאַלע.—„אויפרוף פון 52“.—פרייע פרעסע, זעלבסט־קריטיק, „אָפענע פענסטער“.—אַ „געשפּראָכענע צייטונג“.—צוזאַמענשטויס מיט אב. קאַהאַן.—רעאָרגאַניזאַציע, ס. ד. אַ., ס. ד. פּ., דעמאָראַליזאַציע. — — — — — — — — — — — — — 208

15. ברודער־קריג. דעליאָנ׳ס דערפּענונגס־רעדע.—סאַטירעס, פּאַמפלעטן, פּאַבלען.—„רודף־שלום“ ווערט „איש־מלחמה“.—פּאַרטיי־פּאָליטיק.—אַ קעגנער ביזן סוף — — 221

16. אָפּגענאַרטע האָפנונגען. „קענגורוס“.—צוויי ס. ד. פּאַרטייען.—אַ „זייט געזונט“.—ס. פּ.—„צו־קונפט“.— כאַאָס.—ענטפער אַף קישינעווער פּאָגראָם.—וואוקס פון „פאָרווערטס“, געלקייט, עם־הארצות, אַליינהערשאַפט, קליקע, „ביזנעס־סאָציאַליסטן“.—נייע אָפּאָזיציע. 229

17. „די וואַרהייט“. אַ פרייע פּלאַטפאָרם פאַר אַלע סאָציאַליסטישע מיינונגען.—מאַקסים־אַפּערע.—חרם, בלבול, פּראָטעסט.—שעטנז־פּאָליטיק.—„אַראָפּ פון מאַרק!“—ליטעראַרישע טעטיקייט. — — — — — — — — — — — — — 248

18. 50־יאָריקער יוביליי. אָפּשאַצונגען אין 1898 און 1906.—יעקב גאָרדין דער הויפּט־מחותן.—גרוזאַנג פון יהואש.—קעגנערשאַפט און ווערט.—„אַ דאַנק? יאָ און ניין“. — — — — — — — — — — — — — — — — — — 259

19. די „צוקונפט“. רעדאַקטאָר און געלטזאַמלער.—פרייע פּרעסע און זעלבסט־קריטיק.—שטעלונג צו ס. ל. פּ., ס. פּ., וואָל־קאַמף, פּאָליטיק, „וואַרהייט“ און „פאָרווערטס“. —אָרטאָגראַפּישע קאָנפערענץ.—יאָרן פון שאַפן און זאַמלען.—„יהוה־אלהים“. — — — — — — — — — — — — 271

20. די נאַציאָנאַלע פראַגע. אַ מער אידישן בליק אַפן לעבן.—בונדיסטישע איינפלוסן.—אַ „אידיש־אַמעריקאַנישער סאָציאַליסטן־בונד“.—„ראַסע און קלאַס“. — — — — 286

21. אין מלחמה־צייטן. „די סאָציאַלע רעוואָלוציע און דער וועלט־קריג“.—פּראָ־באָלשעוויזם.—„פאָרווערטס“. —„וואָס מיר פּעלט“.—60־יאָריקער יוביליי.—די „גלייכהייט“.—„שריפטן“.—קאָנגרעס־באַוועגונג, ציוניזם, דעלעגאַציע צו דער פרידנס־קאָנפערענץ.—ביי אַנאַטאָל פראַנס.—„רעכטס אָדער לינקס“. — — — — — — — — — — — — 296

22. קאָמוניזם. קעגן צווייטן אינטערנאַציאָנאַל.—פאַר דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט.—„אמת“ און „פרייהייט“.—„צו מיינע ברידער“.—איינלאַדונג פונם סאָוועטן־פאַרבאַנד.—„אַ נוי ליד“. — — — — — — — — — — — — — — — 313

23. אינם סאָוועטן־פאַרבאַנד. מאָסקווער סטויבישע באַגעגעניש.—אָפיציעלער קבלת־פּנים.—אין דער מאַלאַכאָווקער קינדער־קאָלאָניע.—אַ ווינטשעווסקי נומער „עמעס“.—התלהבות פונם נייעם לעבן.—אינם אָפּרו־הויז פאַר די וועטעראַנען פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע.—יעווסעקעס, אידישע קאָלאָניזאַציע. — — — — — — — 324

24. טריאומף־צוג. מינסק, האָמעל, באָברויסק, מאָהילעוו, וויטעבסק, אָרשאַ.—רויטע אַרמיי, יוגנט.—אין לענינגראַדער סאָוועט.—קיעוו, בערדיטשעוו, וויניצאַ, אָדעס. —יהל״ל.—די העכסטע אָנערקענונג.—העלד פון זיין צוקונפט־בילד. — — — — — — — — — — — — — — — — 333

25. ווידערקום אין אַמעריקע. קבלת־פּנים. —גרוס פונם סאָוועטן־פאַרבאַנד.—אינטערוויו.—פּאַראַליזירטער פאַטד.—70־יאָריקער יוביליי.—לעצטער עפנטלאַכער אויפטריט.—די קעגנער.—„דעם זיידנ׳ס ווינקל“.—קראַנקהייט. —72־טער געבורטסטאַג. — — — — — — — — — — — — — 348

26. 50 יאָר אידישע פּאָעזיע. קיין קונסט צו־ליב קונסט.—„פאָלקס־ליוד־פּאָעט“.—„אַרבעטער־לידער אין אידיש“.—טעכניק, פּערז־קונסט, פאַרשידנאַרטיקע מעטריק.—מיטליויד און קאַמף.—לידער פון ליבע און לוסט.—איינ־פלוסן.—איבעראַרבעטונגען. — — — — — — — — — — — 361
27. אידישע שפּראַך און ליטעראַטור. הויפּט־פאַרדינסט.—פּראָפּאַגאַנדע.—דער „מאַמעס לשון“.—„זשאַרגאָן“.—אידיש, העברעאיש, אידישיזם.—ווערטער־שפּיל, שפּראַך־קונצן, אַפאָריזמען, חיים ברבורים׳ס ווערטער־בוך.—דראַמאַטישע ווערק.—סך הכל: איינפלוס אַף אידישע שרייבער. — — — — — — — — — — — — — — 377
28. בין־השמשות. — — — — — — — — — — — — — 397

# בילדער און אילוסטראַציעס

מאָרים ווינטשעווסקי, אין האַרבסט 1928 — — — — — — — — 9
דער ערשטער נומער „אמת“ — — — — — — — — — — — — — 195
מאָרים ווינטשעווסקי מיט זיין פאַמיליע, אין 1897 — — — — — 216
שאַרזש אַף ווינטשעווסקי׳ס „עראינערונגען“ — — — — — — — — 267
„אַ בעזים און אַ קער“ (שאַרזש) — — — — — — — — — — — 282
מאָרים ווינטשעווסקי אויפגענומען פון דער רויטער אַרמיי — — 237
מאָרים ווינטשעווסקי אַף אַ זיצונג פונם סאָוועט אין אָרשאַ, אַלס ערנמיטגליד — — — — — — — — — — — — — — — — 340
יהל״ל און ווינטשעווסקי, אין 1924 — — — — — — — — — — 342
ווינטשעווסקי אינם קרייז פון די לעניניסטישע פּיאָנערן — — 346
ווינטשעווסקי, צו זיין 70־יאָריקן יובילוי — — — — — — — 356
אַ בלעטל פון ווינטשעווסקי׳ס קאָמעדיע „דער מירער עילוי“, געשריבן אין יאָר 1886 — — — — — — — — — — — — — 389
מאָרים ווינטשעווסקי און קלמן מרמר, אין האַרבסט 1928 — — 403